יעקב וואסערמאן

# די אידען פון צירענדארף

ראמאן



1918. ניו יארק. תרע"ט.

# די אידען פון צירענדארף

איבערזעצט פון דייטש דורך

לעאָן עלבע

רוהיג ציהט זיך די צייט איבער לענדער און דורות. זי פארוויסט שטעדט און צעטרעט וועלדער און גלייכגילטיג באשאפט זי נייע שטעדט און נייע וועלדער. דאך איז די צייט ניט אימשטאנד אוועקצונעמען ביי דעם היימישען באדען זיין ליעבליכקייט און זיין הארטקייט, קורץ, יענעם אנבליק, וואס די היים לייגט ארויף אויף איהר ז׳הן, אזוי ווי זי וואלט איהם מאכען פאר זיין אייגענטום און ארייננעלייגט אויף שטענדיג אין זיין הארצען די דאזיגע ווערטער: פון מיין לייהם ביסטו געמאכט!

די ליבליכע און פריינדליכע ליניע פון דעם האריזאנט, וועלכע ציהט זיך פון די נירענבערגער וועגט איבער אלטענבערג צו קאדאלצבורג צו, האט אין משך פון הונדערטער יאהרען זיכער קיין שום ענדערונג ניט געליטען; סיידען אפשר וואס א שטורמדיגער זומער האט אומגעווארפען אן איינזאמען פאפעלבוים, אדער א מורא׳דיגע פארפלייצונג האט אועקגעטראגען א שטיל סאסנע־וועלדעל. דארטען וואו רעדניץ און פעגניץ גיסען זיך צוזאמען, האבען, אמת, די לעצטע צוויי הונדערט יאהר פארניכטעט די שעהנקייט פון די וועלדער, אבער וויטער ארונטער, אויף יענער זייט פון דער אלטער פעסטונג מיט איהרע שטיין־גריבער און איהרע טענענבוימער, ציהט זיך פון אוראלטע צייטען די פרענקישע געגענד אלס א ווייעטר, ברייטער, פרידליכער, פרוכטבארער פליין, וואו קארן און קארטאפעל וואקסען לרוב און מאהן בליהט און ווייסער ריבען צייטיגט זיך.

אבער אין יענעם שטילען ווינקעל צווישען דיביידע טייכען האבען די מלחמות פון דעם זיבעצעטען יאהרהונדערט שטארק צעשעדיגט

די נאטירליכע שעהנקייט פון דעם בארען. אין די דרייסיגער יאהרען האט זיך דא צעלעגט דער גרויסער לאגער פון די שווערען, און דער אנגעשראקענער פויער האט געפונען זיינע גוטע פעלדער מיט בלוט באַגיסטינגט. שנעלפיסיג איז געלאפען דער קריעגס־שרעק איבער פראַנקענלאנד, און די איינוואוינער פון אנאלצבאכישען קורפירסטענטום און די נירענבערגער איז געבליבען בלויז איין זאך, און דאס איז ניט צו פארלירען דעם מוט און דעם בטחון אין גאט. לאנגע יאהר זיינען אוועק, ביז די צעטראטענע פעלדער האבען צוריקגעקאנען זייער נאַטירליכע פרוכטבארקייט, און שוין אפילו נאכ'ן שליסען פרידען זייַנען נאך אנדערע שטיקער לאנד געבליבען וויסט. אומעטום האבען זיך געזעהן שפורען פון דער פרעכער האנט פון שונא. ניט ווייט פון דער קאפעלע פון קארל דעם גרויסען, וועלכע שטעהט אויפ'ן שיס־פלאַץ אין פירט, האט זיך געזעהן אין דער הויך א גרויסע קופע שטיינער. און מען זאגט, אז די שווערען האבען דאס אויפגעשטעלט פאר א צייכען פון זייערע נצחונות, און אז יעטווידער שטיין האט באטייט א צעראבירטע הויז. לאנגזאם האט זיך דער פרידען ווידער צעבליהט: אזוי ווי אין שרעק איז ער אויסגעוואקסען, און האט אראפגעקוקט מיט אומגלויבינגע אויגען אויף דאס פלאכע לאנד פון רעגניץ. דאס פאלק האט אנגעהויבען צו פארגעסען, און עס איז געקומען א צייט, ווען בלויז מאטעס אין אלטע וועטעראנגען פלעגען דערצעהלען פון די שרעקען פון שלאכט, און זיי האבען פריי געלאזען זייער פאנטאזיע, ווען זיי האַבען געערערט פון די אלע שרעקען, וואס זיי האבען איבערגעלעבט. און פרעמדע העלדענטאטען האבען זיי צו זיך צוגעשריבען. אזוי איז שוין דער מנהג פון קריעגס־לייט זינט מלחמות עקזיסטירען, און די פראנקען זיינען אימער געווען מעהר העלדען מיט'ן מויל ווי מיט די הענט. די מלחמה געווינט אין פארבינקייט און לעבעדינקייט, ווען די יאהרען טראגען זי ווייט אוועק, און ניט איינער דערצעהלט מיט א שמייכעל פון יענע גרוילען, וועלכע האבען איהם אמאל אויפגעטרייסעלט ביז טיף אין דער נשמה אריין.

אויף יענעם שווערען־שטיין לעבען דער קאפעלע האט זיך געפונען צווישען פיעל אנדערע ברוכווארג אויך א גוט ארומגעהאקטער גראַניט־שטיין, וועלכער איז געווען פארשריבען מיט מאדנע און פרעמדע אותיות. דאס איז געווען א אידישער אויפשריפט אויף א מצבה, און

די שווערען האבען דאס אויעלגע'גנב'עט פון דעם אידישען בית־עולם און עס דא צווישען די שטיינער פון רעכטגלויביגע קריסטען אוועק־געווארפען. קיין קריסט האט ניט געוואגט אוועקצונעמען דעם שטיין, ווייל דער שטיין מיט זיינע אויסגעצאצקעטע אותיות האבען גרויס ערשטוינען ארויסגערופען. און זיי האבען מורא געהאט, אז דער שווארץ־יאהר וועט זיי נעמען, אויב זיי וועלען מיט זייערע ריינע הענט זיך צוריהרען צום גאטלאזען אידישען שטיין. מעהר ווי דריי צעהנד־ליג יאהר איז די מצבה אזוי געלעגען. ווען מען זעצט איבער זיין אויפשריפט אויף דער שפראך פון יענער צייט, וואלט זיך דאס אזוי געלייענט: „דער שעהנער יוסף, וואס מיר פלעגען זיך זאט ניט קענען אנקוקען אויף איהם, די פרייד פון אונזערע אויגען, איז שוין מעהר ניטא. אצינד זיינען זיינע היטער גבריאל פון דער רעכטער האנט און מיכאל פון דער לינקער האנט. די יאהרען פון זיין לעבען זיינען געווען וועניג און שלעכט. ער האט דערלעבט נאר ביז זיבעציג יאהר. ער איז געווען אזא פיהרער ווי ברק און דבורה, וועלכע האבען דאס פאלק מיט גרויס רוהם רעגירט. ער האט געזוכט זיין פרייד אין דער תורה. ער איז געשטארבען אהן זינד, אזוי ווי ער איז געבארען געווארען אהן זינד. ווען זיין נשמה איז פון איהם ארויס אין דעם פינפטען טאג פון דער וואך, האט זיך דערהערט א יללה און א געוויין. ער איז נסתלק געווארען אין פריידען אין באמבערג, דעם אכט־און־צוואנ־ציגסטען טאג אין סיון. אצינד איז די צייט, אז מיר זאלען פאר יא־מער און יסורים אונזערע קליידער צרייסען און פון אונזערע אויגען לאזען טרערען רינען. נאך זיין פטירה האט מען איהם אין פירט צו קבורה געבראכט. זאל זיין נשמה זיין געבונדען אין דעם צרור־החיים מיט די נשמות פון אברהם, יצחק ייעקב און שרה“.

א לאנגע צייט איז עס פאר אידען געווען אן עגמת־נפש צו זעהן אז א שטיין פון הייליגען ארט זאל אזוי פארשוועכט ווערען. זיי האבען אויך געגלויבט, אז די נשמה פון יוסף־גבריאל, דער זוהן פון נפתלי, קען קיין רוה ניט געפינען און בלאנדזשעט ארום אלע נאכט קלאגענדיג ביים שווערען־שטיין. און אויך זיי האבען ניט געוואגט דעם שטיין אוועקצונעהמען, ווייל דער שווערען־שטיין האט געהאט א נאמען פאר א מין פריידענס־סימבאל, און יעדע באשעדיגונג וואלט בא־טראכט געווארען ווי א סימן פאר א נייער מלחמה. די שטאדט־מענשען

און די פּויערים האָבן נאָך אַלץ געטראָגן די שווערע קריעגס־לאַסטען און פיעלע האָבן באַשטעלט ביי די גלחים תּפילות פאַר אַ לאַנגען פרידען.

אַזוי איז אַלזאָ געשטאַנען די אידישע מצבה צווישען ניט־גלייכע חברים אַזוי ווי אַ פרעמדער פון אַ ווייטען לאַנד. זי האָט גע־רעדט אין אומבאַקאַנטע שפּראַך, און איהר איידעלע פאָרמע האָט פאַר־דיענט אַ בעסערען מזל. זי האָט ניט אַרויסגעקוקט אויפ׳ן פלאַך־לאַנד, נאָר צו די נידעריגע הייזער און צו די קרומע און געדרעהטע גאַסען פון פירט. דערנעבען רוישט דער טייך אַרונטער ביז צום בישאָפּטום פון באַמבערג, און ווען ער שליידערט אין הערבסט די געלע כוואַליעס צום ברעג, און נאָך ווייט אַריבער, אַזוי מוזען שוין שטענדיג איינינגע לינדענבוימער אויפ׳ן שיס־פּלאַץ אָפּזעגענען זיך מיט זייער לעבען. דאָס וואַסער ברעכט זיי ווי פאַרדאַרטע צווייגלעך און טרייבט זיי אַוועק צום מאַין־לאַנד אין חברותא מיט קלעצער און צווייגען און כלי־בית און אַלערליי אויסטערלישע זאַכען, וועלכע דער ווילדגעוואָרענער שטראָם האָט מיט זיך געטראָגען פון דער גוטער שטאָדט נירענבערג.

אויב די מצבה פון יוסף־גבריאל האָט פאַרלאָרען די רוהיגקייט פון בית־עולם, דערפאַר אָבער האָט זי געוואונען איז וועלט־חכמה און אין קענען זאַכען און מענשען. ערנסט האָט זי צוגעקוקט. ווי עס האָבען די מענשען, וואָס האָבען זיך אַרום איהר געדרעהט אַזוי ווי שפּערלינגען אַרום אַ געדעקטען טיש. שטורעמס און זאַווערוכעס, רעגען און זונען־היץ — אַלץ האָט זי אַריבערגעטראָגען מיט דער זעלבער געדולדיגקייט. און ווען די זאַנפטע נאַכט האָט פאַרדעקט איהר גרויען שטערען, האָט זיך אויסגעדיכט, אַז אויף איהר שפּיגעלט זיך נאָך אָפּ אַ זיסער אָפּ־גלאַנץ פון דעם לעצטען פורפורנעם זונען־אונטערגאַנג, אָדער אַ פאַר־גלאַנץ פון דער פריהמאָרגען־רויטקייט. וואָרים אין דעם זעלביגען ערד־ווינקעל שיינט די זון ביים אויפגאַנג און אונטערגאַנג מיט אַן אומגע־הערטע רויטקייט. וואָס די געלערנטע שרייבען דאָס צו צום נעבעל־רייכטום פון לאַנד.

יום־טובים, טענץ און יריד׳ען זיינען שוין פון לאַנג געווען איינגע־פיהרט ביי די פראַנקען, וועלכע צייכענען זיך אויס מיט זייער לייכט־זיניגקייט און טראָגען מיט חשק זייערע פּנינים צום שענקער. איינ־מאָל אין אַ קירכען־פעסט אין אָקטאָבער, זיבעצעהן יאָהר נאָכ׳ן גרויסען

פרידענס־אפּמאַך — אַך, ווי דאָס פאָלק האָט דאָס יענעם טאָג גע־הוליעט אויפ׳ן שים־פּלאַץ, ווי די מיידלעך האָבען דאָס געטאַנצט און כ׳אַרא לוסטיגע ניגונים די ציגיינער און די קלעזמער האָבען דאָס געשפּיעלט! — איז אַן אַלטער מאַן צוגעגאַנגען צו דער לאַנקע, נאָכ־דעם ווי ער איז אַ לאַנגע צייט געשטאַנען פאַרטיפט אין זיינע געדאַנ־קען פאַר דער אידישער אויפשריפט אויפ׳ן שוועדען־שטיין. דער אווענט האָט זיך שוין אַרונטערגעלאָזען, און דער הימעל איז געווען אָנ־געזאַפּט מיט אַ מאַטער רויטקייט. בלויע שאָטענס זיינען געפאַלען אויפ׳ן רוישענדיגען טייך, די האַמערס פון שמידען האָבען זיך גע־הערט פון ווייטע גאַסען. אַ שאַרפער געשריי האָט זיך צעטראָגען ווייט איבער די לאַנקעס. דאַן האָט זיך ווידער אָנגעהויבען די מוזיק: אָרגעל און פידלען, טראָמפּייטען און פלייטען. די בחורים לאַכען און שפּרינגען אַליין ווילדער און ווילדער אַרום די בוימער, און ביי די מיידלעך גלאַנצען אין דעם יום־טוב נאָך מעהר די אויגען. די נירענ־בערגער סוחרים באַטען אַן נאָך קיינמאָל ניט געזעהענע סחורות, און די קונצען־מאַכער, פּאַקוסניקעס און ציגיינער זאָגען צו גאָר וואונ־דער צו באַווייזען.

ווען די דעמערונג האָט זיך אַרונטערגעלאָזען האָט מען צוגעפעס־טיגט פעך־פאַקלען צו די שטאַמען פון די בוימער און צו די אומפּאַה־רענדיגע הייזער פון די קאָמעדיאַנטען, און דער שווערער ברוינער רויך האָט זיך געהויבען אין ווייטע וועלען און זיך אַריבערגעצויגען צום שטראָם, און איבער די לאַנקעס, און איינצעלנע וויל׳ע פונקען זיינען קנאַקענדיג אַריינגעשפּרונגען אין די צווייגען פון די לינדענבוימער. דער שטיקענדיגער פּלאַם האָט צוגעגעבען די געזיכטער פון די מענשען אַן אומגעוועהנליך פאַרבען־שפּיל, און די שטערען אין הימעל האָבען בלאָס אויסגעקוקט פאַר די, וואָס זיינען אין דעם דאָזיגען ליכט־קרייז גע־שטאַנען. דער אַלטער איד האָט געהאַלטען די רעכטע האַנט ווי אַ שירעם איבער די אויגען און אומעטיג טשיקאַווע געקוקט אויפ׳ן לוסטיגען עולם. זיין געזיכט האָט געהאַט אַ קאָליר פון גרין־ווייס, אין אַ רויטע באָרד האָט שיטער אַרומגענומען, אַזוי ווי אַ ראָם, די באַ־קען און דאָס קין, אַזוי אַז דאָס האָט דעם געזיכט צוגעגעבען אַן אויס־זעהן פון עפּעס זונדערבאַרעס, פון עפּעס דערשרעקענד־אויסדריקלי־כעס. היינט זיינע אויגען: די ברוינע שטערען האָבען אומרוהיג אַרומ־

געבלאנדזשעט אין די גערויטעלטע ווייסלען, און די שווארצאפלען האבען צייטענווייז ראש זיך פארגרעסערט אזוי ווי ביי א רויב־טיער. דאס זיינען געווען אידישע אויגען — פול מיט אומרוה, פול מיט מורא, פול מיט אומבאשטימטע בעטען זיך און מיט א געדריקטער הארציגקייט, אמ פלאקערנדיג מיט א ליידענשאפט און אמ אין טרויער פארלירענדיג יעדען ברעג. די אויגען פון א גע'רודפ'טער חיה, וועלכע ווענדט איהרע בליקען אנגסטפול און קראפטלאז צום פארפאלגער, אדער קוקט ארויס אין ציטערדיגער בענקשאפט צום רייכען, ווייטען לאנד פון פרייהייט.

„דאס פאלק איז ווילד“, האט ער געמורמעלט, „דא טאנצען זיי און פייפען אין פייפלער, און מארגען וועט שוין קומען גאט'ס משפט, וואס אגינם איז נאך ניט געהערט געווארען.“ ער איז געבליבען שטעהן, האט זיך טיף א בוק געטאן צו מזרח־זייט און האט מיט די שמאלע ליפען אפגעשעפטשעט א קורצע תפילה.

אונטער די לינדענבוימער אויף דער לאנקע האט א ציגיינער־מיידעל געטאנצט עפעס א מאדנעם טאנץ, און צוויי יונגען האבען צוגעשפיעלט אויף פידלען. אן עולם צוקוקער האט זיך ארומגעקליבען אין א ברייטען קרייז, און דאס טונקעלע ליכט פון די פאקלען האט געמאכט אלע אויגען גרעסער און ליכט־רייכער און האט צוגעגעבען די פנים'ער א נייעם מאדנעם אויסדרוק. אזוי פלעגט דאס שוין אלע מאל זיין אין פירט אין די טעג פון רעמיגיוס, לעאדעגאר און לוקרעציע: די מענשען האבען ערוואכט פון דעם דריקענדען טרוים פון זייער זארג, און א ליעבע זון האט זיי אין הארצען אריינגעשיינט.

נאך דער ציגיינערקע איז לאנגזאם ארויסגעקומען אינמיטען דעם קרייז א יונגע מיידעל, א מערקווירדיג שעהנע. וואונדערליך האבען שמאלע שאטענס געבלאנדזשעט אויף איהרע בלייכע באקען און אויף איהר שטערען, און זי איז געווען שלאנק אזוי ווי די פרויען, וועלכע מען פלעגט רענסטמאל מאלען אין פלארענץ. א לאנג קלייד איז ארונטערגעהאנגען פון איהר לייב, און ניט באוועגענדיג מיט די ארימס, ניט אויפהייבענדיג די אויגען פון דר'ערד, האט זי מיט א קלאנגענדיגער שטימע אנגעהויבען א רעטשיטאטיוו:

איך ווייס נים, וואו ס'איז פייגעלע,
איך ווייס ניט, וואו ס'פליהט אום.

אונטער'ן קליינעם לאדענדעל,
ווער פליהט דארט ארום?

עס זיצט דאך ניט דאס פייגעלע
אין נעסט דורך נעכט און טעג;
עס שפרייט די פליגעלעך דאך אויס
און לאזט זיך וואו אוועק.

אוואו געלעגען בין איך מיר,
א דאס פארבארג איך ניט.
ביים קוסט דארט, צווישען אינגלעך צוויי
ליג איך מיר אין נויט*.

אבער פארוואס האט זי דאס געזונגען אזוי שטיל און אומעטיג? איהרע ליפען האבען געציטערט און דער קאפ האט זיך טיף ארונטערגעלאזען אויף דער ברוסט. דער ליץ איז געקומען און האט זי איבערגעמישט, אבער זי האט זיך ניט געריהרט, אזוי ווי א סטאטוע; דער נאר האט זי גענומען ארומשמעקען פון אלע זייטען, און ענדליך האט ער מיט חוזק דערקלערט, אז זי וואלט געוועז א גוטע באדיענערקע ביי זיין ווייב. ער האט זי שוין געוואלט א נעם טאן און אוועקטראגען, אבער דא איז געקומען א ריטער מיט שיינענדיגע כלי־זיין זי צו באפרייען. און דער פאיאץ האט זיך פארוואנדעלט און באוויזען זיך אין זיין ריכטיגער געשטאלט: ווי דער טייוועל. ער האט גענומען ראנגלען זיך מיט'ן ריטער. און ווען ער האט שוין געהאלטען נאהענט ביים זיג, האט דער ריטער ארויסגעצויגען א וויים, עלפענביינערן קרוציפיקס און דאס אויסגעשטרעקט צום ניט־גוטען. דער שטן האט ארויסגעלאזען א שרעקליכען געשריי און איז אוועקגעשפרונגען מיט גרויסע שפרינג.

פון א לעדיגען ארט אין דעם קרייז פון די צוקוקער איז דאן ארויסגעטראטען דער אלטער איד, איז אריבערגעקראכען די באנק וואס

---

*) אט דאס ליעד און די איבעריגע ליעדער, וואס געהען אריין אין דעם ראמאן זיינען איבערזעצט פון זישא לאנדוי.

האט פארצאמט. און זיין לאנגער קאפטאן האט נעפלאטערט אינ'ם אוועגט־ווינט. בעת ער איז צוגעגאנגען צו דער בלאסער מיידעל. זי האט אויפגעהויבען אויף איהם איהרע אויגען און האט זיך מיט אמאל גענומען טרייסלען ווי אין א קרחת. זיינע בליקען האבען זי ווי נאדלען געשטאכען, און אין דעם פלאקערדיגען פייער פון זיינע אויגען האט זי געליינט עטוואס אזוינס, וואס האט שוין לאנג לאנג אנגעפילט איהר נשמה מיט מאדנער מורא, מיט נייגעריגער מורא. איהר נשמה איז ווי מיט א מאל פארכאפט געווארען פון זכרונות פון פריהסטער קינדהייט און איז טיף אויפגעטרייסעלט געווארען. מען האט דא אויך געקענט זעהן די אנגסט פאר דאס אומבאגרייפליכע פון דער דאזיגער פלוצלונגער קלארקייט, דעם שרעק איבער די געשפענסטיגע ערשיינונג פון דעם אידען מיט דער רויטער בארד. ער האט מיט זיינע פינגער, אזוי ווי מיט צוואנגען, ארומגענומען איהר ארים, און ער האט איהר ארייגעקוקט גלייך אין די אויגען, אזוי ווי ער וואלט געוואלט טיף אין איהר הארצען אריינזעצען א וואונש, אז אומווידערשטעהליכען באפעהל, — אזוי טיף, אז קיין שום מענש זאל דאס פון דארטען ניט קענען ארויסרייסען. די מוזיק איז אנטשוויגען געווארען. דער ליאר־רעם נאהענט ארום איז אריבער אין א געמורמעל. פיעלע האבען דער־פיהלט א גרונדלאזען שוידער, אנדערע — נאר נייגעריגקייט און ער־ווארטונג. מען האט געהערט דעם טייך רוישענדיג און דעם ווינט שארכענדיג צווישען די בוימער. ער האט ארונטערגעווארפען געלע בלעטער, און א לייכטע קיהלקייט האט זיך צעטראגען איבער דער לאנקע. דער איד האט זיך איינגעבויגען און געמורמעלט דער מיידעל אין אויער: „געדענקסטו נאך די שרפה אין דיין היים, צירעלע? דעם פאטער, די מוטער, די ברידער און די אלע אנדערע וואס זיינען שוין טויט? צירעלע, געדענקסטו עס נאך?“ — אהן אז אויפהער האבען זיך די טרערען געגאסען פון דער מיידעל'ס באקען, און זי האט געקוקט לגמרי פארזונקען אין דער לאנג פארגאנגענער נאכט. און דער אלטער האט צו איהר ווייטער גערעדט: „אינמיטען נאכט ווען די לבנה וועט ווידער זיין פול מוזטו צו מיר קומען; דו וועסט דאן קענען גע־פינען זכריה נאאר, וואו ער זאל ניט זיין. איך זאג אז דאס קומען פון משיח, ווען די טיפע סודות פון דער וועלט זיינען אנטפלעקט געווארען.“

עס האָט זיך אויפגעהויבען אַ מורמעל פון אומצופרידענהייט אי־בער די שטערונג פון דעם יום־טוב און דער שמחה. זכריה נאָאַר האָט זיך אָפּגעקערט פון דער מיידעל און האָט לאַנגזאַם אוועקגעשפּרייזט צום אַרויסגאַנג פון דער לאַנקע. קיינער האָט איהם ניט געקענט. אַלע האָבען איהם אויסגעמידען, און אַ וואָרט איז שנעל געלאָפען פון מויל צו מויל: אהאספערוס! „יאָ, יאָ, ער לויפט אַרום ווי דער משוגע׳נער איד“, האָט אַ זאָג געטאָן אַ צונויפגעקאָרטשעטע, איינגעהויקערטע אַל־טיטשקע, און אַ ציה געטאָן די לופט מיט איהר דינער נאָז. זי ווייסט, האָט זי געזאָגט, אַ לידעל, און זי האָט דאָס איבערגעגעבען מיט איהר טרייסעלדיגער שטימע פאַר די יונגע לייט, וועלכע האָבען זי אַרומגע־רינגעלט:

דער איד אהאספערוס, ווי יעדען באַקאַנט,
פון שטענדיג אָן וואַנדעלט פון לאַנד צו לאַנד.
לשונות רעדט ער פון גאָר דער וועלט
און וואָס פון קריסטוסען רעדט ער,
פערנעמען זאָל דיר זיין ניט שווער.
פעראַכט איהם ניט, דו לאָז איהם געהן,
ער ווערט געפיהרט פון גאָט אליין.
אָז וואָס פון קריסטוסען ער רעדט
זאָל זיין בלויז לויב. דאָך דו ניט שפּאָט
פון איהם און לאָז איהם געהן זיין וועג,
גאָט קען דאָך אַלע זיינע טעג
און אויב דאָס האַרץ בעהאַלט וואָס אויס,
ברענגט דאָך דאָס מויל עס אָפּט אַרויס.

זכריה נאָאַר איז געגאַנגען דורך די טונקעלע גאַסען פון׳ם שטעד־טעל אין שוהל אַריין. דאָרטען האָט מען נאָך געדאַווענט, ווייל עס איז געווען ערב יום־כפור. באַלד איז ער אומבאַמערקט געשטאַנען צווישען דער עדה מתפללים מיט׳ן טלית אויף די אַקסלען און האָט מיט ברע־נענדיגע אויגען געקוקט צום אָרון־קודש. קיין פרידל כע יום־טוב׳דיגע שטימונג האָט אין שוהל ניט געהערשט. עס האָט אויסגעזעהן, ווי יע־דערער בעט צו זיין איינענעם גאָט, און פון צייט צו צייט איז אַרויס־

נעקומען אן אומבאשטימטער ליארעם, אין וועלכען עס האט זיך באזונדערס נעהערט א שרייענדיגער אדער קוויטשענדיגער קול. א שטיקענדיגער געדרוך פון א קעלער מיט אלטען לעדער, מיט אלטע זאכען, מיט רויך און מיט פוילען האלץ האט אנגעפילט גאט'ס הויז. קינדער זיינען געשטאנען ארום און האבען געגלאצט זייערע אויגען מיט טעמפער עהרפורכט אין די ספרים מיט די טונקעלע בלעטער. די שוהל האט אויסגעזעהן ווי אן אונטערערדישע הייהל פון פארשווערער, ווי א קלויסטער פון אסקעטען וואס פייניגען זיך, ווארים נים קיין לעבענס - פרייד און ניט קיין גאט'ס פרייד האט מען דא געקענט געפינען. די ליכט האבען גערויכערט, און ווער עס איז פון דער פרייער לופט אריינגעקומען, האט גלייך געמיינט, אז ער איז דא אריינגעפאלען אין א שטיקענדיגער הייהל, וואו מען בעט פארצאגטע צו א שטרענגען גאט.

מען האט שוין אפגעזאגט דעם לעצטען קדיש: אלע האבען זיך שוין געגרייט געהן אהיים. דא איז זכריה נאאר צוגעגאנגען צום ארון־קודש און האט אויפגעהויבען די האנט: א צייכען, אז ער וויל רעדען. עס איז שטיל געווארען, און אלע אויגען האבען זיך צום אורח געווענדט. ער האט אנגעהויבען — ניט הויך, און ווי עס האט אויסגעזעהן, מעהר פאר זיך אליין. ער האט גערעדט צוערשט אין האסטיג אנגעווארפענע ווערטער וועגען די דערנידעריגונג און ליידען פונ'ם אידישען פאלק, וועגען די אונטערדריקונג, וואס עס ליידט, און וועגען די צעשפרייטונג אין אלע טיילען וועלט. דאן, ווען ער איז שוין געווען זיכער, אז אלע הערען אויפמערקזאם צו, איז שוין זיין שטימע העכער געווארען, זי האט פארלארען דעם טאן פון ניט־זיכערקייט, און זיינע אויגען האבען גענומען בליצען. ער האט גערופען צום אלטען גאט פון די אידען, וועלכער האט געגעבען הבטחות נאך הבטחות, און דאך נאר די ארימקייט אויסגעגאסען אויף זיין אויסדערוועהלטען פאלק, און די עינוים פון גלות, נאך ערגער ווי אין דער צייט פון גלות־מצרים. עס איז געווארען טויט שטיל. אפילו די קאלטע ווענט האבען געשיינט צו הערען און זשעדנע איינגעזויגט אין זיך די דאזיגע ווערטער. דער רעדנער האט ווייטער גערעדט: „דער צארן פון גאט דעם האר האט זיך ווידער אנגעצונדען אויף זיין פאלק, און ער שטרעקט ווידער אויס זיין האנט און ער שלאגט עס, אזוי, אז די בערג ציטערען, און זייערע פגרים

לינען ווי מיסט אינמיטען די גאסען. האבען זיי דען ניט באשולדיגט אונז: איהר פאר׳סמ׳ט אונזערע ברונימער? האבען זיי ניט אויסגע־קוילעט אונזערע ברידער אין די טויזענטער? האבען זיי ניט געשריען: איהר נעמט דאס בלוט פון אונזערע קינדער צו באנוצען אויף פסח צום סדר? איהר נעמט דאס בלוט און באנוצט עס פאר אייערע טרא־גערינגע ווייבער? האבען זיי אונז ניט ארויסגעטריבען פון זייערע שטעדט און אונזערע הייזער פארברענט און אונזערע גיטער גערויבט? האבען מיר דען ניט געמוזט וואנדערען ווי פויגעל אין הי־מעל, און פיעלע האבען קיין ארט ניט געפונען, אזוי ווי קין, וועלכער האט זיין ברודער דער׳הרג׳עט? זיינען זיי דען ניט מיט רעדער איבער אונזערע ביינער געפאהרען און אונז איבערגעגעבען אזוי ווי קראנקע פיה אין די הענט פון תליון? ניט פארברענט אונזערע קינדער, ניט געשענדעט אונזערע ווייבער, און ווען די מגפה איז געקומען, האבען זיי ניט געבושעוועט צווישען אונז נאך ערגער ווי די מגפה אליין? און נאך די אלע זאכען האט זיך דער צארן פון גאט דעם האר ניט אפגע־קערט. אבער אצינד וועט ער אויפהויבען א באנער צו א היידען־פאלק פון דער ווייט און ער וועט צו איהם פייפען פון עק ערד, און נון, שנעל, גרינג קומט עס אן. קיין מידער און קיין שטרויכלענדער איז ניטא ביי איהם: ניט עס דרעמעלט, ניט עס שלאפט: עס בינדט זיך ניט אפ דער גארטעל פון זיינע לענדען, און עס צרייסט זיך ניט דער רימען פון זיינע שיך. די קאפיטעס פון זיינע פערד זיינען גלייך ווי שטיין, און זיינע רעדער ווי דער שטורעמווינט. עס האט א קול פון א לייבין, און עס ברילט ווי די יונגע לייבען און ברומט און פאקט דעם רויב און טראגט דאס אוועק און קיינער קען ניט ראטעווען. און עס וועט שטורעמען איבער יהודה אזוי ווי דער ים טוט שטורעמען, און וועט מען צו דער ערד א קוק מאן, און נון, עס איז פינסטער, אנגסט, און דאס ליכט איז פינסטער געווארען איבער די וואלקענס. געגעהענט, היידען, צו הערען, און איהר פעלקער פארנעמט! זאל הערען די ערד און אלץ וואס פילט זי אן, די וועלט און אלץ וואס שפראצט פון איהר ארויס. דען גאט האט א צארן אויף אלע היידען, ער האט זיי בא־שטימט פאר אויסשלאכטונג, און זייערע דערשלאגענע וועלען צע־ווארפען ווערען, און פון זייערע פגרים וועט א געשטאנק ארויס, און די בערג וועלען צעגעהן פון זייער בלוט. די שטערען וועלען צעברע־

קעלט ווערען און ווי א פארמעט וועט דער הימעל צונויפגעוויקעלט ווערען. אבער אונזערע לענדער וועלען לוסטיג זיין. עס וועט זיך פרע־ העז אונזער וויסטע און בליהען ווי א נארצים. זי וועט בליהען, יא, בליהען און פרעהען זיך און יובלען! די הערליכקייט פון דעם לבנון ווערט איהר געשענקט און די פראכט פון דעם כרמל. שטארקט די שוואכע הענט, און די שטרויכלענדיגע קני קרעפטיגט! זאגט צו די שוואכהערציגע: זייט שטארק! אויפגעמאכט וועלען ווערען די אויג־ גען פון די בלינדע, און די אויערען פון די טויבע וועלען געעפענט ווע־ רען! דענסטמאל וועט ווי א הירש שפרינגען דער לאהמער, און עס וועט זינגען די צונג פון דעם שטומען. דען זעהט: א מאן איז אויפ־ געשטאנען אין דער קליין־אזיאטישער שטאדט סמירנא. דאס איז דער אמת׳ער משיח און די מלכות־שמים איז נאהענט! יא, איך זעה אייערע בליקען לייכטען און אייערע הענט הויבען זיך! האט איהר איהם ניט געהערט רופען פון די ברעגען פון ים־התיכון? א נייע דער־ לייזונג געהט פאר איהם, און אן עולם התיקון וועט אנקומען. די מציאות השם האט ער אליין דערקענט — שבתי צבי! פארזא־ מעלט זיך, ברידער, לערנט אייערע קינדער זייז נאמען אויסצו־ רעדען, און אייערע יתומים טרייסט מיט זיין ווארט! אינ׳ם יאהר 5408 זינט די וועלט איז באשאפען געווארען האט די גאולה אנגע־ הויבען צו טאגען, און אין דעם זעלביגען יאהר האט זיך שבתי־צבי צו אונז אנטפלעקט. וואונדער איבער וואונדער האט ער געטאן, און די אידען פון קליין־אזיען און טערקיי רופען צו איהם מיט פרייד.“

א שרעקליכער טומעל האט איבערגעהאקט דעם רעדנער. לאנג שוין איז אין פראנקענלאנד אריינגעדרונגען די ידיעה וועגען דער געשעהעניש, אבער ס׳איז אלץ געווען נאר טונקעלע קלאנגען, סודות׳־ דיגע רמזים, פארטראגען אהער פון וואנדערנדיגע מאנאכען, פון וואנ־ דערנדיגע אידען אדער גאר פון ציגיינער. עס איז געווען נאר אזוי ווי דער טעמפער גערויש פון א זעהר ווייטען שטורעם, וועלכער איז אמת אימשטאנד אין דער שטילקייט און טרוימערייען פון דער נאכט די געמיטער אויפצורודערען, אבער דאס ליכט פון טאג ברענגט צווייפ־ לען און אומגלויבען. צום ערשטען מאל איז עס אלזא געווען ווי א טראמפייטען־רוף וואלט זיך אריינגעריסען צו די אידען אין די אויע־ רען, ווי א העלער, שארפער שלאכטרוף, א קלינגען פון טויזענטער

שילדען אין שווערדען, אז אמת'ער תחית־המתים געשריי. עס איז זיי ליכטיג געווארען אין די אויגען, ארום און ארום איז געווארען טאג. דער לאנגער גורל פון אונטערדריקונג האט געשיינט צו אן ענדע צו קו־מען: זון, פרייהייט, געטליכעם אויסדערוועהלטזיין פאר גרויסע זאכען, גלאנץ און פרייד און באגייסטערטע בענקשאפט — ווי א וואונדערפולע ערפילונג פון טויזענטיעהריגע תפילות. און זייערע געדריקטע הערצער האט זיך דאס אריינגעריסען ווי אן אויפרוף צו א נייער וועלט־ארדע־נונג: איינגלעך האט זיך אויסגעדוכט, זיי זיינען מענער געווארען, די מענער האבען צוזאמענגעדריקט זייערע פויסטען און איבער'ן רוקען איז זיי דורכגעגאנגען א קעלט און א היץ. און ווען דער ערשטער טור־מעל האט זיך איינגעשטילט, האבען זיי זיך גענומען דרענגען ארום דעם אורח, פארווארפען איהם מיט פראגען און אהן אן אטעם זיך צוגע־הערט. מען האט זיך גאר פארגעסען, אז מען דארף אהיים געהן; מען האט פארגעסען, אז עס איז א תענית; די ווייבער האבען זיך געשפארט פון ווייבערשער שוהל אין האבען זיך צוגעהערט מיט צעפלאמטע בא־קען, און זיי האבען איהם געזעהן אין זייער פאנטאזיע אזוי ווי א לע־בעדיגען, דעם געהיימניספולען נביא פון סמירנא, וועלכער איז אין העלען טאג פון דער געשיכטע דורכגעפלויגען ווי א ברענענדיגער מע־טעאר, און פארכאפט פון דעם אר"י'ס קבלה, האט ער געגלויבט, אז ער ברענגט דעם קץ אויף דער וועלט. זכריה נאאר האט דערצעהלט און דערצעהלט, ווי ער וואלט אין חלומות געוועזן פארזונקען: ווי שבתי האט זיין לייב געפייניגט, און זומער און ווינטער, טאג ווי נאכט, זיך אין ים געבאדען. ווי זיין לייב האט פון דעם באדען זיך אין ים א ריח ניחוח געקראגען, און זיינע אויגען זיינען פון דעם קלאר געווארען. קיינמאל האט ער קיין פרוי ניט באריהרט, און כאטש ער האט חתונה געהאט מיט צוויי פרויען, האט ער זיי אויסגעמידען און דערנאך פאר־שטויסען זיי אינגאנצען. ערנסט און איינזאם איז זיין לעבען, און ער האט א שעהנעם קול, מיט וועלכען ער זינגט קבלה־שירים, אדער זיינע אייגענע שירים. דאס יאהר 1666 באצייכענט ער אלס דאס יאהר פון משיח'ס קומען: ער וועט ברענגען די אידען א נייע הערליכקייט און זיי וועלען זיך צוריקקערען קיין ירושלים. זיין נשמה גיט זיך מיט פרייד איבער דער זיסער בארוישונג פונ'ם געטליכען באוואוסטזיין. מען האט איהם פון סמירנא ארויסגעטריבען, אבער דאס פייער, וואס האט

בלויז געטליהעט. האט זיך דאן צעפלאקערט אין א גרויסען פארצעה־רענדיגען פלאם. זיין דערנידעריגונג איז זיין גרויסקייט און ליכטיגקייט געווארען. ער האט אין סאלאניקי געלאזט מאכען א יום־טוב, און האט אין דער נעגענוואָרט פון זיינע פריינד פייערליך חתונה געהאט מיט דער הייליגער תורה. תורה, די טאכטער פון הימעל, איז פאראייניגט געווארען מיט דעם זוהן פון הימעל אין אן אומצושיידבארען בונד. פופ־ציג ישיבה־לייט עסען ביי זיין טיש, און קיין ארימאן געהט הונגעריג פון זיין טיר ניט אוועק. ער פארגיסט טייכען טרערען ביים דאווענען. אין דורך נעכט לאנג ביים העלען שיין פון ליכט זאגט ער תהילים. ער זינגט אויך ליעבעס־ליעדער. ער זינגט דאס ליעד פון דער שעהנער בת־מלכה מעליזעלדע:

—

איבערשניידענדיג א בארג
און א טאל אויך, קוק איך אן
צו דער שעהנער מעליזעלדע,
ב'קוק אין זאל פון קעניגס טראן.
לייכט איז זי אין זאל אריין,
ס'זיסע פנים איינגעהילט
האבען פלאטערנדיגע האר,
און עס קלינגט איהר שטימע מילד.
ס'גלאנצט איהר פנים, ווי א שווערד,
רויט די ליפען, ווי קאראלען,
ווייס איהר לייב איז, און ווי שטאל
איהרע אויגען־בעקלעך שטראלען.

די קינדער געהען איהם נאך אין די גאסען און די מוטערס לויבען זיין נאמען. און ער האט מודיע געווען, אז ער וועט פון יענער זייט טייך סמבטיון די צעהן שבטים קיין ארץ־ישראל אוועקפיהרען, רייטענדיג אליין אויף א לייב, וועלכער וועט האלטען אין מויל א דראקאן מיט זיבען קעפ.

ווי פון א כישוף פארכאפט, זיינען די אידען אהיים אוועק. עס האט זיי אנגענומען דאס פיבער פון ערווארטונג. וואס האט געפליסט

פון לאנד צו לאנד אזוי ווי א בארוישענדער שטראם. אין דער דאזי־גער נאכט האט שוין קיינער ניט געקענט שלאפען.

דעמאלט האט מען געזאגט, אז דער האר פון די וועלטען עפענט זיינע טויערען מקבל צו זיין דעם נביא, אז דער נביא רייסט די שטערען פון הימעל, פונקט ווי זיי וואלטען געווען טרויבען פון א וויינשטאק. דאס פאלק זעהט אן איידעל ליכט, און די שאטענס פון טויט פאר־שווינדען ארום איהם; עס ווערט געשטירצט די פראכט פון די מלכים און דאס געזאנג פון זייערע הארפען; דער נביא שטייגט צום הימעל ארויף און איבער די שטערען שטעלט ער אויף זיין טראן; פיעלע שטי־מען שרייען צו איהם ארויף: וועכטער, וויפיעל איז שוין פון דער נאכט פארבליבען? דא זאגט ער שוין אז דעם אויפגאנג פון דעם מארגען־שטערען. ארום איהם איז שוין מעהר ניטא קיין אלטעגליכעס, דער פירסט זעהט שוין אויס צו זיין גלייך מיט'ן פויער, דער בעטלער מיט'ן ריכטער, קיין רחמנות'דיגע האנט ווערט שוין מעהר ניט אויסגע־שטרעקט צום קראנקען, און עס איז אפילו אויך גרויס און שעהן ארוי־בערצוטראגען אלע יסורים און עינוים, און א דערשלאגענער צו וויי־נען אנטקעגען דער אויפגעהענדער זון פון גענאד. די מקובלים האבען געגלויבט, אז זיי פארשטעהען קלערער די בשורה. פון דעם געטליכען שוים איז ארוים די נייע געטליכע פערזאן, דער אמת'ער מלך המשיח, דער דערלייזער און באפרייער פון דער וועלט. און די הערשאפט פון מטטרון ענדיגט זיך. עס שטעהט אין זוהר, זאגען זיי: מטטרון איז דער ערשטער פון די באשאפענע, דער אפגלאנץ פון גאט; ער איז דער מיטעלסטער זייל (עמוד התיכון), וואס מאכט דאס הימלישע פאלקא־מען; ער איז דער וואס פאראייניגט אין דער מיטען. דען דער אמת'ער משיח איז דער פארקערפערטער אור־מענש, דער אדם הקדמון פון דער תורה, א טייל פון דער גאטהייט.

דער טאג איז אנגעקומען, א טריבער און פארנעבעלטער הערבסט־פריהמארגען. א קיהלער טרוקענער ווינט האט זיך געטראגען איבער די גאסען. די קריסטליכע איינוואוינער זיינען געווען פארוואונדערט, וואס די אידען זיינען צעטראגען. רבי בערמאן איז א בלייכער ארומ־געלאפען פון הויז צו הויז. רבי זלמן קלעף איז שטונדענלאנג געשטא־נען ביי זיין הויז לייענענדיג א פארגעלבטען פארמענט. זלמן אולמאן

קעזבויער האט מיט א לעבהאפטער שטימע נאכגערופען דעם נעבעטינג־
אורח. הוצעל דוד'ל האט פארטראכט ארומגעהינקען. און ברוך קעב
איז ניט מיד געווארען צו דערמאנען אז דעם היילינגען פאסט־טאג און
אז מען דארף אין שוהל אריין געהן. ארום ניין דעם זייגער איז א
שטויב־באדעקטער שליח געקומען פון דעם וועג פון דער שטאדט ני־
רענבערג. ער האט געבראכט א בריף. מיכל חסיד, דער חזן, האט דאס
ביי איהם צוגענומען, און די אידען, מענער, פרויען און קינדער הא־
בען אין אלץ וואקסענדע צאהלען ארום איהם זיך ארומגעקליבען. ווען
ער האט דאס פארגעלעזען הויך אויפ'ן קול. דער בריף איז דאס גע־
ווען פון דעם באריהמטען שמואל פרימא, א תלמיד פון שבתי צבי,
און דארטען איז אזוי געשטאנען: „דער איינציגער און ערשטגעבארע־
נער זוהן פון גאט, שבתי צבי, משיח און גואל פון אידישען פאלק, שיקט
צו אלע קינדער ישראל'ס זיין ברכה, שלום. נאכדעם ווי איהר האט
זוכה געווען צו זעהן דעם גרויסען טאג און די ערפילונג פון גאט'ס
ווארט דורכ'ן נביא, אזוי דארפען אייערע קלאגען און זיפצען אין
פרייד פארוואנדעלט ווערען, און אייערע פאסט־טעג אין פייער־טעג.
דען איהר וועט שוין מעהר ניט ווײנען. פרעהט זיך מיט געזאנג און
ליעדער און פארוואנדעלט דעם טאג פון באטריבעניש און טרויער אין א
טאג פון פרייד, ווייל איך בין געקומען".

טויט שטיל איז געווארען נאך די דאזיגע ווערטער. די פאדערונג
פון דעם נביא איז געווען עטוואס שרעקליכעס און ניט־געהערטעס
פאר דעם דאזיגען פאלק, וואס האט זיך געהאלטען מיט אן אומערשיט־
טערליכען פאנאטיזם אן זיינע דינים און מנהגים. וואלף קעזבויער איז
געווארען ווייס ווי שניי און זיינע ליפען האבען געשטאמעלט א תפילה.
פיעלע אנדערע, באזונדערס פרויען, האבען איהם נאכגעזאגט. אבער עס
זיינען דא אויך געווען אזעלכע, וואס זיינען מיט מיין אנגעפילט גע־
ווארען פאר דער נייער און גרויסער זאך. זיי האבען געשריען
„הללויה" און זייערע אויגען האבען מיט פרייד געלויכטען אנטקעגען
דאס קומענדיגע. דער משיח — ווייל ער איז אזוי ווייט — איז אהן
א שיעור אויסגעוואקסען פאר זייערע אויגען, זיין קאפ האט ווי גאלד
געשיינט אין דעם מארגען־וואלקען. זייער נשמה איז אנגעפילט גע־
ווען מיט איהם, ווארים דער דרוק פון נידעריגער אונטערטעניגקייט איז
ווי א לאסט געלעגען אויף זיי, די פאראכטונג פון א גאנצען פאלק, פון

א גאנצער וועלט. טעג־לאנג האט א טעמפּע אנגסט געשוועבט איבער אידען אין פּירט: זיי האבען ניט געוואגט פון די הייזער ארויסצוגעהן, זיי האבען זיך אינגאנצען אפּגעגעבען צו די געפיהלען פון דערשלאגענקייט אדער פארביטערטקייט, אדער פון חרטה און פון האפענונג.

אויפ'ן צווייטען טאג נאך יום־כפּור איז פון צפון געקומען די ידיעה, אז דער באריהמטער האמבורגער איד עמנואל טעקסיירא, דער מקורב פון דער קעניגין כריסטינא פון שוועדען, איז אין שוהל עפענטליך ארוים פאר דעם משיח. פון אמסטערדאם, פון לאנדאן, פון פראג, פון מאניץ, פון פראנקפורט און פון וויען האט מען געשיקט אויסדריקונגען פון טרייקייט צום נביא, און זונדערבארע צייכענס אויפ'ן הימעל האבען אפילו די קריסטען שווער געמאכט אויפ'ן הארצען. דער איד וואסערטרידינגער, דער ווייבער־למדן, ווי מען האט איהם גערופען אין פירט, ווייל ער פלעגט געהן צו מעוברת'ע ווייבער זאגען תחינות פאר זיי, האט נעמליך שבת אווענט, ראש־חודש טבת, געזעהן אין צפון־זייט פון הימעל א גרויסען אויפגעפלאמטען פייערשיין. זיינע אויגען זיינען נאס געווארען פאר שרעק, און מיט זיין הינקענדיגען פוס איז ער געלאפען אזוי שנעל, ווי עס האט געקענט געהן. איבער די אידישע הייזער און געשריען מיט א האלב־פארשמיקטער שטימע, אז גאט האט א צייכען געגעבען. א גרויסער עולם האט זיך שוויינענדיג אויפגעקליבען אויף די ברעגען פון רעדניץ און פעגניץ, און אידען און קריסטען זיינען געשטאנען שולטער צו שולטער אין גלייכער מורא, אין גלייכער מיסטישער עהרפורכט. זכריה נאאר האט זיך ווי פון דער ערד באוויזען, איז געפאלען מיט'ן פנים צו די וואסער־שטעקלעך פון טייך, און געווענדט זיין געלב געזיכט מיט די ברייטע אויפגעעפענטע אויגען צו דעם הימלישען פייער. ער האט גענומען זינגען א קלאגליעד, רחמים ותחנונים בעטען צו גאט'ס זוהן פון סמירנא, און די גאנצע עדה האט אין כאר אונטערגעכאפּט דעם לעצטען פערז. איינזילביג האט גערוישט דער טייך דורכ'ן לאנד, און די בלאס ווערענדע רויטקייט אין הימעל האט ניט־זיכער באלויכטען די טונקעלע אויבערבגדים פון די אידען, וועלכע זיינען מיט זיסער התפּעלות אהיים געגאנגען.

אין דער זעלביגער נאכט האט זיך אויפגעהייבען א גוואלדיגער

שטורעם און האט אויסגעגראבן דעם הייליגן צלם פון דער קאַטויליישער קירכע, און ווען די אידען זיינען אין דערפריה געגאנגען דאווענען, האבען זיי אויף דעם נידעריגען פארטאל פון דער שוהל געזעהן אויפגעשריבען מיט גאָלדענע אותיות די ראשי־תיבות פון שבתי־צבי׳ס נאמען.

אין יענער צייט איז אין פירט געווען א מאן, וועלכען מען האט גערופען מאיר קנעקער. ער האט אויך געהייסען מאיר נאטאן (נתן), און ביי די קריסטען — מאיר סאטאן (שטן). ער האט געהאט א ברייט מויל און א העסליכע נאז, און איז געווען זעהר פארהאכט באר זיין וואוכעריי. קנעקערען הייסט ביי די אידען שטאמלען, אין מאיר קנעקער, אדער נאטאן, איז געווען א שטאמלער. ער האט געקוקט מיט קרומע אויגען אויף דעם, וואס זיינע גלויבענס־ברידער געהען ארום אזוי פארשמאיעט, און אינמיטען דער אלגעמיינער פאר׳שכיר׳טקייט איז ער געבליבען ניכטער און קאלט. ער איז נאר געווען באזארגט, ער זאל פון זיין געלט גארנישט ניט פארלירען, און ער האט זיך אפט מיישב געווען מיט זיין ווייב ווי מען זאל די קאסע אם בעסטען איינהיטען. ער האט געוואוינט אין אן אלטען הויז מיט א סך לעכער און ווינקלען, און יעדען טאג אין דער וואך האט ער פארשטעקט זיין געלט אין אנדער לאך. ווי נאר עס פלעגט אנקומען א ידיעה פון דרויסען וועגען עפעס א וויכטיגער געשעהעניש, אדער אן אומערקלערליכער פאסירונג, אזוי פלעגט מאיר קנעקער אנהויבען צו ציטערען און איז געלאפען אהיים א קוק טאן זיינע אוצרות. און ווען דער שטראם פון די געשעהענישען האט זיך אויפגעהייבען און צעגאסען זיך און די לענדער באדעקט, איז ביי דעם קנעקער אין הארצען געוואקסען אויך די מורא פאר דעם פארלוסט פון זיין פארמעגען, און קיין רוהיגען שלאף האט ער שוין מעהר ניט געקענט געפינען און ביים עסען פלעגט פון צעטראגענקייט זיך שטעלען ביי איהם דער ביסען אין האלז. ער האט זאגאר וועניגער גענומען דאווענען, אום צו קענען בעסער היטען זיין האב און גוטס. ער האט געשאלטען די דאזיגע אומרוהיגע צייטען, און עס פלעגען זיין טעג, ווען ער האט מורא געהאט אין גאס ארויסצוגעהן, און ער האט פארשפארט די טירען, כדי א גע־היימניספולער פיינד זאל ניט קענען אריינקומען.

עס איז אבער געווען נאך א שרעק איז דעם דאזיגען קרומען און

ווינקעלרייכע הויז, וואס האט געשיינט יעטווירע שטונדע איינציפּאלעז און וואס האט ביים העלעז לבנה־שיין פון דער הערבסט־נאכט אויסגע־קוקט אזוי ווי א חורבה. מאיר קנעקער האט געהאט א טאכטער. זי איז דוקא ניט געווען קיין שעהנע, זי איז אבער קערפערליך געווען גוט כארמירט, האט פארמאגט די אויסערליכע ליידענשאפט פון די אידישע פרויען, און אין איהרע אויגען איז געלעגען עפּעס א טעמפּע תאוה. וואס האט צוגעצויגען צו איהר די מענער. רחל האט שוין אלזא פון לאנג געפיהרט א ליעבע מיט א קריסטליכען סטודענט פון ערלאנגען און זי איז שוין אין זיינע ארימס געווען. שוין עטליכע חדשים. ווי זי האט געפיהלט א יונג לעבען באוועגענדיג זיך אין איהר לייב, און בעת זי האט וועגען דעם געטראכט, וואס טאטע־מאמע וועלען אויף דעם זאגען, ווען זיי וועלען זיך דערוויסען, אזוי האט איהר אין הארצען גענומען וועה טאן. איהר הילפלאזיגקייט און טרויעריגקייט האבען איהר לעבען פאר׳חושכ׳ט און געמאכט איהר יונגענד פינסטער און טרויעריג. אבער ווען די כוואליע פון דער משיח־באגייסטערונג האט זיך אריינגעריסען אין דעם שטילען שטעדטעל, האט די געפייניגטע מיידעל דערזעהן אין דעם א מין ישועה. איהר איז איצט געווען לייכטער ווי אימער צו פארבארגען איהר פיזישען און גייסטיגען צו־שטאנד, ווארים צוליעב דער אויפרעגונג פון די געמיטער האט מען זיך שוין מעהר ניט אומגעקוקט אויפ׳ן יחיד. אבער די צייט האט זיך כסדר גערוקט נעהענטער, ווען עס איז שוין מעהר ניט מעגליך געווען צו באהאלטען, ווען זי האט שוין אהן ווערטער געמוזט אויפדעקען איהר סוד. זי האט געטראכט און געטראכט אין שלאפלאזע נעכט. האט פארגאסען טרערען אהן א שיעור, און ענדליך האט איהר די איינ־געבארענע ווייבערשע כיטרעקייט געוויזען א געוואגטען אויסוועג פון איהרע צרות. זי האט באשלאסען צו בעטען איהר געליעבטען, ער זאל איהר העלפען.

מאיר קנעקער איז געקומען פון מעריב אהיים און האט אומעטיג דערצעהלט, אז ער און נאך פיער אידען האבען געמוזט אזוי אוועק־געהן פון שוהל. די אידען האבען זיך פארגעסען קומען צום מנין, און ער זעהט דערין א שרעקליכען צייכען. און מיט א פארקלעמט הארץ האט ער ארויסגעקוקט אין גאס. ווי ער וואלט פון שטונדע אויף שטונ־דע ערווארט אנצוקוקען פנים אל פנים דעם אומ׳ברחמנות׳דיגען שונא

פון שלום־בית. דא האט א קלונג געטאן דאס הויז־גלעקעל, און איציק גענסהענקער איז אריינגעקומען און האט אהן אן אטעם דערצעהלט, אז עס איז ווירקליך געשעהן א נס מן השמים. ביים ברעג פון צפון־שאטלאנד האט זיך געמליך באוויזען א שיף מיט זיידענע זעגלען און זיידענע שטריק, און די שיפסלייט, וואס האבען די שיף געפיהרט, האבען גערעדט העברעאיש, און די פלאג האט געטראגען די אויפשריפט: די צוועלף שבטים פון ישראל. די ראזיגע שיף איז געווען באשטימט פאר משיח'ס כלה.

זיי האבען אלזא גערעדט פון פארשיידענע זאכען, און טעלזעלע, דעם קנעקער'ס ווייב, האט זיך אויך אריינגעמישט אין דעם געשפרעך, ביז ברוך קלעס איז געקומען און מען האט זיך געוואלט נעמען צו די גמרות. קלעס האט אויך געוואוסט פון דער געהיימניספולער שיף, און אלע, אלע ביז איינעם האבען שוין געוואוסט. וועגען לערנען גמרא איז שוין קיין רייד ניט געווען, ווארים ברוך קלעס האט געוואוסט פון אנדערע נייע זעלטענע פאסירונגען צו דערצעהלען: ווי א אידישער שניידער אין מילאן איז מיט אמאל משוגע געווארען, און פון דעמאלט א, ווארפט ער זיך אין פראפעטישער התלהבות; שטונדענלאנג ליעגט ער אויף דער ערד און רעדט, אט לאכענדיג, אט וויינענדיג, פון דער נאהענטער גאולה און פון שבתי־צבי'ס מאכט אויפ'ן הימעל און אויף דער ערד. ווייטער דערצעהלט ער, אז זיין פעטער האט זיך צוריקגעקעהרט אהיים פון טערקיי. ער איז אינגאנצען צעמישט פון דאס גרויסע און וואונדערבארע, וואס ער האט דארטען געזעהן. דאס פאלק פון סמירנא איז ווי משוגע, און מיט יובעל־געזאנגען נעמען זיי אויף דעם באפרייער, וועלכער געהט דורך די גאסען אין פראצעסיעס פון נאך ניט געזעהענער פראכט. די אומגלויביגע, די כופרים, זיינען מיט זייער לעבען ניט זיכער. חיים פעניא איז פון פאלק שיער אויף שטיקער ניט צעריסען געווארען, ווען ער איז ארויסגעטראטען קעגען שבתי־צבי. דא איז אבער געקומען פעניא'ס טאכטער, און האט מיט גרויס התלהבות גענומען זינגען און לויבען דעם גואל, האט נביאות געזאגט און זי איז אזוי ווי בארוישט געוועזען. דאס פאלק האט דאן אפגעלאזען חיים פעניא, און ער איז שפעטער געווארען שבתי־צבי'ס א תלמיד. אזוי האט מען ווייטער דערצעהלט, און ברוך קלעס האט אימער געוואוסט נאך מעהר זאכען צו דערצעהלען, און ערשטוינליכערע

זאבען, ווי איציק גענסהענקער. מאיר קנעקער אבער האָט געשוויגען מיט א שווער הארץ. ארום און ארום האָט ער געזעהן דעם ווילדען טאַנץ פאַנאַנדערפלאַקערענדיג זיך. זיין קלוגקייט האָט איהם געוואָרענט, ער זאָל זיך אנטקעגען ניט שטעלען. בפרט נאָך אין דער זעלביגער נאכט האָט זיך פארשפּרייט דער קלאַנג, אז זכריה נאָר שטעהט אין פאַרבינדונג מיט'ן נביא אליין. ער האָט דורך דעם געקראָגען א פאַרמעלע איינוועהונג. ער איז געגאַנגען איבער די אידישע הייזער, האָט איבערציינגט די צווייפלער און אויפגעפלאַמט די גלויביגע. אומעטום איז ער געגאַנגען, אומעטום האָט מען איהם געטראָפען. אָפט האָט מען איהם איינזאַם אין דער נאכט ארויסגעזעהן אין דער טונקעלקייט פון די פעלדער.

דער גלאָק האָט געקלונגען אויף האַלבע נאכט. א יונגערמאַן איז גע'גנב'עטערהייט געגאַנגען איבער'ן ליליענפלאַץ אין דער וואַסער־גאַס צום הויז פון דער קנעקער. ער האָט געהאַט באַהאַלטען א לאַנגען רעהר אונטער זיין מאַנטעל, און זיין קאָפּ איז געווען גוט איינגעדעקט אין א קאַפּישאָן. די רויטע לבנה האָט זיך ארונטערגעלאָזען צו מערב־צו און האָט אזוי ווי געשאָטען צויבערהאַפטע בלומען איבער די דעכער. זי האָט געוואָרפען געלבע בלומען, צאַרטע נעבעל־שלייער, אזוי, אז קיינער האָט ניט געזעהן, און די שטיינער זיינען מעהר קיין שטיינער ניט געווען, נאָר זיי זיינען געווען קנאָספען פון לבנה־בלומען, און יעדער שטאַקעט פון צאַם האָט ערוואכט פון א טרוימלאָזען שלאָף און שווערמוטיג געקוקט אויף דער דאָזיגער וועלט פון פאַרקערטקייטען. די חורבה'דיגע הייזער האָבען אויסגעקוקט נאַקעט, הילפלאָז און פאַרלאָזען פון גאָט! אנדערע האָבען אויסגעזעהן ריהרענד ביז גאָר אין זייער טרייסטלאָזער אלטקייט, און זייערע פענסטער האָבען געקוקט ווי טרויעריגע אויגען אין דעם נעבעלדיגען הימעל־געוועלב. ווי זיי וואָלטען פאַרבלענדט געוואָרען פון דעם זאַנפטען ביינאַכטיגען שיין.

דער יונגערמאַן האָט אריבערגעקלעטערט א נידעריגען צאַם און גענומען געהן אויף שמאָלע צעבראָכענע טרעפּ, צוקומענדיג אזוי צום דאַך, און דאָרט איז ער אויף די שפּיץ פינגער ווייטער געגאַנגען. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי א פענסטער מיט גרינע לאָדען און האָט דורכגעשטעקט זיין רעהר דורך א שמאָלען שפּאַלט. דאַן האָט ער אויסגערופען דורך דער רעהר מיט א טעמפּער און פאַרשטעלטער

שטימע: „ברוך אתה אדני אלהינו! א, איהר פרומע און גאטספארכ־טיגע לייט מאיר נאטאן און טעלזעלע! פרעהט זיך, דען אייער טאכ־טער, וועלכע איז נאך א בתולה, טראגט אין איהר לייב א טאכטער, וועלכע וועט זיין די כלה פון דעם גואל פון פאלק ישראל, פון דעם משיח פון סמירנא!“

דער קנעקער, וועלכער האט זיך אומזיסט געדרעהט אויף זיין קישען אום איינצושלאפען, האט געוועקט זיין ווייב. „א, מיין ליעבס־טע!“ האט ער פארקלעמט געפליסטערט, „האסטו געהערט די הימלישע שטימע? דאס איז א מלאך דא געוועזען. שטעה אויף, מיר וועלען גאט בעטען, אז דו זאלסט אויך זוכה זיין צו הערען די שטימע פון הימל“.

די פרוי, וועלכע איז געוועזען שוואך, אבער האט נאך אלץ געהאט שעהנע קלארע אויגען, האט זיך אויפגעהויבען, ציטערענדיג מיט איהר גאנצען קערפער. זי האט זיך צוגעהערט צו דער שטילקייט פון דער נאכט, האט ארויפגעלעגט איהר פארמאטערטע האנט אויף דער קלא־פענדיגער ברוסט און איז געפאלען אויף די קני. דא האט די שטימע פון דאס ניי זיך דערהערט: „איהר זאלט אייער טאכטער אין גרויס כבוד האלטען, און פיעל קרעפטען אנווענדען, זי גוט צו באזארגען. דען פון איהר מיידעלשען לייב וועט משיח'ס כלה געבארען ווערען.“

דא האט טעלזעלע א כאפ געטאן איהר מאן פאר דער האנט און איהם ארייגגעשלעפט אין צימער, וואו די טאכטער איז געשלאפען. זי האט געשיינט רוהיג צו שלאפען. זי האט אויסגעזעהן אויסגעמא־טערט, און איהרע אויגען־דעקלעך האבען עטוואס געציטערט. און ווען די מוטער האט געוואלט א שלעפ טאן די דעקע פון איהר קער־פער, האט זי ארויסגעלאזען א הייזעריגען געשריי און באפאלען פון טויט־שרעק האט זי זיך מיט די הענט שטארק איינגעשטשעמעט אין דער קאלדרע. אבער דער קנעקער האט איהר גענלעט די באקען און געשטאמעלט אומפארשטענדליכע צערטליכקייטען, און טעלזעלע האט ארומגעטאפט דער מיידעל'ס לייב, האט ערנסט א שאקעל געטאן מיט'ן קאפ, און פאר גרויס יראת־הכבוד איז איהר איבער'ן לייב א שוידער דורכגעגאנגען. א גרויסע פרייד איז באפאלען מאיר נאטאן: זיין הויז איז אויסדערוועהלט געווארען פאר אזעלכע וואונדערליכע זאכען! ער האט אזש אין דער דאזיגער שעה גאר פארגעסען צו טראכטען וועגען זיין געלט, און איז מיט זיין ווייב געבליבען זיצען ביים געלעגער פון

דער טאַכטער, אום מיט אומגעדולד צו וואַרטען ביז עס וועט טאָג ווערען. איבער רחל'ס באַקען האָבען ביטערע טרערען גערונען. מיט ברייט־אויפגעעפענטע אויגען האָט זי כסדר געקוקט אויף איין פינטעל. בייזע גייסטער האָבען געשיינט צו פייניגען זי; די ליכטיגקייט האָט איהר וועה געטהאָן, און יעטווידער טרייסטונג האָט איהר יסורים פאַר־שאַפט.

דערווייל האָט מאיר נאָטאָן, פאַר וועמען אַ גאַנץ נייע וועלט איז אויפגעגאַנגען, זיך פאַרגעשטעלט, אַז ער איז דער פּאַטריאַרך פון דער געמיינדע, און אַלע ליבען איהם ווי דעם פאָטער פון אַ גאָר ניט־געהערטען גליק. ער האָט גענומען זיין ווייב פאַר דער האַנט, האָט זי צוריק אריינגעפיהרט אין שלאָפצימער, האָט עפּעס געשטאַמעלט צעדרעהטע רייד, וועלכע טעלזעלע אין איהר צעמישטקייט האָט גאָר־ניט געקענט פאַרשטעהן, און ער איז אוועקגעגאַנגען אויפזוכען צוערשט זיין פריינד ברוך קלעס און דערנאָך דעם חזן.

דער פריהמאָרגען איז שוין נאָהענט געווען. אַ מאָדנע דריקענדיגע פוסטקייט איז געלעגען אויף די גאַסען. פון דער וויטען האָט גערוישט דער טייך, און פון צייט צו צייט האָט זיך געהערט אַ קול, ווי דאָס קלאַפּען פון אַ מיהל־ראָד אָדער ווי דער קלאַנג פון די גלעקלעך אויף די קיה. אַ גרויסער געדיכטער וואָלקען האָט באַלאַגערט דעם זעניט. ווי אַ רויב־טיער איז ער געלעגען, און עס האָט געשיינט, ווי ער איז מוכן ומזומן אַ וואַרף צו טאָן זיך אויף דער ערד.

כמעט אין אַלע אידישע הייזער איז געווען ליכטיג. וואו מאיר קנעקער זאָל ניט צולעגען זיין נייגעריג אויער צו אַ טיר־שלאָס אָדער צו אַ דינער מויער־וואַנט, האָט ער געהערט ווי מען שעפטשעט תפילות, מען קלאָגט און מען רופט צו וועמען און מען לויבט.

ווען ס'איז געוואָרען העלער טאָג, האָט מען גאָר וואונדער גע־הערט. מען האָט נעמליך דערצעהלט, אַז די אידען פונ'ם שטעדטעל אוריקור האָבען זיך געגרייט אין וועג אריין, קיין ירושלים. אויך האָט מען דערצעהלט, אַז יעקב סאַספּאָרטאַס, דער שרעקליכסטער שונא פון שבתי־צבי, איז פּלוצלונג געוואָרען זיינער אַ פאַרברענטער חסיד, און מיט אַ ספר־תורה אין די הענט האָט ער געטאַנצט מיט התלהבות איבער די גאַסען פון וואָרמס. ווייטער איז געקומען אַ ידיעה, אַז עמנואל טעקסיירא איז מיט צעהן ראשי־העדה אוועק עולה רגל

זיין קיין סמירנא און האט זיך משיח'ן צו די פיס געווארפען. נתן העזתי איז באשטימט געווארען פון שבתי־צבי פאר קעניג פון גרי־כענלאנד, און אלישע הלוי, דער בעטלער, פאר קיסר פון אפריקע. די ארץ־ישראל־אידען, וועלכע האבען דורך יעקב צמח אויסגעדריקט זייער פרייליכקייט צום נייעם אידישען מלך, האבען באפוצט זייערע שוה־לען, און זיי האבען געמארשירט דורך דער שטאדט זינגענדיג קאַ־פיטלעך תהילים און ווארפענדיג בלומען, גאר ווי אין דוד'ס צייטען. שבתי־רפאל פון פוילען און מתתיהו בלאך האבען אזוי ווי רוח־הקודש געקראגען און זיי האבען גענומען נביאות־זאגען אויפ'ן אפענעם מארק אין ווארשא און אין טארן.

אזוי ווי דער וויכער קומט זיך צו טראגען אין פריה־יאהר און אין הערבסט איבער דאס דייטשע הויכלאנד, אזוי זיינען אט די אלע נייסען געקומען צו פליהען קיין פירט. אפילו די קריסטען זיינען גע־ווארען פארכאפט און באדריקט פון דער משא פון די אומגעוועהנליכע געשעהענישען. מיטעל־איראפע איז ווי פאר'שכור'ט געווארען — יענע מיטעל־בערג־לענדער, צו וועלכע עס קומען צו אזוי גרינג פאנא־טישע שטרעמונגען, וואס בילדען אויף אבי וועלכען פלאץ א ווילדען, דורשטיגען ווירבעל־שטראם, וועלכער שלעפט ארונטער אין דעם שוואר־צען תהום אל'דאס צארטע און אל'דאס פרידליכע. עס האט אויסגע־זעהן, ווי די אלטע וועלט ערוואכט פון א שלאף. דער אונטערדריקער האט מורא געהאט פאר'ן אונטערדריקטען, דער קנעכט האט פיעל פאנטאזירט פון פרייהייט. עס איז א טאג ניט אוועק, וואס עס זאל ניט קומען אן אויסערארדענטליכע ידיעה, ווען עס האט זיך אפילו נאר געהאנדעלט וועגען א געהיימניספולען, פיעלבאדייטענדען ווארט פון דעם משיח. ער שטעהט, למשל, אויף א טעראסע ביים ים, זיינע הענט אויסגעשפרייט צו כאלקידיקע, און ער רעדט: „זעהט, איך גיב אייך היינט דאס לעבען און דעם טויט!“ דאס האבען וואנדערנדע אי־דען דערצעהלט, אדער בריף פלעגען אנקומען אין שטאדט. וואונדער־ליכע זאכען האבען זיך אין דער לופט געטראגען.

מאיר נאטאן, דער קנעקער, וועלכער האט מיט התפעלות ווייט צעטראגען די נייס וועגען דאס אומערווארטעטע גליק, וואס איז איהם באשערט געווארען, איז צום ערשטען באגעגענט געווארען מיט מיס־טרויען, דערנאך מיט פארוואונדערונג און צום לעצטען מיט בלינדען

גליבעז. ער האט געפונען א באגייסטערטען אפאסטאל אין ברוך קלעס, און דער דאזיגער בארעדזאמער מאן האט זיך באמת ארויסגע־וויזען צו זיין דער בעסטער פארטיידיגער פון אזא גאט־באשערטע זאך. די ראשי־העדה זיינען געקומען צו רחל'ען, צו הייליגען זי מיט תפילות. אין דעם זעלביגען אווענט איז פארגעקומען א גרויסער פעסטמאל אונטער'ן פארזיץ פון דעם רב־הכולל, און דאס הויז פון דעם שטאמלער איז אזוי ווי דערקלערט געווארען פאר א מקום קדוש. אבער רחל אליין איז געבליבען אומעטיג און אפגעזונדערט. זי האט פון איט־ליכען געווייכט, און זיך פארגעסען אפילו ווי צו קוקען פאטער און מוטער גלייך אין די אויגען. ווען איינער האט מיט איהר גערעדט א לענגערע צייט, האט זי גענומען ציטערען. איהרע הענט זיינען גע־ווען פייכט, איהרע ליפען טרוקען און צעשפאלטען, איהרע אויגען רויט. זי האט ביינאכט שוין מעהר ניט געקענט שלאפען; די פינס־טערניש האט איהר אויסגעקוקט ווי מיט פורפור געפארבט, אזוי, אז עס איז ווי א פארהאנג געהאנגען איהר פאר די אויגען, אומדורכדרינגליך און שרעקאנווארפענד. אפט, איידער עס איז נאך טאג געווארען, פלעגט זי זיך אויפהייבען פון געלעגער און זיך ארויפשלעפען אויפ'ן בוידים און זיך אוועקזעצען אויפגעקארטשעט ביי א לאך און שטונדען־לאנג קוקען מיט שטארע בליקען. אדער זי פלעגט ארונטערגעהן אין קעלער, וואו ס'איז געווען קאלט. אבער עס האט איהר הנאה גע־טאן דאס פריהרען: זי האט געוואלט פריהרען, זי האט געוואלט ליי־דען, ווארים אן אויסערליכער שמערץ האט געמילדערט דעם אינער־ליכען. שבת נאכ'ן שוהל פלעגען די ווייבער קומען צו איהר, אבער זי איז געווען אזוי דערשלאגען, אז זי פלעגט הויך זיך צעוויינען פאר די באזוכערינס. זי האט געבראכען די הענט, געקרעכצעט, זיך גע־ווארפען צו דער ערד, מיט די צייהן געקריצט און געמורמעלט ווערטער אהן א זין און אהן א קלאנג. דאס איז געווען פאר די ווייבער א זע־הענסווירדיגער ספעקטאקעל, א באשטעטיגונג פון דעם נס, וואס איז געשעהן מיט דער בתולה. זיי האבען געבראכט מתנות, אבער די מיידעל האט דאס זיי צוריקגעשליידערט, געשאלטען און געסטראשעט עפעס גאר אהן א זין. אויך א סך מאנסבילען זיינען געקומען: טו־ראטארא, וואלף באטש, זעליגמאן שרעניז, זעליגמאן רומפעל, הירש און הערץ פון די רומפעלס, וואלף בירעזעל, יואל און דוד פון די בי־

רעזעלס, מאיר אנשעל און איציק גענסהענקער, און אפילו משה באק פון ווירצבורג אין מיכאל ב"ר אברהם פון ערלבאך. אזוי שנעל האט זיך די נייס פארשפרייט איבער'ן לאנד. אלע האבען געבראכט איהר מתנות: גילדערנע שליירס, אדער שטערנטיכלעך, אדער מיט גאלד־געשטיקטע שטערנטיכלעך, אדער דעקטיכער פון דראפ ד'אר אדער מיט גאלד געשטיקט, מיט גאלדענע אדער זילבערנע בלומען, קליידער פון סאמעט מיט ברעגען געשטיקט מיט בלומען, א מאנטעל פון דמשק־געוועב, שיך אדער פאנטאפעל מיט ברעגען פון גוטען אדער שלעכטען גאלד, אדער מיט בענדלעך, אדער פון שווארצען אדער פון קאלירטען לעדער, קארטעלשטיינער אדער אנדערע צירונגען, אויך בראסלעטען אין האלזבענדער, גילדערנע גארטלען און א גארטעל פון גאלד מיט דימענטען באזעצט, רינגען און אוירינגלעך, פוטערנע האנטשען און האלז־טיכער, וואס האבען געקאסט ביז צוויי גילדען.

פאר מאיר נאטאן דעם קנעקער איז דאס געווען א גאנצע שמחה. מיט ציטערדיגע הענט האט ער איבערגעטאפט דעם גאנצען פארמעגען; ער האט גענומען די טיכער, האט זיי צוריק צונויפגעלעגט, האט געצערטעלט און געגלעט די שיך און די רינגען, האט אנגעטאן די צירונג אויף זיין האלז און איז דערמיט שטאלץ ארומגעגאנגען איבער'ן צימער הין און צוריק; ער האט זיך אויך געשטעלט דערמיט ביים שפיגעל, פארנייגט זיך, געמאכט לעכערליכע גרימאסען און איז מיט א קינדערשער פרעהליכקייט געגאנגען דעם שיקזאל אנטקעגען.

אין דעם יום־טוב פון דיאניסיום איז די לופט געווען אזוי קלאר, אז עס האבען זיך געהערט די קירכען־גלאקען פון נירענבערג. א געלער שימער איז געלעגען אויף די לאנקעס, און דער הימעל איז געווען מארמארירט מיט ווייסע, דינע, רונדע וואלקענדלעך. א קאפעליע אידישע קלעזמער, וועלכע זיינען ארויסגעטריבען געווארען פון באמבערגער בישאפסטום, האבען געבראכט די נייס, אז משיח איז שוין ארויסגעפאהרען פון סמירנא און ער קומט קיין דייטשלאנד, צו פאר־זאמלען ארום זיך די גלויביגע און פיהרען זיי קיין ארץ־ישראל.

ווען רחל האט דאס דערהערט, האט זי ערוואכט פון איהר לאנגער אפאטיע. זי האט נאר איין געדאנק געהאט: אז זי מוז אוועק פונ'ם לאנד, וואו איהר געליעבטער וואוינט, ווארים אין איהר הייסער און אויפגערעגטער פאנטאזיע איז א קלאנג געווען אלץ איינס ווי א געשע־

העניש. מיט ברענענדיגע אויגען האָט זי גענומען לויפען דורך די גאסען; קיינער האָט זי היינט ניט באמערקט. א סך האבען אויסגע־זעהן, ווי א משוגעת וואָלט זיי אנגעכאפּט, גלייך ווי א מחנה פאר־שמאכטע, וועלכע מען האָט אנגעטרונקען מיט פייערדיגען ווייז. קיין אידישקייט האָט מען שוין מעהר ניט אפּגעהיט, קיין מנין ניט אין דערפריה, ניט אויף דערנאכט, ניט קיין בן־זכר, ניט קיין ברית־מילה. איבער'ן ליליענפלאץ איז געלאָפען א יונגערמאן מיט דעם אויבערשטען טייל פון קערפּער נאקעט. ער האָט זיך אויף דער ברוסט אנגעשרי־בען די ווערטער: „ווי מיר זיינען ווערט, אזוי האבען מיר; מיר ליידען יסורים אין הייסע פלאמען." שמואל, דער דיין פון דער קהילה, א מאן פון זיבעציג יאהר, וועלכער איז געזעסען יומם ולילה און געלערנט, האָט זיך אויפ'ן שוהל־הויף ביז'ן האלז אין דער ערד איינגעגראָבען, און זיין קערפּער איז כמעט ווי פארגליווערט געוואָרען. ער האָט ליידענשאפטליך אויסגעשריען אין העברעאיש א לויב־געזאנג צו משיח'ן, און פיעל מענשען זיינען געשטאנען ארום איהם בלייכע און פול מיט יראת־הכבוד. רחל האָט זיך געאיילט צום שיס־פּלאץ, וואו עס זיינען נאָך געשטאנען די ציגיינערשע בוידען פון דעם קירכען־יום־טוב אָן, און דאָן איז זי אוועקגעלאָפען צום שווערדען־שטיין, וואו זי איז אָהן כוחות געפאלען אויפ'ן גראָז. זי האָט געהערט די צי־גיינער שרייענדיג אויף זייער קודער־וועלש און זי האָט זיי געזעהן מאכענדיג מיט די הענט, כאָטש א נעבעל איז געלעגען איבער דער־לאנדשאפט. דער שוהל־קלאפּער און דער קברות־מאן זיינען פארביי־געלאָפען די קאפּעלע, אבער זי האָט זיי ניט באמערקט. עס האָט זיך איהר אויסגעדוכט, אז זי ליעגט שוין דאָ ווער ווייסט וויפיעל טעג, ניט וויסענדיג ווי די צייט לויפט, און אז זי מוז נאָך דאָ טעג־לאנג און וואָכען־לאנג ליעגען, אומפעהיג צו באגרייפען וואָס אין איהר קומט פאָר. דער הימעל האָט זיך באדעקט מיט וואָלקענס, און עס האָט גע־נומען געהן א דראָבנער פערעל־רעגען. איינער פון די ראָזיגע וואָל־קענס, וועלכער האָט זיך באוויזען פון פעסטונג־וואלד, האָט געהאט די געשטאלט און די געזיכטסציגען פון דעם יונגען סטודענט, וועלכען זי האָט געליעבט. זי האָט עס גענוי געזעהן: דער וואָלקען האָט געהאט א שווארצע באָרד, וועלכע האָט שעהן ארומגענומען דאָס קין און די באקען און איז געווען אונטען קאָקעטיש פארשפּיצט. זי האָט געזעהן

אויך דאס קליינע מויל און די קליינע נאָז און די אומרוהיגע אויגען. און דאן האט ער פלוצלונג זיך אוועקגעשטעלט לעבען איהר, אַט דער טאַמאַס פעטער הומעל, און עס האט זיך איהר אויסגעדוכט, אז זי קען זיין האנט אננעמען. ער האט צו איהר גערעדט פיין און שנעל און קלוג, און ווען ער האט זי איבערצייגט, איז עס ניט געווען מיט דעם וואס ער האט געזאגט, נאר מיט זיין שטימע, מיט זיין פלינקער, שלאַנג־ארטיגער מאניר, מיט זיין פרעהליכען פלוידערען. ער האט גע־קליבען זיינע ווערטער ווי א שארפער פאָליטיקער און האט געשפּיעלט מיט געפיהלען ווי א קונצענמאכער. אבער ווי עס פיהרט זיך אויף דער וועלט — זי האט איהם ליעב געהאט.

א מאן און א פרוי האבען זיך באוויזען אויף דער לאַנקע. זייער רוהיגער גאנג האט געוויזען, אז זיי ארט ניט דער רעגען. רחל האט דערקענט זכריה נאַאר און יענע שלאַנקע מיידעל, וועלכע זי האט ביי דער פארשטעלונג אויפ׳ן שיס־פּלאַץ געזעהן. זי איז געווען שעהן, מען מוז די אויגען צומאכען, ווען מען גיט א קוק אויף איהר, האט רחל געטראכט. זי איז געווען בלאס און קראנק, ווי פארצעהרט פון א געהיימער בענקשאפט. יעטווידע ליניע אויף איהר קערפער האט געהאט אין זיך עטוואס ליידענדעס, און די פאָרמע פון איהר מויל האט אויסגעדריקט געדולד און ליעבליכקייט. פונדעסטוועגען איז געווען אין איהר אזוינס, וואס איז געווען אין ווידערשפּרוך מיט דעם: פיליכט איז דאס געווען די ברענענדיגקייט און די טראַציגקייט פון איהרע אויגען. באלד זיינען זיי פארשוואונדען געוואָרען דארט וואו דער וועג פון לאַנקע פארקירעוועט זיך. רחל האט שטאר געקוקט אויף דער רוהיגער דעמערנדער לאַנדשאפט, און זי איז געווען צופרידען וואס מען האט זי ניט באמערקט. זי האט זיך ניט געפיהלט גענוג שטארק צוריק אהיים צו געהן, און זי האט אויך מורא געהאט דא צו בלייבען נעבטיגען. זי האט זיך געזעהן פארשטויסען און פארפאַלגט, פאראור־טיילט צו פארטראַגען אליין שמאך און שאנדע, אונטערדריקונג, רוה־לאָזיגקייט און היימלאָזיגקייט. זי האט מעהר ניט געוואלט אהיים געהן. זי האט געהאסט פאטער און מוטער; זי האט געהאסט די בלייכע, שטענדיג אין תפילות פאר׳דבקה׳טע, אידיישע מענער; זייערע אננעפרעסענע ווייבער, וועלכע פלוידערען כסדר; די אינגלעך, וואס זיינען קלוג ניט נאך די יאהרען; די מיידלעך, וואס ווערען פריה צוי־

טיג; די קינדישע, פאנאטישע אלטע לייט — אלע, אלע האבען זיי איהר אויסגעזעהן פארעכטליך און אומריין. דאר, וואוהין זאל זי געהן, ווען ניט אהיים? זי האט געטראכט: ענדלאז איז די וועלט, אבער פאר א אידיש מיידעל איז ניטא קיין רחמנות און קיין מקום־מנוחה. איטליכער קריסט, א קנעכט, א רויבער אפילו, קען זי מיט די פיס טרעטען. שליסליך, שטעכען זיי דיר גאר אויס די אויגען, ווען עס פארוויילט זיך זיי, און דאן מוזטו גאר פארהונגערט ווערען אויף טויט. זי האט ניט געגלויבט אין דעם דאזיגען משיח, זי האט פאר־אכטעט זיינע פראפעצייהונגען, פיליכט נאר דערפאר, ווייל עס האט זיך איהר איינגעגעבען דורך א האמעטנעם באטרוג צו פארפיהרען אלע, וועלכע זיינען ארום איהר געווען.

בעת זי האט אזוי געטראכט און דערביי געקוקט אין מערב־זייט פון הימעל, האבען זיך דארט די וואלקענס צעטיילט, און מיט איין מאל האט די אונטערגעהענדע זון א ווארף געטאן אויפ'ן גאנצען הימעל־געוועלב א כוואליע פון שוועבעל־געלען ליכט. בוימער, שטיי־נער, לאנקעס, דאס וואסער, דער וואלד, די הייזער, וואס האבען זיך פון ווייטען געזעהן, די קירכען־טורעמס, אפילו די לופט, אלע זיינען ווי גאנץ דיק געווארען פון דער דאזיגער געלקייט. דא האט רחל א שמייכעל געטאן, און די געשפאנטקייט פון איהר זעלע איז לויז גע־ווארען. א טיפע רוהיגקייט האט זי אנגעפילט, און טרוימענדיג האט זי צוגעשלאסען די אויגען.

א פויער איז געגאנגען איבער'ן פעלד איינגעוויקעלט דעם קאפ אין א זאק. ער האט דערזעהן די אידישע מיידעל איינגענורעט אויף דר'ערד, איז ער אזוי דערשראקען געווארען פון איהר אויסזעהן, אז ער האט זיך איבערגע'צלמ'ט און מיט אלע כוחות זיך געלאזט לויפען צו די הייזער פון שטעדטעל. אנטקעגען איז איהם אנגעקומען א מחנה אידען, וועלכע זיינען געגאנגען צום שוועדען־שטיין, מיט גוואלד אוועקצונעמען די מצבה פון יוסף־גבריאל בן־נפתלי, וויבאלד אז די משפחה האט גארנישט ניט געקענט פועל'ן ביים סטאראסטע און ביים פרידענס־ריכטער. דער פויער פון ראנהאף אדער פאפענרייט, וועלכער איז געווען בלינד אויף איין אויג, האט דערצעהלט די אידען, אז ער האט ביים שוועדען־שטיין געזעהן א מכשפה. אבער יענע האבען שוין פון ווייטען דערקענט דעם קנעקער'ס טאכטער, און איינער איז

צוריק אוועקגעלאפעו ברענגעו מאיר נאטאו. דער ראנהאפער פויער האט שנעל דערהערט, אז די אידעו ווילעו בארויבעו דעם שווערעו־שטייו. ער האט סטראשענדיג א מאך געטאו מיט דער האנט, איז אוועקגעלאפעו און האט גערופעו צו הילף א הארנמאכער, א שניידער, א גאלדשמיד און צוויי קצבים־יונגעו, וועלכע האבעו געארבייט ניט ווייט פון שים־פלאץ. ווען מאיר קנעקער, א בלייכער און אהו אן אטעם, האט זיך באוויזען פון דער פישער־גאס, האבען זיך אויף איהם ארויפגעווארפען פול מיט רציחה הארנשוף דער קאם־מאכער און פערדערליין דער שניידער, און א פאר גוט־אויסגעדארטע אלטע ווייבער זיינען ארויסגעלאפען מיט א זידלערייי פון דער קעלער־וואוינונג פון א גרינעם הויז, ניט קענענדיג איינהאלטען זייער שנאה צום אידען־געזינדעל. די אנדערע העלדען זיינען געלאפען מיט'ן ראנהאפער פויער צום שווערען־שטיין און זיינען געווען מלא שמחה מיט'ן געשלעג, וואס זיי וועלען באלד מאכען. לויפענדיג האבען זיי איינגעטיילט צווישען זיך די קרבנות, און האבען אויסגערעכענט, אז איטליכען וועט אנקומען אויף זיין חלק אז ערך דריי אידען אנצוברעכען די ביינער.

עס איז טונקעל געווארען. א זאנפטער, מילדער אווענט קענגען אלע ערווארטונגען. די שטערען האבען ארויסגעקוקט פון אונטער די וואלקענעם; אויך די פולע לבנה איז ארוים אין מזרח־זייט, פונקט איבער די טורעמס פון נירענבערג. עס האט פון איהר ארויסגעשטראלט א ליכט פון אליוועו־קאליר, און אין מערב־זייט האט זיך ביסלאכווייז אויסגעלאשען די טונקעלע רויטקייט און דאס בראנזענע גאלד. ווען מען לאזט זיך ארונטער אויף די קני, אדער מען ציהט זיך אויס איינגאנצען אויף דער ערד, און מען קוקט גוט אריין אין דאס ברייטע פלאכע לאנד, וואלט מען געקענט גלויבען, אז די ערד אטעמט ווי א מענש, אז גלייך ווי דאס מעלאנכאלישע פראנקענלאנד וואלט געווען די ברוסט פון דער ערד, וואס באוועגט זיך ארויף און אראפ מיט א רוהיגען ריטם.

קוים זיינען די סקאנדאליסטען צוגעקומען צום שווערען־שטיין, זיינען זיי געבליבען שטעהן ערשטוינט און צעטומעלט. שלמה יעניאור'ס, דער אידישער ראש־הקהל, איז געשטאנען א נאקעטער און מיט א קורצער בייטש, וואס האט כמעט אויסגעזעהן ווי א שטעקעל, זיך געשלאגען מיט א רציחה איבער'ן לייב. זיין געזיכט איז אזוי

צעקרימט געווען פאר וועהטאג. אזש עס איז געווען עקעלהאפט צו קו־קען אויף איהם, און זיינע גראבע בלוט־רויטע ליפען האבען זיך גע־שאקעלט שעפטשענדיג א תפילה. זיין קערפער האט זיך געצוקט פאר יכורים, און די ריפען האבען אינגאנצען ארויסגעסטארטשעט אונטער דער מאגערער, צעקאליעטשעטער הויט. די איבעריגע אידען זיינען מויט־בלאס געשטאנען ארום איהם ווי שומרים, און צום טאקט געבויגען די קני. בערמאן לעוויט האט געלייענט הויך א מאמר פון קבלה מיט א קול, וואס האט שארף און אומהיימליך אפגעקלונגען אין דעם פריד־ליכען אזוענט פון די פעלדער: „דער מלך המשיח וועט אנקומען, און איין שטערן, וואס געפינט זיך אין מזרח־זייט, וועט פארשלינגען זיבען שטערן, וואס געפינען זיך אין צפון־זייט, און א שווארצע פייער־זייל וועט זעכציג טעג לאנג ארונטערהענגען פון הימעל. דעמאלט וועלען אלע פעלקער אינאיינעם ארויסטרעטען אנטקעגען די זרע יעקב, און א גרויסע פינסטערניש וועט פופצעהן טעג לאנג זיין אויף דער וועלט.“

מאיר נאטאן, וועמען די פיינד האבען ענדליך אפגעלאזען, האט זיך מיט א ווילדען געשריי אריינגעריסען אין דעם קרייז, האט אנגע־כאפט מיט ביידע הענט רחל'ס קאפ, האט זי געגלעט און מיט טויט־שרעק אין דער שטימע געפרעגט, פארוואס איז זי אוועק, און צי זי איז ניט קראנק. רחל האט בלויז געשאקעלט מיט'ן קאפ אויף ניין.

דער שניידער פעדערליין און דער הארנמאכער האבען פארלארען זייער גאנצען מוט, און צוזאמען מיט די איבעריגע זיינען זיי אוועק מיט גארנישט. זיי האבען נאר געשיקט דעם פויער צום גלח וואגענ־זייל, ער זאל דערצעהלען וואס דא איז געשעהן, און מען זאל צו זיי קיינעם קיין טענות ניט האבען וועגען דעם שווערען־שטיין. די צוויי קצבים־יונגען און דער גאלדשמיד, וועלכע האבען אלע דריי אויסגע־זעהן זעהר דערשלאגען, האבען גלייך געזאגט א גוטע נאכט, און דער שניידער און הער הארנשוך זיינען אליין אוועק ווייטער. ביי דער קאנאווע איז זיי אנטקעגען געקומען א פוהר. דער הארנמאכער האט זיך נעקענט מיט'ן פוהרמאן, און זיי האבען ביידע זיך צערעדט וועגען דער געשיכטע. דער פוהרמאן האט געהאט צו דערצעהלען וואונדערליכע זאכען וועגען הימעל־צייכענס און וועגען דעם סוף פון דער וועלט, וואס איז נאהענט. עס איז נאך גוט, האט ער אויסגע־

דריקט זיין מיינונג, וואס אין נירענבערג זיינען קיין אידען ניטא: ראַרטען זיינען די בירגער נאָך אויף וויפיעל עס איז ביים זינען גע־בליבען. אין ער האָט פארבייגעהענדיג דערצעהלט, אז אויפ׳ן אידען־בערגעל אין נירענבערג האָט ער א גרויסען שטיין געזעהן מיט דער אויפשריפט:

דער שטיין איז נאָך די אידען געבליבען,
ווען זיי זיינען פון נירענבערג געוואָרען פארטריבען.
אין וואַלפגאַנג אייזענ׳ס הויז, דאָס איז וואָהר,
אין פערצעהן־הונדערט־ניין־און־ניינציגסטען יאָהר.

די לבנה איז אויפגעגאנגען אלין העכער און העכער, און די גאסען זיינען וואס אמאָל ליכטיגער געוואָרען. פון דעם פעסטונגס־וואלד האָ־בען זיך געננומען הויבען געדיכטע הערבסט־נעבלען. די בלעטער פון די בוימער, אביסעל פייכט פון רעגען, האָבען ווי זילבער געשימערט און ליכט געציטערט אין דעם אָווענט־ווינט.

כמעט אלע פענסטער אין די הייזער זיינען געווען באַלייכטען. די אידען האָבען היינט, דאַכט זיך, דריי מאָל אזוי פיעל ליכט גע־ברענט, און די קריסטען, ניט וויסענדיג אליין פארוואָס, זיינען נעבלי־בען וואַך די נאַכט. אור־אלטע נביאות האָט אזוי ווי געהאַלטען ביי מקוים צו ווערען, און די שטיקענדיגע הייז, וואס איז פון מזרח געקומען, איז געווען א סך דריקענדער, ווי אמאָל מיט זעכצעהן הונדערט יאהר צוריק, בעת מען האָט יעזוס קריסטוס געקרייציגט.

יונגע אידישע מיידלעך זיינען ארומגעלאָפען איבער די גאסען מיט צעלאָזענע האָר; אנדערע האָבען געהאט די בריסט אנטבלויזט און זייערע אויגען האָבען געגלאַנצט ווי זיי וואלטען זיך איבערגעטרונקען מיט וויין. אינגלעך זיינען געזעסען גרופּענווייז ביי די טירען און האָ־בען געזונגען פּסאלמען און הימנען צו משיח׳ן. אין די צימערען האָ־בען זיך גרייזען פארזאמעלט און האָבען זיך מיט טיפער התמדה אָפּ־געגעבען צו קבלה לערנען. אין איין הויז אויפ׳ן קויהלען־מארק, צום ביישפּיל, האָט זיך אויפגעהויבען דער ניינציגיעהריגער חיים ראַפּאָ־פּאָרט און האָט געזאגט: „וואלט ער ניט געווען געקומען איבערצונע־מען אויף זיך די יסורים פון ישראל, וואלט באמת קיין מענש אימ־

שטאַנד ניט געווען דאָס איבערציטראַגן. אונזערע קראַנקהייטן וועט ער טראָגן, און אַל'דאָס בייז אין יסורים נעמט ער צו פון דער וועלט." דאַן האָט ער דערציילט, אַז שבתי־צבי האָט געזאָגט דעם שם „יהוה" אַרויסצורעדן, און דער טערק מוראַר עפענדי איז דורך דעם באַקערט געוואָרן.

ביים רב־הכולל אין הויז האָבן זיך פאַרזאַמעלט אויף אַ מאָלצייט פופציק מענער און פרויען. וואָס טיפער דער אָוונט איז געוואָרן, אַלץ אומגעצאַמטער איז די פרייד־ענס־באַרוישונג געוואָרן, אַלץ הייסער זיינען די קעפּ געוואָרן פון ווייַן, פון שפּיל, פון מאָרגנע אויפרעגונגען. פילע האָבן געטאַנצט אין רב־הכולל'ס געבעט־זאַל זינגענדיק און האָבן געוואָרפן זילבערנע בעכערס אין דער לופטן, און פילע, וואָס זיינען שפּעטער געקומען, האָבן זיך אַנידערגעקניט און אויסגעזונגען תפילות מיט הייזעריקע שטימען. עס איז געווען דער רב אַליין, וועלכער האָט צום ערשטן פון זיך אַרונטערגעוואָרפן די זאַכן, און דערנאָך האָט ער ביי דער יונגער, שעהנער אסתר פרענקעל דאָס קלייד פון לייב אַרונטערגעריסן. זייערע ליפּן האָבן זיך גע־קושט, און ווי צוויי וואָס טרינקען זיך, האָבן זיי זיך אַרומגעכאַפּט און נאָקעטע געטראָגן זיך אין אַן אָרגיען־טאַנץ. אַנדערע האָבן זיי באַלד נאָכגעטאָן.

איבעראַל האָבן זיך פון טיש אויפגעהויבן בלייכע געזיכטער. ברענענדיגע אויגן האָבן פאַרצווייפעלט זיך געווענדט צו דער קומענדיגער וועלט פון דער גאולה, און נאָקעט צו זיין האָט ביי זיי אויסגעזעהן צו זיין דער העכסטער פּרייז, וואָס גאָט קען פאָדערן: פונקט אַזוי ווי אַ שרעקעדיגער שקלאַף ווערט פּלוצלונג פריי, און אין ווילדער אומגעצאַמטקייט צערייסט ער זיך אין שטיקער און צעשטערט זיין אייגען האָב און גוטס. מענער, וועלכע זיינען שוין געשטאַנען אויפ'ן שוועל פון אַלטקייט, זיינען ווי סאַטירען געוואָרן. ווייבער מיט גרויע האָר האָבן זיך איבערגעגעבן צ. שכרות, וואָס אַן אַנדערש מאָל וואָלט דאָס זיי אויסגעקוקט ווילד און באַדויערנסווערט. טעלזעלע דעם קנע־קער'ס האָט אָהן אויפהער געטרונקען שטאַרקען בורגונדען־ווייַן און מיט אַ קינדערשער שטימע האָט זי נעפלאַפּעלט העברעאישע ווערטער וועגן משיח'ס כלה, ביז זי איז אָהן אַ זינען געפאַלען צו דער ערד. עס

זיינען אויך געווען יונגע מיידלעך, וועלכע האבן זיך איבערגעגעבן צו א משוגע'נער ווילדער ליבעס־לוסט, גלייך ווי זיי וואלטן דערמיט פון זייער נעדעכעניש ווען אפווישען די לאנגע יאהרען פון צוריק־געהאלטענקייט. אנדערע האבן אויסגעזעהן ווי פוריעס, וועלכע גע־העז לעכצענד איבער פון לוסט צו לוסט און נאר אהן שאנדע פאלען זיי ארונטער אין תהום פון זינד. עס האבן זיך געהערט געשרייען, אכצען און הייזערינע געזאנגען, און פינף שכור'ע קלעזמער האבן גע־שפיעלט אבשייליכע ניגונים. און אין דעם טומעל האט זיך דערהערט אן אימעטיגע תפילה, וואס דריי אדער פיער מענער האבן געזאגט אין א טונקעלען ווינקעל; אדער א ווילדער געשריי נאך דערלייזונג, וועלכער איז אונטערגעכאפט געווארען ווייט אין א הויז ערגעץ אויף א ווייטער גאס. מיכל חסיד דער חזן האט געבראכט א ספר־תורה פון שוהל און אומגעטאנצט דערמיט ווי מיט א געליעבטער. ער האט געטאן מיט איהר לעכערליכע און שרעקליכע אומווירדיגקייטען, און צום סוף, ווען ער האט זיך געשטיקט בלייבענדיג שוין אהן אן אטעם, האט ער זיך א לאנגע שטאלענע נאדעל טיף ארייגעשטאכען אויבען אין ארים, און זיין טונקעל־רויט בלוט האט א שפריץ געטאן אויף דער ספר־תורה און אויפ'ן דיל. ברוך קלעס, וואלף באטש און די רומפעלס האבן זיך אויף די קני געשטעלט און קוויטשענדיג געלעקט און גע־זויגען דאס האלב פארגליווערטע בלוט, און דער חזן איז בלייך און פארשטיינערט געפאלען אין די ארימס פון זיין זוהן. צוויי יונגע לייט האבן אייף איין וויילע געזעהן זכריה נאאר מיט דער רויטער בארד דירכ'ן צימער דורכגעהענדיג. ער האט געהויבען די הענט אין געבעט, און איז ווידער פארשוואונדען. אפילו דער אלטער טוראטארא, ביי וועמען די רויטע אויגען האבן ארויסגעקוקט אזוי ווי פון א דינעם שפאלט, האט דאס געזעהן, און ער האט געזאגט, אז יענער האט נאך געטראגען אויף די הענט א בלאס קינד, און דאס גאלדלאקיגע באשעפעניש האט לעבעדיג, שמייכלענדיג צוגעקוקט דעם שרעקליכען ספעקטאקעל. דער אלטער זעליגמאן שרענץ האט געוואלט צודעקען די נאקעטקייט פון זיין טאכטער, האט געוואלט מיט זיין מאנטעל זי איינוויקלען; אבער די שעהנע נעמי איז ווייכצענדיג, מיט האלב־געעפענטע ליפען פון איהם אנטלאפען, א ווארף געטאן זיך אין די ארימס פון איהר פריינ־דינע, דעם שוהל־קלאפער'ס שוועסטער, און דיביידע מיידלעך האבען

זיך געקושט, געוואָרפען צו דער ערד און געדריקט זיך איינע צו דער אַנדערער מיט זייערע פיבער־הייסע קערפּערס.

און איין הויז ווייטער איז דאָרט מאיר למדן געלעגען מיט זיין פאמיליע אויפ׳ן דיל, וואָרים מעהר אין בעטען זיינען זיי שוין ניט געשלאָפען. בייטאָג האָבען זיי זיך איינגעדעקט אין טיכער פון גראָבען שטאָף און ניט אויפגעהערט גאָט צו בעטען. עס זיינען געווען מענער, וועלכע האָבען זיך אינגאַנצען איינגעהאַלטען פון שלאָף, און יומם ולילה זיך אָפּגעגעבען מיט לערנען תורה, וואָרים דורך תיקון חצות ווערען די זינד אָפּגעווישט. מאיר־וואָלף, דער פינקלער, ווי מען האָט איהם גערופען, און זיין ברודער שמואל פינקלער זיינען געגאַנגען אין פריהמאָרגען אין קיהלען הערבסט־וועטער באָדען זיך אין טייך, אום זייער לייב צו רייניגען. אַזוי איז געוואַקסען און געוואַקסען די אויפרעגונג פון די געמיטער, און עס איז שוין באַלד געווען אַ געוועהנליכע זאַך צו זעהן נאַקעטע מענשען וואַקלענדיג דורך די גאַסען און שמייסענדיג זיך מיט ריטער, ביז דער גאַנצער קערפּער איז מיט בלוט באַגאָסען געוואָרען.

פרייטאָג, אין דעם טאָג פון סעראַפּיאַז, ווען דער גלאָק האָט געשלאָגען צעהן דעם זייגער אין אָווענט, איז די פאַמיליע פון יוסף־גבריאל בן־נפתלי זיך צונויפגעקומען אויפ׳ן ליליענפּלאַץ, און פיער יונגע לייט האָבען אָוועקגעשלעפּט די מצבה פון דעם שוועדישען דענקמאַל. אַ סך מענשען זיינען דערביי געווען: פרויען און קינדער, וועלכע האָבען זיך אויסגעפּוצט אין יום־טוב׳דיגע קליידער און האָבען געזונגען פרעהליכע געזאַנגען. אויך אַ סך מענער זיינען געווען. איז אַ לאַנגזאַמער שמאַלער פּראָצעסיע זיינען זיי געגאַנגען צום בית־עולם, אַפריהער די פיער מיט דער מצבה, וועלכע איז געווען אַרומגעוויקעלט מיט אַ גאָלדגעשטיקטען סאַמעטענעם טוך. די לבנה האָט דערביי אַרויסגעקוקט פון איבער׳ן דאַך פון דער קירכע סט. מיכאל, און עס האָט זיך אויסגעדוכט, ווי מען וואָלט אַפריהער מוזען דורכרייסען דעם דינעם נעבעל, אום אַריינצוגעהן אין דער בלויער נאַכט. איבער׳ן טייך, ווייט אַרונטער ביז צו די ווייטע וואַלד־גרעניצען, איז געלעגען דער נעבעל, אַזוי ווי אַ וויסער געוועלב, אָדער אַזוי ווי דער לאַנגער זיילען־קאָרידאָר פון אַ שלאָס. דאָ און דאָרט האָט אויפגעפלאַמט אַ מיסטעריעזעס ליכט אין רויטע, מאַטע פלעקען. דאָס וואַסער האָט רוהיג גערוישט, און מען

האָט ניט געקענט זעהן קיין זאַך באַוועגען זיך, אחוץ די ליכטיגע, שיער בלענדענדע וואָלקענס אין הימעל און די אידישע פּראָצעסיעס אויפ'ן וועג.

ווען זיי האָבען זיך דערנעהענטערט צו די ווענט פון בית־חיים, איז פון דעם ברייט־געעפענטען טויער ארויסגעלאָפען א פרוי מיט צע־שויבערטע האָר און האָט שטאַמלענדיג, אָפט אונטערבראָכען דורך שטוינענדע, דערשראָקענע אויסגעשרייען פון די צוהערער, דערצעהלט, אז א רוח שוועבט איבער די קברים און זינגט וואונדערבאַרע ניגונים און רופט: „משיח, אַ, משיח, אַ, שבתי־צבי, שטערען פון הימעל!“ אַלע האָבען אנגעשטרענגט זיך אומגעקוקט. דער בית־עולם איז געלע־גען אויסגעשפּרייט ביים פוס פון א בערגעל, און די צאָהללאָזע מצבות האָבען איהם צוגעגעבען א פאַנטאַסטישען אויסזעהן פון טיפען בערג־שפּאַלטען. הינטער איהם האָט זיך געצויגען דאָס נעבעל־שימערענדי־גע פלאַך־לאַנד, אהן בוימער, אהן הייזער, עהנליך צו איהם, אויף וועל־כען איינזאַמע דערפער זיינען ווי טויטען־אינזלען געלעגען.

די אידען האָבען גאָרנישט ניט באַמערקט פון דעם רוח, פון וועל־כען מען האָט זיי דערצעהלט. זיי האָבען בייגעקומען זייער נאַטירליכע שרעקעדיגקייט, און ציטערנדיג און קווייקלענדיג זיך זיינען זיי אריין אין טויער. פאַרזיכטיג, כסדר איינקוקענדיג זיך, זיינען זיי געגאַנגען מיט'ן ברייטען הויפּטוועג צום קבר פון יוסף־גבריאל. מוטיגער פאַר אַלעמען זיינען געווען די אינגלעך: זיי האָבען געזונגען א ליעד וועגען דער גרויסקייט פון ציון, און זייערע טייערע פרישע שטימען האָבען אנגעפילט די נאַכט מיט א פרייד.

דער קבר איז געלעגען ביי דער מערב־וואַנט, וועלכע איז געשטאַ־נען האַרט ביים קריסטליכען שעגעט־פּלאַץ, וואו מען פלעגט אויך הינ־ריכטען די פאַראורטיילטע פאַרברעכער. עס האָט זיך דייטליך געזעהן די אַלטע פעסטונג מיט איהר פינסטערען וואַלד, און א שטילער דינער קול־שופר האָט זיך דערהערט. עס איז געקומען דער קברן, און עובדיה ענזעל שטיינבלאָזער איז ארויסגעטראָטען אלס דער חזן, זאָגען די תפילות, ווי עס שטעהט אין שולחן־ערוך. אָבער ער האָט ניט אָנגע־הויבען. מינוטען זיינען אוועק, און ווייל די וואָס שטעהען פון הינטען האָבען זיין געזיכט ניט געקענט זעהן, האָבען זיי זיך גענומען שפּאַרען פאָראויס. אייניגע האָבען שוין פאַרשאָלטען די מורא פאַר די קריס־

טעז, וואס האט זיי געטריבעז צו פּראוועז די צערעמאָניע ביינאַכט, און פיעל ווייבער האבעז די אייגעז צוגעמאכט, אום ניט דארפעז צו קוקעז. ווען אבער עובדיה ענזעל האט נאך אליז קיין קלאנג ניט ארויסגעלאזען, האבען זיך אלע גענומען רוקען נעהענטער צו איהם, און דאן האבען זיי דערזעהן, ווי ער שטעהט מיט אויפגעעפענטע אויגען און מיט א טויט־בלאסען פנים קוקט ער כסדר אויף איין פינטעל. זיי האבען נאכגעפאלגט זיין בליק, און זיי האבען דערזעהן א פרויען־גע־שטאלט שטעהענדיג ביי א ווייד־ען־בוש צווישען די מצבות. עס איז גע־ווארען א שטילער טויט־שרעק, גלייך ווי אלע וואלטען מיט איין מאל אויפגעהערט צו אטעמען. שטיל און איינדרינגליך האט גענומען פון דארטען קלינגען א מיידעל־שטימע — א מעלאדיע מיט א פרעמדען ריטם און אויף א פרעמדער שפּראך. אלחנן הירש דער קברן און רבי זעליגמאן זיינען געווען די מוטיגסטע פון אלעמען, און אזוי ווי די שטימע, וואס זיי האבען געהערט, איז דאך געווען א מענשליכע שטי־מע, זיינען שליסליך זיי נאכגעגאנגען אויך די איבעריגע מאנזסביל, דאן די קינדער און צום לעצטען אויך די פרויען.

קיינער האט אין דער יונגער מיידעל ניט דערקענט צירעלען. ווער עס האט זי אפילו פריהער געזעהן ביי די ציגיינער, האט איצטער ניט דערקענט זי נאך אמאל. זי איז דא געשטאנען אין איין העמד, און עס האט אויסגעזעהן, אז זי פריהרט ניט פונדעסטוועגען. ווער עס האט זי אזוי געזעהן, האט געמוזט אין זיך פיהלען אלע יסורים, וועלכע פייניגען זי. אבער עס איז געווען עטוואס פאלשעס אין איהר שמערץ, און עטוואס באנגעהרליכעס אין איהרע קלאגענדיגע אויגען. זי האט געהאט א לאנגע שמאלע האנט מיט א סך קנייטשען, מיט איבערראַ־שענדיגע באוועגונגען. אפט שיינט, ליעגט די גאנצע נשמה פון א פרוי אין די פארמען פון איהר האנט.

— איך האב גארנישט, — האט די מיידעל געזאגט, — איהר קענט מיט מיר טאן וואס איהר ווילט. לאזט מיר נאר דא זיין.

— פיליכט ליעגט דיין מוטער דא באגראבען? — האט אלחנן פרענקעל געזוכט צו דערגעהן ביי איהר.

א יונגע פרוי האט איהר געוואלט געבען א שווארצען ענגלישען שאל אויף איינצודעקען זיך, אבער צירעלע האט אהן ווערטער זי אפּ־געשטויסען.

— הערט נאר, האָב איך וויל איך דערצעהלען, — האָט די מייד־דעל געפּליסטערט, און א ליכטער שוידער איז איהר איבערגעלאָפען איבער'ן לייב, בעת אלע האָבען זיך ארום איהר נעהענטער ארומגע־קליבען. — איך בין געווען אין מאָנאַסטיר. די מאָנאַשקעס האָבען מיך געלערענט צו גלויבען אין יעזוס קריסטוס. וואָס איך בין געווען אלס קינד, דאָס איז אוועק, ווארים איהר דאַרפט וויסען, אז דאָס איז געווען אין פּוילען. איך געדענק דאָס נאָך איצט אזוי גענוי. די קריסטען, וויפיעל זיי זיינען געווען אין גאַנצען לאַנד, זיינען אונז באַ־פאַלען, און די גאַסען זיינען פול געווען מיט בלוט. אונזער ווייס טישטוך איז געווען אינגאַנצען אין בלוט און די בעטען אויך. מיין פאָטער און מיין מוטער און די צוויי ברידער און די צוויי שוועסטער האָט מען זיי אלעמען דער'הרג'עט. ביינאַכט האָבען זיי אונטערגע־צונדען די הייזער. פיעלע, פיעלע פרויען און יונגע מיידלעך האָבען זיי פאַרשפּאַרט אין שוהל און אונטערגעצונדען. אוי, וואָס פאַר א יללות און געשרייען! און אומעטום אין פּוילען איז אזוי געווען. איך האָב זיך באַהאַלטען אין א שטאַל, וואו עס זיינען געווען לויטער חזירים און שאָף. איך האָב קיינמאָל ניט געוואוסט, ווען עס איז טאָג און ווען עס איז נאַכט, האָב געליטען הונגער און בין געלעגען, וויפיעל טעג ווייס איך אליין ניט. איך בין דערנאָך אוועק א באָרוויסע און האָב זיך צע־בלוטיגט די פיס אן די שטיינער. דאַן האָבען זיי מיך אריינגענומען אין מאָנאַסטיר. די צייט איז געגאַנגען, אבער ווען איך האָב אפילו קריסטליכע תפילות געזאָגט, האָב איך דאָך ניט פאַרגעסען. שטענדיג האָט זיך מיר אויסגעדוכט, אז איך זעה מיינע ברידער און שוועסטער. אויך דעם גאָרטען האָב איך געזעהן און די חנוכה־ליכט און ווי מיר זיינען ראש־השנה צום תשליך געגאַנגען. געווים איז דאָס אימער ווי א חלום געווען, און איך ווייס גאָרניט, ווי אזוי איך בין אריינגעפאַלען צו די ציגיינער. אָפט האָב איך פרעמדע שטימען געהערט, אפילו ווען איך בין גאַנץ אליין געווען אין דער נאַכט. „א חתן וואַרט אויף דיר". האָבען זיי געזאָגט. „ער שטרעקט זיינע אָרימס אויס און ער ערוואַרט דיך. ער איז נאָך מעהר ווי יעזוס קריסטוס, ער איז גאָט אליין." און אַן אנדערע שטימע האָט מיך גערופען מעליזעלדע מיט די פלאַטערדיגע האָר, בת־מלכה, משיח'ס כלה.

— נעכטען, זעהט איהר, נעכטען איז צו מיר מיין פאָטער גע־

קומען אין חלום. ער האט געזאגט, אז גאט האט מיך באשטימט צו זיין שבתי־צבי׳ס כלה. „דו זאלסט איהם אנטקעגען־געהן, דען ער איז דער שטערן, וואס איז אויפגעגאנגען פון יעקב, אזוי ווי אין דער תורה שטעהט״. דאן בין איך א גאנצען טאג גאר אויסער זיך געווען פאר שרעק און איך האב קיין רוה ניט געקענט געפינען. און היינט בין איך געלעגען, ערשט עס קומט ווידער מיין פאטער׳ס גייסט און האט מיך אנגענומען מיט זיינע הענט און מיך געבראכט אהער צו טראגען.

זי האט אפגעדעקט דאס העמד פון זיך און האט געוויזען סימנים פון נעגעל אויף איהר לייב, דארט וואו איהר פאטער׳ס האנט האט זי אנגענומען. אויבען איבער דער רעכטער ברוסט און אויף דער לינקער זייט זיינען געווען בלוטיגע שטראמען.

עס איז געווארען שטיל אויף א לאנגע צייט. א מאדנע שרעקע־דיגקייט האט אלעמען אפגעהאלטען פון צו רעדען צו דער יונגער מיי־דעל. שטילע שווערמעריי, פאנאטישע גלויביגקייט, געהיימניספולער עקסטאז און באקכאנטישע בארוישונג — דאס אלעס האבען זיי גע־זעהן אדער געפיהלט. אבער דער באשיינפערליכער וואונדער, וואס איז זיי אזוי נאהענט פאר די אויגען געווען, האט זיי צעמישט און מיט שרעק אנגעפילט.

א שווארצע מאסע האט זיך באוויזען געהענדיג צום טויער. זי האט זיך דערנעהענטערט מורמלענדיג טומפ און אומרוהיג. ביים טהרה־שטיבעל האבען זיי אנגעצונדען פאקלען, וועלכע האבען געווא־פען א בלוטיגען שיין איבער די פנימ׳ער, און זייער רויך האט פינסטער געמאכט די לבנה. זכריה נאאר האט זיך באוויזען פון ארונטער דעם בערגעל, האט אנגענומען צירעלען ביי דער האנט און געזאגט צו איהר הויך און דייטליך: „פיהר זיי, דו טאכטער פון ציון! אלע די וואס קומען דא, וועלען זיך צו דיר בוקען״.

אויף די גאסען פון שטעדטעל איז פון נאכט טאג געווארען. או־מעטום זיינען געשטאנען אויפגערעגטע מענשען. עס זיינען געקומען צו געהן די אידען פון אטענזאאס, פון שנאיטאך, פון אונטערפארענ־באך און פון היטענבאך. קיינער האט ניט געוואוסט, ווי אזוי האט זיך דאס אזוי גיך פארשפרייט דער קלאנג, אז אין פירט אויפ׳ן בית־עולם איז פארגעקומען אויסערגעוועהנליכעס און כמעט יעטווידע שטונ־דע ברענגט אלץ נייע געשעהענישען. צוויי אידען, שמואל ערמרייטער

און נחמן זאנדעל מאהלער דער מארקגראפישער שוהל־קלאפער, האבען אויסגעשפרייט אין גאס גרויסע טייערע טעפיכער און מיט בלומען אויסגעשאטען: רויזען, לעפקאיען, נעלקען און ארכידעען פון די כפעקטען פון דעם בעסטען גערטנער. גירלאנדען זיינען געהאנגען איבער די פענסטער, און גאלדענע און זילבערנע לייכטער זיינען געשטאנען אויף די גאזימסען — א וואונדערליכער געגענזאץ צו די אלטע, האלב־איינגעפאלענע הייזער. העכער און העכער, אזוי ווי א שטורעמדיגע כוואליע, האט געשטייגט די אויפרודערונג פון די געמיטער. דא איז געווען א קלוגער איד, וואס איז א וועלט אויסגעוועזן, מיט'ן נאמען הוד טישבעק, וואלף בירעזועל'ס א ברודער'ס א זוהן. האט ער דערצעהלט, אז אומעטום, אין דייטשלאנד, אין עסטרייך, אין איטאליען, אין שפאניען הערשט אזא ווילדע בארוישונג, אזא שרעקליכע מהומה, אז קיינער ווייסט ניט, צי זיין שכן, זיין ווייב אדער זיין קינד זיינען נאך ביים פולען זינען. עס זעהט אויס, ווי די לופט אליין וואלט געווארען א שטארקער בארוישענדער וויין, און ווער עס אטעמט זי איין, דער מוז אויך שכור ווערען. קיינער איז ניט ביים קלארען זינען, און מלכים האבען אנגעהויבען צו ציטערען פאר זייערע טראנען.

ביים ערשטען שיין פון מארגענשטערען איז זכריה נאאר פארבייגעאנגען דעם רב־הכולל'ס הויז, וואו עס האבען נאך געברענט די ליכט. עס האבען זיך געריסען פון דארט פארשטיקטע, טרויעריגע אויסרופען, ווילדע געשרייען, ליידענשאפטליכע געבעט, שמערצליכע קרעכצען. נאאר איז פארטראכט ווייטער געגאנגען זיין וועג צו מערב־צו, וואו די הייזער זיינען באלד פארשוואונדען אין פריהמארגען־נעבעל. דער מאגערער מאן מיט זיין שפיציגען קאנישען הוט, וועלכער איז נאך דער פארשריפט פון יענער צייט געווען אראנזש־געל מיט א ווייסען ראנד, איז געגאנגען אונטער די טיף־הענגענדע צווייגען און געל־געווארענע בלעטער האבען זיך שטיל באוועגט, ווען דעם אידענ'ס הוט האט זיי פארטשעפעט. זכריה נאאר האט זיך אנידערגעזעצט אונטער אן עפעלביים. און האט געקוקט אויף דער פריהמארגען־רויטקייט. דאס פלאך־לאנד האט אזוי ווי אויסגעצויגען זיך און אויסגעשפרייט, און דער שלאף איז פון איהם אוועקגעפלויגען אין געשטאלט פון ראבען און קראהען. דער וואנדערער האט ארויסגענומען א שווארצע טאפעל און א שטיפט פון זיין

בגד און מיט טרוימעריש־צעגערענדע פינגער האָט ער גענומען פאַר־
מירען בוכשטאַבען אין ווערטער, און וואָס אַמאָל אַלץ באַשטימטער
און ראַשער. „מיין מויל איז שווער ווי דאָס מויל פון א מערדער. מיין
גייסט רופט צו דיר. דער בלאַסער פריהמאָרגען דריקט צו דיינע ציי־
טערנדיגע אויגען־דעקלעך, ווען דו קומסט. דו ליעגסט שוין און
שלאָפסט, און איך קוש דיין קלייד אין דעם גרינליכען שיין פון דעם
פאַרגענשטערען. קראַפט, דרייסטקייט, שטאָלץ און באַפרידיגונג זיי־
נען גאָרנישט אנטקעגען דיר. זאָל איך שמייכלען אנטקעגען דעם אָנ־
קומענדיגען טאָג, אז דו געהסט אוועק? די ליעבע געהט מיט שמחה
אנטקעגען דער פינסטערניש און לאַכט זיך אויס פון דעם רעגענדיגען
טאָג. וואָס איז אין הימעל און אויף דער ערד, אויסער דער ליעבע,
לייב פון לייבער און שויס פון אלע שויסען? דאָס פאַרבאַרגענע פייער
פון דער ערד־ברוסט וואוינט אין דיר. איך געה דורך די דעמערונג,
וואו די שטורעמס שלאָפען, אַרונטער אין דער יאָהרלאַזער איינזאַמקייט
פון די גרויסע אייביגקייטען. איך געה גאָט זוכען". האסטיג איז דער
שטיפט איבערגעגאַנגען דאָס געשריבענע און געמאַכט דאָס אומלעז־
באַר. דאַן האָט נאָר אַלץ אָפּגעווישט מיט פייכטע גראָז, און האָט מיט
א ביטערען אויסדרוק פון מויל געקוקט אויפ'ן פעלד, איבער וועלכען
די זון איז ארויס. צום ערשטען מאָל האָט ער גענומען דעם שטיפט
און האָט געשריבען פּאַוואָליע, ביי יעטווידען שטריך ווי ער וואָלט
דעם שטיפט אין טאָפעל איינגעגראַבען. „איז פאַראַן א גאָט אין דעמ־
דאָזיגען פוסטען אוניווערזום? איך וויל צו איהם שרייען, איך וויל
איהם דאָס פייער פון מיין נשמה פאַר א קרבן ברענגען. איז דאָ א גאָט,
וואָס ער נעמט נקמה פאַר אומגערעכטיגקייט, פאַר באַליידיגונג פון
שטאָלצקייט: וואָס ער דערנידעריגט הויפליייט? איז דאָ א באַרעמ־
הערציגער פאָטער, וועלכער לעשט דאָס פייער, ווען דאָס לעקט דעם
דאַך פונ'ם אָרימען? וועלכער באוואַכט דעם וואָס שלאָפט אויף דער
הוילער ערד און גיט א לאַך דעם הונט וואָס פריהרט? איך רוף דיך,
אייביגער, און דיינע וועלטען ווילען דיך ניט קענען, דיינע זונען פאַר־
לייקענען דיך. איך האָב דיך געזוכט און ערגעץ דיך ניט געפונען. די
הימלען בלייבען אָהן א ווידערקלאַנג, ווען איך רוף דיך, און די וועלדער
קוקען שווייגענדיג. אליין בין איך געגאַנגען אנטקעגען דער שווערער
נאַכט, און די טונקעלקייט איז געווען מיין מאַנטעל און מיין קומער־

קלייד. ברייט איז דער ים און טיף, און אהן א שיעור ציהען זיך די הימלען, אבער דו ביסט ניטא. יאהרטויזענטער פארשווינדען ווי א שמייכעל, און דער גוטער געהט פארלארען, און די פאלשע און די ניט־געטרייע ווערען נביאים. אבער לאז עס לויפען, דאס פאלק, לאז עס שפרינגען צו די קאמערען פון טויט. וואו ביסטו, גאט? ביסטו דארט, וואו דאס יאהר איז צייטלאז; און די אומענדליכקייטען זיינען צוזאמענגעשרומפען ווי א בר־מינן? ביסטו דארט, וואו די זון הויבט זיך אויף פון מערב און די לבנה שטראלט ארויס פון ברונים? ביסטו אויפ'ן כאלצייט פון די טויטע און האסטו פארשלאפען דעם נייעם פריהמארגען פון די וועלטען? אך, וואוהין זאל איך לויפען? דער הימעל איז נאר אין מיר, וואו איז אן ארט פאר מיין נשמה?"

ווען ער איז פארטיג געווארען, האט זכריה נאאר צעשמעטערט די טאפעל אן דעם שטאם, פון א בוים, און האט צעווארפען די שטיקלעך אין אלע זייטען. דאן האט ער זיך אויפגעהויבען און גענומען געהן צו די הייזער.

אויפ'ן שינדעל־הויף האט איהם באגעגנט א פראצעסיע פון אידען, מענער און פרויען מיט ליכט אין די הענט. פיער יונגפרויען האבען געטראגען א פורפור־הופה, אונטער וועלכער עס זיינען אונטערטאנצענדיג געגאנגען א אינגעל מיט א מיידעל,ביידע נאך קינדער. זיי זיינען דאס געווען חתן־כלה, ווארים אין יענער צייט האט מען געגלויבט, אז דורך דעם וועט מען מתקן זיין די נשמות, וועלכע זיינען נאך ניט ארונטער אויף דער ערד, און אזוי וועט באזייטיגט ווערען דער לעצטער מכשול פאר'ן תקון־עולם במלכות־שדי. די קינדער, וועלכע האבען זיך גערופען בנימין און חוה, האבען זיך געהאלטען שטארק פאר די הענט און זייערע אויגען זיינען געווען פול מיט טרערען. ווען זיי פלעגען זיך איינע די אנדערע אנקוקען, פלעגט עס אימער געשעהן גלייכצייטיג, און זיי האבען דערביי א ביסעל שווערמוטיג געשמייכעלט ווי קינדער, וועמען עס ערווארט א שטראף, פון וועלכער זיי וועלען זיך ניט קענען אויסדרעהען און וועלכע זיי האבען אויך ניט פארדיענט.

— פארוואס טראגען זיי עפעס ליכט? — האט געפרעגט דער קליינער בנימין.

— אזוי טוט מען אויף א חתונה, — האט חוה געענטפערט.

— איבעריגס בין איך צופרידען, — האט זי ווייטער געזאגט.— איך האב שיין לאנג געוואלט חתונה האבען; אלע זיינען זיי אזוי מיר אבשייליך.

— אלע מיידלעך און אינגלעך האבען חתונה, — האט דער אינגעל געפליסטערט. — אויפ'ן שוהל־הויף ווארטען זיי אויף אונז.

פלוצלונג האט זיך חוה'ס פנים באדעקט מיט א גליהענדער רויטקיים. די שעהנע נעמי און איהר חבר'טע זיינען אינגאנצען נאקעטע ארויסגעלאפען אויפ'ן גאס, און ניט קוקענדיג אויף דער פרישער הערבסט־מארגען־לופט האבען זייערע קערפערס אויסגעזעהן היים צו זיין פון טאנצען און הוליען. ווי אהן א זינען, דאך גראציעז, ווי גאזעלען, זיינען זיי געלאפען, און אין יעטווידער באוועגונג זייערע איז געווען עפעס תאוה'דיגס, און אין יעטווידען קלאנג, וואס זיי האבען ארויסגעלאזען, איז געווען עטוואס באקכאנטישעס. די קליינע חוה האט ניט געוואוסט, וואס צו טאן פאר שאנדע, און אין הוילער פארצווייפלונג האט זי מיט איין ארים ארומגעכאפט דעם אינגעל'ס האלז, און מיט דער לעדיגער האנט האט זי איהם פארשטעלט די אויגען.

די זונדערבארע הייראטס־פראצעסיע האט אנגעטראפען אויף אן אנדער טשיקאווע פראצעסיע. איבער'ן גערטנער־פלאץ זיינען געגאנגען קינדער, און איטליכס קינד האט געטראגען א שווערען טעלער מיט פרוכט פון די דרום־לענדער, טאסען מיט וויין אדער געבעקס. דאס איז געווען פאר די הונגעריגע, אין נאמען פון דעם משיח. אין די דאזיגע טעג פון וואהנזין האבען אפילו קריסטען אוועקגעווארפען זייערע געשעפטען, און קיינער, ווי מעכטיג ער זאל ניט זיין, האט ניט פרובירט צו לעשען, אדער אפילו ניט אויסצולאכען דעם ליידענשאפטליכען בראנד, וואס האט זיך צעפלאקערט ביים פאראכטעטען און פארהאסטען אידישען פאלק. העברעאישע ליעדער האבען זיך געהערט פון פיעלע הייזער און האבען באלעבט די הערצער פון די שרעקעדיגע און בלוטלאזע. פרעמדע מוזיקאנטען זיינען געקומען צו געהן (קיינער האט ניט געוואוסט. פון וואנען) און האבען געשפיעלט אויף אינסטרומענטען, וועלכע מען האט גאר פריהער ניט געזעהן. אלעס איז געווען צוויבערליך, איבערערדיש, אויפרעגענד און איבערראשענד.

עטוואס נאך ניט געהערטעס האט פאסירט אויפ'ן פלאץ, לעבען גלח'ס הויף. דארט האט א יונגע און שעהנע מיידעל אפגע־

טאָן א סימבאָלישען אקט, וואָס די באדייטונג דערפון איז געווען, אז אויך די חיות וועלען זוכה זיין צו די טעג פון משיח'ן. די צערעמאָניע איז אָפּגעטאָן געוואָרען מיט א גרויסען הונט, און די יונגע מיידעל האָט דערביי געזונגען ווילדע לידער, אדער זי האָט געשריען פאַר התלהבות. אלע וואָס זיינען דערביי געשטאַנען, זיינען ווירקליך ערשטוינט געוואָרען, אדער ערשיטערט, אדער פארוואונדערט, אבער זיי האָבען דאָס אויפגענומען ווי א טיף־פייערליכען רעליגיעזען אקט. זיי זיינען ארום געשטאנען מיט בלייכע באקען און האָבען געציטערט פאר גרויל. אין שוהל האָט מען שופר געבלאָזען, און עס האָט ווי אַ איינזאמער וועק־רוף אָפּגעקלונגען אין אלע גאסען און איז אריינגעדרונגען אין אלע הייזער — ווי א רוף פון די טונקעלע טיפקייטען פון דער קבלה. ציי־רעלע איז געקומען צו געהן מיט א קרוין אויפ'ן קאָפּ און מיט א סוויטע ווי אַן אמת'ע מלכה. ווער עס האָט זי דערזעהן, איז ווי פאר'כישופ'ט געוואָרען און האָט געגלויבט אין איהר ווי אין דעם נייעם גואל אליין. א יונגער קריסט, מיט'ן נאָמען וואַגענזייל, דעם גלח'ס זוהן, איז איהר נאָכגעגאַנגען די טריט ווי פאר'כישופ'ט. שליסליך האָט ער שיער מיט דיכטערישע ווערטער געזונגען א שבח צו שבתי'ן, און ציירעלע האָט איהם דערהערט נאָך איידער דער טאָג איז אוועק. זי האָט ניט גע־האָסט פון קיין שום מורא, אין יעטווידער באוועגונג איהרער איז גע־ווען עטוואָס גלענצענדעס. די מענער האָבען פארלאָרען יעדעס ברע־קעל פארשטאנד, בעת זי איז פאר זיי געשטאַנען, און דער כבוד, וואָס זי איז משיח'ס כלה, האָט צוגעגעבען איהר וואָרט אַן אומווידער־שטעהליכען צויבער. זי איז געקומען צו די וואָס פאסטען און די וואָס בעטען, און האָט זיי אויפגעמונטערט. וואָרים אנדערע האָבען זיך טעג־לאַנג געקייקעלט אויף דער ערד אזוי ווי ווערים, צוריקגעהאַלטען זיך פון יעדער שום נאָהרונג, אדער זיינען באוועגונגסלאָז געזעסען אין די פייכטע ווינקלען פון די קעלערען און האָבען געזעהן זעהונגען. „שטראַלענדיגע נעכט", ווי זיי האָבען געזאָגט, געטליכע געזיכטער, זיי־נען ביינגעשטאַנען אלע נסיונות פון דעם שטן און ביינאַכט האָבען זיי אנגעפילט די לופט מיט זייערע קלאַג־לידער. ניט מיד ווערענדיג, האָבען זיי געלערענט אלע ספרי־קבלה, אלע בלעטער פון דעם תלמוד, זוכענדיג נייע און וואונדערבארע רמזים. זייערע ווייבער, ווען זיי זיינען ניט געגאַנגען צו ארגיעס, האָבען זיך אָפּט איבערגעגעבען צו א

גרענעצלאזען פאנאטיזם, האבען זיך געשטעלט אויפ'ן מארק צווישען פיעל מענשען, און ווי אמאל פעטער פון אמיען האבען זיי געפּרעדיגט די נוצלאזע גרויזאמקייטען און נוצלאזע פארברעכענס און האבען געשאלטען די קריסטען מיט ביטערע קללות. די קינדער, ווי קליין זיי זאלען ניט זיין, האבען זיי איבערגעלאזען אליין. א סך זויג־קינדער האָבען אומזיסט געשריען נאך דער מוטער'ס ברוסט און זיינען געשטארבען אזוי. הונגער און שפּע, לוקסוס און ארימקייט האבען זיך די הענט גענעבען. קיין רעגעלמעסיגער גאטעסדיענסט איז שוין מעהר ניט פארגעקומען, און ווען מען פלעגט זיך יא צונויפקומען אין שוהל דאווענען, איז דאס גיכער געווען א שענדונג פון דעם אלטען גאט. ציגיינער האבען ארומגעוואנדערט און נאך פארמעהרט די אומהיימליכקייט און די צעטומלעניש. דער פּייפּסט און דער קיסר האבען אויך אהער, פונקט ווי אין אלע שטעדט, געשיקט באאמטע און געזאנדטע, אבער זיי האבען געמוזט אוועקפאהרען מיט גארנישט. די פרייע שטאדט נירענבערג האט געשיקט א הויפּטמאן מיט פופציג רייטער, אבער נאך דעם זעלביגען אווענט האט מען געזעהן דעם הויפּטמאן מיט זיינע רייטער ארומגעהענדיג שכור'ע איבער די גאסען מיט ווילדע געשרייען. אויבען ביים טייך, אויפ'ן וועג צום דארף בוך, האט געוואוינט א בכבוד'יגער קריסט, א היבש געלערענטער מאן. ער האט גרינדליך געקאנט די קלאסישע שפּראכען און האט זיך אויך פארנומען מיט אסטראלאגיע און אלכעמיע. א סך מענשען האבען דערצעהלט, אז ער האט שוין לאנג געפונען דעם פילאזאפישען שטיין און האט איהם פארקויפט דעם טערקישען סולטאן פאר א גוואלדיגען אוצר. אלזא, האט מען איהם געפרעגט, וואס ער דענקט וועגען דעם גאנצען שטורעם און אויפרודער. האט ער געענטפערט: „דער איד איז א ווילדע חיה. ווי איהר לאזט איהם ארויס פון שטייג, אזוי פרעסט ער אייך אויף מיט די ביינער צוזאמען. כל־זמן ער איז אבער אין שטייג, איז ער שטיל ווי א הונט. ער האט פיעל פארשטאנד, דער איד, און ער איז אזוי ווי א וויקעלשלאנג. ווען מען צעהאקט איהם אין צווייען, פויזען דענסטמאל אוועק צוויי שלאנגען."

קיינמאל איז די אנארכיע ניט געשטאנען אזוי דראהענד איבער די קעפּ פון די פעלקער, ווי אין דער דאזיגער צייט פון דעמאניע און עקסטאז. ווען ס'איז אנגעקומען די ידיעה, אז די אידען פון פראנק־

פורט. ווארמס און מאניץ גרייטעז זיך שוין אין וועג קיין ציון, איז גע־וואָרען אזא מין התלהבות, וועלכע קען נאָר פארגליכען ווערען מיט א לאנגער, הייסער תפילה. אלע בענקשאַפטען האבען נאָר איין ציל: באַקומען. און יעדערער האָט געוואוסט: „אויך איך וועל פאָלגען דעם רוף פון דעם נביא.“

אין דעם זעלבינגען טאָג, אין דעם „טאָג פון אלע זעלען“, איז רחל מיט טעמפּער אַפּאַטיע געלעגען אויף א דיוואַן און האָט גלייכגילטיג געקוקט דורכ'ן פענסטער אויפ'ן אָווענט־הימעל. דאָס הויז איז גע־ווען פּוסט, אבער צייטענווייז האָבען זיך אזוי ווי טריט געהערט, אין די דילען האָבען אַפּט געטרעשטשעט פון זיך אליין. רחל האָט ניט געזעהן די מוטער שוין פון צוויי טעג, און אויך דער פאָטער איז שוין פון אינדערפריה אוועק. די לעצטע צייט האָט קיינער זיך ניט געקי־מערט וועגען איהר, און קיינע פון די אידישע פרויען איז ניט געקומען מעהר שטונדען־לאנג צו זיצען לעבען איהר. אבער וועגען דעם האָט זי ניט געטראַכט. זי איז געווען צופרידען, וואָס די נאַכט קומט ווי־דער, און זי וועט ניט דאַרפען אזוי פיעל זעהן, און זי וועט פיללייכט אויך קענען שלאָפען.

ווען ס'איז טונקעל געוואָרען, איז מאיר נאַטאַן אהיים געקומען. ער האָט אויסגעזעהן צעטראָגען, און פון צייט צו צייט האָט ער אויסגע־פלאַצט אין א קורצען מעקענדינגען געלעכטער. ביים שיין פון אַן עהל־לעמפּעל האָט ער איבערגעצעהלט זיינע געלט און האָט שפּעטער פאַרגראָבען א קאַסטען מיט פּערעל און צירונג אויפ'ן הויף לעבען ברונ־נים. צעהיצט פון דער ארבייט, קוים אָטעמענדיג און קייכענדיג, איז ער צוריקגעקומען און האָט זיך אוועקגעזעצט לעבען זיין טאָכטער מיט'ן קיין אָנגעשפּאַרט אויפ'ן הענטעל פון'ם גראָבאייזען. ער האָט געזיפצט, מיט די פינגער געפיהרט איבער די האָר, האוואיעס גע־מאַכט, און איז ענדליך אויפגעשפּרונגען, א שליידער געטאָן פון זיך דאָס גראָבאייזען, א מאַך געטאָן מיט די הענט אין דער לופטען און האָט אויסגעבראָכען אין א שרעקליכען געוויין. רחל האָט זיך קיין ריהר ניט געטאָן. זי איז דערצו געוועהנט געווען, זינט צירעלע האָט זיך גע־וויזען. „שדי, שדי, גנעדיגער גאָט!“ האָט דער קנעקער אויסגערופען. „איך האָב די שטימע פון הימעל געהערט, איך האָב זי דאָך גאַנץ זיכער געהערט מיט מיינע אויערען. זאָל דער ליעבער גאָט מיך שטראָפען,

אבער מיין רחל׳ע איז דאך ניט קיין זונה!״ ער האט זיך געשטעלט אויף די קני פאר רחל׳ען, האט מיט דער האנט געגלעט איהר די האר און געשטאמעלט: „דו ביסט דאך מיין רחל׳ע, מיין גוט קינד, מיין מלאך. א מיתה משונה אויף די נאראנים, וועלכע גלויבען אין דער פאלשער כלה. זאלען זיי פון צרעת שטארבען!״ און ער האט זיך אויפגעהויבען און איז ארויסגעלאפען, ווי געטריבען פון בייטשען.

די נאכט איז געווען א שווערע און א שטורעמדיגע. ווילדע ווינטען זיינען געקומען פון דרום. און דרויסען אויפ׳ן פלאך־לאנד האט געראַשט ווי אין א ווירבעל־שטראם. די לבנה האט פון צייט צו צייט בלאס גע־שמייכעלט דורך די פאנאנדערגעריסענע וואלקענס, און עס האט אויסגע־זעהן, ווי זי אליין וואלט זיי צעריסען, און צעריסענע יאגט זי זיי פון זיך איבער׳ן הימעל. ארום האלבע נאכט האט אויסגעבראכען א ערבסט־שטורעם. פלאטערנדיגע, שווערע, גרויע ליכט־זויגענדיגע נעב־לען זיינען ארונטערגעפאלען, און די בליצען האבען זיי דורכגעשניטען מיט א זיס־געלער ליכטיגקייט. רחל האט דאס צוגעזעהן, און פאר שרעק איז איהר געווארען ביטער אין האלז. הינטער׳ן הויז איז געווא־רען א גערודער אין הינער־שטאל. די הינער האבען געקוואקטשעט און דער האן האט מורא׳דיג געקרעהט, און ווייט האבען די הינט געוואיעט.

רחל איז געווען מיד. וואס עס האט זיך געטאן דרויסען אויף דער וועלט, האט איהר ניט געקימערט. זי האט אין קיין זאך ניט געגלויבט, אינמיטען הויז פון משוגעים איז זי געבליבען רוהיג און ערנסט. פונדעסטוועגען האט זי מורא געהאט פאר דער צוקונפט. זי האט געטראכט: „ווען זיי וועלען דאס אלעס דערנעהן, וועלען זיי מיך פאר־שטיינען.״ און וואס וועט פון דעם קינד ווערען? האט זי געטראכט. ארום צוויי דעם זייגער האט זיך דער שטורעם איינגעשטילט, און דער שופר האט גערופען די אידען צום שוהל־הויף. זכריה נאאר האט איבערגעלייענט שבתי־צבי׳ס א בריף צו זיין כלה צירעלע, וועלכע ער האט גערופען צילה. עס איז געווען א ליעבעס־געדיכט, פול מיט פייער און תאוה, און צום שלוס האט עס געהייסען, אז ער וועט זי צוזאמען מיט איהר פאלק, די לעבעדיגע און אויך די טויטע וואס וועלען תחית־המתים אויפשטעהן, צונעמען צו זיך אין סאלאניקי, דעם זיבעצעטען טאג אין חודש תמוז. נאכדעם האט זכריה נאאר געשטעלט דריי פרא־

געס צו דער שווייגענדיגער ערדה: ווע̇לען זיי זיך מיט גוט און בלוט זיך אפגעבען צו משיח'ן? ווע̇לען זיי זיך ניט אפשרעקען פאר די מאַ־טערנישען און שווערקייטען פון דער לאַנגער וואַנדערונג? ווע̇לען זיי אהן שום טענות ומענות אנערקענען די געטליכקייט פון משיח'ס כלה און פאָלגען איהרע באַפעהלען? — א שטילער, ציטערנדיגער „יאָ“ איז ארויס פון פיעל הונדערטער העלזער. דאן האט זיך צירעלע גע־שטעלט אינמיטען ראָד, האט מיט התלהבות אויפגעהויבען איהרע ארימס צום הימעל, און זי האט געזאָגט א תפילה פול מיט ליידענ־שאַפט, וואָס האט דערוועקט אין די אַלע וואָס זיינען ארום געשטאַ־נען א חשק און באַגעהר צו דאָס נייע, גרויסע, וואונדערבארע, וואָס עס ווארט אויף זיי. זיכער אין דעם זיינען זיי נאָך ניט געווען, אבער עס האט זיך זיי געוואָלט גלויבען און עס האט זיי געצויגען צו דאָס קומענדע מיט אומגעצווימטער באַגייסטערונג. מיט שמחה האבען זיי געוואָלט פאַרלאָזען א לאַנד, וואָס האט זיי געגעבען נאָר פאַראַכטונג און אוממענשליכע גרויזאַמקייט. עס האט אויסגעזעהן גאנץ לייכט אַלצדינג צו וואַרפען הינטער זיך, ווען פון מזרח האט גערופען צו זיך די גוטע פאַטשע פון נחלת־אבות, ווען א קעניגליכער נביא האט זיי גע־רופען צו א בונד, וואָס וועט ניט צעשטערט ווערען. דאָס היגע לאַנד איז פאר זיי קיין פאַטערלאַנד ניט געווען און וועט עס קיינמאָל ניט ווערען, מעגען זיך אפילו די צייטען בייטען.

די ראשי־העדה האבען זיך ערקלערט גרייט צו דער רייזע. טאַקע גלייך אויף מאָרגען זאָל מען זיך נעמען גרייטען. ווי מען האט זיך געוואָלט באַנאַנדערגעהן, אזוי האט מאיר נאַטאַן דער קנעקער פלוצלונג מיט א געשריי זיך א וואָרף געטאָן אויף צירעלען, האט זי אנגענומען ביי די האָר און א שליידער געטאָן צו דער ערד. די איבעריגע אידען, ערשטוינט און צעקאַכט, וואָלטען איהם זיכער אין שטיקער צעריסען, ווען זיין ווייב טעלזעלע און די גוטהערציגע טריינעלע, רבי מאַנ'ס ווייב, וואָלטען זיך ניט איינגעשטעלט פאר איהם און רחמים ותחנונים פאר זיין לעבען געבעטען.

טונקעל, אזוי ווי א ווייטער בראַנד־שיין, האבען זיך באַוויזען די ערשטע שטרייפען פון דער פריהמאָרגען רויטקייט, און הויך אויבען אין דער לופט זיינען דורכגעפלויגען פויגלעך מיט א קורצער צווי־טשעריי

ווען מאיר קנעקער איז געקומען אהיים, האָט ער געפונען זיין טאָכטער שלאָפענדיג. אָבער זי האָט נאָר געדאַרפט א שטילע באַ־ריהרונג, און זי האָט זיך שוין אויפגעכאַפּט. איהר בליק איז געווען שרעקעדיג, צעמישט און פאַרכטזאַם. „א דאַנק גאָט, איך האָב איהר געגעבען!" האָט נאָטאַן געזאָגט מיט א טעמפּער שמחה, „אומבאַשריען, איך האָב איהר די האָר אויסגעריסען, דער פאַלשער כלה." ער האָט לאַנג דורכדרינגענדיג אָנגעקוקט זיין טאָכטער, האָט פאַרזאָרגט א שאַ־קעל געטאָן מיט'ן קאָפּ, און דאַן געפרעגט ביי טעלזעלע'ן, ווי לאַנג עס קען נאָך נעמען ביז רחל וועט האָבען דאָס קינד. די אָרימע פרוי האָט ווי צעמישט געענטפערט, אַז זי ווייסט ניט; יעדענפאַלס אָבער נאָך פון פיער ביז זעקס וואָכען. אָרום האַלבען טאָג איז געקומען דער רב־הכולל מיט אַן אומעטיגען פנים, אין דער באַגלייטונג פון פינף ראשי־העדה. מיט שאַרפע ווערטער האָט ער גענומען דעם קנעקער אויפ'ן צימבעל, און האָט איהם שליסליך געגעבען צו פאַרשטעהן, אַז ער צווייפעלט, אויב ער האָט ווירקליך געהערט א שטימע פון הימעל. דער קנעקער איז אָבער ממש אויסער זיך געווען וועגען דעם. זיין ליי־דענשאַפטליכער פּראָטעסט און טעלזעלע'ס שווערמוטיגע באַשטעטי־גונג פון דער געשיכטע האָבען ווייכער געמאַכט דעם רב, און חיים ראַ־פּאָפּאָרט מיט זיין געוועהנליכער גוטמוטיגקייט האָט אויסגעדריקט זיין מיינונג, אַז מען קען דאָך אָפּוואַרטען ביז צום סוף פון דער שוואַנגער־שאַפט; אויך קען דאָך געמאַלט זיין, אַז פאַר משיח'ן זיינען צוויי כלות באַשטימט געוואָרען, כאָטש זכריה נאָאַר איז קעגען אזא אָנ־זיכט.

ווען מאיר קנעקער איז אַרויס אין גאַס, האָט מען אויף איהם געקוקט מיט מיסטרויען, און זיינע אַמאָליגע פריינד האָבען פון איהם געווייכט. נאָר צוליעב דעם וואָס מען איז געווען אומעטום צעקאָכט און פאַרהאַוועט, איז ער אויסגעהיט געוואָרען פון בייז. דאָך האָט ער ערגעץ קיין רוה ניט געהאַט. עס האָט איהם געדריקט א טיפער שמערץ איבער די ווילדע צושטענדען. ער האָט אויפגעזוכט זיינע בעלי־חובות איינעם נאָכ'ן צווייטען און זיך אומעטום געזידעלט און געסטראַשעט מיט'ן לאַנדגעריכט. דאַן איז ער שנעל צוריק אהיים געלאָפען, צו די קאַמערען, צו זיינע אוצרות און פאַנד־פּאַפּירען. זיין איבער דער מאָס דיקע און ווייט אָפּגעשטאַנענע אונטערשטע ליפּ האָט

ד

זיך מעבאַניש באַוועגט אין בייזע קלאַנגען. אַזוי ווי ער האָט געזעהן, מען פּאַראַכטעט איהם אַזוי שטאַרק, איז די ליעבע צו זיינע אוצרות נאָך גרעסער געוואָרען און אַזוי איז אויך גרעסער געוואָרען די פּאַר׳־עקשנ׳טע אמונה אין דער מיסיאָן פון זיין טאַטער, און מיט צאַרענדיגער אומגעדולד האָט ער ערוואַרט דאָס אַנקומען פון דעם גאָט־געהיילינגטען אייניקעל, איבערצייגט, אז עס וועט דערביי ניט פעהלען קיין הימעלישע און גוט קאַנטיגע צייכענס.

ענזעל עובדיה און הוצעל דוד׳ל זיינען דעם פערטען געוועמבער אין אַוועגט געשטאַנען אונטער אַ טויער און האָבען זיך געשמועסט, אויסדריקענדיג זייער זאָרג, וואָס יעטווידע שום גאָטעסדיענסט איז באַרנאַכלעסיגט געוואָרען. ניט קיין שחרית, ניט קיין מנחה, ניט קיין מעריב. „ווען עס וועט שוין קומען צו דעם, אַז פּיעלע וועלען נעמען טרינקען“, האָט הוצעל דוד׳ל מיט ציטער געזאָגט, און זיינע מיוזיישע אייגלעך האָבען בלישצענדיג געקוקט צום הימעל אַרויף, „דאַן האָט דאָס גאָט דער האַר געוואָלט.“ דוד׳ל האָט געברויכט דאָס וואָרט „טרינקען“, און מיינען האָט ער געמיינט דעם טויט, וואָרים די אידען רעדען ניט גערען פון שטאַרבען, און נאָך אין דער מסכתא כתובות שטעהט די דאָזיגע רעדענסאַרט פון טרינקען. אַז אַלטער כראָניקער, וועלכער האָט געלעבט אין פּירט, שרייבט: „עס איז נאָך קיין חידוש ניט, וואָס דאָס דאָזיגע פאָלק האָט שטענדיג אַזוי מורא פאַר׳ן טויט. דאָס נעמט זיך דערפון, וואָס זיי ווייסען ניט, ווי אַזוי זיי וועלען זיך קענען ראַטעווען פון גאָט׳ס שטראָף. דאָס שטאַרבען ביי די אידען איז דערפאַר תמיד אַרומגערינגעלט מיט פּורכט און שרעק. אַלע, אַלע מוזען זיי זיך שיידען פון דער וועלט מיט שרעק פאַר דאָס, וואָס ערוואַרט זיי.“

דער יום־טוב סוכות, וועלכער האָט הונדערטער יאָהרען אויסגענאָסען דעם זיסען צויבער פון אַ אידיליע, איז אומבאַמערקט אַנגעקומען אין מיטען דער באַרוישונג און ווירוואַר פון דער קומענדיגער גרויסער וואַנדערונג. ביי די אידישע הייזער האָט זיך כסדר געהערט דאָס קלאַפּעריי פון ברייטע לאַסט־וואָגענס, וועלכע מען האָט אויפגעקויפט ביי די פּויערים אין די דערפער אָדער אפילו ביי די קריסטען אויפ׳ן מאַרק.. די קריגעריייען פון די פּוהרמאַנעס האָבען זיך צונויפגעמישט מיט די זידלערייען פון די ווייבער. מיט גרויס

ליארעם זיינען איינגעהאנדעלט געווארען פערד, אייזלען און רינדער. די גאסען זיינען געווען פארלעגט מיט צעבראכענע כלי־בית, לעדיגע קעסטלעך, טראנטעס פון קליידער און שטיקער לייוונט צעריסענע, שטרוי, פארמעט און שפענער. ווען קריסטען זיינען פארבייגעגאנגען, האבען זיי געהאט פינסטערע און בייזע פנים׳ער, און עס האט אויסגעזעהן, ווי זיי וואלטען טראכטען וועגען מיטלען, ווי אט די אלע הכנות צו נישט צו מאכען.

אויף איין קעסטעל איז געזעסען פארטראכט דער קליינער בנימין; און האט געשאקעלט היןדהער מיט די פיסלעך. ער האט געטראכט: וואו קען דאס נאר חוה זיין? איהם איז געווען מאדנע קאלעמוטנע אויפ׳ן הארצען. ער האט אריינגעקוקט אין מאיר למדנ׳ס הויז דורך די הוילע פענסטער־לעכער: ער האט געזעהן קאסטענס אויף קאסטענס אנגעלעגט, ער האט געזעהן די ווייבער מיט ווייסע טיכלעך אויף די קעפ ארומפליהען היןדהער, ווי זיי לעדיגען אויס די שאפעס און פארפאקען דאס געשיר, און ער האט געהערט דאס זילבערווארג קלינגענדיג און דעם ליארעם פון האמער און דלאטע. און דערביי איז געשטאנען דאס הויז פון שמואל ערמרייטער. דער האט געהייסען זיינע זיהן דעם דאך אראפטראגען, כדי עס זאל פאר די גוים גארנישט ניט איבערבלייבען פון זיין האב און גוטס. ביי איציק גענסהענקער האבען זיך צונויפגעקליבען א סך יונגע מיידלעך און פלייסיג גענעהט דעקעס פאר די וואגענס און רייזע־קליידער און האבען דערביי געזונגען אלטע לידער. שטונדע נאך שטונדע האבען זיך דורך דער הויפט־גאס געצויגען ארימע אידען פון פרעמדע שטעטלעך, און אין דעם פרישען ברען פון זייער באגייסטערונג זיינען זיי אימשטאנד ניט געווען לענגער אפצושטעלען זיך, ווי נאר אויף אפצוראוונען. דאן האבען זיי אזוי שנעל ווי זיי האבען געקענט געאיילט ווייטער אין זייערע שמאטעס מיט זייערע צרה׳דיגע האב און גוטס.

א באטריבטער, איז בנימין מיט פוילע טריט געגאנגען פארביי די הייזער. ער האט אריינגעקוקט אין די גערטענער, וואו אלע בלי־הונגען זיינען פארוועלקט געווען און אלע בלעטער האבען באדעקט די ערד. ער האט מיט אמאל דערזעהן די קליינע חוה איילענדיג זיך איבער׳ן גאס, און ער האט מיט שמחה א לאז געטאן זיך צו איהר.

אבער דאס קינד מיט פארקאַ־שערטע ארבעל און גערויטעלטע באקען, האט שטארק א שאקעל געטאן מיט׳ן קאפ אויף ניין און געזאגט, אז זי האט צופיעל צו טאן און זי האט קיין צייט ניט צו פלוידערען.
בנימין איז געווען הונגעריג, און ווייל מען האט איהם אינדערהיים ניט געגעבען עסען, איז ער אוועק צום טייך, וואו ער האט געוואוסט, אז ניסלעך וואקסען און ער קען זיך אנזעטיגען. ער האט געהערט צו יענע קינדער, וועלכע לעבען כסדר אין פאנטאזיעס, און וועמען די וועלט, ווי זי איז, גיט אזוי ווייניג, אז זיי ווערען פאר׳חושכ׳ט. האט ער אלזא געזעהן אין זיין מעלאנכאלישער שטימונג עטוואס הערליכעס קומט פאר. פארב, גלאנץ און העלדענטום זיינען דארטען געווען, איהם אריינצוברענגען אין התפעלות און זיין הארץ אנצופילען מיט א שטורעמדיגער בענקשאפט. מיט א קלאפענדיגען הארצען האט ער געטראכט פון׳ם פארשפרעכענעם לאנד, וואו עס זיינען ניטא קיין קריסטען און קיין שלעכטע שטאדט־געפענגעניש און קיין מאטער־אינסטרומענטען און קיין לויפען צווישען ריטער. ווי קלאר און פורכט־באר ער האט זיך דערמאנט אן דעם טאג, ווען זיין פאטער איז גע־מאטערט געווארען פאר כלומר׳שט גנב׳ענען א זאמד־זייגער. און זיין פעטער האט מען פון נירענבערג מיט בייטשען ארויסגעטריבען, ווייל ער האט דארטען איבערגענעכטיגט. און די מאמע דערצעהלט, אז איהרער א מומען האט מען פארברענט אלס מכשפה, כאטש זי איז געווען א פרומע און שטילע פרוי. דאס אלעס האט איהם געמאכט אומגעדולדיג, צו ווערען מעכטיג און שטארק.
א יובעל־געזאנג האט ארויסגעשאלט פון די הייזער. ער האט א ווײלע צוגעהערט זיך, און ער האט זיך געשטעלט די פראגע, פארוואס אייגענטליך די אידען זיינען אזוי פאראכטעט. אבער ער איז ניט גע־קומען צו קיין שום שלום. עס האט איהם טיף וועה געטאן, אוועק־צוגעהן פון די דאזיגע פעלדער, ווער ווייסט ווי ווייט. עס איז דאך אזוי שעהן דא! ווי ברייט און רוהיג דאס לאנד ליעגט דא! א גרויער, גלאנצלאזער נעבעל איז געקראכען איבער די ווייטע פעלדער, און אויף יענער זייט ליעגט נירענבערג מיט איהר קייזערליכען שלאס, מיט איהרע שטארקע מויערן, מיט איהרע שמאלע, שטאלצע טורעמס. אלע הייזער זיינען אודאי פון מירמעלשטיין געבויט, היינט די שטא־פען און דאס פולע גאלד און די הערליכע פערד, די קאמף־שפילען,

דער יאריד אויף דער שיט־אינזעל, דער קצבים־שפרונג — ווי בונט, ווי פארשיידענארטיג, ווי פריידיג און שימערענד דאס אלעס איז!

און ביסלאכווייז איז אלעס פארזונקען געווארען אין דעם בין־השמשות. ער איז געגאנגען אהיים, די טעמפע, אזוי ווי דראהענדע פארהאוועטקייט, וואס האט אומעטום געהערשט, און איז וואס אמאל אלץ גרעסער געווארען, האט אין איהם דערוועקט אן אומבאשטימטע אנגסט. ביי א גארטען־טיר איז געלעגען א שטיין, און ער האט זיך אויף דעם א מידער אנידער־געזעצט. שמשון וויינשענק און זיין הויז־געזינד האבען שוין צוויי וואגענס פול אנגעפאקט, און זיי זיינען אלזא געזעסען צווישען ליידיגע ווענט: אויך דוד טישבעק און שמואל שרענץ און הוצעל דוד'ל און לייב וואסערטרידינגער און משה קעז־בויער און מאיר וואלף, אלע, אלע זיינען שוין געווען מוכן ומזומן דאס לאנד פון פעגניץ אויף אייביג צו פארלאזען. דער אינגעל האט אזוי ווי פאראויסגעפיהלט ווי א רייהע שווערע שיקזאלען, דערפאר איז ער געווען אזוי אומעטיג. דאן איז ווידער געקומען דאס זאגענ־האפטע, וואס האט פאר איהם אלעס ארום פארוואנדעלט אין אומ־ווירקליכקייט, אזוי, דאס ער האט ארום יעטווידע זאך געזעהן ריזען־גרויסע בלומען אויסוואקסענדיג. דער שמערצליך־שעהנע מוזיק האט זיך נעלאזט הערען פון ערגעץ־וואו און אהן אויפהער זיך גע־צויגען דורך די צרה'דיגע גאסען פון דעם אידישען קווארטאל.

דער אינגעל האט א קוק געטאן און דערזעהן רחל נאטאן געהענ־דיג מיט שווערע, אבער האסטיגע טריט. זי האט געוואלט פארביי־געהן, אבער בנימין האט זי א רוף געטאן. זי האט אויפגעציטערט, האט א מאך געטאן מיטביידע הענט און געוואלט שנעל ווייטער־געהן — צו די הייזער פון די קריסטען. זי האט אבער באלד חרטה געקראגען און זי האט זיך אוועקגעזעצט לעבען דעם אינגעל אויפ'ן שטיין. „מארגען געהט מען אוועק, ווייסטו דאס, אינגעל?“ — האט זי א פרעג געטאן. זי האט די „ריש“ ניט געקענט גוט אויסרעדען, און דאס האט איהר שטימע צוגעגעבען עטוואס פרעהרענדעס. דער אינגעל האט איהר געענטפערט, אבער זי האט מעהר ניט גערעדט. עס האט אויסגעזעהן, ווי זי וואלט אינגאנצען אין זיך אוועק. דער אינגעל האט געזעהן, ווי זי האט פארדעקט איהר פנים מיט די הענט, און צוליב דעם נידעריגען זיצען זיינען די עלענבויגענס געווען איינ־

נעגראבען טיף אין שויס. ער האט זיך דערמאנט, אז על פי דין טאר מען אזוי נידעריג ניט זיצען, נאר „שבעה“ נאך א טויטען דארף מען אזוי זיצען. ער איז האסטיג אויפגעשטאנען. אבער איידער ער האט זיך ארומגעקוקט, האט איהם די יונגע מיידעל העפטיג אנגעכאפט ביים ארים, האט איהם א ציה געטאן צו זיך, אריינגענומען זיין קאפ צווישען איהרע ביידע הענט און האט איהרע גליהענד־הייסע טרוקענע ליפען ליידענשאפטליך צוגעפרעסט צום אינגעל'ס מויל. בנימין האט נעגלויבט, אז ער פאלט באלד אנידער, אויף זיין שטערען האט זיך געפערלט א דראבנער שוויים. וועלכער האט איהם אזוי ווי מיט נאדלען געשטאכען. און ער האט געהערט ביי רחל'ען דאס הארץ ווי מיט האמערס קלאפענדיג, די ווארימקייט פון איהר קערפער האט צו איהם געשטראמט, די כוואליעס פון איהרע האר האבען זיין קאפ בארעקט. און דאן זיינען נאסע טראפענס ארונטערגעפאלען אויף זיינע באקען, און ערשט ווען ער האט דערהערט דאס הויך שלוכצען פון דער יונגער מיידעל, האט ער פארשטאנען, אז דאס זיינען מסתמא טרערען געוועזן. זי האט זיך מיט אמאל א הויב געטאן, האט גראב אפגעשטויסען פון זיך דעם אינגעל און גענומען שנעל געהן. זי האט זיך אבער באלד אומגעקערט. איהר שטימע איז געוועזן רוהיג, און זי האט זיך געשעמט אזוי אפען פאלען אויף די קני פאר'ן אינגעל. „זאג קיינעם ניט, וואוהין איך געה“, האט זי געשטאמעלט, „דער ליבער גאט וועט דיר באצאהלען דיין שכר.“

אויף דער רויזען־גאס איז געשטאנען א קליין גרין־געפארבט הויז, וואו היינט איז דאס אידישע יתומים־הויז. דארטען האט גע־וואוינט דער קריסטליכער סטודענט טאמאס פעטער הומעל. רחל איז מיט מאטערניש דורכגעקראכען די פינסטערקייט פון פירהויז. און עס איז איהר פלוצלונג איינגעפאלען, זי ווייס ניט פארוואס, א מאמר פון דער מסכתא תענית: „און איך וועל פארשטערען אלע זייערע שמחות, זייערע יום־טובים, חדשים און שבתים“. א הייזע־רינער נעזאנג האט ארויסגעשאלט פון א הינטערשטען צימער. דאן האט זיך דערהערט א ווילדער ליארעם און ריידעריי, א קלינגעריי פון גלעזער און אויסגעשרייען און אויף איין מאל איז צוריק שטיל גע־ווארען. א ווייכער, בויגינער באריטאן האט אנגעהויבען צו זינגען א ליד, און רחל האט דערקענט די שטימע. וועלכע איז אזוי פארפיה־

ריש געהעז און אויף וועלכער זי האט געמיינט, אז קיינער קען איהר ניט ביישטעהן. עס איז געווען א שטימע, פון וועלכער מען האט נעבט־לאנג געקענט טרוימען. „עס איז איין רויז פארשוואונדען פון א גרויסער צאהל״, האט ער געזונגען — אז אלט ליד פול מיט טרויער און טיפער בענקשאפט. ווער עס האט דאס געזונגען, האט געוויס גע־מוזט ליידען פון ליבע. עס האט אויסגעזעהן, ווי א פוינעל וואלט געפאנגען געווען, א פויגעל, וואס קען אהן פרייהייט ניט לעבען, און ער זיצט פארשפארט אין א שמאל שטייגעל און צעקלאפט זיך די פליגלען אויף בלוט. דאס ליד איז שוין לאנג געווען געענדיגט, אבער רחל איז נאך אלץ געשטאנען באוועגונגסלאז, און א שמאלער ליכט־פאס איז דורך דעם טיר־שפאלט איהר געפאלען אויפ׳ן שטערען. פלוצלונג האט זיך די טיר אויפגעריסען, און לאכענדיג איז טאמאס פעטער הומעל ארויס, אין איין האנט האלטענדיג דעם וויין־קרוג און מיט דער אנדערער, מיט אן איבערטריבענער לוסטינקייט, אויף וועל־כער איז פעהיג געווען, צואווינקענדיג צו דער מחנה סטודענטען, וואס זיינען געזעסען ביים טיש. דאס צימער איז פול געווען מיט רויך, ווארים די יונגע לייט זיינען אלע געזעסען מיט פיפקעס אין מויל און האבען געפיפקעט אויף וואס די וועלט שטעהט. הומעל האט צוריק פארמאכט די טיר, און האט מיט א פייער־שטיין אנגעצונדען אן עהל־לעמפעל, אום אין קעלער ארונטערצוגעהן. ווען ער האט זיך אומגעדרעהט מיט׳ן לעמפעל אין האנט, האט ער דערזעהן רחל׳ען. ער איז בלאס געווארען און ער האט קיין ווארט ניט געקענט ארויסרעדען. זיין קליין מויל האט זיך צונויפגעדריקט, זיינע שווארצאפלען האבען זיך אויסגעצויגען ווי ביי א קאץ, און ענדליך האט ער ארויסגעלאזען א טעמפען, פרעגענדען קלאנג. „מיר געהען פון דאנען אוועק״, האט רחל געמורמעלט, און איהר קין איז געפאלען אויף דער ברוסט. דער סטודענט האט גלייך א שמייכעל געטאן אונטער זיינע שווארצע, קאַ־קעטישע וואנצען, און האט געזאגט, אז אין צימער קען ער זי ניט אריינגעמען, זאל זי מיט איהם ארונטערגעהן אין קעלער. ער איז גלייך צוריקגעלאפען, האט געפונען שנעל אן אויסרייד פאר די שכור׳ע קאמעראדען, ווי אוועקצוגעהן פון זיי אויף א ביסעל לענגער, און רחל איז איהם נאכגעגאנגען אין נאסען קעלער. הומעל האט זי אנידערגע־זעצט אויף א פוסט פעסעל, האט גענומען איהר האנט און זעהר שעהן

געדט צו איהר. שעהן צו רעדען — אויף דעם איז ער א מייסטער געווען. ער האט פארגעסען אי אַן זיך אי אַן אנדערע, ער האט אויך פארגעסען דעם צװעק פון זיין רעדען, האט געבראכט הונדערטער ראיות און טעמים, וועלכע וואלטען קיין שום מענשען ניט איינגע־פאלען, איז אריבער פון צעהנטען צום צוואנציגסטען און אפילו נאך ווייטער, האט אויף א ווײלע ניט אפגעשטעלט דעם שטראם פון זיינע רייד, וואו עס האט געפאסט, האט ער אריינגעהאקט א געלערענטע ציטאטע אנשטאט אַן אייגענע מיינונג, אדער ווי אנגעמאסטען גע־בראכט א לעהררייכע געשיכטע פון שפאנענדער ערפינדונג, קורץ, ער האט געוואוסט אזוי פאלקאמען צו באנוצען דאס ווארט, אז אין וועני־צייט איז ער אימשטאנד געווען פון א גרויסען אומגליק א גארנישט צו מאכען, און ער איז איננאנצען געווען א ביישפיל צו באשטעטיגען דעם אלטען ציצערא'ס מיינונג וועגען רעדנערקונסט. דערצו איז זיין שטימע געווען שטיל און פארפיהרעריש, איינדרינגליך. און אויך ערציהענד, זיינען זשעסטען זיינען געווען רונד און העפליך, געמעסיג און גנעדיג, באזונדערס, ווען ער פלעגט ביי די שפיצען צונויפדריקען דעם גראבען פינגער מיט'ן צייג־פינגער און דאן מאכענדיג מיט'ן האנט ארויף און אראפ, אזוי ווי א פערפענדיקעל. ער האט ווירקליך אויסגעזעהן די פארקערפערונג פון ליעבע און אומאיינגענונציגקייט, און אלץ וואס ער האט געזאגט, האט געהאט קלאנג און פארנונפט, געווען קיילעכדיג און שפיציג, ווי מען זאגט, און ער האט געהאט בכוח א מענשען צו טרייסטען, אזוי, אז יענער זאל אן אלע יסורים זיינע פארגעסען און אזוי אנזעטיגען זיך מיט פרייד, גלייך ווי ער וואלט ביים טיש פון דעם גרויסען מאגול די טייערסטע שפייזען גע־געסען.

רחל האט זיך אויפגעהויבען, האט געגעבען דעם סטודענט די האנט און איז אוועקגעגאנגען, גראד ווען פון אויבען האט זיך דער־הערט דאס אומגעדולדיגע קלאפעריי מיט די פיס פון די איבעריגע סטודענטען. זי איז ארויסגעגאנגען אין דער נאכט. זי האט זיך ניט קלאר דערמאנט, אז טאמאס פעטער האט איהר געראטען צו ווארע־נען די אידען, אז עפעס גרייט זיך פאר זיי, אבער דאס האט זי קאלט געלאזען. זי האט זיך געפיהלט ווי דאס טויטע ווערקצייג אין א פרעמדער, שטארקער האנט. זי האט געטראכט פון דעם געליעב־

טען, מיט וועלכע זי האט זיך אקארשט אויף אזא מאָדנעם אופן גע־שיידט אויף אייביג, און גלייך האט א שוידער איהר די ברוסט צו־זאמענגעצויגען, און איהר הארץ איז ווי בליי געלעגען אין קערפער. יענעם הויז, וואס האט פאר איהר געהאט באהאלטען אזוי פיעל טייערקייט, קען שוין מעהר ניט באשעהנען איהרע טרוימען. ניט אומזיסט איז איבער'ן ארייננאנג געשטאנען א גראבער סאלדאטסקער אויפשריפט, נאר וואס אנגעצייכענט:

„ווער עס פיהרט זיך אזוי ווי איך, פיהרט זיך שלעכט.
„מיין פאטער'ס גוטס האב איך פארטרונקען,
„ביז דעם אלטען פילץ־הוט.
„איינעם האב איך, וועל איך איהם אויך באלד פארטרינקען."

די נאכט איז געווען קאלט און פינסטער. די וואלקענס אין הימעל האבען געהאט אין זייער געלען שיין און ניט־קלארע ליניען עט־וואס וועזענהאפטעס און פערזענליכעס. ביי די טירען פון אנדערע קריסטליכע הייזער זיינען געשטאנען מענער פאר'ן שיין פון טונקעל־ברענענדיגע ליכט און האבען אפען ארומגערעדט די געשעהענישען אין דעם אידישען קווארטאל. זיי האבען אויסגעזעהן צו זיין באַ־זארגט, ווארים ווי פארהאסט דאס דאזיגע פאלק איז ביי זיי ניט געווען, האבען דאך די אלע זאכען באליידיגט זייער הארען־געפיהל, און עס האט זיך זיי ניט געוואלט דערלאזען, אז די קנעכט זאלען זיך אזוי לייכט באפרייען און אוועקגעהן. פארשטעהט זיך, אז די וואס זיינען שולדיג געווען געלט צו די פראצענטניקעס, האבען זיך שטי־לערהייט די הענט געריבען און געפרעהט זיך מיט די קאפיטאלען, וואס זיי וועלען זיך אהן שום מיה ערווערבען.

רחל האט ניט געוואגט צו געהן אהיים. זי האט ניט געוואוסט, וואס עס האלט זי אפ דערפון, אבער איהר זעלע איז איננאנצען אויסגעגאנגען פאר מורא. זי האט געוואנדערט ווייטער, ניט טראכ־טענדיג פון קיין שום ציל. זי האט דורכאויס געלעבט אין איהר איי־גענער טונקעלער וועלט, און אין די בליקען, וואס זי האט געווארפען אין די באלויכטענע פענסטער פון די וואוינונגען, איז געווען עטוואס וואהנזיניגעס. ווי אלע מאל איז זי אריין אין הויז פון דעם פרומען

אליעזר ראפאפארט, וועלכער איז געווען איהרער א קרוב. די גאנצע פאמיליע איז געזעסען ארום דעם גרויסען טיש, ווייטער זיינען די ווענט געווען גאנץ הויל, די אלמערס אוועקגענומען, געשיר, בעטען, וועש און קליידער. עס איז געווען אומהיימליך צו קוקען, ווי די מענשען זיינען געזעסען צונויפגעקארטשעט ארום דעם פינסטערען, רויכערדיגען לעמפעל, מיט בלאסע, ערווארטונגספולע געזיכטער, אדער שוין אפילו מיט מילדע געזיכטער, אין וועלכע עס האט אבער געלויכטען נאך א דערוויטערטע, און אוועקפליהענדיגע בענקשאפט, א ניט זיכערע האפענונג, און ווי זיי האבען זיך צוגעהערט, וואס אליעזר האט געליינענט. און אויף דרויסען האט דער ווינט געבושעוועט, און אומעטום האט עס געקלאפט און געבריאזגעט, און אפט האבען דערשראקענע רינדער געמעקעט אדער פערד האבען געהירזשעט.

רחל האט זיך אנידערגעזעצט אין א ווינקעל פון שטוב, וואו א באלקען האט ארויסגעשפארט פון וואנט. קיינער האט זיך אויף איהר ניט אומגעקוקט. דען מען איז כמעט שוין געווען צוגעוועהנט צו דעם, זי זאל זיך שטילערהייט ארייננגב'ענען און אין א האלבע שטונדע ארום שוין ניט ווערען. אליעזר האט געליינענט פון דעם ספר „שמחת הנפש“ (די פרייד פון דער זעלע), וועלכער איז אין פראנקפורט און אין זולצבאך אפגעדרוקט געווארען אויף עברי־טייטש. מיט א ציטערדיגער שטימע האט דער אלטער געליינענט דעם משל אנטקעגען די שטארקייט פון דער אמונה: „איינער האט דריי גוטע פריינד: איינער איז זיין לייב־פריינד. דער אנדערער איז אויך א גוטער פריינד, און דער דריטער, דעם האט ער גארניט געאכט. פלוצלונג שיקט דער מלך, דער קיניג, א שליח נאך דעם מענשען, ער זאל געשווינד צום מלך קומען. דער מענש דערשרעקט זיך זעהר, ער דענקט, וואס קען דאס באדייטען, וואס דער מלך שיקט נאך מיר, און ער האט זיך זעהר געפארכטען, און געהט צו זיין לייב־פריינד, ער זאל מיט איהם געהן צום מלך, דער וויל אבער ניט געהן מיט איהם, געהט ער צו דעם אנדערען פריינד, ער זאל מיט איהם געהן צום מלך, זאגט צו איהם יענער, איך וועל דיך באגלייטען ביז צו דעם שלאס, אבער ווייטער וועל איך ניט געהן. דא געהט ער צו דעם דריטען פריינד, וואס ער האט איהם גארניט געאכט. זאגט יענער, איך וועל מיט דיר געהן צום מלך און דיך באשירעמען. און איז מיט איהם געגאנגען

צום מלך און האט איהם באשירעמט. אזוי זיינען אויך די דריי פריינד: איינער, דאס איז געלט; דער אנדערער, דאס איז זיין ווייב און קינד; דער דריטער פריינד, וואס דער מענש האלט איהם פאר גארנישט, דאס איז די תורה, די מצוות, די מעשים טובים, וואס דער מענש טוט זיי ניט אכטען. דער מלך דאס איז גאט, דער שליח דאס איז דער טויט, וואס גאט שיקט פלוצלונג, ער זאל דעם מענשען זיין נשמה נעמען. דער בעסטער פריינד דאס איז דאס געלט, וואס עס בלייבט אינדערהיים, וואס ווען ער זאל נאך אזוי פיעל פארמאגען, קען ער דאך דאס מיט זיך ניט נעמען. דער אנדער פריינד דאס איז זיין ווייב און קינדער, געהען מיט איהם ביז צום קבר, שרייען און וויינען, קענען איהם אבער ניט העלפען. דער דריטער פריינד, וואס דער מענש טוט איהם גארניט אכטען, דער געהט מיט איהם צום מלך."

די שטימע האט געקלונגען ווי אין א הייהל. אין צימער האט זיך נאך אבער געפונען א ראב, וועלכען עובדיה ענזעל האט אויסגע־האדעוועט, און וועלכער האט תמיד ווידערהוילט א זעהר זונדער־בארע רעדענסארט פון זיין באלעבאס. ער איז געזעסען אויף א שטאנג, פלעגט זיך אנבויגען און זיך ארייננמישען מיט זיין קראקען אין דער גרעסטער פלוגתא. רחל האט די גאנצע צייט געקוקט אויפ'ן פייגעל, ווארים עס האט זיך איהר געדאכט, אז אין איהם איז א מענשליך וועזען פארבארגען, און זי האט אפילו געטראכט: „אזוי איז מיין גאנצעס פאלק, ווי דער דאזיגער ראב". טאפעלט שווארץ און טאפעלט אומרוהיג האט ער אויסגעזעהן אין געגענזאץ צו די פייער־רויטע געזיכטער ביים טיש. אינמיטען דער טונקעלקייט זיינען אלע געזעסען אין א ליכט־קרייז ווי אויף אן אינזעל אין אן אקעאן פון פינס־טערניש.

אומעטום האט מען די דאזיגע נאכט פארבראכט אין תפילות און תעניתים. עס האבען, פארשטעהט זיך, געפונען זיך אזעלכע, וואס האבען ווידער גענומען קווינקלען זיך. און אנדערע, וואס וואל־טען בעסער געוואלט צוריק בלייבען. אבער זכריה נאאר איז צו זיי געקומען. עס האט אויסגעזעהן, ווי ער וואלט די שוועבלינגען און פייגלינגען אויפ'ן קוק דערקענט. עס איז געוועזן צו באוואונדערען, ווי ער האט צו זיי גערעדט, און זיי האבען איהם געפאלגט ווי הינט,

וועז ער האט אויף זיי אנגעשטעלט זיינע אויגען און אויף א געהיימ־ניספולען אופן זייערע הערצער ווי ליים געקנאטען.

דער צוג פון די וואנדערענדע אידען האט ניט אויפגעהערט. די אויפרעגונג אין דייטשלאנד איז וואס אמאל אלץ שטארקער געווארען. אין אריענט האבען זיך געקליבען די געשעהענישען איינע נאך די אנדערע אויף א משונה'דיגען אופן. א ידיעה איז געקומען, אז שבתי־צבי איז איינגעלאדען געווארען אין געסט צום טערקישען סולטאן אין ער פאהרט אויף א שיף קיין סאלאניקי אין באגלייטונג פון זיינע צוועלף תלמידים און א גרויסע מחנה פון לומדים, א גאנצע פלאטילע פון סמירנער שיפען געהען איהם נאך, ווייבער האבען פון זיינטוועגען פארלאזען זייערע מענער, מוטערס זייערע קינדער, מיידלעך און בחורים די היים פון זייערע עלטערן. גאלד און בריליאנטען פליסען צו איהם ווי פון אן אומערשעפליכען קוואל, און די כאליפען פון בוכארע און די פירסטען פון אפגאניסטאן און די ראדזשאס פון אינ־דיען שיקען איהם פערעל און טייערע שטיינער, שיקען שלוחים, שיקען שפייזען פאר זיינע מאלצייטען, קליידער פון פורפור, זייד און סאמעט. די און נאך אזעלכע מעשיות האבען ווי פאר'שכור'ט דאס אידישע פאלק אויף דער גאנצער ערד. זייערע ערווארטונגען האבען קוים גע־קענט נאכגעהן זייער פרייד, עס האט זיי אנגעפילט א זינלאזע פאר־געטערונג פאר דעם מענשען־גאט. און דער איד, וועלכער גיט זיך אזוי לייכט אפ צו כל־המיני משוגעת'ן, האט דערביי פארגעסען זיין ערדישעם האב און גוטס און אלע ערדישע זאכען. מלאכים האבען געשפילט אויף פייפיאלען, און דער אלטער, בייזער גאט פון ישראל, וועלכער האט משה'ן דערהויבען און פרעה'ן באשטראפט, איז אליין געקומען משיח'ן אנטקעגען. דערפאר איז שוין קיין וואונדער ניט געוועזן, וואס צירעלע איז אזוי הויך דערהויבען געווארען. איהר נשמה וועלכע איז אין אנפאנג געוועזן א ביסעל פרעמד צו דער דאזיגער מי־סיאן, האט אויפגעפלאמט אין אנגעזיכט פון דעם וואונדערבארען סוד. זי איז ניט געוועזן קיין צנועה. ווער עס פלעגט איהר געפעלען זיין, דעם פלעגט זי זיך אפגעבען, אפט מעהר פון רחמנות וועגען ווי פון חשק, ווארים זי פלעגט זעהן ווי די מענער ווערען פאר איהר צע־שמאלצען אזוי ווי וואקס. פונדעסטוועגען האט זי געקוקט מיט שווי־דער אהין, צום הייליגען לאנד, וואו עס ווארט אויף איהר דער זוהן

פון הימעל, וועלכער איז אזוי שעהן, אז קיינער קען זיך אין זיין פנים ניט אריינקוקען, ניט ווערענדיג בלינד. זי האט אויף א רעט־זעלהאפטען אופן געקראגען פון איהם בריף, וועלכע האבען מיט זייער אינהאלט אהן א שיעור ברייטער געמאכט דעם קרייז פון גליקזע־ליגקייט פאר איהרע טרוימען אין חלום און אויפ'ן וואהר.

איינמאל איז זי פארביינעגאנגען דעם קנעקער'ס הויז, און האט געזעהן רחל'ען זיצענדיג אונטער'ן טיר. עפעס איז געווען אין דער מיי־דעל'ס פנים וואס האט זי צוגעצויגען, אפשר די הילפלאזע אויגען, אדער דאס הילפלאזע מויל, וואס איז אפט אביסעל אפען געווען. צירעלע איז נעהענטער צוגעגאנגען, האט זיך אוועקגעשטעלט לעבען רחל'ען, האט גענומען איהר האנט און זי ווייך גערדריקט. רחל האט פארוואונדערט געשאקעלט דעם קאפ און עקשנות'דיג געשמייכעלט. אבער פלוצלונג האט זי זיך מעהר ניט געקענט איינהאלטען: עס האט אויסגעזעהן, ווי עפעס וואלט אין איהר צעבראכען געווארען, זי איז געפאלען אויף די קני און שלוכצענדיג געדריקט איהר פנים צו צירעלע'ס שויס, און צירעלע'ן איז געווארען אזוי שווער און אומעטיג, צו זעהן דער מיידעל'ס ליידען. אויפ'ן גאס איז געשטאנען וואגען אויף וואגען, פול געפאקט פאר דער לאנגער, שווערער רייזע. דאס אלעס און די מינעס פון די אלטע לייט, וועלכע זיינען געווען אזוי באזארגט און דאך פרעהליך און פול מיט בטחון, האבען פלוצלונג ווי אויפגעטרייסעלט צירעלע'ן.

מאיר נאטאן איז מיט יעדען טאג אומרוהיגער געווארען, האט געפרעגט זיין טאכטער, ווען, רעכענט זי, וועט דאס גרויסע געשעהן. און איז געגאנגען עצות פרעגען ביי דער אידענע פעסעל, א געניטע באבע, אזא, וואס וועגען איהר קען מען נאך אין די אלטע כראניקעס לייענען: אז זי פלעגט יעדען פריהמארגען לויפען אין שוהל אריין, אז זי האט פיעל יאהרען ניט געגעסען קיין פלייש און ניט געטרונקען קיין וויין און איז אויף דער הוילער ערד געשלאפען. ווען נאטאן האט באטראכט זיין ווייב, וועלכע איז אינגאנצען באפאלען געווארען פון א שטילען אומעט, אזוי, אז ער האט זי אפט געזעהן שטונדען־לאנג זיצענדיג מיט פארמאכטע אויגען, דאן איז איהם ווירקליך אומעטיג געווארען אויפ'ן הארצען, און זיין לעצטע טרייסט זיינען געווען זיינע אוצרות. ער האט אויך געטאן אלצדינג, אום צו ציהען אויף זיך

די אויפמערקזאמקייט, און ער האט דאס נאך מעהר געטאן, וואס שטארקער ער האט געפונען די פאראכטונג, מיט וועלכער מען האט איהם באגעגענט. אזוי האט ער איינמאל ביינאכט פאנאנדערגעלעגט א גרויס פייער הינטער זיין הויז און איז געשטאנען פאר דעם ווי פאר אן אלטאר און האט מתפלל געווען בעת דאס פייער האט פלאקערענדיג זיך געצויגען צום הימעל. מענשען זיינען געקומען צולויפען דער־שראקענע און פרעגען איהם, וואס דאס מיינט. „איך האב פלאקס ארייננגעווארפען.“ האט נאטאן געזאגט, דאך האט קיין שום מענש דאס ניט געקענט פארשטעהן. „איך פאסט“, האט ער ווייטער גע־זאגט, „א תענית חלום, און רבי בר מחזיה זאגט, אז פאסטען פאר א חלום איז ווי פייער פאר פלאקס“. אלע האבען מיט חוזק א שאקעל געטאן מיט די קעפ און זיינען אוועק. עס האבען זיך פארשפרייט ווענען רחל'ען מיאוס'ע און געוואגטע קלאנגען. און זי האט באלד געקראגען ניט קיין שעהנעם נאמען, און זי אליין האט ארומגעוואנ־דערט ווי אין שלאף. האט געטראכט פון די טעג, ווען די ליעבע האט נאך פארשענערט איהר לעבען, ווען קיין נאכט איז ניט געווען גענוג לאנג פאר דעם פרישען טרונק פון גליק, ווען די גאנצע וועלט איז געווען גלייך צו א גן־עדן — אבער דאס איז שוין אלץ פארביי.

שבת ראש־חודש, דעם 28טען נאוועמבער, האט מען זיך גע־דארפט לאזען אין וועג אריין. גאנץ אינדערפריה, לאנג איידער דער מזרח האט גענומען זיך רויטלען, האט זיך די געמיינדע פארזאמעלט אין שוהל. מען האט ארויסגענומען די ספר־תורות פון ארון־קודש, און דער גבאי האט מיט א געבויגענעם קאפ, הכנעה'דיג און בלייך, זיי ארויסגעטראגען. און די גאנצע קהילה, איינער נאכ'ן צווייטען, זיינען מיט תפילות איהם נאכגעגאנגען. און דער שמש האט די ליכט פארלאשען, גוט פארשפארט די טיר און דעם גרויסען אויסגעהוילטען שליסעל פארגראבען אין א זיכערען ארט לעבען דער קלויז. דאן האט זיך דערהערט א געוויין הינטער פיעלע ווענט: מען האט זיך גע־זעגענט מיט'ן ארט פון קנעכטשאפט און פאראכטונג.

ניט ווייט פון דער וואנט פון בית־עולם, דא וואו עס שטעהט היינט דער דאגעלעס־גארטען, זיינען זיך די פוהרען צוזאמענגעקומען. דער רעגען האט געגאסען אין דעם גראהענדיגען טאג און דער שטורעמ־ווינט האט געפייפט דורך די וואגען־ביידלעך: טאפעלט וויסט זיינען

געלענען די ברייטע פעלדער אין דער דעמערונג, און דארטען די פאר־לאזענע הייזער האבען אזוי ווי געדופען, זייערע פוסטע פענסטער האבען עפעס ווי געצייגען און געווארענט. ווייבער האבען געקוויטשעט אויפ׳ן נאסען פלאך־לאנד, הינט האבען געבולען, קינדער האבען געפיש־טשעט, די מאנסביל האבען גערופען זייער הויז־געזינד און די אקסען האבען גערעוועט. ניט ווענינ האט זיך אין דעם געזעצען טומעל אנגעזעהן עובדיה ענזעל׳ס ראב. ציגיינער זיינען צוגעשטאנען צום צוג און מען האט זיי גערולדעט, ווייל זיי האבען געקענט דיענען פאר וועגווייזער. זייערע ווייבער האבען אין דעם ברויזענדען ווינט גע־שריען איינע צו די אנדערע אויף זייער אויער־רייסענדען קוידער־וועלש, און פון א צוגעמאכטען ציגיינער־וואגען האבען זיך געהערט מיט אן מערקווירדיגער זארגלאזיגקייט די טענער פון א פידעל אין לאנגע מינארנע אקארדען. דאן איז געקומען א שטאפעט און האט געמאלדען, אז די פרייע רייכס־שטאט נירענבערג וועט ניט דורכלאזען פריי דורך איהר גבול. איז געבליבען נאר איין וועג צו געהן — די שוועדישע פעסטונג אין דרום־זייט, און דאן ווייטער שטערונגען. עס איז אויך געווען א מורא, אז די נירענבערגער זאלען ניט שיקען קיין סאלדאטען און ניט לאזען די אידען אוועקגעהן. פאר פיעלע האט דאס אויסגעזעהן, ווי עס וואלטען זיך איבערגע׳חזר׳ט די געשעהענישען פון מצרים. דער הימעל האט דאס באשטעטיגט. פאר אלע מכות האט געשיינט די מכה פון חושך אנצוקומען. דער טאג איז שוין אנגעקומען, און דאך איז נאך נאכט געווען. די וועגען זיינען געווען דורכגעווייקט, און די רעדער פון די וואגענס זיינען געשטאנען טיף אין בלאטע. צירעלע, וועמען מען האט אפגעגעבען א מין געהויבע־נעם קאראט, האט א בלאסע, צוקענדיג מיט די ליפען, זיך אנגעלעהנט אין הינטערשטען זיץ. אין גוס־רעגען איז דער יונגער וואגענזייל גע־שטאנען פאר׳ן קאראט. ער איז געווען ווי פאר׳שכור׳ט פון זיין ליעבע. מיט גרויס פאראד האט ער נעכטען זיך אפגעזאגט פון קריסטליכען גלויבען און איז געווארען משיח׳ס א תלמיד. ער האט אלזא געוואלט מיטגעהן, האט געוואלט אפען אלע בענדער מיט דער היימאט צעריי־סען, נאר ער זאל קענען כסדר אין דעם דאזיגען וואונדערפולען פנים קוקען. וואס זי איז געווען שבתי־צבי׳ס כלה, דאס איז פאר איהם גע־ווען ניט וויכטיג. אין דעם איז געווען אזוי פיעל איבער־ערדישעס

און איבער אלע חושים, אז עס האט איהם גארניט באומרוהיגט ביי דעם דאזיגען געדאנק. ער האט, פארשטעהט זיך, ניט געוואוסט, אי ער האט אין זיין האנט געטראגען דאס אומגליק פאר דער דאזיגער גע־מיינדע. די שטילע אויפרעגונג צווישען די קריסטען פון שטעדטעל איז פון דעם אלטען גלח וואגענזייל אויפגעבלאזען געווארען אין אן אפענעם פלאם, און נאך אין פארלויף פון טאג איז געקומען צו אן אפמאך מיט די נירענבערגער, אז זיי זאלען שנעל עפעס טאן. נאך די מורא פאר דאס גלאריאזע און ערהאבענע, וואס איז געלעגען אין דער שטימונג פון דעם טאג, האט געלעהמט דעם פיינדליכען ארים.

צו פארזיכערען דעם בית־עולם פון בויאנסקע הענט, האט מען פארשלאסען דעם טויער מיט א פינפאכען הייליגען זיגעל. ארום אכט דעם זיינער האט זיך אין דער רעכטער מהומה דער שופר געלאזט הערען דריי מאל — דאס איז געווען דער סיגנאל אין וועג אריין. די ציגיינער האבען זיך צוגעשארט צו די פוהרען, וועלכע זיינען פול גע־ווען מיט כל־טוב, און האבען ווי די וועלף זיך געריסען איבער די פלייש און ברויט. אין דעם טומעל האט איינער דעם צווייטען ניט פאר־שטאנען. מוסר און רייד האבען גארנישט ניט געהאלפען. אין אנ־דערע אויגען האט אויפגעטויכט יענע געהיימניספולע פארצווייפלונג, וועלכע קריגט דורך אז אומזיכערען און ברענענדיגען גלאנץ דעם שיין פון מוט און דורך רוהלאזע באשעפטיגקייט ווערט זי ניט צו דערקענען. דער ליארעם און דאס געשריי האט זיך ווייט ווייט געלאזט הערען, האט מיט שרעק פארטריבען די קראהען פון די הוילע פעלדער, און דאס קנאקעריי פון די בעל־עגלה'שע בייטשען האט דורכדרינגענד זיך פארטראגען ביז'ן סאמען וואלד און צוריק אפגעקלונגען ווי א שרעק־קעדיגער, ציטערענדיגער ווידער־קול. די וואלקענס האבען אויסגע־זעהן ווי צעריסענע שטיקער לייווענט, און דער גאנצער הימעל ווי א גרוי דין טוך. ביים קרייצוועג קיין אונטערפארענבאך האט זיך די קליינע אידישע קהילה פון דעם דאזיגען דארף, און דאס גלייכען אויך די קהילות פון ערמרייט און באקסדארף, אנגעשלאסען אן דעם גרוי־סען הויפט־צוג. באלד האבען געפלאטערט אויפ'ן ווינט שלעכט־באפעסטיגטע געצעלטען, און אלערליי לייכטע זאכען זיינען אין לופטען ארומגעפלויגען. וואס העלפען די תפילות פון די פרומע און די פרומע פירושים פון די תלמודיסטען? וואס העלפט דער שטרענגער גלויבען

און די זיכערע באגייסטערונג? דער פאראומערטער אידישער גאס לאזט קענטיג מיט זיך ניט שפּאסען און שטרעקט ארונטער זיין גרוי־זאמע האנט, וועלכע שטעלט זיך אוועק ווי א וואנט פאר יענע זיסע און צוציהענדיגע צילען וועלכע א מארגענלענדישע פאנטאזיע האט גע־קענט ארויסצויבערען. אפט זיינען די פוהרען געבליבען שטעהן אין דער טיפער בלאטע און פופציג אדער מעהר מענער האבען געמוזט מיט אלע כוחות אונטערשפּארען די אקסלען און ארויסשלעפּען. איין וואגען האט געדיענט פאר א שוהל, און דארט איז אויך געווען בא־האלטען דער ארון־קודש, גרויסארטיג פארפּוצט. דער רב־הכולל און דער חזן און די רומפּעלס און וואלף באטש זיינען געזעסען ארום און האבען געזונגען ליעדער פון שבתי־צבי. ברוך קלעס האט אין זיין וואגען געהאלטען ארומגענומען זיין ווייב. עפּעס א מין ווארמעס, א בעטער מעהליגער מאכל, איז געשטאנען פאר זיי אין א צינערנעם שי־סעל, אבער זיי האבען ניט געגעסען, נאר זיי האבען מיט טעמפּע בליִ־קען געקוקט אויף דעם עסען וואס ווערט קאלט. טעמפּע געשרייען האבען זיך געהערט אין זייער קלאגעדיגער וואוינונג. אנדערע האבען נאך מיטגענומען די קעץ, וועלכע האבען געמיאוקעט אהן אויפהער ער־געץ־וואו פארשטעקט אין לעכער. דאן האט דער ווינט ווידער גענומען הויך הודזשען, און אויף די מאגערע בוימער־אלעען פון גאס זיינען די ברוינע, נאסע בלעטער אומגעפלויגען אין א גייסטערהאפטען טאנץ. און די צווייגען האבען קנאקענדיג זיך געבויגען, אבער ניט געבראָ־כען. דער רעגען האט געקלאפּט און געפּויקט איבער די דינע דעכער, די אקסען פון די וואגענס האבען אויך געסקריפּעט, אין פיעל געשפּאַ־נען זיינען די פערד געבליבען שטעהן און מען האט זיי בשום אופן פון ארט ניט געקענט ריהרען, ניט מיט בייזען, ניט מיט גוטען. די גאנצע נאטור איז אויפגעלייזט געווארען אין א דריקענדער באנגקייט. אין מאיר דעם קנעקער'ס פוהר איז געווען רוהיג, ווארים אין איין ווינ־קעל איז טעלזעלע געזעסען צונויפגעקארטשעט, און אין דעם אנדער ווינקעל איז רחל אזוי געזעסען. נאר נאטאן אליין האט אויסגעזעהן פרעהליך, לעבעדיג. ער האט עפּעס געשיינט צו זיין זעהר גליקליך, האט כסדר נאריש געבורטשעט, האט פריינדליך געמאכט מיט די אויגלעך און געפרעגט: „רחל'ע, ווען קומט דאס גילדערנע מיידעלע, דאס הימעלשע טעכטערל?" זיין אונטערשטע ליפּ איז זיכער נאך

גרעבער געוואָרען און זיינע אויגען האָבען זיך שווינדזיכטיג געדרוי־טעלט.

ענדליך, נאָך פיער שטונדען, האָט דער קאַראַוואַן דערגרייכט דעם וואַלד. א פוסגעהער וואָלט א פערטעל פון דער דאָזיגער צייט געדאַרפט האָבען. מען האָט איצט געדאַרפט געהן אין זאַנפטער שטיי־גונג באַרג־אַרויף, אָבער אפריהער האָט מען זיך אָפּגעשטעלט אויף א שטונדע אָפּצורוהען. דער וואַלד איז געווען פינסטער. ער האָט דענסטמאָל נאָך שטאַרק אויסגעזעהן ווי די אור־וועלדער פון פאַרצייטען. עס איז געווען אזוי טונקעל, ווי עס איז אין טיפער דעמערונגס־צייט אין פרייען פעלד, די צווייגען האָבען געטריפט מיט רעגען, דער באָדען איז געווען גאַנץ שוואַרץ און שלאַמיג. א מאָדנער גערויש איז דורכגעגאַנגען ווי א כוואַליע דורכ׳ן גאַנצען וואַלד. צווישען די שטאַמען אין דער טיפקייט איז די נאַכט ווי א קלעק געלעגען, און די גרינע נאָדלען און די בלעטער אויף דר׳ערד זיינען געווען נאַס און גליטשיג. פון צייט צו צייט האָט מען געקענט הערען דאָס ווייטע געשריי פון א ווילדע חיה אָדער א גערויש ווי מען וואָלט געהאַקט מיט א האַק. דער הימעל איז פאַרשוואונדען געוואָרען, אויך דעם פליין האָט מען מעהר ניט געקענט זעהן. און דער רעגען־שלייער און דער נע־בעל־שלייער האָבען געמאַכט דעם וועג אויסזעהן ניט־זיכער. א פויגעל האָט זיך באַוויזען און איז אוועקגעפלויגען שרעקעדיג און האַסטיג צו באַהאַלטען זיך אין די טיפערע בוימער, אין דער טיפערער שטילקייט פון וואַלד. איבער דעם זומפּיגען גרונד איז געלעגען א שווערע פאַר־גליווערטקייט, ווי עפּעס געלעהמטעס. ווי ווייט האָבען זיך שוין אַלע געפיהלט פון דער היימאַט, פון זייערע גערטנער, פון זייערע הייזער, פון דעם שפּיעלפּלאַץ פון זייערע קינדער־יאָהרען, פון דעם שויפּלאַץ פון זייערע זאָרגען. רחל, איינגעדעקט אין א דיקען וואָלענעם טוך, האָט זיך צוגעשפּאַרט צו א בוכענבוים. יאָ, זי איז געווען תמ׳עוואַטע און מיד, דאָך האָט זי געפיהלט אין זיך עטוואָס, וואָס טיילט זי שטאַרק אָפּ פון אַלעמען. זי האָט זיך געפיהלט, אז זי איז איידעלער און בע־סער, גלייך ווי די איבערגעלעבטע ליידענשאַפט וואָלט זי הייליג גע־מאַכט. שוידערענדיג האָט זי אויך געפיהלט אין זיך דאָס יונגע לע־בען, וואָס א טאָג אַלץ מעהר, וואָס א טאָג אַלץ שרעקליכער, און דאָך איז עס געווען אזוי מערכענהאַפט און אומגלויבליך דאָס צו טראָגען.

אזוי אז די זעלע איז שטארק געווארען און זיך אויסגעגליכט, אזוי ווי זי וואלט אויך געווען עטוואס קערפערליכעס. זי האט געטראגען די צוקונפט אין שוים, א נייעם דור, א קעמפער פון שפעטע־דיגע צייטען.

דער סיגנאל צו לאזען זיך אין וועג אריין איז געגעבען געווארען. עס איז געגאנגען בארג־ארויף, דארט וואו די פעסטונג איז געשטאנען, פון וואנען מען קען דערגרייכען צום טאל פון רעגניץ. מענער און פרויען זיינען ארונטער און האבען זיך געשלעפט צו־פוס. פיעלע פון די פוהרמאנעס האבען שוין געמאכט שטעכיגע און פיינדליכע באמערקונגען. מען האט זיי געדונגען פאר שווערע געלט, ווייל די מייסטע אידישע יונגע לייט האבען ניט געוואוסט, ווי ארומצוגעהן מיט פערד, און ביי דער נעקסטער גרענעץ האבען אנדערע זיי געדארפט איבערבייטען. א סך פרויען האבען געטראגען זייערע קינדער אויף די רוקענס, איינגעוויקעלט אין פאטשיילעס. ווי פאמעלעך און מיט מאטערניש זיי האבען זיך געשלעפט ! דאס געשריי פון די פוהרמאנעס האט אנגעפילט די לופט, די ציגיינער האבען אריבערגעשריען איינע די אנדערע, אזוי, אז עס האט ארום געקאכט ווי אין א קעסעל, און ווען א ווילדער חזיר איז מיט אמאל דעם וועג איבערגעלאפען, האבען די דערשראקענע געמאכט א מורא׳דיגע קוויטשעריי, און אפילו א סך מאנסביל זיינען בלאס געווארען און האבען פארלארען אויסגעשטעלט די אויגען. אין האלב־וועג פון אז ארויף־בארג האבען זיך אנגעהויבען די שטיינגריבער. וועלכע די נירענבערגער האבען אפגעקויפט נאכ׳ן גרויסען פרידען און שוין זיי אויסגעהאקט. איצט האט מען געדארפט אפראמען פון וועג די ווילדע געוויקסען און די אראפהענגענדיגע צווייגען, און מען האט געמוזט פארזיכטיג זיין, אז קיין ראד זאל ניט צוקומען נאהענט צום אפגרונד פון א שטיינגרוב. אונטען איז געווען שווארץ וואסער, און עס האט אויסגעזעהן אזוי טיף ווי א ברונים. פון דעם רעגען זיינען געווארען שמאלע קרייזען, און דער הימעל האט אריינגעקוקט און פינסטער זיך אפגעשפיגעלט דארטען. שפיציגע שטיינדלעך, קיילעכדיגע קיזעלשטיינער און גרויסע ניט ארומגעהאקטע שטיינער זיינען געלעגען ארום און ארום ; פון אומעטום האבען ארויסגעקוקט לעכער און פארדעטערישע גריבער, און אויף די משופע׳דיגקייטען איז געוואקסען ווילד־קרויט און קראפיווע. ווי גרויסע חורבות

האבען אויסגעזעהן די ראזיגע שטיינגריבער, ווי צעשטערטע הייזער פון ריזען, און זיי האבען דערצו נאך געהאט דאס אויסזעהן פון עפעס אקארשט פארלאזענעס, און אז אט־אט יועט פון דעם אפגרונד ארויס־קריכען דער אומגעהויערער קערפער פון דעם באוואוינער.

עס איז געווארען אווענט. נעדריכטע לוזשעס מיט רעגענוואסער זיינען געשטאנען אין די לעכער פון דעם וועג, אדער אין דעם וועג־גראבען, און די רעדער זיינען אריינגעפאהרען און דאס וואסער האט הויך ארויפגעשפריצט. עס איז געווען ערשטוינליך, און אין דער זעל־בער צייט אויך אומהיימליך, וואס קיינער האט נאך ניט געטראכט פון צוריקקערען זיך, זעהענדיג פאר זיך נאר יסורים און מאטערנישען. זיי האבען אומערשיטערט געקוקט פאראויס אין די מיסטעריעזע ווייטקייטען, און עס איז געווען א טעמפע איבערגעבענהייט, וועלכע האט זיי אונטערטעניג געמאכט, פארשטומט פאר דעם אומהערבארען געבאט פון דעם פאסטוך אין דער ווייטקייט. האבען זיך ספקות גע־גריבעלט אין זייערע נשמות? זיינען זיי געווען צו מיד, אום אפצו־געבען זיך מיט זייערע ספקות? צו סטאאיש אדער צו שקלאפיש, צו ברעכען דעם ווילען פון יענער אידעע? צו שרעקעדיג, אים אפצוגעבען זיך צו אהנונגען? ווער קען דאס וויסען! א געדולדיגער פאטאליזם איז איבער זיי געקומען. ווען עס האט גענומען ווערען אלץ טונקעלער און טונקעלער, האט זיך אויפגעהויבען א ווילדער שטורעם. די שטא־מען פון די בוימער האבען זיך געטרייסעלט. א סך פעדער־פאקלען זיי־נען פארלאשען געווארען און די פונקען זיינען מורא׳דיג געפלויגען צו די שפיצען פון די בוימער.

פלוצלונג (עס האט געמוזט זיין אין דער זעקסטער נאכמיטאג־שטונדע) האבען גלייכצייטיג פון אלע פיער זייטען אין דער טיפעניש פון וואלד זיך דערהערט טראמפייטען־סיגנאלען. דער גאנצער וואגען־צוג האט כמעט מיט איין מאל זיך אפגעשטעלט. אין איין אויגענ־בליק איז אלעס פאר שרעק אנטשוויגען געווארען, טויט־שטיל געווא־רען. אלע האבען געוואוסט, וואס עס קען קומען, און זיי זיינען אזוי שרעקעדיג געווען, אז זיי האבען זיך אינגאנצען צוזאמענגעשרומפען פאר אנגסט. דא און דארט, אין די בלויזען צווישען די בוימער, האט זיך באוויזען א רייטער אין דער אוניפארם פון די נירענבערגישע ביר־

גער־סאלדאטען, באלויכטען פון די פאקלען, וועלכע זיי האבען צוגע־פעסטיגט צו די רוקענס פון די פערד. מיט א חוזק־שמייכעל האבען זיי באטראכט דעם מאטען צוג פון די אויסוואנדערער. זיי האבען באראכטעט די קריגערישע אויפגאבע, וואס איז זיי געגעבען געווא־רען. די שטימע פון דעם יונגען וואגנזייל האט זיך געלאזט הערען: „צו די וואפען! צו די וואפען!" עס איז געווען א הייזעריגער גע־שריי, האלב דערשטיקט פון דערקענען די האפנונגסלאזיגקייט און דעם טעות. עס האט א קראך געטאן א ביקס, שווער און דונערענד: דער אל־טער רבי אליעזר איז, אהן א ווארט ארויסצולאזען, געפאלען אויף דער ווייכער ערד, און זיין אלט בלוט האט ווי א טייך געגאסען און זיך צונויפגעמישט מיט'ן רעגען. איצט האבען זיך אלע אויפגע־כאפט. זיי האבען געפיהלט, אז עס איז ניט נאר געווען די פריי־הייט, וועלכע זיי דארפען זיך ערווערבען: דא שטעהט איך קעגען קריסט, גלויבען קעגען גלויבען. פיעלע זיינען פלוצלונג ווי באטרונקען געווארען. זיי האבען זיך א לאז געטאן צו די וואגענס, האבען געכאפט וואס עס איז זיי אונטער דער האנט געקומען: קיך־כלים, א שטריק, א שייטעל האלץ, אן אייזען־שטאב, א בעזים, א פלאש, אן אלטען איי־זערנעם שלאס פון א טיר, א פאר לייצעס פון א פערד, שטיינער, שטע־קענס און צווייגען פון בוימער — דאס אלעס האבען זיי גענומען אויף צו פארטיידיגען זיך אנטקעגען די וואפען פון געניטע לאנדסקנעכט. נאר צעהן אדער צוועלף זיינען אימשטאנד געווען צו קריגען ביקסען; אבער אזוי ווי זיי האבען ניט געוואוסט ווי דערמיט ארומצוגעהן, הא־בען זיי לויפענדיג אנגעכאפט די ביקסען פארענט פאר די שטאמען און האבען זיך מיט די הענטלעך פארמאסטען אין דער לופט. נאר די ני־רענבערגער האבען שוין פון אלע זייטען געקנאלט מיט זייערע גע־וועהר, און איין איינגעל מיט צוויי פרויען זיינען געפאלען טויט נאכ'ן ארימען אליעזר. די ווייבער האבען אויפגעהויבען א הארצרייסענדען געוויין: דאס שלוכצען האט געמוזט אריינדרינגען טיף אין שויס פון דער ערד, ווארים נאך היינט הערט מען עס ביינאכט דארטען אין די וועלדער. די ציגיינער נאר האבען געוואוסט ווי צו שיסען, אבער זיי איז געווען שלעכט צו צילעווען זיך, ווייל די פערד פון די אנגרייפער זיינען געווען זעהר אומרוהיג און געשפרונגען אין שרעק פון בוים צו בוים, און ביים שיין פון די פאקלען האבען זיי פאר זיך געזעהן טאנ־

צענדיג זייערע אייגענע שאטענס. פיעלע אלטע אידען האבען מיט פאנאטיש גלאנצענדיגע אויגען זיך איינגעגעוארעט אין דעם וואגען, וואו די ספר־תורה איז געווען. מיט ציטערנדיגע ליפען האבען זיי געקושט די ספר־תורה און האבען שמונה־עשרה געזאגט און תהילים געזאגט. די קינדער זיינען פארקראכען אונטער די רעדער און זיינען גענצליך־ פארשטיינערט געווארען פאר שרעק. איינער פון די אנגרייפער האט פון זיין פערד עפעס געשריען, אז מען זאל זיך אונטערגעבען און צו־ ריקקעהרען זיך, אבער זיינע ווערטער זיינען פארהילכט געווארען, און דאן איז דער באפעהל געגעבען געווארען ווידער צו שיסען. דא האבען שוין ברוך קלעס און וואלף בירעזעל געמוזט גלויבען אין דעם פינסטערען טויט, און זיי זיינען אנידערגעפאלען און אויסגע־ שטרעקט זיך צו יענעם לאנגען און מורא'דיגען פרידען. די פארצווייפ־ לונג האט ארויסגערופען א ווילדען סאלדאטסקען גייסט. מיט זייערע גראטעסקע וואפען האבען זיך די אידען א ווארף געטאן צו זייערע גרויזאמע פיינד, ניט מורא האבענדיג ניט פאר'ן טויט ניט פאר וואונ־ דען. זיי האבען מעהר שוין ניט געזעהן וואס עס טוט זיך ארום זיי. זיי זיינען געווען ווי פאר'שכור'ט, זיי האבען געשריען העברעאישע ווערטער, און זייער מאדנע קליידונג האט זיי צוגעגעבען עטוואס גע־ שפענסטערהאפטעס. איין טייל איז געפאלען אויף דער ערד איבער כוקעס און ווארצלען, ווארים די ערד איז געווען גליטשיג; די נאסע צווייגען האבען זיי געשמיסען אין פנים אריין, און זיי זיינען אזוי גע־ לעגען און געקייקלט זיך אין קאנוואלסיווע צוקונגען. עס האט אויס־ געזעהן, ווי עס קען זיי שוין גארנישט ניט העלפען. א בלוטיגע נאכט האט געשיינט אנצוקומען, ערשט עס האט זיך פלוצלונג דערהערט אזוי ווי א ווילדע, שארפע שטימע: „פייער! דער וואלד ברענט!“ און עס האט זיך גלייך צעטראגען דאס געשריי איבער דער גאנצער קייט: „דער וואלד ברענט! דער וואלד ברענט!“ די שטאמען פון די טענענבוימער ביי דער צווייטער שטיינגרוב האבען ווי פון זיך אנגע־ צונדען זיך מיט א דיקען, גלייכמעסיגען פלאם. אין דער טיפעניש פון וואלד איז רוהיג און בלענדענד ארויפגעשטיגען א ברייטער ליכט־ קאנוס. די לופט איז געווען דורכגעדרונגען מיט'ן פורפור פון די פלאמען, עס האבען געגלאנצט די נאסע בלעטער, עס האט געגלאנצט דער נאסער מאך. ביז טיף אויפ'ן גרונד פון די שטיין־גריבער האט

געלויכטעט דער בראַנד. שלענגלענדע פלאַמען האָבען בליציג זיך אָפּ־געשפּיגעלט אין די נאַכט־שוואַרצע בלאָטע־וואַסערען. אויפשטייגענ־דיג און אויפשטייגענדיג ווי פון אַן אומערשעפּליכען תהום האָט זיך אַלץ פאַרמעהרט די קראַפט פון'ם פייער. דאָס פייכטע האָלץ האָט געטרעשטשעט און געקנאַקט, די פלאַמען האָבען זשעדנע געלעקט איין בוים נאָכ'ן צווייטען, אַנגעטריבען פון דעם פייפענדיגען שטורעם, וועלכער האָט זיך געטראַגען פון די פעלדער. עס איז געוואָרען דרי־קענד הייס. צווישען די פלאַמען האָבען זיך באַוויזען די חורבות פון דער שוועדישער פעסטונג, גלייך ווי זיי וואָלטען פון צווישען די וואַל־קענס אַרויסגעטראָטען. עס האָט זיך געלאָזט הערען געשריי נאָך גע־שריי, וועלכע דער וואַלד האָט קיינמאָל ניט פאַרנומען, ניט פריי־ער, ניט שפּעטער. די פערד פון די לאַנדסקנעכט האָבען געהירזשעט מיט אַזעלכע קולות, וואָס האָבען פאַר שטונדען־ווייט אַריינגעדרונגען אין לאַנד, און זיינען ווילד געלאָפען באַרג־אַרונטער איבער קוסטעס און פעלזען. איין יונגער רייטער, דער זוהן פון דעם נירענבערגער שטאָדט־שרייבער, איז געבליבען הענגען מיט זיינע לאַנגע האָר אויף אַ צווייג, בעת דער משוגע'נער פערד איז געלאָפען ווייטער אַרונטער. הילפלאָז, מיט אַלץ שוואַכער ווערענדע הילפסרופען, איז ער געהאָנגען ווי אַמאָל אבשלום, און ער האָט געמוזט צוזעהן, ווי די פלאַמען גנב'ע־נען זיך צו איהם און לעקען איהם דעם לעבעדיגען קערפּער. צווישען די אידען איז די מהומה אַזוי גרויס געווען, אַז פיעלע האָבען זיך גע־וואָלט וואַרפען גלייך אין פייער. די וואָגענס האָבען זיך געקייקעלט אַרונטער גלייך נאָך די פערד, וועלכע זיינען אין שרעק געלאָפען, און זיינען האַלב צעשמעטערט געוואָרען. שמערצליכע קרעכצען האָבען זיך געהערט פון אַלע עקען, און די ציגיינער האָבען זיך באַנוצט מיט דער מהומה און האָבען גע'גנב'עט אַלעס, וואָס איז זיי נאָר אונטער'ן האַנט געקומען. אין דער גרעסטער צעטומעלניש האָט זיך זכריה נאָך באַוויזען. ער האָט זיך אָוועקגעשטעלט פאַר די פליהענדע, האָט אויפ־געהויבען די הענט, און איהם האָט זיך איינגעגעבען אָפּצושטעלען דעם געלאָף. ער האָט זיי דורכגעפיהרט אַזוי זיכער דורך די פלאַמען, גלייך ווי די דאָזיגע פלאַמען וואָלטען מיט גרויס דרך־ארץ אָפּגעטראָטען איהם דעם וועג, און אַלע האָבען איהם נאָכגעפאָלגט אַזוי ווי לעמער דעם הירט, און די פוהרמאַנעס האָבען רוהיג נאָכגעפיהרט די וואָגענס.

ביי מאיר קנעקער אין וואַגען אויפ׳ן הויכן דיל איז געלעגען א נייגעבארענע באשעפעניש. ערשיטערט פון די אלע שרעקענישען, האט רחל געבארען דאָס קינד פאר דער צייט. זי איז געלעגען באַוועגונגסלאָז אין ווינקעל אויף נאַקעטען שטרוי, און דער גרויסער טיַיעל פון דרויסען האט צו איהר ווי דורך וואַנט דערגרייכט ווי קולות פון א ווייטער וועלט. זי האט קוים געוואוסט, ווי אזוי זי האט דאָס גאַר געקענט אריבערטראַגען, און דאַך איז איהר איצטער געווען אזוי גוט! זי האט געהערט ווי די ביידע אַקסען, וועלכע זיינען געווען איינגעשפּאַנט אין וואַגען, האבען גוטמוטיג געמוקעט; איהר האט זיך אויסגעדוכט, אז זי איז ווידער ביי איהר אלטער מומען אין ראַט, אזוי ווי פאַר צוויי יאָהרען. א שוואכער ליכט־שיין, וועלכער איז וואָס אמאָל אלץ שטאַרקער געוואָרען, איז געפאלען אין וואַגען אריין, וואו זי איז געלעגען, אבער אויך דאָס האט פאַרמעהרט איהר פארגעניגען. עס האט זיך איהר אויסגעדוכט, ווי איהר געליעבטער וואָלט ביי איהר געלעגער אויף דער וואַד געשטאַנען און געגלעט זי. און זי האט געזעהן פאַר זיך שוועבען אַז אַלטען געפּרעסטען לעדערנעם איינבונד פון א בוך, וועלכען זי האט אַפּט געזעהן אין זיין וואוינונג, און וועלכער האט געהאַט אין זיך עטוואָס פרעמדעס און ליעבליכעס, עטוואָס מערכענהאַפטעס. ער האט זי אַפּט געוואָלט באַקעהרען צו יעזוס קריסטוס, אבער וואָס איז איהר אַנגעגאַנגען יעזוס קריסטוס, און וואָס איז איהר אפילו אַנגעגאַנגען דער גאָט פון איהרע עלטערען אין איהר ביטערער און ליידענשאַפטליכער ליעבע, וועלכע זי האט אזוי שטאַרק דורכגעפיהלט! שטאַלץ האט עס געזונגען און געקלונגען אין איהר פון אלטע ליעדער מיט א זיסען, הילכינען ניגון, וואָרים דער אווענט פון מאַי קומט און ער הויכט צאַרט ארום די בליהונגען און די שטילע נאַכט איז פול מיט ליעבע!

טרייסלענדיג זיך איז דער וואַגען געפלויגען נאַך די איבעריגע אונטער דער פיהרונג פון זכריה נאָאַר ארונטער אין טאָל. אהן ווערטער האט מאיר נאטאן זיך געקניט פאר דעם נייגעבארענעם און איהם האט ניט געאהרט דאָס דורכדרינגענדיגע קוויטשען פון דעם וואָרעם. ער איז געווען איננאַנצען אויפגעקאַרטשעט, דערזעלבער נאטאן, און ער האט אויסגעזעהן ניט מעהר ווי א הויפען קליידער. ער האט געמאַכט די פויסטען ווי אויף צו שלאָגען זיך, און פון צייט צו צייט האט ער

אויפגעציטערט מיט'ן גאנצן קערפּער. דאָס באַשעפעניש, וואָס האָט זיך געדרעהט ביי זיינע פיס, איז געווען אַ אינגעל. ווייטער האָט ער גאָרנישט געהאַט וואָס צו טראַכטען. אין זיין האַרצען איז געווען אַ לאַך, און אַרום איהם איז געווען קאַלט און פינסטער. אַנטקעגען איהם איז געזעסען זיין ווייב. זי האָט געהאַלפען ביי דער געבורט. קיין זאַך האָט ניט געקענט ריהרען זי. עס האָט אויסגעזעהן, ווי קיין זאַך אין דער וועלט קען זי שוין מעהר ניט איבעררעשען, ניט רייכקייט און ניט די טייערסטע זאַכען, ניט שמערצען און ניט די ענדערונגען פון דעם בלינדען שיקזאַל.

די פויערים זיינען געשטאַנען אויף די פעלדער און האָבען אַרויפגעקוקט צו דער ברענענדיגער הויכקייט און צו דעם גליהענדיגען הימעל. מיט מורא האָבען זיי צוריקגעוויכט פון די אידען, וועלכע האָבען אַנגעהויבען לאַנגזאַם אַנצוקומען. פון אַלע זייטען זיינען געקומען די צעשפּרייטע און האָבען זיך מיט פריידענס־אויסגעשרייען צונויפגעקליבען. אַ לאַגער איז אויפגעשטעלט געוואָרען פאַר דער נאַכט. די ציגיינער, אין וועמעס הילף מען האָט זיך איצט גענויטיגט, זיינען שפּורלאָז פאַרשוואונדען געוואָרען. זכריה נאָאַר איז אַ פאַרטראַכטער געשטאַנען ביי אַ קוסט און מיט אַ פינסטערען שמייכעל געקוקט אויף זיין אַרבייט: דער ברענענדיגער וואַלד.

נאָך ביינאַכט איז געקומען צו געהן אַ גרויסע מחנה פויערים, באַוואָפענט מיט קאָסעס, העק און דובינעס, און נאָר מיט גרויס מיה און מיט אַ סך מתנות פון גאָלד און זילבער האָט מען ביי זיי געקענט פּועל'ן, אַז זיי זאָלען אַוועק צוריק בשלום פון וואַנען זיי זיינען געקומען. ווייטער איז די נאַכט אַפּגעגאַנגען רוהיג, אָבער אויף מאָרגען מיטאָגצייט האָט מען געדאַרפט זיך איילען אין וועג אַריין, אום צו אַנטלויפען פון דער שנאה פון די נירענבערגער און געהן ווייטער, זוכען שוץ ביים מאַרקגראַף פון אַנאַלצבאַד. דער פאַרמיטאָג האָט געדאַרפט אָפּגעגעבען ווערען אויף צו באַגראָבען די טויטע. וואָלף באַטש'עס קינד און שמואל ערמרייטער'ס ווייב האָט מען אין איילעניש געלאָזען ליגען אין וואַלד און זייערע טויטע קערפּערס זיינען פאַרברענט געוואָרען. אליעזר'ס פאַמיליע איז די גאַנצע נאַכט געבליבען וואַכעדיג, געזעסען ביים טויטען קערפּער פון דעם זקן, און די ווייבער האָבען גענעהט די תכריכים. אויך אין די אַנדערע וואָגענס, וואו עס זיינען

געזוען געשטארבענע, איז דאס פייער געבליבען ברענען, און די אבלים האבען געוויינט ניט ביטערע טרערן. אפט האט דאס געשריי פון די חיות ארויפגעקלונגען פון דער הויכקייט פון וואלד, וואו דאס פייער האט זיך בארוהיגט; איבער די רואינען איז א שווערער רויך געלע־גען, און די נאך טליהענדיגע שטאמען פון די בוימער האבען הערליך געלויכטען אין דעם ברייטען פלאך־לאנד.

דער פריהמארגען איז געקומען מיט א געדיכטען, באוועגונגס־לאזען נעבעל. די קברים זיינען שנעל אויסגעגראבען געווארען. ווארים דאס ווערט ביי אידען געטאן מיט חיטק, ווייל זיי האלטען פאר א גרויסע מצוה אלץ וואס דארף געטאן ווערען פאר א טויטען. די ווייבער האבען געמוזט בלייבען אין דערהיים, זיי האבען ניט געטארט געהן צו די לויות, אחוץ די נאהענטסטע קרובות, און אויך יענע טארען פאר דער צייט ניט דערנעהענטערען זיך צו א מאן, ווייל עס הייסט, אז דער מלאך־המות טאנצט מיט'ן בלויזען שווערד ארום די ווייבער. איידער דער קערפער ווערט אריינגעלעגט אין דער מטה, גיסט מען איהם אפ דריי מאל מיט וואסער, און אז אלטער כראניקער שרייבט, אז אט דאס באטייט שוין עפעס אנדערש, דאס הייסט מטהר זיין, אן אויסערליכע רייניגונג. דערביי האבען פייערליך געקלונגען די ווערטער פון דעם נביא: „איך וועל אויף אייך שפריצען ריין וואסער, אז איהר זאלט ריין ווערען פון אייערע אומרייניגקייטען, און פון אלע אייערע געצען וועל איך אייך רייניגען“. און נאך דער טהרה נעמט אן דער חזן דעם בר־מינן ביים גראבען פינגער פון פוס און זאגט איהם „אפ־חבר“ אין נאמען פון דער גאנצער געמיינדע. דאן טוט מען אן דעם בר־מינן די תכריכים און מען דעקט איהם איין אין טלית פון קאפ ביז די פיס און מען לעגט איהם אריין אין ארון. די ציצית, וועלכע מען מוז אפריהער איבערזעהן צי זיי זיינען כשר, זעהען זיך א שטיק ארויס פון ארון. און ווייל די אידען האלטען די ערד פאר אומריין, אחוץ ארץ־ישראל ערד, באדעקען זיי דערפאר די אויגען פון דעם טויטען מיט א ווייסער ערד, וועלכע קומט הייסט עס פון דעם הייליגען לאנד. און אויף די ערד לעגען זיי ארויף צעבראכענע שערבלער פון טעפ. און דאן ווערט דער ארון געטראגען צום קבר, און עס איז א מנהג אראפצושטע־לען דעם ארון דריי מאל אויפ'ן וועג. און איטליכער פריינד שיט אריין דריי לאפעטעס ערד אין קבר, און דער נאהענטסטער בלוטספארוואנדטער

רייסט קריעה. דער קברן נעמט דערביי א מעסער פארקערט אין האנט און מאכט אויבען א שניט אין בגד פון דעם אבל, און דערנאך ענדיגט מען שוין דעם ריס מיט די הענט.

באלד זיינען די באערדיגונגען געווען צו ענדע. די זון האט דורכגעריסען די וואלקענס און באלויכטען אלעם וואס אויף דער ערד. לאנגזאם זיינען די אבלים געגאנגען צוריק און זיי האבען דריי מאל גע־וואשען זייערע הענט, ווייל זיי האבען זיך מטמא געווען מיט'ן מת. און אנדערע האבען אויסגעריסען דריי מאל גראז און דאס געווארפען אהינטער.

די צוריקקערענדיגע זיינען אויפגענומען געווארען מיט דער נייס, אז מאיר נאטאן דער קנעקער איז איינגאנצען אראפ פון זינען. דער איינדרוק פון דער דאזיגער ידיעה איז ניט געווען טיף, בפרט נאך אז זכריה נאאר האט פאר'ן ריהרען זיך אין וועג אריין מיט ווערטער פיל מיט איינדרינגליכער קראפט אויפגעבלאזען דעם מוט און דעם בטחון, אזוי ווי דער שטורעם בלאזט אויף א זעגעל וואס לאזט זיך אפ. זיי האבען ווידער פארגעסען נויט און מאטערנישען און האבען זיך איינ־גאנצען אפגעגעבען צום גלויבען אין דער גרויסער צוקונפט, אין דער מאכט און קראפט פון אל־דאס לאנג־געהאפטע, לאנג־געגארטע. אין אזא צושטאנד פון בטחון האט יעטווידע הערבסט־בלום, וואס האט בלאס און אומעטיג ארויסגעקוקט פון די פעלדער, געווירקט ווי א סימן פון פרייד, יעטווידער פריהענדיגער זונען־שטראל האט געהאט אין זיך עטוואס בארוישענדעס, לעבענסווירדיגעס און צוצי־הענדעס. איין מענש דעם צווייטען האט געמאכט צו פיהלען גוט און פרעהליך: עס איז א שטומער צונויפרעדען זיך צווישען זיי, א זיך־באשטארקערונג אהן ווערטער. עס איז ,אזוי ווי דאס אומגליק וואלט זיי איצט הייליג געמאכט צום דיענסט פאר רעכט, צום דיענסט פאר גליק, און ווען איינער באמערקט אין דער נאכט א פאלענדיגען מעטעאר איז דאס איהם א גאראנטיע פאר גליק אויף טעג, אויף וואכען. עס טרעפען פעריאדען אין דער מענשליכער געשיכטע, וועלכע פארמאגען עטוואס פון דער דערשרעקענדער עמפפינדליכקייט פון יונגע און פיי־ערדיגע פערד, און וואס א זעלטענער פריהמארגען־טרוים באגייסטערט זיי צו גרויסע מעשים. ווארים אין זיך גופא איז ניטא קיין פריידען

און קיין דערלייזונגען אין דעם דאזיגען וואונדערליכען לאבירינט פון שיקזאלען אין וועלכען מיר לעבען.

מיט לייכטע הערצער האבען זיך געצווינגען די אידען אין שיין פון דער הערבסט־זון ארונטער צום טאל פון רעדניין. דריי וואגענס — עובדיה־ענזעל'ס, הוצעל־דודל'ס, שמעון פרענקעל'ס — זיינען שוין פריהער אפגעגאנגען און זיי האבען אזוי ווי געבילדעט דעם אוואנגארד. זיי זיינען שוין מעהר ניט געפאהרען אזוי פאמעלער ווי מיט א טאג פריהער. די ווייסע דעקעס פון די וואגענס האבען פריינדליך געלויכטען אין דער לאנדשאפט, דער וואלד איז געשטאנען אין זיין מאטער גרינקייט ווי א נידעריגע וואנט ביים האריזאנט, דער הימעל איז געוועז קלאר און ריין און באנאסען מיט ליכט, און די ליכטיגקייט האט פארשוועגדעריש געשטראמט איבער די פעלדער. אויף יענער זייט, ווייט אויף יענער זייט איז געלעגען די אלטע קאדאצבורג, און אויף דער אנדער זייט, נאך ווייטער, קוים צו דערקענען אלס צארטער סילועט, דער קייזער־שלאס פון נירענבערג.

דער הויפט־צוג האט פלוצלונג דערזעהן, ווי זיין אוואנגארד האט זיך אפגעשטעלט. מאיר למדן האט געהאלטען די האנט איבער די אויגען און געזאגט, אז ער זעהט עפעס א צאהל פרעמדע וואגענס, וועלכע זיינען ארויסגעפאהרען פון א וואלד, וואס האט זיי ביז איצט פארשטעלט. איצט זיינען פיעלע ארויסגעקראכען אויף די קעלניעס און האבען אויפמערקזאם ארויסגעקוקט. די מייסטע האט דאס הארץ גענומען קלאפען. ווארים זיי האבען מורא געהאט פאר א נייעם איבערפאל. דער יונגער וואגענזייל, וועלכער האט געהאט אויסגעצייכענטע אויגען, האט געזאגט, אז דאס זיינען לייט, וועלכע טראגען מאדנע קליידער, ווי פון א פרעמדען לאנד, אבער ער גלויבט, אז דאס זיינען אידען. דערנאך האט ער געזאגט, אז עובדיה־ענזעל איז צוגעגאנגען צו די פאדערשטע פון דעם אומבאקאנטען קאראוואן. דאן האבען אלע געזעהן, ווי זיי האבען זיך געטראפען און ווי זיי האבען א קורצע צייט דורכגעשמועסט זיך. און דאן האבען זיי געזעהן, ווי עובדיה־ענזעל האט אויסגעשפרייט די הענט ווי איינער וואס טרינקט זיך און איז באלד אנידערגעפאלען ווי א שטעקען. און דאן זיינען צוויי צוגעלאפען און האבען אויך גערעדט, און עס האט אויסגעזעהן, ווי זיי ברעכען אויס אין א געוויין און האלטען זיך אזוי ווי פארריקטע. צירעלע איז גע־

שטאנען און האט אלץ געקוקט אין דער ווייטקייט אריין. דארט וואו די דאזיגע סצענעס האבען זיך אפגעשפיעלט, און פלוצלונג האט זי ארויסגעלאזען א מארך־ערשיטערענדען געשריי, פונקט ווי זי וואלט פון דער לופט דערשמעקט וואס עס איז געשעהן. און זי איז ארונטערגעפאלען פון'ם וואגען. די פאדערשטע וואגענס האבען זיך אומגעקערט, און אין א קורצע צייט האט זיך אויסגעגאסען א פאראליזירענדע, טויטענדע תוכחה פון ווילדע יסורים אויף די נאר־וואס וואנדערלוסטיגע מענשען.

שבתי־צבי איז אריבערגעגאנגען צום איסלאם.

דער נביא, וועלכער האט אויפגערודערט זיין צייט אזוי ווי א זעלטענע הימלישע ערשיינונג, האט ביי זיין דור און ביי דער וועלט, וואס איז געקומען נאך איהם, איבערגעלאזען פון זיך נאר א טונקעל בילד פון געהיימניספולעס און רעטזעלהאפטעס. אויב ניט זיין אויסערגעוועהנליכע שעהנקייט האט פאר'שכור'ט געמאכט די וועלט, איז עס אבער געוועזען דער צויבער פון זיין גייסט, די גרויסקייט פון זיין נשמה, אדער זייז ווארט וואס פלעגט הינרייסען מענשען. אפשר איז קיין זאך פון די דאזיגע ניט געוועזען? עס זיינען דא מיינונגען פון יענער צייט, וועלכע האלטען איהם פאר א טייוועל, אדער פאר א שווינדלער, אדער פאר א בעל־תאוה, אדער פאר א באנאלען שארלאטאן. אבער ווער קען וויסען די ספרוזשינע וואס האט באוועגט זיינע האנדלונגען? אפשט איז די געשיכטע ווי א דומע פרויענצימער, און זי לאזט זיך פארפיהרען פון פאבעל און רוהם, און דאס איז נוט, ווארים ווי זאל דער ארימער נאכגעבארענער פארטראגען די גאנצע דריקענדע ווארהייט, וועלכע קען איהם אנדערש ניט איינהאלטען? דער פונדאמענט, אויף וואס אלצדינג האלט זיך, איז דער וואוילטעטיגער ליגען. ווען אין פוילען קומט אויף דער וועלט א פראש־מענש און דער טערק מאכט פון דעם א גאט־מענש, איז דאס ניט ווענינגער וויכטיג ווי די וואהרהאפטיגע מיסיאן פון א דערלייזער.

דער פרעמדער צוג, וועלכער האט די פירטער אידען אזוי פלוצלונג אפגעשטעלט דעם וועג, איז געוועזען א קליינער טייל פון די ווינער אידען, וועלכע זיינען ארום דער צייט ארויסגעטריבען געווארען פון לאנד דורך קייזער לעאפאלד. די פארצווייפלונג פון די אידען איז געוועזען גרויס און קאן ניט באשריבען ווערען מיט די געוועהנליכע ווערטער.

עס איז געווען אזוי ווי עס זאל פלוצלונג אוועקשטארבען א האפ־
נונגספילער זוהן, אויף וועמען מען האט אלע האפענונגען ארויפגע־
לעגט, פון וועמען מען האט אלעס ערווארט, און ער איז אוועק. און
דאס איז נאך ערגער געווען. עס איז געווען מעהר ווי דער טויט,
שרעקליכער ווי דער טויט, עטוואס, וואס די גאנצע אומ'ממשות'דיג־
קייט פון לעבען האט געוויזען אויף א העלען בילד. די אידען זיינען
א שטארק און איינגעשפארט פאלק, אבער זיי זיינען נאר דאן גרויס,
ווען עס געלינגט זיי אביסעל, און זיי זיינען ניט לאנג גרויס. ווארים אין
דעם ערשטווינען ברעכען זיי לייכט איבער זייער איינענע גרויסקייט.
אויך שבתי־צבי איז געווען א איד, פילייכט דאס קלארסטע בילד פון
דעם אידען, א שטיק אידען־שיקזאל: מאכט אדער שקלאפעריי.

א סך זיינען אוועק צוריק קיין פירט. אייניגע פאמיליעס פון די
עסטרייכישע פארטריבענע, וועלכע האבען געליטען גרויס נויט און הא־
בען הינטער זיך געהאט שרעקליכע צרות, האבען זיך באזעצט צוזאמען
מיט אייניגע יונגע לייט פון פירט אין דעם שטילען טאל. מיט זיי איז
נעבליבען טעלזעלע, די ווייב פון דעם משוגע'נעם מאיר נאטאן, מיט
איהר טאכטער און איהר אייניקעל, וועלכער איז געווארען דער שטאמ־
פאטער פון יענעם מערקווירדיגען מענשען, וועגען וועלכען עס רעדט
זיך אויף די פאלגענדע זייטען פון דעם בוך. טעלזעלע איז צו מיד
געווארען, אום צוריקצוקערען זיך אין דער שטיפמוטערליכער היימאט
און צו לעבען אין שכנות מיט די קריסטען, און דער ארט, וואו זי
האט געליטען, זאל איהר כסדר דערמאנען אן איהרע בערג מיט צרות.
זי האט פארקויפט איהר הויז, און דארט אויף יענער זייט האט זי
אויסגעבויט א נייע הויז. זי האט שוין מעהר ניט געוואלט פונ'ם לע־
בען; זי איז אויך ניט געווען די פרוי, וואס זאל מאכען א גרויס ווע־
זען פונ'ם לעבען. זי האט קנעכטיש געליטען און שטיל געליטען. זי
איז נעבליבען ביים פארשטאנד, אבער איהר פארשטאנד האט געהאט
אין זיך עטוואס טונקעלס, ביטערס און מוסר־השכל'דינס.

יענער ארט, וועלכער איז אויפגעשטעלט געווארען מיט דער ער־
לויבעניש פון דעם פריינדליכען פריץ פון אנאלצבאך, האט צום ערש־
טען געהייסען ציונ'סדארף, אבער שפעטער האבען דאס די איינגע־
וואנדערטע קריסטען איבערגעביטען אויף צירענדארף. דער ארט האט
מצליח געווען, די פעלדער ארום איהם זיינען געווען פרוכטבאר אין

פול מיט מזל־ברכה און זיי זיינען תמיד באריים געווען, צוריקצוגע־
בען די אנפארטרויטע זריעה צעהן מאל אזוי פיעל. שעהן איז דאס
לאנד און פול מיט אוממיטעלבארער פאעזיע פאר דעם, וואס איז דארט
געבארען!

זכריה נאאר און צירעלע זיינען אויף אייביג פארשוואונדען גע־
ווארען. זייער לעבען האט זיך פארלארען אין א קייט פון לעגענדעס.
און שליסליך זיינען אויך זייערע מעשים געווארען לעגענדאריש. איין
דור נאכ'ן צווייטען איז געקומען און איז אוועק, און א נייע צייט
איז געקומען. און דאס קומענדיגע איז געווען תמיד גרעסער, פרייער
און פאלקאמענער ווי דאס פארגאנגענע, און דער איד, וועלכער איז
פון אנפאנג געווען א קנעכט, גרייט צו קושען די טריט פון דעם שלעכט־
געשטימטען פריץ, האט זיינע אויגען געעפענט און דערזעהן די שוואכ־
קייטען און אויסגעפונען די סודות פון דעם פריץ. ער האט זיך באלד
אנגעכאפט מיט זיינע הענט אין דער מאשינעריע פון די פעלקער און
זייערע געריכטען און זייערע קריעגען, און אפט האט ער אומגעזעהן
אויפגעטאן ווארהאפטיג קייזערליכע זאכען. אין דער צייט וואס די
מאנארכען זיינען געשלאפען און די מיניסטארען זיינען שוואך געווען.
שבתי־צבי איז געווארען א מוסולמאנער, און אנדערע זאגען, אז לפנים.
איז דער איד געווארען א קולטור־מענש, און אנדערע זאגען, אויך לפנים.
אנדערע זאגען, אז אין איהם זיצט דער פארדארבער און דער פאר־
פיהרער, און ער פארשטעהט די ביהנע פון דער וועלט בעסער ווי
איהרע אויפבויער. דאס איז זיכער: אז אקטיאר אדער א פריינדלי־
כער מענש, פול מיט אינערליכער שעהנהייט און דאך העסליך, א בעל־
תאוה'ניק און אן אסקעט, א שארלאטאן אדער א שווינדלער, א פאנא־
טיקער אדער א שרעקעדינער שקלאף — דאס אלעס איז דער איד.
האט דאס די צייט איהם אזוי געמאכט, די געשיכטע, די יסורים אדער
דער ערפאלג? נאט אליין ווייסט דאס. פאר די אויגען וויקעלט זיך
פאנאנדער א גרויס בילד אהן א שיעור. ווארים דאס וועזען פון א
פאלק איז ווי דאס וועזען פון אן איינצעלנעם מענשען: זיין כאראק־
טער איז זיין שיקזאל.

## ערשטער קאפיטעל.

אין דעם יאהר 1885 האט עטליכע טעג נאכ'ן יום־טוב פון „מאריע'ס הימעל־אויפשטייגונג" אנגעהויבען צו רעגענע; אין דעם פליין פון רעדניץ און פעגניץ און עס האט אזוי אהן אויפהער גערעגענט ביז איבער מיטען־אויגוסט. די זריעות פון די פעלדער זיינען אינגאנ־צען צו גרונד געגאנגען, און צום סוף אויגוסט איז דאס גאנצע לאנד, וואס איז איינגעשלאסען אין דעם רינג פון די דערפער פאפענרייט, קאלקרייט, בוך, אלטענבערג, קאדאלצבורג, צירענדארף, באך און אונ־טערפארענבאך, געווארען איין אזערע. די פארפלייצונג האט דער־גרייכט אפילו נאך ווייטער, ביז אין דעם טאל פון צען, און אויך קיין צפון אין דער ערלאנגער און באיעסדארפער געגענד. מיט גרוי־גע־לען קאליר און מיט א גארגלעריי האט דאס וואסער געשטורעמט די אייזענבאהן־דאמבע אין פירט, ווי דאס וואלט אין כעס געיועז, וואס עס קען אזוי הויך ניט דערלאנגען. דער פראהנמילערס־שטעג איז אוועקגעריסען געווארען, אפילו די שטארקערע בריק, וועלכע פיהרט קיין ווייטער־דאמבאך: די באד־אנשטאלט איז אינגאנצען חרוב גע־ווארען; טעג־לאנג האט מען געזעהן די ברעטער און באלקענס און די קליינע שינדעל־דעכער פון די הייזלעך טראגענדיג זיך מיט'ן שטראם. אויף דער פישער־גאס און אויף דער פעגניץ־גאס און אויפ'ן שיס־פלאץ און אין אלע קליינע ווינקעלעך האט דאס וואסער געלעקט די הייזער, אנגעפילט די קעלערס און ביי געשטורעמט די שוועלען פון אנדערע קליינע קרעמלעך אדער פלייש־געשעפטען, אדער די נידעריגע געזימסען פון די גאלדקלאפער־וואוינונגען, וואו די האמערס פלעגען אימער קלאפען לוסטיג און מיט אנציהענדער טאקטמעסיגקייט. ווען די ווייבער פלעגען אין דער פריה וועלען געהן אין גרינעם מארק אריין,

פלעגן זיי מוזן פאהרן אין שיפלעך כמעט ביז צו דעם שטאדט־וועג, און דערביי פלעגן זיי א סך צרות אויסשטעהן.

ווי א גרויסער, בערגיגער און געהיימניספולער אינזעל האט אויסגעזעהן דער פעסטונגס־וואלד מיט זיין פיערעקיגען טורעם אינ׳ם פארפלייצטען לאנד. ווען מען האט פון דארטען אראפגעקוקט צו צירענדארף, האט דאס אויסגעזעהן ווי דער אקיאן אליין. נאר א פאר פאפעל־בוימער, אדער אייבס־בוימער, אדער ווייט־ווייט אין דער קווער אנגעלעגטע האפען־שטאנגען, אדער דער הויכער שטאנג, אויף וועלכען ביי פעסטונגען איז דער אפגעפארבטער אדלער באפעסטיגט, האבען ארויסגעשפארט פון וואסער, וואס איז ווי א מאטער שפיגעל געלעגען געל־שימערענדיג, אהן א באזונדערע באוועגונג. דאס דארף גופא איז צום גרעסטען טייל געבליבען געשוינט, ווייל עס איז געלעגען עטוואס העכער. קיין רויך איז ניט געגאנגען פון די קוימענס פון דער ציגעלניע, וואס ביים אריינגאנג אין דער הויפט־גאס. די אלע רויטע דעכער האבען אויסגעזעהן ווי אונטערטעניג אין דער העלער גרויקייט פונ׳ם הימעל, און די ראבען, וועלכע האבען זיך געצויגען הויך אין דער לופט קלאפענדיג מיט די פליגלען אומרוהיגער ווי אימער, האבען געהאט עטוואס שמערצליכעס, אפשר אפילו פארצווייפעלטעס אין זייער פלוצלונגען הילכיגען שרייען.

ביי אזעלכע נאסע צייטען איז שלעכט געגאנגען די שענקארעס פון דארף, איבערהויפט צווייען: זיריד שפערלינג, דער באלעבאס פון „סט. זעבאלד“, און מארטין אמברוז, וועלכער האט געהאלטען דעם „גלעזערנעם פאלאץ“. אויך דער טורן־פעסט איז אפגעלעגט געווארען אויף דעם אנדער זומער, און דער פירטער קירכען־יום־טוב איז שוין ביי דער טיר געשטאנען: נו, וועט דאך אלין איינס דאס גאנצע געלט ווידער אין שטאדט אוועק. ווען דער שענקער פון דעם „גלעזערנעם פאלאץ“ האט שוין מעהר קיין אויסוועג ניט געזעהן, האט ער געשיקט אנזאגען צו אלע אידען ארום, אז פון איצטער אן וועט ער שוין האבען אויך כשר פלייש, און אז דער שוחט וועט אפהיטען אלע נויטיגע דינים. אויך דער פויער האט שווער געליטען פון דער פארפלייצונג. און דער וואס האט ביז אהער געהאט עטליכע טאלער אין זיין ביי־טעל, האט זיך שוין איצט אריינגערוקט איינגעבויגען און פאר׳חושכ׳ט אין שענק, אום אויסצוגיסען זיין ביטער הארץ פאר די טרינק־

ברידער. צוזאמען די דערפער אלטענבערג און צירענדארף, וועלכע זיינען געלעגען נאהענט איינע פון די אנדערע, איז אנגעגאנגען דער פארקער הורך שיפלער. דאס איז געווען איינמאל אין א דאנערשטאג. די וואלקענס זיינען געהאנגען נידעריג און זיי זיינען געווען צעפאטעלט און פול מיט רעגען, זיינען צוויי שיפלער אפגעפאהרען אומגעפעהר אין איין צייט, איינס פון צירענדארף און דאס אנדערע פון אלטענבערג און זיי האבען זיך באמערקט איינס דאס אנדערע פון דערווייטענס, נאך איידער יעדעס איז אפגעגאנגען א הונדערט מעטער. דער ווינט האט נעגלעט דאס וואסער און אויפגעהויבען קורצע, קלאנג־לאזע וועלען. אזוי אז א צאפעלדיג לעבען האט באריהרט די פארגלי־ווערטע אויבערפלאך פון'ם וואסער. ניט ווייט איינער פון'ם אנדערען האבען זיך פון וואסער ארויסגעהויבען די שאסיי־בוימער, און די דינע צווייגען זיינען ווי טרויערענדיג ארונטערגעהאנגען, און דאס וואסער האט זיי געשווענקט. די בוימער האבען געוויזען דעם וועג, און די שיפלער האבען זיך ראש געגעהענט איינס צום אנדערן; אבער דאס שיפעל וואס איז פון צירענדארף געגאנגען און אין וועלכען עס זיינען געזעסען זיריך שפערלינג, זיינע צוויי משרתים, דער מילכמאן פון אלטענבערג, דער קצב פריהוואלד פון פירט און א גאנץ פרעמדער פיין אויסקוקענדער יונגערמאן, איז געגאנגען פיעל שנעלער ווי דאס אנ־דערע שיפעל. זיי זיינען איך צעהן טריט נאהענט צוגעקומען איינס צום אנדערען, און זיריך שפערלינג האט אויסגעשריען, אז מען זאל זיך היטען, אבער אין זיין קול איז געווען עטוואס פיינדליכעס, און עס האט אויסגעזעהן, ווי ער וואלט געזוכט איבערצוקוליען דאס קלע־נערע שיפעל. די געסטראשעטע האבען מיט שרעק גענומען אויס־ווייכען, אבער זיריך שפערלינג, וועלכער האט באנוצט פאר א שטייער אן אלטע קויהלען־לאפעטע, האט נעלאזען געהן דעם שפיץ פון זיין שיפעל צו דער ברייטער זייט פון דעם אנדערן שיפעל, און דאס לעצטע איז צוליב דעם שטארק אריינגעפאהרען אין א בוים. גלייך האט זיך דערהערט א גוואלדיגער געשריי פון פינף אדער זעקס העלזער, און איין יונגער מענש פון א יאהר זיבעצעהן איז אריינגעפאלען אין וואסער. „לאזט דער אידישער באנדע זיך דערטרינקען!" האט זיריך שפער־לינג געבורטשעט, און די צוויי משרתים און דער הער פריהוואלד האבען גענומען לאכען, האסטיג אפפאהרענדיג פון דעם פלאץ. אפילו

דער שוואַרץ־בערדיגער יונגערמאַן האָט אויסגעשטעלט די ציינער ווי צו שמייכלען, קענטיג נאָר זיינע מיטרייזענדע געפעלען צו זיין. דאַן האָט ער קנייטשענדיג דעם שטערן אריינגעוואָרפען אין וואַסער דאָס עקעל פון דעם ציגאַרעט, און האָט מיט אַנגעשטרענגטע בליקען גענומען קוקען צום פלאַץ פון אומגליק. עפּעס פינסטערס און בייז האָט געפינקעלט אין זיינע אויגען, דאָך איז עס קוים קלאָר געווען, אַנטקעגען וועמען אַזעלכע געפיהלען ווערען געווענדעט. זיריך שפּערלינג'ס שיפעל איז אוועקגעפאָהרען ווייטער אַהן שום רחמנות, און זיי האָבען איבערגעלאָזען פאַר די אידען ארויסצושלעפּען די פאַראומגליקטע פון וואַסער.

עס איז דאָרטען געווען אַ גרויסער טומעל. דער שטאַרקער ווינט און דער לייכטער שטראָם האָבען געטריבען דאָס לייכטע שיפעל, און די קעפּ זיינען אַזוי צעטומעלט געווען, אַז איין רודערער האָט געפיהרט דאָס שיפעל אַהין און דער אַנדערער אַהער. שווימען האָט קיינער ניט געקאָנט. וואַסער איז פאַר זיי געווען אַ זיכערער טויט, און ווען עלקאַן גייער האָט אין הוילער אַנגסט פאַר זיין זוהן דאָך פון זיך אַראָפּגעוואָרפען זיין ראָק, אום צו שפּרינגען אין וואַסער, האָבען איהם זעקס אָרימס צוריקגעהאַלטען, און דערביי האָט זיך שיער דאָס שיפעל ניט איבערגעקערט. פּלוצלונג האָט בערמאַן שראַט ארויסגעלאָזען אַ פריידענס־געשריי. אַגאַטאַן איז ארויסגעקומען פון וואַסער, האָט אַ כאַפּ געטאָן דעם ווייט אריבערהענגענדען צווייג פון אַ באַרענבוים, און מיט אַ קראַפט, וואָס איז ווערט געווען צו באַוואונדערען, האָט ער אויך מיט דער אַנדערער האַנט זיך אַנגעכאַפּט אָן דעם צווייג. דאַן איז ער שנעל ארויס פון וואַסער און מיט דער פלינקייט פון אַ מאַלפּע האָט ער ארויפגעקלעטערט אויפ'ן בוים צווישען די געדיכטע צווייגען. ווען ער איז שוין געזעסען אויבען, האָט ער ארויסגעשטעקט זיין קאָפּ ווי פון אַ קאַרב און האָט בייז ארונטערגעקוקט אויפ'ן שיפעל.

— קום ארונטער; אַגאַטאַן, קום ארונטער! — האָט עלקאַן גייער גערופען מיט דער ניט־זיכערער צערטליכקייט פון איינעם וואָס ער פיהלט זיין שולד.

— איך וויל ניט! — האָט זיך דערהערט אַ קורצער ענטפער.

— אַבער, אַנאַ, קום ארונטער! — האָט עלקאַן דערשראָקען זיך געבעטען.

— איך וויל אבער ניט! איך וויל ניט מעהר זיין אין אייער שיפעל.

— אבער, אנא, דיינע קליידער זיינען נאס, און דו וועסט נאך געפעהרליך קראנק ווערען.

— גוט, וועל איך געפעהרליך קראנק ווערען.

— ליבער יונג, אנו, שפרינג ארונטער! — האט איזידאר ראזענוי א רוף געטאן אנטשלאסען און באפעהלענד.

— איך וויל אייך עפעס זאגען, — האט אגאטאן געענטפערט זעהר ערנסט. — איך וועל ווארטען ביז זיריך שפערלינג וועט צוריק קומען. אפילו עס זאל נאכט ווערען, אפילו עס זאל טאג ווערען. איך וויל איהם זאגען, אז ער איז א הונט, איך וויל איהם זאגען, אז דאס וועט איהם טייער קאסטען. איהר, איהר לאזט דאך אלץ אייערס אי־בערגעהן. זיי מעגען אייך אפילו די אויערען אפרייסען, קושט איהר זיי נאך די האנט. בלויז אינדערהיים קענט איהר זידלען און שימפפען.

— אבער, אגא, קום ארונטער! — האט זיך עלקאן גייער געבע־טען, — דו קאנסט דאך ניט דארטען אויבען ביז נאכט בלייבען זיצען. חס ושלום, גאט באהיט!

— יא, איך בלייב זיצען, — האט זיך אגאטאן איינגעשפארט און זיינע אויגען האבען געפינקעלט.

— אזא משוגעת. — האט איזידאר ראזענוי אנטריסטעט אויס־געשריען, — און ער האט א כאפ געטאן זיין רודער און אפגעשטויסען דאס שיפעל פון׳ם בוים.

עלקאן גייער האט יאמערענדיג א קלאפ געטאן מיט די הענט און ער האט געבעטען, מען זאל פונדעסטוועגען זיך צוריקקערען און איינער זאל ארויפקריכען אויפ׳ן בוים. אבער די אנדערע האבען איהם אויסגעלאכט:

— א חוצפה פון דיין יונג! ווארהאפטיג א געמיינהייט! — האט געזאגט בערמאן שראט, — פארוואס האסטו ניט בעסער ער־צויגען דיין ילד? מיינער טוט אזוינס ניט חלילה. איך וואלט איהם א טויט געמאכט!

דאס שיפעל איז שנעל געפלויגען צום דארף־צו, און עלקאן גייער האט אומגעדולדיג געווארט, מען זאל שוין ארונטער, און ער אליין זאל קענען ווידער צוריקפאהרען. ער איז געזעסען מיט׳ן קאפ

אין די הענט און האט פארטרוימט געקוקט צום האריזאנט, וואו א שטילע, טריבע רויטקייט האט געגומען ארומזוימען די וואלקענס. וואס דאס האט זיך אויך אפגעשפיגעלט אין וואסער מיט א זעלטענעם ציטערענדען שיין. עס איז בכלל געווען עפעס פארטרוימטעס אין זיין גאנצען וועזען; אין זיין בליק איז געלעגען א בעטענדיגע הילפלאָזיגקייט; זיינע פריה גראה געווארענע האר האבען געקענט זיין עדות, אז ער נעמט זיך אלעס צום הארצען, וואס אנדערע טראגען עס ניט לאנג. יא, ווען אנדערע ווארפען דאס אוועק, איז עלקאן גייער הויבט דאס ערשט אויף, און ער האט נעוואוסט זיינע געשעפטען תמיד אנצוכאפען פון דער שלימזל'דיגער זייט.

אנאטאן האט שרעקליך געפראַרען אויפ'ן בוים, אבער ער האט ניט ארויסגעוויזען קיין שום מינע, ווען ער האט אפילו געשוידערט אין די נאסע קליידער. ער האט געמאכט א פנים, ווי ער וואלט זיך אליין באהאלטען פון זיינע אייגענע ליידען. אונטען האט דאס וואסער געבולבעט; ווען מען הערט דאס א לאנגע צייט, דוכט זיך אויס, ווי דאס פלוידערט כסדר אין דעם זעלבען מידען ריטם, מיט העלע, צוריקקומענדע קלאנגען.

אין דעם אויגענבליק האט ער דערזעהן א זעלטענע ערשיינונג. פונ'ם וואסער האט זיך ארויסגעהויבען א קערפער, וועלכער האט זיינע ארימס געשטרעקט אין דער לופטען, דאס נעזיכט כמעט אין בענקשאפט ציהענדיג ארויפצוצו. קלאנגלאז איז די נעשטאלט אויסגעוואקסען, און די מוסקלען פון די ארימס האבען זיך אננעבלאזען ווי אונטער א גוואלדינער אנשטרענגונג. אין דערביי האט זיך באוויזען א קליין מענשעלע, א שפיצינעם, א פיטשינקס. מיט אן אונטערטעניגען שמייכעל אויפ'ן פנים, און כסדר נעהאלטען אין בוינען זיך און ברעכען זיך, און האט דער גרויסער געשטאלט דערלאנגט די האנט. אבער ווי יענע האט די האנט גענומען, אזוי האט זי גענומען זינקען אלץ טיפער און טיפער אין וואסער, איז אפגעטראטען פול מיט שרעק, זיך א שטרויכעל געטאן און איז ניט געווארען אין דעם נעבעל, וועלכער איז געלעגען דארטען ווייט איבער'ן וואסער־שפיגעל. אנאטאן האט געקוקט אהינצו מיט אן אויסגעשטרעקטען האלז און האט טיף אפגעאטעמט ערשט דענסטמאל, ווען ער האט שוין מעהר ניט געזעהן ווי נאך דעם גלאטען אויבען פונ'ם וואסער.

ווען עס האט אנגעהויבען צו דעמערען, האט זיך דערהערט א קלאפעריי פון רודערס. עלקאן גייער איז געקומען. אגאטאן האט זיך ניט געלאזט בעטען (בפרט נאך, אז דאס איז זיין פאטער אליין גע־ווען), און נאכדעם ווי ער האט געכאפט א קוק אויפ'ן האריזאנט, איז ער ארונטער אין שיפעל. זיי זיינען אהיים געפאהרען איבער'ן שטי־לען וואסער, איבער וועלכען עס איז לאנגזאם טונקעל געווארען, און זיי האבען איינער צום צווייטען קיין ווארט ניט אויסגערעדט. די קראהען זיינען געפלויגען ארום שיפעל, קלאנגלאן און דערשראקען, און ביסלאכווייז איז דאס וואסער באדעקט געווארען מיט א שיכט געלע בלעטער. די רויטקייט אין מערב־הימעל איז געווען גלייך צו א שמאלער סטעננע און איז קענטיג טריבער געווארען, און דארטען האבען זיך צולעגט אייניגע וואלקענס, וועלכע האבען אויסגעזעהן ווי גרויסע מענער מאכענדיג מיט קאסעס. ביים קירך־הויף זיינען זיי ארויף אויפ'ן ברעג, זיינען אוועק ארויפצוצו מיט די קויטיגע גאסען און זיינען שוין באלד געווען אינדערהיים: אין א קליינעם, גרין־געפארבטען הייזעל, וואס האט שוין דער אלטקייט מעהר קיין ווידער־שטאנד ניט ארויסגעוויזען און האט געשיינט אין יעדער רגע איינצו־פאלען. דער דאך האט שווער געדריקט אויפ'ן פראנטאן און אויף די ווענט, און די פענסטער זיינען געווען אזוי אומרעגעלמעסיג געבויט, אז מען האט זיי געקענט לייכט פארגלייכען צו די קאסע אויגען פון א מענשען. עלקאן גייער איז געגאנגען דורכ'ן לאנגען פינסטערען קא־רידאר מיט'ן ברעכינגען ציגעלנעם דיל, פארביינגעגאנגען א סך טירען, ביז ער איז אריין אין קאמער, וואו ס'איז געלעגען באהאלטען די אויבסען מיט די שפייזען מיט די בשמים, וואס מען האט נעדארפט פאר דער קליינער קראם. א מאדנע געמישעכץ פון ריחות איז דא געווען: עס האט נעשמעקט מיט פרישע עפעל און מיט אלטע שטא־פען, מיט שלעכטען שאקאלאד, מיט געפרעגעלטע פרוכטען, מיט עסיג און מיט קאנסערוועך, מיט נערויכערטען פלייש און מיט קאווע. דערצו איז א דינער מעהל־שטויב געשטאנען אין דער לופט און א טונקעל־גרין טוך איז געווען אויסגעשפרייט איבער גרויסע קאסטענס.

אגאטאן איז נאכגעגאנגען זיין פאטער, וועלכער האט אנגעצונדען א שטיקעל ליכטעל און געקוקט פארזארגט אויפ'ן טונקעלען פלעמעל. מיט זיין מידער שטימע האט ער גענומען רעדען, אז ער, זיין עלטסטער

זוהן, וואלט איהם געקענט לייכטער מאכען דאס לעבען, ווי ער טוט דאס איצט, און ווי אייגענטליך שטעלט ער זיך פאר, אגאטאן, די צו־קונפט? אז דעם הענגט איצט אפ אלעס, מעהר ווי אלעס: דאס איז ביטער ערנסט. און ער, עלקאן, ווערט איצטער אלט און עס ווערט איהם שוין שווער, צו צאהלען דאס גרויסע שול־געלט. אויך דארף ער זיך איצט ניט שלעכט באנעמען אנטקעגען זיינע שפערלינג, ווארים ער, עלקאן, איז טיף פארשולדיגט ביי דעם דאזיגען מענשען, אזוי, אז ער קען זיך קיין שום עצה ניט געבען וואס צו טאן. קיינער וויל ניט העל־פען, אפילו ניט דער זיידע הענאך קארקוי, וועלכער וואלט זיכער דאס געקענט. עלקאן גייער האט, פארשטעהט זיך, געזאגט מעהר וויפיעל ער האט געדעכענט. ער האט ענדליך באמערקט, ווי אגאטאנ'ס גלידער ציטערען, פיליכט ניט נאר פון די נאסע קליידער אליין. ער האט איהם געהייסען אויף גיך זיך איבערטאן, אבער ער זאל דאס אזוי מאכען, אז די מאמע זאל גאר נישט ניט באמערקען.

פארטיפט אין געדאנקען איז עלקאן גייער ארוים אויפ'ן קליינעם הויף, וואס איז געלעגען צווישען דעם הויז און דעם גרינס־גארטען, און כאטש עס איז שוין געווען גאנץ טונקעל, האט ער נאך געטראפען זיין אלטען שווער ארבייטענדיג. הענאך קארקוי איז געווען צוויי־און־אכטציג יאהר אלט, אבער ער האט נאך געטאן זיין ארבייט — א שטריקמאכער איז ער געווען. ער איז נאך אלע טאג געגאנגען דעם לאנגען מהלך קיין פירט, געווען א שווייגעדיגער און א| אנגעבלא־זענער, און קיינמאל וואלט מען איהם מעהר ווי זעכציג יאהר ניט גע־קענט שאצען. ער האט קיינמאל אין זיין לעבען ניט געשלאפען אונטער א פרעמדען דאך, ער האט קיינמאל ניט פארלאזען דאס דארף לענגער ווי אויף צעהן שטונדען. דא איז איהם יעטווידער שטיין געווען באַ־קאנט, און די גאנצע איבעריגע וועלט איז פאר איהם נאר א משל גע־ווען. ער האט ניט געוואוסט פון קיין אנדער בענקשאפט, ווי נאר די בענקשאפט נאך געלד, און אנדערע מיני געפיהלען זיינען פאר איהם געווען אינגאנצען פארשלאסען. די וועלט, אין וועלכער ער האט גע־לעבט, האט איהם ניט אלט געמאכט, און ער האט אויך ניט גע־טראכט פון דעם טויט. ער איז געווען פרום, ד. ה., ער איז געגאנגען אלע אינדערפריה אין שוהל אריין, און דאס אייגענע אויך אלע אווענט, כדי ווידער אמאל א קוש צו טאן דעם טלית, וועלכען ער האט שוין

זינט ניין־און־זעכציג יאהר געלעגט אויף זיינע אקסלען, און ווידער אמאל צו מישען די ברוין־געווארענע בלעטער פון דעם האלב־צעריסע־נעם סידור. דאס איז פאר איהם געווארען א טויטע פליכט, איבער וועלכער מען פארטראכט זיך ניט. דער גאנג פון דער וועלט האט איהם ניט אינטערעסירט. די שטורעמס, וועלכע האבען אינמיטען פון דעם יאהרהונדערט אויפגעטרייסעלט די פעלקער, דער בירגער־קריעג אין לאנד אכטצעהן יאהר שפעטער — ער האט וועגען דעם כמעט ווי ניט געפרעגט. דער קאמף פון די זיבעציגער יאהרען, כאטש ער האט איז דעם א זוהן פארלארען, איז ביי איהם געוועזען א משוגעת, א נאַ־רישקייט. אזוי האט ער זיין לאנג לעבען געלעבט, און איז אלט גע־ווארען.

איינינע שטערען האבען א ציטער געטאן אונטער שנעל־לויפענדע וואלקענס. די לופט איז געוועזען פול מיט פייכטקייט און געהאט אין זיך עטוואס דורכדרינגענדעס. די בלעטער פון די ווילדע וויינטרוי־בען זיינען געוועזען רויט ווי בלוט און האבען אפילו געלויכטען אין דער טונקעלקייט. פון דעם „גלעזערנעם פאלאץ" האט זיך דערהערט דאס געשריי פון די טרינקער און איינער פון זיי האט מיט איינפאכער גע־דולד און מיט כלומר'שט א וויינענדיגער שטימע כסדר געזונגען דעם זעלבען ניגון: „שפין, שפין, טאכטערעל!" די אווענט־גלאקען האבען גענומען קלינגען; דאס האבען זיי זיך געהערט ווייט, דאַכ נאַהענט, און יעדערער, וואס איז געגאנגען אין גאַס, האט זיך ניט ווילענדיג אויסגעמאכט זיין אייגענעם ניגון פון די אפגעהאקטע קלאנגען.

הענאך קארקוי האט אנגעצונדען א קליינע, פארזשאווערטע און צעבויגענע לאנטערנע, האט געבראכט צו שלעפען א פעסעל, וואס איז געוועזען אנגעפילט מיט שאפענע קישקעס, און ער האט דאס צוגעדעקט מיט א רונדען, טעלעראַרטיגען דעק, וואס ער האט, נאכדעם ווי ער איז פארטיג געווארען מיט זיין ארבייט, אויסגעשניטען אין ביידע זיי־טען פאר די אויערלעך פונ'ם פעסעל.

— נו, פאטער, — האט עלקאַן גייער שטיל ארויסגערעדט, און האט פארזארגט געקוקט אויפ'ן אלטענ'ס הענט, וועלכע זיינען געווען באדעקט מיט גרויסע, ברוינע פלעקען און מיט לאנגע האר.

הענאך האט געשוויגען.

— און ווען יעטע וועט זיך דערוויסען ? — האט עלקאן געמור־מעלט, — סוף כל סוף איז זי דאך דיין קינד.

— זי ווייסט גארנישט, — האט הענאך בורטשענדיג געענט־פערט.

— וועט זי באלד וויסען. זיריך שפערלינג איז א האלז־שניידער.

— האסטו ניט געזאלט זיין לייכטזיניג. מיר האבען קיין שייער ניט געדארפט בויען. וואס האסטו, נו ? איך קאן דיר ניט העלפען. איך האב קיין געלט ניט.

עלקאן האט שטום געבראכען די הענט. דאן האט ער געזאגט:

— דו האסט אזוי פיעל מענשען דאס מעסער אין גארגעל אריינ־געהאקט. פאטער ! איך קאן שוין פארשטעהן, אז דו ביסט אזוי אויך אנטקעגען דיינע קינדער.

הענאך האט זיך לאנגזאם אויסגעגלייכט, און האט געמאכט אז אפּוועהרענדע באוועגונג מיט די הענט. גלייך נאכדעם איז ער אוועק אין הויז. די לאנטערנע האט געציטערט אין זיינע הענט און זיין שאטען האט זיך איהם נאכגעשאקעלט איבער דער שווארצער ערד.

פארענט אין צימער אויפ'ן טיש האט שוין א פארע געזעצט פון די קארטאפּעל, און צוויי הערינג זיינען געלעגען אין געלען ליאק אין א גרויסען שיסעל. לעבען די קינדער זיינען געשטאנען בלעכענע טעלער, וועלכע האבען אויסגעזעהן אלט און ניט אפּעטיטליך. נאר די דיענסטמויד און פרוי יעטע האבען געהאט פארצעלייענע טעלער. אין דער גרויסער יאמקע פון אויוען האט זיך די קאווע געקאכט מיט א ניגון, און איהר נערוך האט זיך צוזאמענגעמישט מיט די אויסגעלאָ־פענע און צונעברענטע מילך. דער חדר איז געווען נידעריג און פאר־שטיקט, און עס האט געהערשט אן אומארדנונג, וואס האט זיך אנ־געקליבען שוין פון טעג. די מעבעל האבען געשיינט צו שטעהן קרום. די דילען זיינען געווען צעטרעשטשעט, און אין די נארדינענלאזע פענסטער האט אהן שום שטערונג געקענט אריינקוקען די שווארצע נאכט אדער עמיצער אנדערש ווער עס האט געוואלט. און דאך האט אלצדינג געוויזען אויף דער האנט פון א באלעבאסטע, וועלכע האלט אין איין שייערען, נאר זי איז צו שוואך פולשטענדיג צו רעגירען אי־בער דער מלוכה וואס איז איהר געגעבען געווארען. זי האט אויך איהרע קינדער ניט באהערשט, דאס האט מען שוין געזעהן אז די

פנימ׳ער פון די קינדער, וועלכע זיינען זיך אזוי זארגלאז געזעסן, גלייך ווי זיי וואלטען ניט האבען וועמען צו פאלגען. זיי האבען אליין זיך גענומען קארטאפעל, אזוי פיעל וויפיעל זיי האבען געוואלט, אין פוטער מיט ברויט, און ווען איין קינד האט געכאפט א גרעסערען שטיק הערינג, האט דאס אנדערע פאר קנאה ארויסגעלאזען א שרעקליכען געשריי. א קאץ איז אומגעגאנגען אונטער׳ן טיש, האט זיך געריבען אן די שטול־פיסלעך און פון צייט צו צייט ארויסגעלאזען א שטילען, באנגעהרליכען מיאוקען, פון וואס די קינדער און די דיקע פויערען־מויד האבען מיט ווילדער פרייד געלאכט.

— וואו איז אגא, מאמע? — האט א פרעג געטאן דער אינגעל, א באיבאק פון פינף יאהר מיט געקרייזעלטע האר.

פרוי יעטע׳ס מויל האט זיך א קרים געטאן ווי פאר וועהטאג.

— רעד ניט, ווען דו האסט א פול מויל! — האט זי א געשריי געגעבען און א קלאפ געטאן מיט׳ן פויסט איבער׳ן טיש.

ווי אלע פרויען וועלכע ווערען טיראניזירט פון זייערע קינדער, האט זי מיט גרונדלאזער צעקאכטקייט געזוכט צו פארדעקען איהר שוואכקייט. הענאך קארקוי איז אריינגעקומען מיט מידע, טאפענ־דיגע טריט, האט אויסגעלאשען זיין לאנטערענדעל און דאס אוועקגע־שטעלט אין א דריי־עקיגען ווינקעל־אלמער, וואו מען האלט אויך די וועש, האט זיך געוואשען די הענט און געמאכט די געוועהנליכע ברכה. קיינער האט זיך אויף איהם ניט אומגעקוקט. אזוי ווי ער האט שוין געפונען דעם טיש באזעצט, האט ער זיך שווער ארונטערגעלאזען אויף א ברעג פון דער לעדערנער סאפקע, האט א זיפץ געטאן און געקוקט מיט גלאנצלאזע אויגען אין אויווען־לאך, פון וואנען דער פורפורנער פייער־שיין האט געציטערט.

— זיידע, פארוואס זינגט עפעס דער מאן אלע מאל? — האט א פרעג געטאן דער אינגעל דער באיבאק.

הענאך האט א בורטשע געגעבען און א שאקעל געטאן מיט׳ן קאפ.

— וואס זינגט ער אבער, זיידע?

— זיי שטיל! — האט פרוי יעטע א געשריי געטאן הייזעריג און אויפגערעגט און האט א קלאפ געגעבען מיטביידע פויסטען איבער׳ן טיש, אזוי, אז אלעס האט זיך געטרייסעלט.

— „שפּין, שפּין, טאָכטערל“, זינגט ער, — האָט מיט מורא שטיל א זאָג געטאָן צום באַיבאַק די עלטערע שוועסטער. מרים, א קינד, א וואונדערבאַרע שעהנהייט.

העניאָך איז פּלוצלונג אויפגעשפּרונגען, האָט אָנגעכאַפּט מיט איין מאָל דאָס קעצעלע פאַר׳ן אויפגעשטעלטען עק, אויפגעעפענט די טיר און א שליידער געטאָן מיט כח דאָס קוויטשענדיגע באַשעפעניש אין דער אַנטקעגנענדיגער וואַנט פון פּירהויז. גראָד איז עלקאָן גייער אַריבער די שוועל, האָט א וואָרף געטאָן צום אַלטען א שמערצליכען בליק און זיך א בויג געטאָן.

א פענסטער־שייב האָט א ציטער געטאָן און לייכט א בריאַזג געגעבען. אַלע בליקען האָבען זיך אַהין א קער געטאָן. מרים האָט אַרויסגעלאָזען א געשריי און האָט מיט די הענטלעך פאַרשטעלט די אויגען. פרוי יעטע׳ן איז דער ביסען געבליבען שטעהן אין מויל.

— זיריך שפּערלינג, — האָט העניאָך א מורמעל געטאָן.

עס איז טאַקע געווען דער רויטער פּנים פון דעם שענקער, זיין ברייטער, שוידערליכער פּרצוף, אויגענלאָז און מיט א צונעפּליעשקעטער נאָז. עלקאָן גייער איז טויט־בלאַס געוואָרען און האָט געמאַכט א שריט צום פענסטער. דאָ איז שוין זיריך שפּערלינג ווידער ניט געוואָרען. מרים, שנעל פאַרגעסענדיג אַז אַלע שרעקען, איז מיט פריידענס־געשריי אַריינגעפאַלען צום פאָטער אין די אָרימס. דער פאָטער האָט דאָס קינד אויפגעהויבען און דאָס שטאַרק א קוש געטאָן. די דיענסטמויד האָט אָהן שום גרונד זיך געשטיקט אין זיך פאַר געלעכטער, און העניאָך איז ווידער אַוועק צו זיין סאַפּע־ווינקעל, זיצען און וואַרטען, ביז ער וועט קענען געהן עסען.

— וואו איז אַנאַ ? — האָט איצטער אויך פרוי יעטע געפרעגט און האָט פאַרשעמענדיג געקוקט אויף איהר מאַן.

עלקאָן גייער האָט ערשטווינט זיך אומגעקוקט, אַוועקגעשטעלט דאָס קינד אויף דר׳ערד און א שאָטען פון רעטזעלהאַפטער פאַרזאָרגטקייט איז דורכגעגאַנגען איבער זיין שטערן. ער האָט געעפענט די טיר און א רוף געטאָן אין פּירהויז:

— אַנאַטאָן ! אַנאַטאָן !

קיינער האָט ניט געענטפערט אויף זיין רופען, און די שטיל־

קייט אין הויז האט אויסגעזעהן צו זיין גוואלדיג און דריקענד. די קינדער האבען געשוויגען ארום טיש, אפילו די גראבע ריענסטמויד האט אייפגעהערט צו ביכען. און עלקאן האט זיך צוגעהערט און געהערט האט ער נאר דאס טיקען פון דעם וואנט-זייגער אין צי-מער. ער האט עפעס מורא געהאט און ער האט ווייטער ניט געטראכט, ווי נאר דאס, וואס דער נאמען קלינגט אזוי מאדנע, ווען מען שרייט איהם הויך אויס: אגאטאן! פרוי יעטע האט געוואלט ארויסגעהן א זור טאן. אבער עלקאן האט זי צוריקגעהאלטען, ער האט בורטשענדיג צוגעמאכט די טיר און זיך אוועקגעזעצט צום טיש עסען.

אין א האלבע שטונדע ארום זיינען אריינגעלאפען אין הויז די ראזענוי-מיידלעך, מיט צעלאזענע האר, לאכענדיג אהן א שיעור, אהן אן אטעם. אלע מאל איז עפעס געווען צוליעב וואס זיי זאלען זיין אהן אן אטעם. נאך זיי איז געגאנגען זייער ברודער איזידאר: ווירדיג, ערנסט, געלאסען. די מיידלעך האבען גערעדט דעם פויערען-דיאלעקט פון דער געגענד, וואס דאס האט זעהר ניט הארמאנירט מיט זייערע ווילדע און זירליכע געזיכטסציגען. זיי האבען זיך פריי געהאלטען אין אלע זאכען, בעת איזידאר האט זיך געמאטערט אויסצוזעהן שטאַ-טיש. ער האט געטראגען א שטייפען ענגלישען הוט, קראוואטען נאך דער נייסטער מאדע, פארקאשערטע הויזען און העל-געלע, באטש קויט-בארעקטע שיך. זיינע פינגער זיינען געווען באזעצט מיט כל-המיני רינגען, און ס'קייטעלע פון זיין זייגער איז געווען שווער באהאנגען מיט גאלדענע צאצקעלעך. ער האט געהאט עפעס א מין חוצפה אין זיין האלטען זיך, ווי א מענש, וואס קיין זאך אין דער וועלט קען איהם שוין ניי ניט זיין. אין שטאדט פלעגט ער ליבערשט געהן אהין, וואו מען קען איהם ניט, ווייל קיין זאך פלעגט איהם אזוי ניט הנאה טאן, ווי ווען מען האט איהם ניט אנגענומען פאר קיין אידען. די מייד-לעך האבען געקושט די קינדער, איינס נאכ'ן צווייטען, און איזידאר האט געזאגט א וויץ און זיך ארומגעקוקט, אויב עמיצער לאכט ניט. קלארא ראזענוי האט האסטיג דערצעהלט די נייסטע נייס: אין דארף איז דא פון נעכטען אן א יונגערמאן, וואס זיינער א קרוב קויפט אפ די ציגעלניע. ער איז זעהר א שעהנער און ער הייסט סטעפאן גודשטי-קער, דאך ווייסט קיינער ניט, וואס ער איז און וואס וויל ער. ביים אנרופען דעם נאמען האט פרוי יעטע געגומען ציטערען, האט זיך אהן

קרעפטען אנגעלעהנט אהינטער און צוגעמאכט די אויגען. די פיידע־לער האבען דאס ניט געזעהן: זיי פלעגען גארנישט ניט באמערקען אין דער וועלט, וואס איז זיי אליין ניט נוגע.

עלקאן גייער און איזידאר זיינען געשטאנען ביים אויוען און האבען שטיל גערעדט צווישען זיך. עפּעס א ווילדע בארעדזאמקייט האט, ווי ס'שיינט, אנגעכאפּט דעם שוואכליכען און שרעקעדיגען עלקאן. אבער איזידאר האט אלץ געצויגען מיט די אקסלען און זיין געזיכט איז געוועזען גרויזאם און קאלט.

— דיין שוואער איז ברוך השם א בטוח, — האט ער שטעכיג א זאג געטאן.

— און ווען ער וועט ביי מיר אוועקנעמען דאס הויז און דאס לעצטע שטיקעל ברויט, וועט זיך צום סוף נאך אלץ געפינען אן אויס־וועג. גאט וועט העלפען!

איזידאר האט קאלט און איבערפלעכליך א שמייכעל געטאן, קלאפּענדיג מיט די טאלערס אין זיין קעשענע. און עלקאן גייער האט ווייטער גערעדט:

— דער זיריך איז ניט ווי גלאט א קרעדיטאר, דאס דארף מען ניט גלויבען. עס איז עפּעס א באזונדערער גייסט אין איהם. אומרוהיג קומט ער אריין, און זיינע אויגען פינקלען פאר האס. ער קומט אריין, ציהט אויס זיין האלז, לאכט אדער קנאקט מיט די פינגער. איך ווייס ניט וואס דאס איז. געוויס איז ער אומהיימליך, אבער ער האט עפּעס איידעלעס אין זיך.

די פרויען און די קינדער האבען זיך פארבראכט אן א זייט. נאר העגאך האט שטאר געקוקט אויף דיביידע מאנסבילען און זיין געל געזיכט מיט דער צעפּאלעטער בארד האט געשיינט צו זיין אמת פאר־שטיינערט. ער האט זיך געערגערט אויך איבער דעם, וואס מען האט איהם גארנישט ניט געגעבען עסען און וואס אלע האבען אן איהם פארגעסען ווי אן א כלי, פון וועלכער מען האט שוין קיין נוצען ניט. „זיי ווארטען אלע אויף מיין טויט", האט ער געטראכט, „אבער איך וועל זיי די געפעליגקייט ניט טאן." דאס קעצעל האט געמיאוקעט ביי דער טיר. ער האט דאס ניט געהערט; די פארגאנגענהייט האט זיך באוויזען אין טונקעלע בילדער און האט זיך אויף א זאנדערבארען אופן צוזאמענגעמישט מיט בילדער פון טאג.

— א יאַ, איך האָב אייער אנאַ'ן געזעהן! — האָט העלענע ראַזענוי פּלוצלונג אַ זאָג געטהאָן.

מיט אַמאָל האָט זי אַ גאַנצע דראַמע גענומען שילדערען, און אַלע האָבען אויפגערעגטע זיך צוגעהערט. מיט'ן פייער פון איהרע רייד האָט זי ווי געזוכט אויסצוקויפען איהר לייכטזיניגקייט, איבער וועלכער זי האָט אַזוי לאַנג פאַרשוויגען די געשיכטע.

זיריך שפּערלינג איז געשטאַנען ביי זיין הויז אויפ'ן קירכען־פּלאַץ. דאָס הויז איז געווען באַלויכטען מיט דעם העלען פייער פון דעם שמיד וואָס איז אנטקעגען. עס איז פאַרביי־געגאַנגען דער קליינער לעמעלע ערדמאַן, וועלכער איז שוין דרייסיג יאָהר אַ בעל־קריאה אין שפּיטאַל־שוהל. ער האָט זיך דערפאַר געשאַקעלט און דאָס קעפּעלע האָט זיך געוויגט אהין און אהער. זיריך שפּערלינג האָט איהם אַ רוף געטאָן, ער זאָל צוגעהן צו איהם, און אַזוי ווי לעמעלע האָט אויס מורא געוואָלט אנטלויפען, איז זיריך צוגעגאַנגען און האָט איהם פאַר די אויערען צוגעשלעפּט צו זיינע טרעפּ. ער האָט דעם אידעלע געקוקט לאַנג אין די אויגען, און זיין רויט געזיכט איז בלייך געוואָרען. עס האָט זאַגאַר געקראַגען פאַר דעם אויגענבליק אַן אויסזעהן פון עט־וואָס מאַיעסטעטישעם; זיין מויל האָט גענומען שמייכלען, שמערצליך שמייכלען. „וואָס פאַרפאַלען, איז פאַרפאַלען", האָט ער ארויסגע־רעדט און אַ מאַך געטאָן אומבאַשטימט מיט דער האַנט. „איך בין אַ מענש, וואָס קען ניט לעבען גוט מיט דער וועלט. ווען איך זעה אַ אי־דען, קאָכט אַזוי אויף מיין בלוט, אַז איך מוז עס שטילען. איך קען דערשמעקען אַ אידען פון ווייטען, אַזוי ווי אַ הונט דערשמעקט אַ חיה אין וואַלד. קום נאָר אהער, דו שמיד, און לעג אוועק דעם נפש אויף דיין קאַוואַדלע!" דער שמיד איז ארויס אין דרויסען און האָט זיך פריינדליך אַ נייג געטאָן פאַר זיריכ'ען, וועלכער האָט אַזוי ארונטער־געשלעפּט לעמעלע'ן דעם קאָפּ, אַז יענער האָט אָנגעהויבען צו שרייען. דאַ איז אָנגעקומען אַגאַטאַן גייער פון אַהינטער דעם ברונים, האָט זיך אַ לאָז געטאָן צום שענקער און איהם אַ שפּיי געטאָן אין פּנים. זיריך שפּערלינג האָט אָפּגעלאָזען זיין קרבן, האָט אַ כאַפּ געטאָן אַגאַטאַנ'ען, גענומען איהם ווי אַ פּעקעל און איז פאַרשוואונדען מיט איהם אין הויז אריין. דער שמיד האָט געלאַכט, די מיידלעך ביים ברונים האָבען

אויך געלאכט; זיי האבען שטענדיג געהאלטען דעם שענקער פון „זער־
באלד" פאר זעהר שפאסהאפט.

אין דער אמת'ען אבער איז ער געווען א פרעכטיגער מענש. ער
איז געווען געבויט אזוי ווי א סטאטוע. „ער איז א גערמאנער, דאס
אור־בילד פון די גערמאנער", האט געזאגט פראפעסאר ברינאטע אין
פירט. עס האט אויסגעזעהן ווי אין איהם וואלט זיך פאראייניגט
אלדאס גלעצענדע און גראבע, אלדאס קראפטפולע און אומגעלומפערטע
פון דער ראסע. ער האט געליעבט און געהאסט אהן חשבון און אהן
געקינצעלטקייט. אהן בארעכענונג און אהן איבערלעגונג. ער האט
געהאסט די אידען אומבאשרייבליך; יעטווידע מינע, יעטווידער טאן
פון דער שטימע, יעטווידע האנדלונג האט איהם אויפגערעגט ווי וויין.
עס איז נאך אזוינס ניט געהערט געווארען און עס איז געווען וואונ־
דערליך: קיין שום מענשענ'ס ערפאהרונג האט נאך ניט געוויזען אויף
אן עהנליכען פאל. ער איז געווען א חיה: ווילד, שטאלץ, אומגע־
צוימט, ניט צוגעפאסט פאר קיין פארנונפט־געזעץ אין דער וועלט. ער
האט קיינמאל דעם נאקען ניט געבויגען פאר א האר; ער האט גארניט
אפגעשטאמט פון קנעכט אזוי ווי אנדערע יונגע לייט. עס זיינען
געווען מענשען, וועלכע האבען זיך געשראקען, ווען עמיצער פון דער
רעגירונג איז אראפגעקומען אין דארף; זיי האבען מורא געהאט פא־
אן אומגליק פאר דעם רעגירונגסמאן און פאר דעם שענקער. ווארים
זיריך שפערלינג האט פאראכט דעם אדעל און האט פאראכט דאס גע־
זעץ און האט פאראכט די גלחים, און די וואס זיצען ביים רודער האט
ער פאראכט. ער איז געווען א זוהן פון דער דאזיגער גרויסער נא־
טור וואס ארום און פון אט דעם ברייטען פליין, וואס
האט זיך צעלעגט און צעשפרייט מיט זיין ריזיגען קערפער. ווען ער
פלעגט דערזעהן א סאלדאט, פלעגט ער מיט א קורצען געלעכטער אויס־
שפייען אין א ווינקעל. יא, ער האט אפילו ניט אריינגעלאזען צו זיך אין
שענק קיין סאלדאטען; זיי פלעגען איינפאך קיין ביר ביי איהם ניט
קריגען. און דאך האט ער געהאט א קינדישע נשמה, און עס איז
לייכט געווען צו באהערשען איהם. אפט איז ער ווי א רעטעניש גע־
ווען פאר אלעמען, ער האט געשריען און געליארעמט, און אין זיך איז
ער געווען טרויעריג. זיין פאטער, זאגט מען, איז א ריז געווען, און
פון זיין מוטער דערצעהלט מען זיך גאר אן אזעלכע וואונדערליכע

זאכען, וועלכע דערמאנען אן די מעשיות וועגען קלעאפאטרע. זיריך שפערלינג האט זיך ניט אריינגעפאסט אין דער ראזינער וועלט. דאס „אור־בילד פון די גערמאנער“ האט ניט געפונען קיין בעט, וואו ער זאל קענען ליגען באקוועם.

## צווייטער קאַפּיטעל.

ווי נאָר די שוואַרצע העלענע האָט דערצעהלט וואָס זי האָט געזעהן, אַזוי האָט עלקאָן גייער מיט אַ שוואַכען אויסגעשריי אַ ריס געטאָן זיין הוט פון טישוואַק און איז אַרויסגעלאָפען. די קינדער האָבען ניט באַגריפען וועגען וואָס דאָ האַנדעלט זיך, און זיי האָבען געוואָרפען שרעקענדיגע און פרעגענדיגע בליקען. איזידאָר איז אונטערזינגענדיג, שטיל און פאַרלעגען, געשטאַנען ביים הייסען אויוועז און האָט געפּיהר'ט מיט די פינגער איבער די קאַכעל. דער אַלטער הענאָך איז געוועזן שטיל; זיין בליק האָט זיך ווי פאַרצויגען מיט אַ שלייער; עס האָט אויסגעזעהן, ווי פון איהם וואָלט איהם אַרויסגעקומען די באַאומרוהיגענדע שטימונג.

עלקאָן גייער איז שנעל אַרונטער אין גאַס. ביים ברונים זיינען נאָך געשטאַנען די אימער פלוידערענדע מיידלעך. דאָס וואַסער איז מיט אַ פליעסקעריי געלאָפען איבער דער קאַרעטע, און דער פליסיגער שטראַל איז געוועזן רויט ווי בלוט אין דעם אָפּשיין פון דעם שמיד'ס פייער. זיריך שפּערלינג איז געזעסען ביי זיין הויז, דאָס געזיכט איינגעקוועטשט צווישען די הענט און האָט אַליין געהאַלטען זיינע אויגען געווענדט צום האָרנע פון דער קוזניע, אַרום וועמעס פייער די אַרבייטער זיינען אַזוי ווי סילועטען אַרומגעלאָפען הין־הער. עלקאָן גייער איז צוגעגאַנגען צו איהם און האָט אַ פרעג געטאָן:

— וואָס האָט איהר געטאָן מיט מיין זוהן? זאָגט מיר!

זיריך שפּערלינג האָט געשוויגען, יאָ, ער האָט אַפילו די אויגען ניט אויפגעהייבען. עלקאָן האָט מעכאַניש איבערגע'חזר'ט זיין פראַגע, אָבער יענער האָט דאָס מויל ניט געעפענט, האָט קיין באַוועגונג ניט געמאַכט, איז געבליבען פאַרשטיינערט ווי אין שלאָף. זיין געזיכט

האט געהאט דעם אויסדרוק ווי ביי א מענשען, וועלכער טראכט איבער דאס טיפסטע אין געהיימניספולסטע פון לעבען, אדער ווי ביי א קראנקען, וועלכען מען זאגט אן דעם טאג פון זיין טויט. „וואס איז מיט איהם געשעהן?“ האט עלקאן געטראכט, און ער האט געוואגט דעם דאזיגען פיינד ביים אקסעל א טרייסעל צו טאן. ער וואלט אויף דעם קיין מוט ניט געהאט, ווען ניט מורא און פארצווייפלונג וואלטען איהם דערצו געטריבען. זיריך שפערלינג האט זיך אויפגעשטעלט און איז שווייגענדיג אריין אין הויז. עלקאן, וועלכער האט זיך ניט געטרויט איהם נאכצוגעהן, האט געציטערט פאר באזארגטקייט. ער איז איבערגעגאנגען צו די מיידלעך. יא, האבען זיי געזאגט, זיי האבען געזעהן אגאטאנ'ען, און האבען מיט דער האנט אנגעוויזען צו דער זייט פון עלקאנ'ס הויז. ער האט סעקונדען־לאנג געהאלטען די אויגען צוגעמאכט, ער האט זיך געפיהלט ערלייכטערט און זיפצענדיג האט ער זיך צוריקגעקערט מיט'ן פינסטערען און שמוציגען וועג.

פרוי יעטע איז איהם אנטקעגען געקומען אין פירהויז, און איהר פנים, וואס איז שוין אזוי אויך געוועזען פון א קראנקער, טונקעלער געלקייט, האט אויסגעזעהן זעהר דערשרעקענד. איהרע אויגען האבען געפרעגט, ניט איהר מויל. כאטש עס איז געוועזען כמעט שטאק־פינסטער, האט עלקאן דאך דערזעהן דאס; ער האט באמערקט דעם דאזיגען בלאנדזשענדיגען גלאנץ, אין וועלכען עס איז געלעגען אלדאס אויסגעגראבענע פון דער פרויען־נשמה. די ראזענוים האבען זיך ארויסגעדוקט מיט באנאלע טרייסט־ווערטער: ווען עס איז ערגעץ־וואו שוין מעהר ניט מונטער און לעבעדיג, פיהלען זיי זיך שוין אומבאקוועם.

— ער איז ניטא דא? — האט עלקאן ארויסגערעדט מיט היץ. בעת ער איז אריין אין שטוב און האט זיך אומרוהיג ארומגעקוקט.

קיינער האט ניט געענטפערט. אבער קוים האט פרוי יעטע צוגעמאכט הינטער זיך די טיר, ערשט זי האט זיך ווידער שטיל געעפענט. און אגאטאן איז אריינגעקומען. באלד האבען זיי אלע באמערקט, אפילו דאס קלענסטע פון די קינדער, אז אין זיין געזיכט איז עפעס געוועזען אזוינס, וואס פריהער האבען זיי דאס ניט געזעהן. ער האט זיך מעהר גע'גנב'עט, ווי געגאנגען, האט קיין „גוט'נ'אוונט“ ניט געזאגט אין

אויך ניט קיין שום זילבע. האט זיך אנידערגעזעצט אויף א הילצער־נעם בענקעל לעבען זיין שוועסטער מרים, ווע‏לבער ער האט, עטוואס שמייכלענדיג דערביי די האר א גלעט געטאן, האט גענומען פון הוילען טיש א קאלט געווארענע קארטאפעל, דאס אפגעשיילט און גענומען עסען. אלע אויגען האבען אויף איהם געקוקט, אבער ער, ווי עס האט אויסגעזעהן, האט דאס ניט געמערקט. מיט א בלייענעם און גלאנצלאזען בליק האט ער געקוקט אויף זיין טעלער אין האט געגעסען קענטיג מיט עקעל און גרויס מאטערניש. אויף זיין האלז איז געווען א בלוטיגער שראם.

— וואו ביסטו געווען? — האט עלקאן גייער א פרעג געטאן מיט ריכטערליכער ווירדע און איז צוגעגאנגען צום טיש. זיין שטימע האט געציטערט.

אגאטאן האט אויסדרוקסלאז אנגעקוקט זיין פאטער און האט ווייטער געקייעט. פרוי יעטע, אנשפארענדיג דעם קאפ אויף'ן האנט, האט זיך אויסגעצויגען איבער'ן טיש און האט דורכדרינגענד אנגעקוקט איהר זוהן.

— פון וואנען האסטו דעם שראם? — האט עלקאן גייער ווייטער געפרעגט און האט אנגעשפארט ביידע קולאקעס אויף'ן טיש.

זיינע ווייכע, גוטע אויגען האבען גענומען פינקלען. אויך הענאך איז איצטער צוגעגאנגען, האט אפגעשטופט מיט'ן האנט אגאטאנ'ס קאפ, אזוי, אז דער פנים זאל צו איהם זיין גלייך געווענדט, און ער האט איהם אנגעקוקט מיט פינסטערע בליקען. אגאטאן האט ארונטערגעלאזען די אויגען.

— פון וואנען האסטו דעם שראם? — האט פרוי יעטע זיך צעוויינט אויף איהר שטימע.

— פונ'ם בוים, — האט אגאטאן ארויסגעמורמעלט.

עלקאן גייער האט זיך געביטען אין פנים און צום ערשטען פון די אלע איבעריגע האט ער גענומען דערצעהלען וועגען דעם, ווי ס'איז איהם צוגעגאנגען זיין רייזע קיין אלטענבערג.

אגאטאן האט זיך אויפגעהייבען און פארלאזען דאס צימער.

— זאג מיר נאר, אום גאטעסווילען, וואס איז דאס מיט'ן יונג? ער איז משוגע, ריין משוגע, — האט פרוי יעטע געקלאגט.

עלקאַן איז געשטאַנען ביים פענסטער, פון וואַנען מ'האָט גע־קאָנט זעהן די גאַנצע גאַס. איהם האָט זיך אויסגערוכט, אַז ער זעהט דעם וואַסער־שפּיגעל דאָרטען ווייט, אָדער ער שפּירט דעם פייכטען קיהלען הויך פון דער פאַרפלייצונג. איהם האָט געוואונען שטיקען אין האַרצען. אין איהם האָט געלעבט יענער הינרייסענדיגער בטחון אין גאָט און אין דאָס קומענדע, אין משיח'ן, וואָס עס שלומערט ביי אַלע פרומע אידען, און וואָס האָט איהם זעלטען פאַרלאָזען, אַזוי ווי איצט. קוים אַרויסגערעדט.

ער איז געגאַנגען זעהן, וואו אַגאַטאַן איז, וואָרים דער געדאַנק וועגען איהם האָט געדריקט דעם זינען. ער האָט געעפענט אַ טיר פון'ם פינסטערען פירהויז און איז אַריין אין אַ קאַלטען, הוילען צימער, וואו אַ ליכט איז געשטאַנען אויף אַ צרה'דיגען טיש מיט הויכע בײסלעך. אַגאַטאַן האָט זיך געבויגען איבער אַ גראָבען בוך, און די פינגער איינגעגראָבען אין די האָר. עס איז געווען דער „ברית־חדשה“. קוים האָט עלקאַן דערזעהן דאָס בוך, האָט ער דאָס מיט רציחה אַ כאַפּ געטאָן, אַרויסגעריסען פון אונטער אַגאַטאַנ'ס עלענבויגען, צעריסען די בלעטער און דעם איינבונד אַ וואָרף געטאָן אין אַ ווינקעל.

— דאָס טוסטו? דאָס טוסטו מיר? — האָט ער אַהן אַן אָטעם קוים אַרויסגערעדט.

אַגאַטאַן האָט געשוויגען, און האָט די אויגען ניט אַראָפּגענומען פון זיין פאָטער, בלייבענדיג אַזוי זיצען ווי ער איז געזעסען. עלקאַן האָט פלוצלונג דערפיהלט אַן אומערקלערליכע מורא פאַר איהם, האָט זיך אוועקגעזעצט אויפ'ן ברעג בעט און האָט שרעקעדיג אַ פרעג גע־טאָן:

— וואָס האָט ער דיר געטאָן, אָט דער זיריך?

אַגאַטאַנ'ס אויגען האָבען געפינקעלט ווי ביי אַ קאַץ. ער האָט אַ שאָקעל געטאָן דעם קאָפּ און האָט מיט אַ זשעדנעקייט געקוקט אין דעם שמאָלען שפּיגעל וואָס אויף דער גרינער וואַנט, גלייך ווי ער וואָלט דאַרפען שטודירען יעטווידע פאַרענדערונג פון זיין געזיכט.

— קאָנסטו מיר ניט זאָגען? מ י ר, דיין פאָטער?

— ניין!

— יאָ, אָבער...

— ניין. פאַרוואָס האָסטו אָבער דאָס בוך צעריסען?

— ווייל עס איז א עבירה דאס צו לייענען, א עבירה אנטקעגען דעם גאט פון ישראל. פון וואנען האסטו דאס?

— א עבירה? דאס קאן איך זיך ניט פארשטעלען. דו זאגסט, ישראל איז גאט'ס באליעבט פאלק? ער באשיצט עס פון אלעמען?

— יא.

— דאס איז אומזין, ווירקליכער אומזין.

— אנאטאן!

— יא! דאס איז געווים דום. איז דאס אמת, אז מיר פארגיסטען דאס בלוט פון אלע פעלקער?

— וואס פאר א דיבורים איז דאס!

— מיר האבען יעזוס'ען געקרייציגט און...

— מיר? ניט מיר, אנא!

— אבער אהן דעם וואלט ער דאך יעזוס ניט געווארען. זיי האבען אלזא אונז צו פארדאנקען פאר יעזוס'ען!

— נאטירליך.

— אבער דאס איז דאך דאס, — האט אנאטאן ווייטער גערעדט מאבענדיג א מאדנעם געדאנקענשפרונג, — מיר האבען ניט קיין פאטערלאנד.

— פארוואס ניט? דא איז אונזער פאטערלאנד! דייטשלאנד! אונז באשיצט דער קייזער און דאס געזעץ.

— מאמע, אבער קייזער און געזעץ זיינען ניט דייטשלאנד. און וואי מען מוז באשיצט ווערען, איז מען אויך ניט אין דערהיים!

— דו ביסט א גמרא־קעפעל. דו ווילסט זיין צו קלוג. דאס לעבען איז א סך איינפאכער ווי די חכמה פון א אינגעל.

— איך בין שוין מעהר קיין אינגעל ניט, טאטע! אויב דאס פאלק האט אונז ליעב, טו פארוואס קענען מיר ניט זיין קיין אפיצערען? נאר מיר זיינען ניט קיין גלייכגעבארענע דא אין לאנד, און דאך זיינען מיר מעהר ווי אלע, שטארקער ווי אלע!

ווידער האבען זיינע אויגען גענומען בלישטשען און פלוצלונג איז א שטארקער ציטער איהם אריבער איבער'ן לייב: ער איז געשטאנען. זיין שמאל געזיכט איז געווען צעקרימט, זיינע הענט זיינען געווען איינגעקלאמערט איינע אין דער אנדערער, און ער האט פאר גרויל א געשריי ארויסגעלאזען. עלקאן האט צעמישט זיך ארומגעקוקט, אבער

ער האט גארנישט ניט באמערקט. ער האט אנגעכאפט אנאטאנען ביי די ארימס, האט איהם א טרייסעל געטאן און באגעגענט אן אויס־דרוקסלאזען, פוסטען, פארגליווערטען בליק.

די טיר האט א סקריפע געטאן, און פרוי יעטע איז אריין. זי האט געזאגט, אז אן ארימער אורח איז געקומען און ער וויל שטעהן איבער נאכט. עלקאן האט כמעט ווי מעכאניש פארלאזען דאס צימער. ווען ער איז ווידער נעגאנגען איבער'ן פירהויז, איז איהם דריקענדיג באפאלען דאס געפיהל פון זיין נויט. מארגען וועט ביי איהם זיך שפערלינג אליץ צונעמען פאר'ן חוב, און אפילו דאס שטיקעל קרעמעל, פון וואס ער האט זיין טעגליכע אויסקומעניש, וועט צו גרונד געהן. אה, ווען ער וואלט געקענט באקומען פון לעווענגארד'ען זיינע קינדער'ס געלט! אבער עס איז דאך ניטא וואס צו טראכטען פון דעם.

דער אורח, וועמען מען האט גערופען יואלזאן, איז געשטאנען ביי א האלבע שטונדע און האט געדאווענט. ער האט זיך אודאי הונדערט מאל א בויג געטאן. זיינע אויגען זיינען זשעדנע געלאפען איבער די שמוציגע בלעטער פון דעם סידור, און זיין פנים האט געהאט דעם אויסדרוק פון טעאטראלישער התלהבות. ווען ער איז פארטיג געווארען מיט'ן דאווענען, האט ער גענומען קוקען מיט פינסטערע און בייזע בליקען. ער האט געענטפערט אויף אלע פראגען אזוי קורץ ווי מעגליך, האט קיינעם ניט געקוקט אין פנים אריין, און ווען די מויד איז צוגעגאנגען מיט די אנגעווארימטע קארטאפעל און האט כיבענדיג דאס פאר איהם אוועקגעשטעלט, האט ער זיך אפגעקערט, און פארשטעלט דאס געזיכט מיט די הענט, כדי ניט טמא צו ווערען, וואס ער וועט א קוק טאן אויף א גויה. זיין היטעל, וואס ער האט געטראגען אויפ'ן קאפ די גאנצע צייט פון עסען, האט קענטיג שוין געהאט דערגרייכט א טיפען עלטער.

אלע זיינען אוועק שלאפען, אויך דער אורח, וועמען מען האט געגעבען אין דער אויבערשטער קאמער א פלאץ אויף צום שלאפען. עס האט זיך רק געהערט, ווי עס רייסט זיך אריין אין דארף עפעס ווי א רוישען פון וואסער און א פליעסקען פון כוואליעס. אזוי ווי שאטענס האבען זיך אומעטום ארומגעדרעהט. דער רעגען האט א גאס געטאן, דאן איז ווידער שטיל געווארען, דערנאך איז געקומען א זשומענדער ווינט, דאן איז ווידער די לבנה ארויסגעטראטען פון צווישען

די וואַלקענס, און איהרע שטראַלען האָבען ווי דערשראָקען זיך אויס־
געלעגט אויף די רעכבער און אויפ'ן וואַסער. אויף מאָרגען אינדערפריה
האָט פרוי יעטע דערצעהלט, אַז זי האָט צוויי מאָל געהערט דעם הויפּט־
מיער סקריפּענדיג, אָבער אַלע האָבען זיך פון איהר אויסגעלאַכט,
באַזונדערס איזידאָר ראַזענוי, וועלכער איז שוין ווידער געקומען אהער,
„אויף איין שפּרונג", ווי ער האָט געזאָגט, און ער האָט דערקלערט,
אַז בנאמנות ער צווייפעלט, צי ס'איז נאָר דאָ „רוחות". פריש, וואַרים
ברויט איז געלעגען אויפ'ן טיש, און די קאַווע האָט זיך שוין ווידער
געקאָכט אין יאַמקע. אינדרויסען איז דער הערבסט געלעגען, איצט
שוין אָפען און ניט פאַרדעקט, מיט אַ בלייענעם הימעל און שטאַרקע
ווינטען. די מאַנסבילען זיינען אַריין מיט די תפילין, דאַוונען אינ־
דערהיים, וואָרים זיי האָבען ניט געקאָנט געהן אין שוהל אַריין צוליעב
דעם וואָס דער אַלטער חזן האָט ניט געקענט אַנהאַלטען די חזנות אי־
בער די העסליכע מחלוקות און קנאה, וואָס האָבען תמיד געהערשט
צווישען די אידען פון דאָרף.

די קינדער זיינען אַריין לאַכענדיג און פּלוידערענדיג, קנאָפּ־וואָס
אָנגעשראָקען פאַר'ן פינסטערען און אַסקעטישען אויסזעהן פון דעם
יוּאַלזאַן. עס איז נאָך געווען אַ לאַנגע צייט ביז צום געהן אין שולע
אַריין, נאָר אַגאַטאַן האָט זיך שוין געגרייט צו געהן: אַכט אַזייגער
מוז ער שוין זיין אין פירט, און עס איז אַ שטונדע צו געהן. און ער
מוז אַזוי געהן יעדען טאָג הין און צוריק. מיטאָגס עסט ער פריי ביי
רייכע אידען פון שטאָדט. ער האָט אַריינגערוקט אין טאָרבע די ביכער,
וועלכע ער דאַרף היינט האָבען, און איז דערביי געווען ווענינער אַנט־
שלאָסען און איבערלעגט ווי אַלע מאָל. אָפט האָט ער זיך לאַנג פאַר־
טראַכט, פאַרקוועטשט די אויגען, האָט געקוקט מאָדנע אויף אַלע וואָס
זיינען אין צימער געווען, אויף זיין שוועסטער און ברודער און אויף
זיין מוטער. ווי אַ שילער פון דעם אויבערשטען קלאַס אין פירט, האָט
ער געשפּיעלט אין דאָרף אַ געוויסע ראָליע, אָבער עס איז זיכער, אַז
דאָס האָט איהם ניט געמאַכט פאַר קיין בעל־גאוה. עלקאַן גייער איז
שוין געווען אַוועק פון הויז, ווי ער האָט געזאָגט צוליעב די געשעפטען,
אין דער אמת'ן אָבער אויס אנגסט פאַר זיריך שפּערלינג.

פרוי יעטע האָט געהאַלטען אין דערצעהלען וועגען אַ שפּאַס וואָס
כּען האָט אָפּגעטאָן איבער דעם מוהל פון דער געמיינדע און הענאָך

האט מיט א גרויסען רעש געבליאפטשעט זיינע קאווע, ערשט אויף דרויסען האט זיך דערהערט א הילכענדער, דורכדרינגענדער געשריי, ווי איינער וואלט מיט די פינגער צווישען די ציינער, מיט אלע קרעפטען א פייף געטאן, אזוי ווי די קצבים־יונגען פייפען. דאן איז דער פויער יאכען ווארשעלייון פארבייגעלאפען, ד. ה. ער האט פאר איילעניש שיער זיך ניט איבערגעקוליעט. דאן איז געקומען פאוולאווסקי דער זשאנדאר; ער איז כמעט ווי ניט געלאפען, אבער ער איז געגאנגען אזוי שנעל, ווי מען האט איהם נאך קיינמאל אין דארף ניט געזעהן געהענדיג. זיין קערפער איז ביי יעדען טראט דורכגעטרייסעלט געוואָרען. איזידאר האט און עפען געטאן דאס פענסטער און ארויסגעקוקט; דאן האט ער געלאזען דעם פלאץ ביים פענסטער, א כאפ געטאן זיין שטייפען הוט און איז ארויסגעלאפען. אגאטאן איז געשטאַנען אינמיטען צימער, ווייס ווי א העמד, און א משוגע'נער אדער טריאומפירענדער שמייכעל האט זיך געשפיעלט ארום זיינע ליפען. פרוי יעטע, וועלכע האט זיך ווייט ארויסגעבויגען, האט געזעהן אויפ'ן קירכען־פלאץ א סך מענשען שטעהענדיג; אויך ביי מארטין אמברונג'ס שענק זיינען זיי געשטאנען און האבען געקוקט. דער קליינער באיבאק האט געקוויטשעט, מרים האט פארוואונדערט געשמייכעלט און יואל־זאן האט פארעכטליך געשמייכעלט.

די דיענסטמויד קאטרין איז אריינגעפאלען אין הויז. דעם אויסדרוק פון איהר געזיכט האט מען שוין מעהר ניט געקענט אנרופען קיין שרעק, עס איז געווען א מין קאנוואולסיווער אויסדרוק. די אונטערשטע קינבאק איז ביי איהר ארונטערגעהאנגען, אזוי, אז דאס מויל איז ביי איהר געווען ברייט אפען, און זי האט בלויז געמאכט באַוועגונגען, ווי אויפצוהייבען די האנט.

— וואס איז דער מער? — האט פרוי יעטע א פרעג געטאן מיט א פארגליווערטען הארצען.

קאטרין האט קייןווארט ניט געענטפערט. אלע האבען זיך ארומגעשטעלט ארום איהר, און ענדליך האט די מיידעל ארויסגעפליסטערט:

— זיי האבען... זיי האבען... דערשטאכען!

— עלקאן! — האט פרוי יעטע אויסגעשריען מיט אויפגעהויבענע הענט.

די דיענסטמויד האט א שאקעל געטאן מיט'ן קאפ.

— נייז, נייז, — האט זי ארויסגערעדט אהן אן אטעם, — זיריך שפערלינג, היינט ביינאכט.

אלע האבען געשוויגען. יואלזאן און העננאך קארקוי האבען גע־שאקעלט מיט די ליפען. די קינדער זיינען ארויסגעלאפען אינדרויסען, זיי זיינען אבער געבליבען שטעהן ביי דער טיר שטיל און מיט מורא.

אגאטאן האט באלד פארלאזען דאס דארף, אום צו געהן קיין פירט. צום ערשטען איז ער געגאנגען מיט'ן וועג. וואס געהט ארויף בארג קיין מערב, און פון דארטען איז ער געגאנגען מיט'ן קאם פון די היגלען איבער דאמבאך און דער שלאכט־הויז־בריק וואס אויף יענער זייט. ער איז אין האלב־קרייז געגאנגען ארום די פארפלייצטע ער־טער; אומעטום האט געראיישט און געבושעוועט דאס וואסער, און ווען די ווייטע פריהמארגען־נעבלען האבען גענומען זיך הויבען, זיינען ארויסגעקומען פאנטאסטישע בילדער פון שטעדט. בייב שלאכט־הויז איז די מהומה געוועזען גוואלדיג גרויס; דאס קלאפעריי פון די וועגענער אויפ'ן בריק איז פארשלונגען געווארען און די קולות פון די כוואליעס.

שוין אכט טאג צייט ווי אגאטאן פלעגט טרעפען דא, געהענדיג מיט אט־א־דעם וועג, יעדען טאג צו דער זעלבער מינוט און אויפ'ן זעל־בען פלאץ א פרוי, וועלכע פלעגט קומען אהער שטיל מורמלענדיג, קומענדיג אייגענטליך מעהר צו קריכען ווי צו געהן. זי האט געהאט לייכט געראטעלטע באקען, פיליכט איז זי אמאל זעהר שעהן געווע־זען, אויך איז זי ניט געוועזען ארים געקליידט. צום ערשטען האט אגא־טאן זיך ווענגיג אומגעקוקט אויף איהר, דערנאכדעם האט זי זיך איהם גענומען ווארפען אין די אויגען מיט דעם הארטנעקיגען, בייזען און טראציגען אויסדרוק, מיט וועלכען זי האט איהר קארב געשלעפט. נאכדעם האט ער זי אנגעהויבען פיינט צו האבען, אליין ניט וויסענ־דיג פארוואס. שטענדיג, ווען זי פלעגט איהם איבערגעהן דעם וועג, האבען זיינע אויגען געשפריצט מיט פונקען. ווען ער האט זי איינ־מאל געוואלט אויסמיידען, האט זיין הארץ גענומען קלאפען און גע־טריבען איהם דורכאוים אנטקעגען איהר. ווען ער פלעגט זי דערזעהן, פלעגט איהם איינפאלען, אז אלץ וואס ער וועט אין דעם טאג וועלען טאן, וועט זיך איהם ניט איינגעבען.

היינט איז זי ניט געקומען. ער האט זיך אפגעשטעלט ביים ערש־טען בריק־סלופ און האט זיך אומגעקוקט. זי איז ניט געקומען צו גיהן. דורכגעהענדיג דעם גאנצען וועג ווי אין א חלום, האט ער איצט ערשט אזוי ווי גענומען ערוואכען און האט א פיהר געטאן מיט דער האנט איבער די אויגען. זיין בליק האט דורכגעדרונגען די אויפשטיי־גענדע גאסען פון דעם ברעג־קווארטאל.

אימער ווייניג געניינגט צו געשפרעכען, האט ער אויפ'ן אויבס־מארק גענומען רעדען צו א שול־חבר, א קליינער אומבאהאלפענער איננעל. וועלכער האט אויסגעזעהן זעהר אידיש.ביידע זיינען א צייט לאנג געגאנגען אהן ווערטער, ענדליך האט דער קליינער, פיהלענדיג זיך געדריקט פון אגאטאנ'ס שווייגען, זיך אפגערופען:

— ווי מאדנע דא שמעקט! ניין? אזוי פריש!

— מיט קויהלען, — האט אגאטאן סארקאסטיש געעריטערט.

— אה! — האט דער קליינער אויסגעשריען ענטוזיאסטיש. ער איז גאר אנטציקט געווארען פון דעם דאזיגען כלומר־ש'טריגען וויץ. — האסטו איינגע'חזר'ט די סאלישע קייזארים? — האט ער דערנאך א פרעג געטאן.

— איך לערען ניט. איך קאן ניט לערנען, — האט אגאטאן גע־מורמעלט, — איך קאן ניט ארייננפויקען אין זיך צאהלען און נעמען און רעגלען, וואס וויים איך. דאס מוטשעט מיך. ווען באיעזען וואלט ניט געוועזען, וואלט איך גארנישט ניט געקענט טאן, גארנישט ניט גע־קענט דענקען אין די אלע שטונדען. דאס איז אלץ טויט.

דער קליינער האט געשיינט צו זיין זעהר ערשטוינט און צעמישט, און באלד האט ער גענומען קלאגען און וויינען, אזוי ווי פון העלער הויט, אז דער פום טוט איהם וועה. וואס נעהענטער זיי זייגען געקומען צום שולהויז, אלץ בלייכער איז אגאטאן געווארען. אין אלע גאסען זיינען שוין די קראמען געווען אפען, און די קרעמער און זייערע משרתים, מייסטענס אידען, זיינען געשטאנען ארומגעפריזירט און ערשט איינגעוואשענע ביי די טירען און די שויפענסטער, די הענט איז די הויזען־קעשענעס טיף ארייגגעשטעקט. די משרתים פון די קרא־מען האבען איצט זיך געמאכט וואזשנע פנימ'ער; זיי האבען זיך אלע אויסגעצייכענט מיט זייערע שטארק ארויפגעדרעהטע וואנצעס און זיי

האבען זיך אינגאנצען באנומען ווי זיי וואלטען געווען די וויכטיגסטע פארשוינען אין דער וועלט.

שוין פון וואַרטען האט מען געזעהן די מחנה שילער פאר דער שול־געביידע, א שווארצע אומדורכדרינגליכע מאסע. א סך זיינען גע־שטאנען ארום א סלופ, וואו א געטין פון פארנונפט האט אויף א גרינעם פלאקאט געהאלטען אין דער הויך א גאל שטיק זייף, גלייך ווי דאס וואלט געווען א בראנד־פאקעל. די שילער האבען געמאכט זייערע אומאנשטענדיגע באמערקונגען וועגען די נאקעטקייט פון דער געטין פון די זייף. איז געגאנגען אגאטאן מיט זיין באגלייטער, וועלכער איז שוין איצט פון זיין זייט געווען פארטיפט אין א פילאזאפישען שווייגען און נאר צייטענווייז א קרומען בליק פון דער זייט געוואר־פען אויף די מיט־שילער. ווי נאר זיי זיינען צוגעקומען צום ראג מאטילדע־גאס, אזוי האט זיך צו אגאטאנ׳ען א לאז געטאן א גאנצע חברה קלאס־חברים איהם אנגענומען פאר די אקסלען און די ארימס און געשריען צו איהם: מען זאגט דאך, אז איינער איז דערמארדעט געווא־רען אין צירענדארף, צי ער האט איהם געזעהן, און זאל ער דערצעהלען, ווי אזוי און פארוואס דאס האט געטראפען א. אז. וו. די שילער פון די נידעריגערע קלאסען האבען מיט גרויס דרך־ארץ געמאכט א ווארע און האבען קוים געוואגט ביים עק קרייז אנצושפיצען זייערע אייערען, אום עטוואס צו כאפען. אגאטאן האט זיך דערזעהן געריכט ארומגערינגעלט, און דער קליינער האט א קוק געגעבען אויף איהם פול מיט נאאיווער מורא און א פרעג געטאן:

— פארוואס האסטו דאס מיר ניט געזאגט?

הער פערעל רונקעלשאפט האט בלאזענדיג זיך באוויזען אויפ׳ן שוועל פון שולהויז, און די מחנה האט אהן אפהאלט און שטארק ליארעמענדיג ארייננגעשטראמט אין דעם הילכיגען קארידאר. דער מארד האט באשעפטיגט די יונגע מוחות. זיי האבען ווי געזעהן די פינסטערע נאכט פונ׳ם דארף און האבען געהערט דעם לעצטען פאר־שטיקטען געשריי פונ׳ם קרבן. אגאטאן איז באלד געזעסען אויף דעם קליינעם צונויפגעלייגטען שטול, שטייף און שטיל — און האט גאר־נישט ניט געהערט פון דעם טומעל וואס ארום איהם. ער האט דער־פיהלט אין זיך אן איידעלען, זיסען פארגעניגען. דער אויוועז האט

געזשומעט אין זיין זייט, און דרויסען איז געלעגען דורכזיכטיג דער ליכטיגער הערבסט־נעבעל. ער האט געזעהן די לאנדקארטעס אין האט אזוי אויך געזעהן די ווייטע לענדער, דעם גלאבוס, און ער האט זיך געפיהלט הויך איבער דער ערד. ער האט זיך געפיהלט איידעלער און עלטער, ווי א מענש, וואס האט דערגרונטעוועט זיינע טיפסט־שלומערענדע ליידענשאפטען.

עס האט זיך אנגעהויבען דער אונטעררייכט. הער „פּראפעסאר" שאכנא האט קאקעטירענדיג ארומגעשפּאצירט מיט זיינע קורצע דיקע פיסלעך און עס האט אויסגעזעהן, ווי ער וואלט צייטענווייז געכאפּט א דרעמעל נעהענדיג. אדער ער האט צופרידען אונטערגעמורמעלט פאר זיך א שטילען ניגון, גלייך ווי דאס וואלט געווען א הימנע צו יענער זאנפטער מילדקייט, מיט וועלכער ער האט די וועלט באטראכט. זיין הויפּט־טעטיגקייט איז באשטאנען אין ארויסגעבען שטראף־ארבייט. דאס האט געשיינט ביי איהם צו זיין דאס העכסטע אידעאל פון דער פּעדאגאגיק. א פארגעסען העפט, א שלעכט אויסגעלערנטער פערז, א פלעק פון טינט, א צעלאכען זיך פון העלער הויט, אן אומאנשטענדיגער גרעפּץ, — דאס אלץ זיינען געווען פעהלערען, וועלכע מען קען נאר אויסראטען דורך אן אוניווערסאלען מיטעל — שטראף־ארבייט. ער האט געלערענט דייטשע ליטעראטור און ער האט אזוי גערערט וועגען געטע'ן, גלייך ווי געטע'ן וואלט הנאה גע־טאן צו האבען איינעם א סיגיזמונד שאכנא אלס זיינעם א נאכגעבארענעם. ער האט גראד ווידער גענומען זשומען און געכאפּט אביסעל א דרעמעל אויך, ערשט אגאטאן האט זיך שוואנ־קענדיג אויפגעהויבען און מיט אן אויסגעלאשענעם בליק אנגעוויזען פּונקט אנטקעגען זיך. אויף זיין געזיכט איז געלעגען א טיערישע־שרעק. אלע תלמידים האבען זיך מיט מורא און שעפּטשענדיג אויפגע־הויבען. אגאטאן האט זיך א לאז געטאן צום פאדערגרונד, איז געפאלען אויף די קני, געמאכט א באוועגונג מיט די הענט, גלייך ווי ער וואלט ארומגעקלאמערט די פיס פון א מענשען און מיט פינסטערע בליקען האט ער ארויפגעקוקט צו דער דאזיגער אומזיכטבארער געשטאלט — זיריך שפּערלינג'ס.

## דריטער קאפּיטעל.

קיינמאל זינקט ניט ארונטער דער אווענט אזוי שטיל און אזוי אומבאמערקבאר, ווי בעת די קירכען־גלאקען נעמען קלינגען, ווייט אדער נאהענט. דער נעבעל לאזט זיך אראפּ אויף די דעכער ווי אן אומ׳־ממשות׳דיגע שפּינוועב. גליטשט זיך ארונטער אויף די ווענט פון די הייזער און פלאטערענדיג הילט ער איין די לאמפּען פון די לאנטערנעס. שטאר און גראה ליעגט ער אין די גערטנער און ער מאכט זיי אויס־זעהן ווי דער ים. די טריט, דאכט זיך, ווערען שטילער, אזוי ווי מען וואלט אויף טעפּיכער געהן.

אגאטאן איז געשטאנען אויפ׳ן נעבעל־נאסען ברוק און האט ארויפגעקוקט אויבען צו א גלענצענד באלויכטענעם עטאזש. ער האט עפּעס ווי פארוואונדערט נאכגעדענקט וועגען די פראכט און עשירות פון דעמדאזיגען אידישען הויז, ווארים דא אין דער שטאדט זיינען געוועזן מעהר אידישע פּאלאצען ווי קריסטליכע הייזער, און דאן איז ער אוועק ווייטער און האט באגעגענט אידען, וועלכע זיינען פון שוהל פון מעריב געגאנגען מיט די סידורים אין די הענט און האבען הויך אויפ׳ן קול גערונגען זיך און נע׳מסחר׳ט. זעהענדיג זיי, האט אגאטאן געפיהלט, אז דידאזיגע אלטע אידישע רעליגיע מוז זיין עטוואס טויט. קעז שוין מעהר ניט ארויסווייזען קיין לעבעדיגקייט, איז פארשטיי־נערט, געשפּענסטערהאפט. ער האט אפּגעקערט זיינע אויגען פון די־דאזיגע העסליכע פּנימ׳ער, פול מיט שאכער־מאכער גייסט און צבוע׳־צטווע.

די יריד־ביידלעך האבען פארנומען דעב קויהלען־מארק, די קעניג־גאס ביז צו דער פּראטעסטאנטישער קירכע און דעם גרינעם מארק. עס האט געקישעט דארטען מיט א יום־טובדיגער מאסע. די אויכרופער פון

די שויפֿענצער האָבן געשטריען ביז צו הייזעריגקייט און האָבן געדרעהט זייערע קעפּ גלייך ווי זיי וואָלטען בויכוועהטאָג געהאַט. מיט צעשויבערטע האָר האָבן זיי אויסגעשריען די מעלות פון די מערקווירדיגקייטען וואָס איז דאָרטען צו זעהן. ווילד און שניידענדיג האָבן געקלונגען די אָרגלען, פּייפלעך און טראָמפּייטען, און פון דער מענאַזשעריע האָט זיך געריסען דאָס רעווען פון די חיות. עס האָבן זיך געהערט קינדער־טראָמפּייטען, פּייפלעך און גראַגערס, אַ ווילדע זשומעריי, הוזשעריי און קלאַפּעריי. קינדער מיט פּנימ׳ער בלייך פאַר נייגעריגקייט האָבן סאַפּענדיג זיך דורכגעשפּאַרט אומעטום. אין די שענקען האָבן די טרינקער געריסען זיך אויף די העלזער. פון׳ם געסעל הינטערן קעניגספּלאַץ האָט זיך געטראָגען אַ גערוך פון פיש; הערינג־בראָטערייען האָבן פאַרשפּרייט זייער געשמאַק. ביים ביידעל וואו מען זאָגט די מזלות איז מען געשטאַנען קעפּ אויף קעפּ אין אַ באַוועגונגסלאָזען געדרענג. דערביי איז געלאָפען אַ גרויסער קאַרוסעל אויף רעלסען, געטריבען מיט אַ ווילדער שנעלקייט דורך אַ קונציגען מעכאַניזם. מען האָט דענסטמאָל נאָר געזעהן שטענהאַפּטע געשטאַלטען, צעקרימטע פּנימ׳ער און מען האָט געהערט באַקכאַנטישע געשרייען. אונטער די לייזוועטענע דעקעס פון די געצעלטען האָבן געברענט פּערבאַקלען; עס האָט אויסגעזעהן ווי אַ הייהל, דורך וועלכער עס ציהט זיך אַ שוואַרצער געדיכטער רויך ווי מאַט־גלאַנציגע שלייערס.

אַגאַטאַן האָט זיך דורכגעשפּאַרט צווישען דעם עולם, און זיין נשמה איז געוואָרען געריהרט און מאָדנע וואַרעם. אַ הייס, ציהענד היימאַטס־געפיהל האָט איהם דורכגענומען; אַלע פאַרבען האָט ער טאַפּעלט־אינטענסיוו דערפיהלט. ער האָט געקוקט מיט פריידיגע אויגען אויף אַלץ וואָס עס קומט פאַר דאָ אַרום איהם, ער האָט געקוקט מיט צערטליכע בליקען אויף די פּיעלע זאַכען, וועלכע ווערען אומעטום אַרויסגעשטעלט פאַר׳ן עולם, גלייך ווי ער וואָלט וועלען זיי דערהויבען מיט די וואַרימקייט פון זיין נשמה. ער האָט געזעהן אַ סך באַקאַנטע פּנימ׳ער, ניט טראַכטענדיג, צי ער האָט זיי ערגעץ־וואו געזעהן. ער איז געשטאַנען ביים קאַספּערל־טעאַטער און האָט געקוקט אויף די ניט־וויכטיגע באַוועגונגען און קונצען פון דעם הילצערנעם מענשעלע. אַן אַלטער אַרבייטער מיט גראָהע געלאָקטע האָר און מיט כמעט אַ פאַרצייטיגען פּראָפיל, קענטיג אַ איטאַליענער, איז געשטאַנען לע־

בעז איהם, און איז שיער ניט געשטארבען פאר נעלעכטער. דער קיר־בען־גלאק האט ווידער גענומען קלינגען. א צעטומולטער האט אנאטאן ארויפגעקוקט צום טורעם.

דער אויסרופער פון דעם קאבינעט מיט די וועקסענע פיגורען האט זיך פיליכט מעהר אנגעשטרענגט ווי אלע זיינע קאמעראדען. מיט א רויטען פנים ווי ביי א ראק האט ער געשריען, געדרעיט די אויגען און האט כסדר געווארפען בייזע בליקען אנטקעגען אויפ׳ן אויסרופער פון דעם פלאי־טעאטער. דערנאך האט ער א קלונג געטאן, געגעבען דעם ארגעל א וואונק, ער זאל זיך לאזען הערען, און די קארפולענטע דאמע ביים קאסע־טישעל האט שווערמוטיג אנגעשפארט דעם קאפ אן האנט.

— דא קאן מען זעהן די ליידען פון קריסטוס אונזער דערלייזער אין זיבעצעהן בילדער, גרויסארטיג, מיינע דאמען און הערען, גרויס־ארטיג! — האט געשריען דער מאן וואס מיט׳ן קאפ פון א ראק, וועל־כער האט זיך נאר געקענט לאזען הערען דורך ווילדע קולות.

ווי עמיצער וואלט איהם מיט א קולאק א שטויס געטאן, איז אנאטאן ארויף אויפ׳ן פאדיום, האט באצאהלט צוואנציג פעניג, דאס איינציגע געלט־שטיק וואס ער האט געהאט, און איז האסטיג פאר־שוואונדען געווארען הינטער׳ן ברוינעם פארטיער.

טיף אטעמענדיג איז ער געשטאנען אינוועניג אין דער טוכלער לופט. נאר אביסעל מענשען זיינען אומגעגאנגען מיט ציטערדיגע טריט. אנטקעגען א שארלאך־רויטער וואנט האבען זיך זאנפט באוויזען די גרופען פונ׳ם פאסיאן־שפיל. דאס גלייכמעסיגע און בארוהיגענדע ליכט האט געמילדערט די שוידערליכקייט פון די וועקסענע פיגורען. עס האט גערוהט עפעס א שטילקייט, א דערהויבענקייט, א הייליגקייט איבער די געשטאלטען, עפעס וואס עס האט ארויסגערופען א יראת־הכבוד. ווייטע צייטען האבען לאנגזאם אויפגעשטייגט. אוז עס האט זיך נערעכט, ווי די געטין פון שיקזאל וואלט טרוימענדיג די אויגען אויפגעעפענט, אום צו מאכען דעם צוקוקער איבעראשט און פאר־לארען. „דאס איז דער דערלייזער". האט אנאטאן פארוואונדערט געטראכט, שטעהענדיג פאר׳ן בילד וואו יעזוס ווערט פון קרייץ ארונ־טערגענומען. ער האט צונויפגעדריקט די הענט און נאכגעדענקט. פריינד און עלטערען זיינען ווי וואנדעלפיגורען איין א צוגעגרייטער

רייה איהם פארבייגעגאנגען. און די טויטע בילדער זיינען פאר איהם לעבעדיג געווארען. ער האט טרויעריג געשמייכעלט און באגריפען, אז מען האט איהם אין עפּעס אפּגענארט, וואס ער האט דאס גאר ניט געקענט פארמיידען.

דרויסען איז דער נעבעל געדיכטער געווארען. א סך קראמען זיי־נען שוין געווען געשלאסען. אגאטאן האט זיך געלאזען ווייטער געהן. ביז ער איז געקומען אין די טונקעלע, אומבאלעבטע גאסען. זיינע טריט זיינען וואס אמאל אלץ שנעלער געווארען און זיינע געדאנקען זיינען וואס אמאל אלץ פייניגענדער געווארען. אומערוואר טעט, האט ער דערזעהן, אז ער שטעהט ביים שוהל, וואו נאר די פרימסטע אידען האבען זיך פארזאמעלט מעריב צו דאווענען. א שמייכעל, פון וועלכען ער אליין האט ניט געוואוסט די באדייטונג, איז אריבער איבער זיין פנים, און ער איז אריין אין דער טונקעלער, פאראומערטער און נידע־ריגער קלויז. דער חזן האט ביי זיין קליינעם עמוד מיט א ציטעריגען קול'כעל שוין „עלינו" געזאגט, נאר אין דעם חזן איז געלעגען עטוואס גלויביגעס, וויטער אבער זיינען דא געווען נאר פארביסענע, שטיינער־נע פנימ'ער, פול מיט האס, פארביטערטקייט און קנאי'שען גלויבענס־פאנאטיזם. אגאטאן האט דאס געזעהן. צום ערשטען מאל אין זיין לעבען איז איהם קלאר געווארען, אז צו זיין א איד הייסט דאס צו זיין אן אויסנאם; צום ערשטען מאל האט ער געהערט דידאזיגע העב־רעאישע תפילות מיט אומזיכערקייט און האס און ער האט געגלויבט, אז ער איז דאס אריינגעפאלען אין א מין צעלע, וואו עס ווערט גע־פלאנעוועט א שעדליכע פארשווערונג.

דער שוויס האט זיך געפערילט אויף זיין שטערען בעת ער האט די שוהל פארלאזען. ווען ער איז ארויס אויפ'ן גאס, האט ער א דער־שראקענער זיך א ווארף געטאן צוריק. סטעפאן גודשטיקער איז גע־שטאנען פאר איהם און האט אנגעשטרענגט ארויפגעקוקט צו א באלויכ־טענעם פענסטער. די גאס איז געווען זעהר שמאל, דערפאר האט ער געמוזט שטארק דעם קאפ אפבויגען. האלטענדיג נאך אלץ אין געהן אויף צוריק אנטקעגען דער וואנט, האט ער זיך פלוצלונג אנגעשטויסען אויף אגאטאנ'ען, וועלכער איז דא באוועגונגסלאז געשטאנען. ער האט געבעטען אום פארצייהונג און האט פלינק א כאפ געטאן זיך פאר'ן ראנד פון הוט.

— אך, איהר זיינט דאך דער יונגערמאן ע... איהר זיינט דאך דאס? איהר זיינט דאך דא ניט לאנג פאהרענדיג אין שיפעל... — די שווארצע אויגען האבען ביי איהם געשווינד א בלישטשע געטאן דורך די גלעזער, כמעט ווי דראהענדיג. — זאגט נאר, יונגערמאן, האט איהר אפשר ביי זיך א שוועבעלע?

אין דער רגע איז פון טויער ארויסגעקומען מיט האסטיגע טריט אן ארבייטער מיט א ברענענדיגען ציגאר. גודשטיקער האט מיט עטוואס איבערטריבענער העפליכקייט געבעטען ביי איהם פייער. דאן איז ער ווייטער צוגעגאנגען צו אגאטאנ'ען.

— נו, וואס איז אייער מיינונג וועגען דער געהיימניספולער געשיכטע מיט'ן מארד? — האט ער א זאג געטאן, ארויסלאזענדיג פון נאז דעם רויך אין דער מיט נעבעל אנגעפילטער לופט.

— איך?

— יא... נאטירליך.

— איך ווייס ניט.

— עס אינטערעסירט אייך גארניט? אזוי ווייזט דאס וועניגסטענס אויס. וואוהין געהט איהר איצטער?

— צו באראן לעווענגארד.

— אזוי? וואס דארפט איהר דארטען?

— איך דארף דארטען עסען אווענט־ברויט. — האט אגאטאן בייסיג געענטפערט.

גודשטיקער האט הויך א לאך געטאן.

— יא, דינסטאג און פרייטאג. איך בלייב שוין דארטען אויך נעכטיגען, ווייל מיטוואך און שבת הייבט זיך שוין אן די שולע זיבען אזייגער.

— דאס אלין דארפט איהר? אפילו איבערנעכטיגען? קאמיש. איז ער א איד, אט דער... באראן? נאטירליך. נו, זאגט זשע מיר... אייערע עלטערען זיינען אפנים זעהר ארים?

— יא.

— אויך דער אלטער, דער שטריקענמאכער, קארקוי, אדער ווי ער הייסט דארטען...?

— יא.

— ווי אלט זיינט איהר דען? זעכצעהן?

— זיבעצעהן.

— נו, איז נאך בעסער. קענען מיר זיך אלזא. איך היים גודש־טיקער. ערשטער נאמען: סטעפאן. געבארען דעם 12טען מאי 1859. זונטאג נאכמיטאג. באשעפטיגונג אומבאקאנט. דער מארד אלזא אינ־טערעסירט אייך ניט?

אגאטאן איז געבליבען שטעהן און האט זיך אנגעשפארט אן וואנט.

— איך וויים אביסעל און איך וואלט גערען געוואלט מעהר ווי־סען. איהר זיינט א שטאלצער, יונגערמאן, דאס איז מיר קלאר. אבער דערצעהלט מיר כאטש, וואס האט זיריך שפערלינג דעמאלט געטאן? ער האט אייך גענומען אונטער'ן ארים און איז מיט אייך אריין אין הויז. איהר האט זיך ניט א ריהר געטאן. אנדערע וואלטען זיך געצא־פעלט ווי א פיש. יא, ווי א פיש. יא, איך האב אלצדינג געזעהן פון אויבערשטען שטאק. יא. איך האב געוואוינט אין „סט. זעבאלד."

שווייגענדיג זיינען זיי ביידע ווייטער געגאנגען.

— נו, פארוואס רעדט איהר ניט?—האט גודשטיקער ווידער אנ־געהויבען און האט אויפגעשטעלט דעם קאלנער פון זיין מאנטעל — איך וועל נעווים שווייגען. איך האב שוין לאנג געקענט אט דעם זיריך שפערלינג. דער וואס האט איהם אומגעבראכט, האט געמוזט זיין א פוינעל אדער א זשעני פון א פארברעכער. יא, א זשעני. ער האט א שטאך אין דער ברוסט ניט גרעסער ווי א ביס פון א שלאנג. דער וואס האט דאס געטאן, האט ארויפגעקלעטערט אויף דער אלטאנקע אזוי ווי א נאכטוואנדלער. ווירקליך! האט זיך דורכגעקוועטשט דורך א פענסטער־גראטע און גארנישט ניט נערויבט. אבסאלוט גארנישט! א פאטאלע זאך. מיר איז דאס אלץ איינס. אבער זיריך שפערלינג איז ניט געווען קיין געוועהנליכער עקזעמפלאר פון א מענש. ער האט זיך געקענט ארומשלעפען זיבען נעכט נאכאנאנד, ניט פיהלענדיג קיין שלאף. ווען ער פלעגט ווערען מיד, פלעגט ער זיך איינפאך אנידערזע־צען אויף א שטול, צוגעמאכט אויף צוואנציג מינוטען די אויגען און דאן האט ער שוין מעהר ניט געוואוסט, ניט פון זיך, ניט פון דער וועלט. האט ער זיך ווידער אויפגעהויבען, איז ער געווען אזוי פריש, ווי מיט זיבען טעג צוריק. איינמאל, ווערענדיג מלאנכאליש, איז ער אוועק אין זיין שפייכלער און האט מיט'ן הוילען קולאק צעשמעטערט

ארום זיך אין פיצלעך קעסטלעך און קאסטענס און ברעטער. זיין הונט, ווען ער פלעגט איהם ניט פאלגען, פלעגט ער האלב־טויט שלאגען איהם, און דערנאך פלעגט ער זיך אוועקזעצען און נעמען וויינען ווי א קליין מיידעלע. ביז מיט זעקס יאהר צוריק האט ער איבער־זויפט קיין שום פרוי ניט אנגעריהרט, און אז עס איז איהם שוין געקומען דערצו, איז די ארימע פרוי שיער אין זיינע ארימס ניט געשטארבען. דאס איז געווען א מענש!

ער איז ווידער אויף לאנג אנטשוויגען געווארען. גודשטיקער׳ס גאנצע האלטונג האט אגאטאנ׳ען שטארק וועה געטאן. זיין רעדען אהן א שיעור האט איהם באאומרוהיגט און זיין יעטווידער זשעסט האט איהם געשראקען.

— ווי הייסט איהר אייגענטליך? — האט גודשטיקער א פרעגע געטאן.

— אגאטאן.

— א — גא — טאן? אגאטאן נ י י ע ר?

— יא.

— מארנע. ווי אזוי קומט איהר צו דעם נאמען? אגאטאן... אזוי האט דאך מיין פאטער געהייסען. ווייטער ווייס איך קיינעם ניט אין דעם גאנצען קרייז, און איך בין דאך באקאנט אזוי ווי א ראבער הונט. נו, ס׳איז אלץ איינס.

ווידער א פויזע. דאן איז גודשטיקער׳ס שטימע געווארען פריינד־ליך און מוטערליך.

— זעהט איהר, איהר זיינט מיר געפעלען. איך ווייס קוים פאר־וואס, נאר פילייכט שטעקט עפעס אין אייך וואס אין מיר איז דאס ניטא. איהר זיינט א איד. ביי די מענשען גיבען זיך אפטמאל איין איגדריווידומען פון וואונדערליכער קראפט. באזונדערס אין אייער עלטער. עס קען זיין, אז אין דעם ליגט דאס. ווען איהר זיינט נאך יונג, איז אייער נשמה אנגעפילט מיט א ריינליכען, אומבאשמוצטען פייער. איהר זיינט שטארקע טרוימערס, איהר מענט אראפנעמען די וועלט פון די זאווייעסעס און דאך גארנישט ניט וויסען פון דער וועלט. ווען זיי וואלטען נאר געוואוסט! געהט אהין, אגאטאן, וועקט אויף אייער פאלק! זאגט אזוי ווי דער נביא אין דער ביבעל: וואך אויף, מיין פאלק! דאן וועלען זיך אויך די דייטשען אויפכאפען, איבער־

הויפט דא אויבען אין צפון. וואך אויף, צפון! איינס אדער דאס אנ־
דערע, וועט רענסטמאל טויט געשלאגען ווערען. מילא, ס'איז אלץ
איינס. וואס קימערען מיר די פילאזאפען? רעכענט איהר, אז עס וועט
נאך היינט ביינאכט רעגענען?

— איך וויים ניט. פיליכט יא. פיליכט וועט שנייען. און פי־
לייכט גארניט.

— אה, איהר זיינט אין כעס! מילא, ס'איז אלץ איינס. איך
מוז אייך זאגען, אז עס איז ניט קיין נייגעריגקייט געווען. ווען איך
האב אייך פריהער געפרעגט, וואס זיריך שפערלינג האט מיט אייך
געטאן. אויך ניט קיין פאראינטערעסירטקייט. נו, ווערט נאר ניט
ווידער אומגעדולדיג! שטעלט זיך נאר פאר די נאכט, די ווארימע
הערבסט־נאכט און די סיטואציע! שפעטער איז זיריך געקומען אין
מיין צימער, בלייך, אויפגערעגט, און האט גערעדט וועגען גלייכגיל־
טיגע זאכען. ער האט דערצעהלט וועגען דער ציגעלניע, וועלכע מיין
כלה'ס פאטער האט איצט געקויפט, און פלוצלונג האט ער זיך אוועק־
געלעגט אויף מיין בעט און מעהר קיין זילבע ניט גערעדט.

— מעהר קיין זילבע? — האט אגאטאן מעכאניש א פרעג גע־
טאן.

— אזוי איז דאס געווען. אין פינף מינוטען ארום איז ער אויפ־
געשטאנען, איז ארויס פאר'ן הויז און איז געזעסען דארטען ווידער
צוויי זייגערנע שטונדען, ניט געבענדיג זיך אפילו קיין ריהר. ניין אזוי־
גער איז דער שמיד געגאנגען אהיים און ער האט איהם א רוף געטאן.
ווער האט אבער ניט געענטפערט. דאס איז געווען זיריך. און ווער
האט אר:ם צעהן דעם זייגער זיך ארומגעוואקעלט ביי זיך אין צימער,
ניט קימערענדיג זיך וועגען שענק, איז דאס געווען זיריך. נון, אויף
מארגען אינדערפריה איז דאס „פערזאניפיצירטע גערמאנענטום" גע־
ווען טויט, און עס איז א רעטעניש, ווער עס האט איהם אומגעבראכט.
ווען ניט די צעבויגענע אייזערנע גראטעס פון פענסטער און ניט די
דעמאלירטע אלטאנקע, וואלט איך געגלויבט, אז ער אליין... נו, נו,
וואס איז דען דער מער?

אגאטאן האט מיט די הענט ארומגעכאפט גודשטיקער'ס ארים
און ער האט זיך געוואקעלט, גלייך ווי ער וואלט וועלען פאלען אויף
דר'ערד. גודשטיקער האט א שאקעל געטאן מיט'ן קאפ און א וואָרף

געטאן דאס עקעל פון דעם ציגארעט וויט אריבער׳ן גאס. אגאטאן האט איהם געשפאנט אנגעקוקט ביים מאטען שיין פון גאסען־לאמפ. גלייך ווי ער וואלט קיינמאל ניט וועלען פארגעסען זיין געזיכט. איז ניט זאגענדיג קיין ווארט, איז ער אוועק ווייטער צו לעוועננארד׳ס פאלאץ אויפ׳ן צווייטען ראג. מיט ציטעריגע טריט איז ער אריין אין דעם ברייטען, ליכט־באגאסענעם, מיט שווערע טעפיכען באדעקטען וועס־טיבול. דער סופיט און די ווענט זיינען געווען פון א קינסטלער־האנט באמאלט מיט בילדער פון דער מיטאלאגיע פון אלטערטום. ווי א לעבעדיג געשטאלט איז פאר איהם געשטאנען קאסאנדרא, מיט׳ן ארים אויפגעהויבען אנטקעגען דער ברענענדיגער טראיא. זי איז געווען כמעט איינגאנצען נאקעט, די בריסט זיינען געווען אויפגעשוואלען פאר האס. תמיד האט אגאטאן געמוזט ארונטערלאזען די אויגען פאר׳ן בילד. די אידישע נאטור צו שעמען זיך פאר נאקעטקייט האט ביי איהם דערגרייכט ביז צו פיזישען שמערץ. אויך פלעגען זיינע געדאנקען אפט ווילד אויפגערעגט ווערען, ווען ער פלעגט זיך ביינאכט דערמאנען אן דעם בילד.

סטעפאן גודשטיקער האט כמעט ווי ניט אויפגעהערט צו שאקלען דעם קאפ. דאן האט ער זיך א קער געטאן צו דער פרידריך־גאס. האט מיט אן אראפגעלאזענעם קאפ זיך צוגעהערט צום מישמאש פון די שטימען פון די גאסטהייזער, וואס האט זיך געהערט צוזאמען מיט׳ן פישטשען פון די פידלען און דעם פיסטעל־געזאנג פון די דאמען מיט די הארפעס. שווייגענדיג זיינען איהם פארביינענאנגען מוזיקאנטען, און דער עלטסטער האט אלע מאל געצעהלט די איננאמע פון טאג. גודשטיקער האט דאס אלץ געזעהן מיט די אויגען פון א באאבאכטער, וועלכער פרעהט זיך, וואס איהם געהט ניט אפ פון דאס מינדסטע און לעבען. און וועלכען די געוועהנהייט פון שארפזין האט דערצו געפיהרט, ער זאל דעם גאנצען, רייכען פארשיידענארטיגען בוי פון דער וועלט אפ׳פטר׳ען מיט איניגע קלוגע ווערטלעך.

די לבנה האט זיך באוויזען מיט איהר קאלטען גלאנץ. גודשטיקער איז נענאנגען ארויף און אראפ ביים ברעג גאס, געדרייכערט אהן אויפהער און נאכגעקוקט אלעס און אלעמען. די טורעם־זייגערס האבען געשלאגען אכט, מיט א קוויטשעריי זיינען ארונטערגעפאלען די ראללאדענס, די קליינע קרעמערקעס זיינען כיכענדיג אוועק פון דאנען און

די אנגעשטעלטע האבען צוריק ארויפגעדרעהט די ארונטערגעפאלענע שפיצען פון די וואנצעס.

ענדליך איז זי געקומען, קעטע עסטריך. מיט א שוואכען שמייכעל האט זי זיך אנגעהאנגען אן דעם ארים פון איהר חתן און זיך צוגעטוליעט צו איהם.

— שטעל זיך פאר, איך האב קוים געקענט קומען. דער טאטע האט זיך אזוי געזידעלט איבער דיר! ער האט גע'טענה'ט, אז דו טויגסט צו גארנישט ניט אין דער וועלט. זיי מוטשען מיך אימעראיבער דיר און פייניגען מיך. אך, ווען דו ווערסט ענדליך באריהמט, סטעפאן! ביסט בייז? איך בעט דיך, זיי ניט בייז? איך האב דאך נאר דיך, נאר דיך אליין!

— איך בין ניט בייז, אבער דו דארפסט ניט רעדען אזוי דום. וואס מאכסטו?

— שלעכט.

— ביסטו געוועזען ביים דאקטאר?

— ניין.

— ניין! ווען דיין זיסהארציגער פאטער וואלט בעסער געקימערט זיך וועגען דיר איידער צו זידלען זיך איבער מיר, וואלט א סך גלייכער געוועזען. אבער אונזער גאנצער בירגערטום איז אזוי באשרענקט. פון הונדערט מיידלעך זיינען ניינציג בלייכזיכטיג און לעבענסמיד.

— אך, סטעפאן, איך וואלט וועלען שטארבען — מיט דיר!

— שטארבען? יא, ווי עס וואלט מעהר גארנישט ניט געוועזען ווי שטארבען. גאט מיינער!

— דו ביסט אזוי קאלט צו מיר! — האט קעטע געפליסטערט און עס האט זי דורכגענומען א שוידער, גלייך ווי דידאזיגע קעלט וואלט זי געמאכט פריהרען. — איך מוז געהן צוריק אהיים, — האט זי ווייטער גערעדט מיט דערזעלבער שטילער שטימע. — איך האב נאר געוואלט זעהן דיך.

גודשטיקער האט כמעט ווי געמוזט זי טראגען. ווען זיי זיינען שוין געקומען צום פלאץ, האט ער איהר אויף גיך א קוש געטאן אין באק, און געלאזען זי אליין.

אין דעם אידישען יתומים־הויז, וואו ער איז פארבייגעגאנגען,

איז שוין געווען טונקעל אין אלע פענסטער. אונטער׳ן פארטאל איז געשטאנען א אינגעל אין שמאטעס, טויט־בארעקט, פארוואהרלאזט. אבער צוויי קלארע אויגען האבען ארויסגעקוקט מיט מערקווירדיגער טרייהערצינקייט אין די באלויכטענע טרעפ.

— ווי הייסטו? — האט גודשטיקער א פרעג געטאן און זיך איינגעבויגען צום קינד, וואס האט זיין פינגער געהאלטען אין מויל און פארלעגען געקוקט צו דער ערד. — ווי הייסטו? — האט ער איבערגעפרעגט, כמעט ווי שטרענג.

— איך וויים נים.

— צו וועמען געהערסטו אבער?

— וויים נים.

— וואו איז דיין מאמע?

— טוים.

— און דיין טאטע?

— אויך טוים, — האט דער אינגעל געזאגט און געמאכט א באוועגונג מיט׳ן האנט, וואס האט געזאלט אויסדריקען די גרעסטע ערשטוינונג.

— אבער וואס טוסטו דא?

דער אינגעל האט זיך שרעקעדיג צו איהם צוגערוקט און א פרעג געטאן אומעטיג:

— זאג נאר, ביסטו דער האר יעזום?

דא האט זיך דערהערט א הארצרייסענדיג געשריי פון אינווייניג פון יתומים׳ס־הויז.

— הערסט? הערסט? — האט דער אינגעל געמאכט, אויסגעשטרעקט די ארימס פאר זיך און גענומען שטיל כליפען.

גודשטיקער האט אנגענומען דאס קינד ביי דער האנט און איז מיט איהם ארויף אויף די טרעפ.

## פיערטער קאַפּיטעל.

אזוי ווי פון א ווירקליכען טרוים געפאַנגען, איז אגאַטאָן אריין אין קיך, וואו עס האָט געשמעקט מיט די טייערסטע מאכלים, און ער האָט געגעסען וואָס מען האָט איהם געגעבען פון די איבער־געבליבענע און פון דעם וואָס מען האָט ניט געקענט צום טיש דערלאַנגען. דערנאָך איז ער ארויף אין א קאַמער אויפ'ן בוידים, וואו ער האָט געדאַרפט פאַרברענגען די נאַכט. פון אונטען האָט זיך געהערט מוזיק, א קלינ־געריי פון גלעזער, טעמפּע אויסרופען פון פרעהליכקייט, דאָס שאַרכען פון די טאַנץ־טריט און דאָס לאַנגע הודזשענדיגע מורמלען פון די געשפּרעכען. ער האָט היינט דערפיהלט אין זיך עטוואָס נייעס און פייערליכעס, וואָס האָט איהם געוויזען די וועלט אין אַן אנדער ליכט ווי ביז אהער, דאָך איז נאָך אלץ געווען פאַרהילט.

ער האָט זיך א לאַנגע צייט שלאָפלאָז אומגעוואָרפען אויפ'ן שטרויענעם געלעגער, און האָט ארויסגעקוקט אין דער טונקעלער, שווערער נאַכט. פון צייט צו צייט האָט א ביטער געפיהל אנגעפילט זיין הארץ, וואָס אין הויז פון דעם רייכען קרוב מוז ער שלאָפען אויף שטרוי אונטער'ן דאַך. וואָרים, אז דער באַראָן איז זיין מוטער'ס א שוועסטערקינד, דאָס האָט ער שטאַלץ פאַרשוויגען פאַר סטעפאַן גור־שטיקער. ער האָט דערשמעקט אין דעמזעלביגען מענשען א שונא, וועלכער האָט אין דערזעלבער צייט פאַרמאָגט עטוואָס וואונדערבאַר־אנציהענדעס. ער האָט אזוי ווי געבראַכט דעם פרעמדען קלאַנג פון דעמדאָזיגען פרעמדען לאַנד. מען האָט איהם אין דער שולע געלע־רענט די ליעבע צום דייטשען פאַטערלאַנד. א געהיים פייער האָט געברענט אין זיינע אויגען, וואָס האָט געשיינט צו רעדען, אָדער האָט געשיינט צו זוכען פאַר איהם א ניי פאַטערלאַנד. אָדער איז דאָס

דייטשלאנד געווען? היינט וואס זשע האט באדייט דער שטומער־
פראטעסט אויף די פנימ'ער פון די מיט־שילער, אדער דער קיהלער
בליק פון דעם לעהרער, בעת ער האט אנגעריהרט אנאטאנ'ען? און
דייטשלאנד האט זיך אויך גארניט זעהר שטארק באמיהט צו מאכען
זיך ביי איהם אנגענעם אלס פאטערלאנד. דייטשלאנד איז נאר געווען
פריינדליך איהם צו דולדען, און ער האט דערפאר געדארפט מיטזינ־
גען די גרויסע הימנע. אבער וואו זשע איז דאס געווען אט דאס
פאטערלאנד, דאס געהיימניספולע, דאס ליבעספולע?

ער האט ניט געקאנט שלאפען. זיין שארף אויער האט נאך דורכ־
דרינגענדער פארנומען דעם ליארעם פון דער שמחה. און עס האט זיך
אויסגעדריכט, אזוי ווי א שטימע וואלט איהם גערופען. א טונקעלע
בענקשאפט האט איהם געמאכט צו ציטערען פאר אומגעדולד. ער איז
אראפגעשפרונגען פון בעט, האט זיך צוריק אנגעטאן, און די אויגען
נאך פארשלייערט פון דער פינסטערניש, איז ער ארונטער די טרעפ
מיט'ן באוואוסטזיין פון א שולדיגען. איהם איז אלץ איינס געווען
וואוהין ער זאל ניט אריין: ער האט דערפאר אויפ'ן צווייטען שטאק
געעפענט א טיר (פיעל דייטליכער האט ער געהערט די מוזיק און די
טענץ פון אונטען), און ער איז געשטאנען שוין אין א גרויסען סאלאן,
וועלכער איז נאך געווען ווארים פון שוין פון א לאנג אויסגעלאשענעם
קאמין־פייער, און כאטש עס איז געווען טונקעל, האט ער געגלויבט,
אז די מעבעל און די טאפעטען ארום איהם מוזען זיין גרין. ער האט
א שמייכעל געטאן, האט זיך אריינגעזעצט אין א ווייכען פאטעל ביים
קאמין און איז איינגעזונקען געווארען אין דעם ווי אין א געלעגער פון
מוך. ער האט איצט דורכאוים געווארט אויף דעם, וואס עס האט איהם
אהער גערופען. די מוזיק אונטער איהם האט געמאכט די טונקעלקייט
ארום מאדנע צו ציטערען.

ער האט דערהערט פון דעם דערבייאיגען צימער א גערויש. אזוי
ווי איינער וויינט און ער וויל ניט מען זאל דאס הערען. אגאנטאאן איז
אוועק אהין, האט געעפענט די טיר און פארלעגען און צעטומעלט איז
ער געשטאנען פאר זיין קוזינע, וועלכע איז געווען די גליקליכע כלה,
און וועמעס תנאים מען האט געפראוועט היינט מיט גרויס פאראד.
זי איז געזעסען פאר א ליכט און האט געכליפעט אי'ן איהר טאשענטוך.
זשאנעטע האט אויפגעהויבען איהרע אויגען. און פאר ער־

שטוינעז האט זי קיין וואָרט ניט אַרויסגערעדט. ענדליך האט זי הויי־
זעריג אַרויסגעמורמעלט אַ פראַגע: וואָס זוכט ער דאָ?

אַגאַטאַ האט אַ צוק געטאָן מיט די אַקסלען.

— איך... גאָרנישט. איך האָב נאָר דערהערט ווי דו וויינסט
אַזוי.

— פון אויבען? פון דיין קאַמער?

— יאָ, פון מיין קאַמער.

אַגאַטאַ איז בלייך געוואָרען און האט גענומען פאַרעכטליך וואַר־
פען די אויגען איבער׳ן קעניגליך פאַרפוצטען בודואַר.

— ניין, — האט ער פּלוצלונג אַ זאָג געטאָן אַנטשלאָסען, —
ניט פון מיין קאַמער.

— נו?

אַגאַטאַ האט געשוויגען. דער מיידעל׳ס גרויסע, דורכדרינגענדע
פון טרערען נאַסע אויגען האָבען דערוועקט אין איהם אַ געפיהל פון
נידעריגקייט. זשאַנעטע האט איהם האַסטיג אַנגענומען ביי דער
האַנט.

— נו, זיי זיך מודה! צוליעב וואָס ביסטו געקומען? ביסטו הונ־
געריג? דאַן וועט דיר באַבעטע געבען וואָס דו ווילסט. אויך וויין
וועסטו קריגען. איך וועל עס איהר גלייך זאָגען. אָדער ווילסטו אפשר
געלט? אָט איז מיין גאַנצער בייטעל.

זי האט ביטער אַ שמייכעל געטאָן און געוואָלט אויפשטעהן.
אָבער אַגאַטאַ, וועלכער איז אַליין בלאַסער און בלאַסער געוואָרען, האט
גענומען איהר האַנט און האט זי מיט אַזוי פיעל כח פעסט צוזאַמענ־
געדריקט, אַז די מיידעל איז צוריקגעפאַלען שמערצליך זיפצענדיג און
איבעראַשט.

— איך בין ניט דאָס וואָס דו מיינסט, — האט אַגאַטאַ געזאָגט.

— אַזוי?

אַ מאָמענטאַנער און אומזיכערער שפּאָטישער אויסדרוק האט
זיך באַוויזען אויף זשאַנעטע׳ס געזיכט.

— איך בין ניט הונגעריג, — האט אַגאַטאַ שטיל געזאָגט.

— דאָס מוזט דו יעדענפאַלס וויסען.

— איך דאַרף אויך ניט קיין געלט. אַלזאָ, נעם דאָ דיין געלט

שוין צו, אויב ניט וועל איך דאס נעמען און ארויסוואַרפען דורכ'ן פענסטער.

זשאַנעטע האָט קווינקלענדיג זיך אויסגעצויגען איהר האַנט נאָכ'ן געלט און האָט דאס לאַנגזאַם צוגענומען. זי האָט לאַנג געקוקט אין אַגאַטאַנ'ס אויפגערעגטען פּנים, דאן האָט זי פּלוצלונג איהם אַנגענומען פאַר ביידע הענט, האָט איהם א ציה געטאָן צו זיך און הארציג ארויסגערעדט:

— נו, רעד!

אַגאַטאָן האָט א שאָקעל געטאָן מיט'ן קאָפּ.

— איך האָב גערעכענט, אז דו האָסט וואָס צו זאָגען. איך האָב ניט געוויינט. נו, געווים, ווי אזוי קענסטו האָבען צוטרויען צו מיר, וויבאַלד איך גיה אזוי שלעכט געקליידט?

ער האָט ווידער א שמייכעל געטאָן, האָט אָפּגעקערט דעם פּנים און שטאַר געקוקט אין דער טונקעלקייט. עס האָט אויסגעזעהן ווי די ווענט נעמען זיך פאַנאַנדער פון זיינע בליקען און פון צאָהללאָזע אויגען קוקען אויף איהם ארויס די דאַגות, אונטער וועלכע די מענשען שאַרען צונויף אוצרות, כדי זיי ווידער פון דאַגות צו לאָזען באַוואַכען.

— טאַקע דו! — האָט זשאַנעטע איצט אויפגערעגט געפּלים־טערט. זי האָט שוין זיין האַנט מעהר ניט אָפּגעלאָזען, און ער האָט געפיהלט, ווי היים איהר האַנט איז. — איך האָב דיך תמיד פאַרזעהן אזוי ווי א שאָטען. דו האָסט זיך אויך אזוי שמאָל געמאַכט ווי א שאָטען, דו וואונדערליכער אַגאַטאָן! אָבער דו האָסט קאָמישע אויגען, זעהר!

אַגאַטאָן האָט ניט געענטפערט.

— זאָג, אַגאַטאָן, האָסט שוין אייגענטליך א סך שלעכטס געטאָן? פאַרוואָס זשע ציטערסטו? אַך, וואָס איז דאס מיט דיר?

— שלעכטס, זאָגסטו? פאַרוואָס פרעגסטו דאס? דאס וואָס איך האָב געטאָן, איז ניט געוועזען קיין שלעכטס. עס איז אויך ניט געוועזען גוט. ניין, עס איז עטוואָס אַנדערש ווי דאס. עס וואָלט נאָך שלעכטער געוועזען, ווען איך נעם אוועק ביי א פויגעל די פליגלען. אדער קען עס דען זיין שלעכט, ווען דאס דערהויבט דיך, מאַכט דיך גליקליך? אדער קען עס זיין גוט, ווען דאס לאָזט דערקענען דאס גאַנצע פינסטערע לע־

בען און אלץ וואס מען האט פארזאמט און וואס אנדערע האבען פאר־זאמט?...

זשאנעטע, זעהר אויפגערעגט איבער דעם יונגען מענשענ'ס האל־טינג, האט פארהאקענדיג זיך געפליסטערט:

— זעץ זיך צו לעבען מיר! אט אזוי. שפעטער אמאל מוזטו אפטער קומען. בלויז צו מיר אליין. זעהסטו זיי ווילען מיך פאר'־קנס'ען צו אן אלטען, וואקעלדיגען, ציינלאזען, קראנקען מאן, און דאס אלץ פון געשעפטס־פארבינדונגען וועגען. איך ווער פארקויפט, אזן מען וויל, אז איך זאל זיך רוהיג לאזען פארקויפען אין בעט פון דעם דאזיגען חזיר. ווער ניט רויט אין פנים, אגאטאן, דאס איז ניט די ציים אויף רויט צו ווערען. געוויס איז דאס ניט ניי, ווארים ביי אונז ווערען אלע מיידלעך פארשאכערט ווי הייזער און שטיקער ערד, אבער דו ווייסט דאך צוגעבען, אז אפטמאל קאן מען אויך הייראטען אויס אנדערע גרינדען. ווי? אויס ליעבע, צום ביישפיעל, יא?

— אויס ליעבע, יא — האט אגאטאן ווידערהאלט און זיך צו־זאמענגעדרעהט.

— זעה נאר, זעה נאר, — האט די מיידעל געזאגט, און איהרע רויטע האר זיינען געפאלען ווילד און אהן אן ארדענונג אויפ'ן שטערען, און זי האט אגאטאנ'ען נאך נעהענטער צוגעצויגען צו זיך. — האב איך ניט די ווייכסטע הויט, וועלכע דו קאנסט זיך נאר פארשטעלען? ריהר מיך נאר אן! האב איך ניט א צארט מויל? דו זעהסט, איך קוש דיך דערמיט! און א הארץ וואס קלאפט? און טאר איך ניט וועלען אלעס וואס שעהן איז, צ. ב. ש. דיינע אויגען? און ווען דו ליעבסט מיך, זעהסטו, דאן דארף אויף איין זייט א קלויסטער פול מיט געלט און כבוד זיין, און אויף דער אנדער זייט — איך: פארשטעהסטו, פאר־אכטעט, אדער א פרויענצימער, וואס פארקויפט זיך אדער לאזט זיך פארקויפען פאר געלט, דאן נעמסטו מיך, אויב דו ליעבסט מיך, פאר־שטעהסטו? יא, דו פרעהסט זיך זאגאר, ווען דו קענסט מיר ווייזען, וויפיעל דו גיסט פאר מיר און דו לאכסט זיי אלעמען אין פנים אריין. און דאך איז פאראנען א מאן, אין וועמען איך האב געגלויבט, און וועלכער האט אנדערש געהאנדעלט, ווי איך זאג דיר — ניט פאר קלויסטערס פול מיט געלט און כבוד, נאר בלויז דערפאר וואס ער האט געוואלט ליידען צוליעב מיר. איז דאס ניט נאריש? איך זיץ דא מיט

מייז חארצען פול מיט לעבען. וואס עס ברענט אזוי און דאהף חתונה האבען מיט'ן חזיר! איך האב צוגעשטימט נאר אויס ראכע אנטקעגען יענעם וואס ער וויל ליידען. אויב דו ווענסט איהם אמאל טרעפען, אגאטאן, טו גיב איהם אט־א־דאס האר פון מיר, זאג איהם, ווי שעהן מיינע האר זיינען, ווי זיי קרייזלען זיך און פלאטערען און ציטערען אזוי ווי ביי א פעע, און זאג איהם, ווי מיינע אויגען לייכטען אין דעם דאזיגען רייכטום ארום מיר, און ווי איך פאראכט איהם, און די אנשטענדיגקייט און די בירגערליכקייט א. אז. וו. טפו!

אגאטאן האט צעטומעלט געקוקט אין דעם דאזיגען ווילדען, צי־גיינערשען, ליידענשאפטליכען פנים. זשאנעטע איז אויפגעשפרונגען און האט גענומען פאטשען מיט די הענט.

— איך ווייס שוין! — האט זי אויסגעשריען און זיך צעלאכט מיט א שניידענדיגען געלעכטער, — איך וועל עטוואס געטליכעס אויפ־טאן. דו מוזט דערביי זיין. דו מוזט אלץ טאן וואס איך וויל און קיין ווארט ניט זאגען. היינט נאר זאלסטו טאן וואס איך וויל, און איך וועל אימער דיין דיענסט זיין. א לייטענאנט איז אויך דא. וואס זאגסטו דערצו? אן אדלער אין טויבען־נעסט. צו אל'די שווארצע יאהר!

זי האט געלאכט נערוועז און גענומען אגאטאנ'ען צופוצען. זי האט איהם ארומגעלעגט ארום האלז א ווייסע שטיקעריי, האט איהם געגעבען רויטע סאפיאן־שיך, אין וועלכע ער איז קוים אריינגעקראָ־כען, ווייסע האנטשען, א רויטען שאליק און עפעס א מין זעלנערשע היטעל. דערנאך האט זי ארויסגענומען א ליאלקע פון איהר אלמער, האט דאס איינגעוויקעלט אין זיידען־פאפיר, גענומען אגאטאנ'ען ביים האנט און האט געשלעפט דעם ערשטוינטען און ווילענלאזען, וועלכער האט ניט באגריפען וואס מיט איהם קומט דא פאר, דורכ'ן טונקעלען צימער צו די טרעפ, דאן ארונטער די טרעפ, ביז זי איז מיט איהם צוגעקומען צו דער זאל־טיר, וועלכע דער לאקיי האט גלייך אויפגע־עפענט מיט א נעמייש פון רעספעקט און ערשטוינונג. מיט בליצענדע אויגען האט זשאנעטע געקוקט, ווי די געסט זיינען פארהאוועט. ניט איין מאל האט זי די האר געבראכט אין ארדענונג. זיי זיינען אבער אלץ געהאנגען אויפ'ן שטערען ווילד און אהן אן ארדענונג אזוי ווי פריהער.

דער באראן איז האסטיג צוגעקומען און וואָרפענדיג א בייזען

בליק אויף אנאטאנ׳ען, האט ער זי געפרעגט, וואו איז זי געווען אזוי לאנג און וואס באטייט אט דאס מיאוס׳ע שטיק. אלע, זאגט ער, האבען שוין נאכגעפרעגט זיך אויף איהר. זשאנעטע האט א ציה געטאן מיט די אקסלען, האט אויף איהם גארניט א קוק געטאן, אוועק צום מיטען זאל, וואו די הערען האבען זי אויפגענומען מיט שטילע הענט־קלאפערייען און מיט איינגעהאלטענע, כלומר׳שט ליעבליכע הורא־געשרייען. די דאמען האבען זיך צוריקגעצויגען מיט פארריסענע נעזער.

— אלזא, מיינע הערען, — האט זשאנעטע אנגעהויבען, — דא איז דער גענעראל און דער פרייז־ריכטער. ער האט צו דעם צוועק א רויטען שאליק. ער איז מיין פריינד. איך האב פאר איטליכען פון אייך אן איבערנאבע. ווער עס וועט זי לייזען, דארף מיך א קוש טאן.

— בראוואָ! — האבען אלע שמייכלענדיג אויסגעשריען אין כאָר.

— איך האף, מיין חתן וועט מיר געבען די ערלויבעניש?

— מען דארף ניט פרעגען, — האבען אלע אין כאר ארויסגעמורמעלט מיט חשק.

— דער פרייז־ריכטער מוז זיך באקענען מיט מיין חתן. סאַלאמאן! סאַ־לאַ־מאַאן!

אן אלטער, מיט אן אויסגעשטשירעטען מויל, געבויגען־געהענדיגער מאן, מיט א ברוינעם פארוק און געפארבטער בארד איז זיך געקומען צו שלעפען. ער האט געהאט א זיסליכען שמייכעל, וועלכער איז אט געווארען פריינדליך, אט שפאטיש, אט טרויעריג, ניט פארלירענדיג אבער קיינמאל דעם אויסדרוק פון זיסליכקייט. מיט א מיפען, איראנישען פארנייגען זיך האט זשאנעטע פארגעשטעלט דעם אלטען: „סאלאמאן העכט, אן אלמן.“ איהר פאטער האט זי געוואלט צושלעפען אן א זייט, אבער זי האט אויף איהם א ווארף געטאן א לאנגען, בייזען בליק, אזוי, דאס ער האט אפגעלאזען, שאקלענדיג דערביי דעם קאפ, און מיט אנגסט געווארט, וואס וועט דא ווייטער זיין.

הערען און דאמען זיינען לייערענדיג געשטאנען איז א האלבען קרייז ארום דער יונגער מיידעל. עס איז געווען א גאנץ נים־געמישטע געזעלשאפט: אידישע סוחרים מיט די געוועהנליכע פארמען פון בערד און גלאטע פאמאדירטע האר. אידען פון דער פרעסע מיט׳ן כיטרען, אלעם צונעמענדען, אלעם אנטשולדיגענדען שמייכעל, מיט די שמאלע טורנירען און טאנצענדיגע טריט. אידען קליינע רעגירונגס־באאמטע

מיט גרויסהאלטענדיגער וואזשנעקייט און אומערשיטערליכער ערנסט־קייט. אידישע דאקטוירים און אדוואקאטען מיט כלומר'שט שטעכע־דיגע מאניערען, פול מיט העפליכקייט און לאקייסטווע. אלע פנימ'ער האבען ארויסגעוויזען אינטעליגענץ, אבער נאר די אינטעליגענץ פון מאמענט, וועלכע ווייסט גארנישט פון דער פארבארגענער ווערדע פון האבען געהאט עטוואס איבערגעלעבטעס, עטוואס אויסגעלאשענעס, שטונדע און שליסט צו די אויגען ווען די נאכט קומט. אלע פנימ'ער האבען געהאט עטוואס איבערגעלעבטעס, עטוואס איבערגעבערענטקייט, ווי דאס געוועהנליכע לעבען ברענגט מיט זיך. דאס איידעלערע איז אפגעווישט געווארען פון די פרייד איבער מאמענטאנען גענוס, פון דער־פאראכטונג פון דער אמת'ער ערנסטקייט, פון פריוואליטעט און דעם באגעהר צו נעמען לייכט דאס לעבען. זיי האבען אלע געטראגען פראַ־קען און טארעללאזע וועש, אבער דערין איז געלעגען עטוואס מערק־ווירדיג אנאכראנישעס, וואס לאזט זיך ניט אויסדריקען אין ווערטער. די געשעפטסלייט האבען געהאט דאס איבערגעוויכט, דאס איז קלאר. זיי האבען געפיהלט דאס געלט קלימפערענדיג אין זייערע קעשענעס און זיי זיינען געווען איבערצייגט פון דער העכסטער איינגעשאפט פון דער דאזיגער מאכט: ווי שקלאפען, וועלכע באהאלטען חניפה'דיג זייער גיפט און ווארטען נאר אויף דער שטונדע, ווען זיי וועלען קענען זייערע נעגעל צייגען.

זשאנעטע האט גענומען איהר ליאלקע און א לאנגען שנירעל, אין האט איין עק שנירעל ארומגעבונדען ארום דעם פארצעלייענעם האלז פון דער ליאלקע. דערנאך האט זי זיך ארויפגעשטעלט אויף א שטול, און מיט ערשטוינליכער קונציגקייט האט זי דאס גרינגע שפיעלצייג אזוי א שליידער געטאן אין דער הויך, אז דאס שנירעל האט זיך פארטשעפעט אן א שטאלענעם האקען אין סופיט. דאן האט זי דאס א ציה געטאן ארונטער, אזוי, אז די ליאלקע איז געבליבען הענגען אן ערך דריי מעטער פון דר'ערד.

— נו, מיינע הערען! — האט זשאנעטע אויסגערופען און א ציה געטאן די ברעמען ארויפצוצו, און באלד האט זי זיי פאנאנדערגעצויגען ווי ביי א קאץ. — איצט מוזט איהר שפרינגען! פאנאנדערלויפען זיך ביז'ן שוועל פון סאלאן. אפשפרינגען פונ'ם ראנד פון טעפיך. ווער עס וועט דערלאנגען די ליאלקע מיט די פינגער און זי קענען ארונטער־

שלעפּען, דער וועט זיין דער זיגער. אויב מעהר ווי איינער וועט זיגען, דאַן מוזען די באַטרעפענדע נאָך איין מאָל שפּרינגען. קיינער טאָר זיך ניט ארויסדרעהען, דאָס איז די איינציגע באַדינגונג. — און זי האָט שטאָלץ אַ וואָרף געטאָן אהינטער דעם קאָפּ און וואַרטענדיג האָט זי צונויפגעלעגט די אָרימס אויפ׳ן ברוסט.

אַלע זיינען צוריקגעטראָטען און האָבען צעטומעלט אָנגעקוקט איינע די אַנדערע. פיעלע האָבען אומגעלומפּערט געשמייכעלט, איינינגע האָבען פאַרזיכטיג זיך אַ קער געטאָן צום טיר.

— די לאַקייען זאָלען צושליסען די טירען! — האָט זשאַנעטע אויפגערעגט אויסגעשריען.

עס האָט זיך גענומען הערען אַן אומווילינגע מורמלעריי. דער באַראָן איז מיט ענערגישע טריט צוגעגאַנגען צו זיין טאָכטער און געוואָלט רעדען. זי האָט איהם אָפּגעהאַקט דאָס וואָרט.

— איין זילבע נאָר, טאַטע, און איך אָנטזאָג זיך צו פאַרלאָבען זיך מיט׳ן חזיר! — האָט זי צו איהם אין דער שטיל אַ זאָג געטאָן.

דער באַראָן האָט זיך אוועקגעזעצט ביים טיש און שטאַרק אין כעס גענומען זיך קאַלופּען די נאָז. די דאַמען זיינען בלייכע, מיט האַלבגעשלאָסענע אויגען און מיט אַזוי צו זאָגען פאַרריסענע אַקסלען אוועק אין אַ דערבייאיגען צימער. איינינגע אינגערע הערען האָבען אָנגעהויבען צו נעמען די זאַך גאַנץ פרעהליך, אפשר כדי ניט צו גילטען פאַר טרוסען, אפשר אויס מורא פאַר זשאַנעטע׳ס שפּאָטישער צונג. דער לייטענאַנט, וועמען אַלע האָבען מיט די אויגען געזוכט, איז נעלם געוואָרען. ענדליך האָט עליאָס היימאַן, דאָס „טוד־געשעפט“, גענומען שפּרינגען מיט אַ מעגליכסט אומשולדיגער מינע. ער האָט געזוכט צו מאַכען דעם אָנשטעל, ווי ער שפּרינגט דאָס פאַר אַ פּראַבע נאָר, צו באַווייזען כלומר׳שט, אַז ער נעמט אָן די גאַנצע געשיכטע פאַר אַ שפּאַס. אבער דאָס „טוד־געשעפט“ האָט ניט נאָך זיך קוים איין שפּאַן פון דר׳ערד אויפגעהויבען, נאָר ער איז נאָך אויך אַנידערגעפאַלען ביים ראַנד פון טעפּיך און האָט סאַפּענדיג אוועקגעהונקען אין אַ ווינקעל, אום זיך אָפּצוגעבען אויף אַ פערטעל שטונדע מיט באַטראַכטען דעם זאַנפטען אויסגעשטערנטען הימעל. אַגאַטאַן האָט זיך צעלאַכט, אבער דאָס לאַכען איז אָפּגעשטאָרבען אויף זיינע ליפּען, גלייך ווי ער האָט אַ קוק געטאָן אין דעם באַראָנ׳ס אויגען, אין

וועלכע אן אומהיימליך פייער האט געברענט. ער האט צוזאמענגע־ביסען די ציינער, און פּלוצלונג האט ער זיך ניט ווילענדיג פאר־טראכט וועגען דער אָרעמער, ניהערינגער שמוב אינדערהיים, און דאס גאַלע געזיכט פון זיין מוטער האט איהם אויפגעשטיגט ווי פון א גאנצע מחנה שאטענס. און ער האט זיך אליין פארלארען: פון דעם דאַזיגען שאטען האבען זיך אויפגעהויבען דורות, זקנים און זקנות, וועלכע זיינען פארבייגעגאנגען מיד שאקלענדיג מיט די קעפּ.

זשאַנעטע האט א פּאטש געטאָן מיט די הענט. און עס האט א שפּרונג געטאָן נאטאַן קירשבוים, דאס „באנק־געשעפט", רויט אין פנים, מיט פארלאָפענע אויגען. און ער האט זיך אזועקגעקייקעלט ווי א יונגער הונט אויפ'ן גלאטען פּארקעט. דערנאָך האט געשפּרונגען די „האפּען־האנדלונג" אלאַא קאהן מיט'ן שותף, דאס „פּיה־געשעפט" עדוארד שטיינאַם, די „פאבריק פון קליינע וואַרע" רענע ריינעמאן, דער פּעליעטאַניסט מאַריין גאָלדבאַך. עס איז געווען גראַטעסק, ווען זיי האבען אויסגעשטרעקט די הענט אין דער לופטען, די פיס צוזאמענ־געצויגען, דעם קאָפּ אין די אקסלען איינגעגראבען, און דאן אינגאנצען צעשמעטערט, ווי זיי וואַלטען פּלאַצען פאר שאנדע און מענשענהאַס. ווידער דערלאַנגט די ערד. מען האט דערביי זעהר וועניג געלאכט, די פּנימ'ער זיינען געווארען וואָס אמאל פינסטערער, און ענדליך, ווען קיינער האט שוין מעהר ניט געוואָלט שפּרינגען, איז דער באראָן ארויסגעטראטען מיט א הייזעריגער שטימע:

— זאָל שוין זיין גענוג!

זשאַנעטע, וועלכע איז ביז אהער געבליבען ערנסט, האט זיך אריינגעזעצט אין א לעהנשטול, און האט אנגעהויבען אזוי צו לאכען, אז אלע האבען ערשטוינט זיך ארומגעקוקט. עס איז געווען עטוואס היס־טערישעס, עטוואַס ביטערס און טראַגישעס אין דעם דאַזיגען לאכען. דאן האט זי פונקט אזוי פּלוצלונג אויפגעהערט, איז צוגעגאנגען צו אַנאטאָנ'ען, האט אראָפּגעריסען פון איהם די שמאַטעס, מיט וועלכע זי האט איהם אויסגעפּוצט און האט באַפעהלענד א געשריי געטאָן צו איהם:

— שפּרינגט איהר!

אנאטאָן, איבערראַשט פון דעם פּלוצלונגען איהרצען, הא͏ט זיך צו־ערשט ניט א ריהר געטאָן. אבער דערנאָך האט ער זיך ניט פאנאנדער־

געלאפען, נאר ער האט זיך שנעל א הויב געטאן אין דער הויך פון די שפיץ פינגער, אנגעכאפט די קוקלע און זי ארונטערגעריכען.

— גאט צו דאנקען! ענדליך א מאן! — האט זשאנעטע אויס־געדופען, האט א נעם געטאן זיין קאפ צווישען איהרע הענט און איהם א קוש געטאן אין מויל מיט א געהיימניספולען און דורכדרינגענדען פייער. איהרע ליפען זיינען געווען פייכט, איהרע האר זיינען גע־ווען פייכט און דאך האבען זיי זיך געשארשקעט, און איהר אטעם איז געווען הייס אזוי ווי איהרע הענט.

עס איז געווארען אן אייז־טויטע שטילקייט. אגאטאנ'ען האט אויפגעשווידערט ביז טיף אין הארצען פון איהר קוש. דאן איז זשאנע־טע העפטיג אפגעריסען געווארען פון איהם, און דער באראן, מלא חמה, איז געשטאנען מיט צונויפגעדריקטע פויסטען הינטער איהר. בעת דער חתן דערבייי האט מיט מורא געשמייכעלט.

— וואס ווילסטו? — האט זשאנעטע געפליסטערט.

דער באראן איז געווארען שניי־בלאס.

— איך וויל דיך פון הויז ארויסשמייסען! — האט ער געזאגט טרייסלענדיג זיך.

— איך וויל אויך, אז דו זאלסט מיך ארויסשמייסען, הערסטו? דאס קענסטו נאר איינמאל טאן, אבער ווען איך האב חתונה פאר'ן חזיר, בין איך אויף אלע מאל געשמיסען. איך וויל האבען א מאן, און ניט קיין זאק מיט תבואה און ניט קיין געלט־שראנק און ניט קיין צעהן־פראצענטיגע אקציעס. פארשטעהסטו דאס ניט? פארשטעהסטו ניט, אז איך קען ניט פארקערען צווישען די דאזיגע אפגעריסענע פאפיר־נשמות? זיינט איהר דען מענשען, וואס? זאגט אליין! וואס זאל איך דען אנהויבען צו טאן ביינאכט מיט דעם דאזיגען חזיר, ווען איך טרוים גאר פון מענער, וועלכע האבען ניט א פאר מאטע נאכט־לאמפען אין קאפ, נאר אויגען, אויגען, אויגען?... ווען איהר ווילט נאר דאס וואס איהר ווילט, דאן האנדעלט! פארהאנדעלט אייער לעצטען פלעדערוויש אין לעצטען מיסט־פעסעל, אבער איך וויל זיך ניט אפגעבען אזוי ווי אייערע הויכמוטיגע ווייבער, וועלכע גלאצען אויף מיר איצט די אויגען ווי אויף א מכשפה. אט האט איהר אייך! אט האט איהר, און לאזט מיך צופרידען! אט־א! אט־א! אט־א!

און זי איז אוועק ווייס ווי קאלך, האט ארייגעווארפען די קאסט־בארע בראשקע אין קאמין־פייער, און די בראסלעטען אין די רינגען

פון די פינגער, זי האט די שפּיצען איבער'ן ברוסט אינצווייען צעריסען און מיט איין מאך פאַנאַנדערגעשפּיליעט די קנעפּ פון דער טאַליע.

דאַ האט זיך לעווענגארד ארויפגעוואָרפען אויף זיין מאכטער מיט אומגעלומפּערטע קולות, האט זי אַנגעכאַפּט פאר'ן ארים און געוואָלט זי אוועקטראַגען, ארויסטראַגען. זי האט זיך ווילד געוועהרט, און אין דעם קאַמף איז זי אַנידערגעפאַלען אויף דר'ערד. די דאַמען זיינען צוגעלאָפען, יאָמערענדיג, שילטענדיג, דער חתן האט געזוכט ארויס־צונעמען פון קאָמין־פייער די קאָסטבארקייטען, צוערשט מיט די הוילע הענט, דערנאך מיט א לאָפּעטע, פּיעלע האבען שרעקעדיג: און פאַר־כמורעט זיך א לאַז געטאָן צום טיר, דער לאקיי האט מיט אן אייגענטימ־ליכען שמייכעל געקוקט אין דער שטיקענדיגער לופט, וואס האט אַנגעפילט דאס צימער, און מיט אמאל זיינען אלע געבליבען שטעהן ווי סטאַטועס.

דער וואס איז איצט אריינגעקומען, ווען דער לאקיי האט אפילו ניט פּרובירט אָפּצוהאַלטען, איז געווען א זקן פון אריבער נייינציג יאהר. אויף איהם איז געלעגען עפּעס ווי א גרויסע, מערקווירדיגע רואינע; עס איז געלעגען עפּעס אויף זיין פּנים, וואס מען קען דאס אומפאַרגעסליך אַנרופען: עפּעס אזא מין שימער פון ניט־פאַרשווינ־דענדער מילדקייט און גוטסקייט. ריזענהאַפט אין זיינע גלידער, אין די אויגען יענער מין פינקלען, וואס מען זעהט צייטענווייז ביי אלטע לייט, וועלכע זעהען די יוגענד מיד אוועקגעהענדיג און אליין שיינען זיי קיינמאל ניט מיד צו ווערען, — אט אזוי איז ער אריינגעקומען, און אנגאטאן האט א שמייכעל געטאָן אויף זיין שטילען אופן, אזוי ווי א קינד, בעת דאס קומט צום ווענדע־פּונקט פון א מעשה, וואו די גוט־באַ־קאַנטע גוטע פעע קומט, דעם פּלאַנטער פאַנאַנדערצופּלאָנטערען. איט־ליכער אין די דערפער האט געקענט גדליה לעווענגארד פון ראַט אין זיינע ארימע שמאַטעס.

דער אלטער איז גלייך געגאַנגען צו זיין זוהן, ער איז אבער גע־בליבען שטעהן, ווען ער האט דערזעהן, ווי אויף זיין זוהן'ס פּנים האט זיך א בושה פול אויסגעגאָסען, און ער האט די האַלב־אויסגעשטרעקטע האַנט צוריק ארונטערגעלאָזען און זיך רוהיג אַנידערגעזעצט. זעהענ־דיג, אז דער זוהן שעמט זיך מיט איהם, האט ער גאַרנישט ניט געזאָגט, נאר ער האט זיך ארומגעקוקט שמייכלענדיג און נייגענדיג זיך. דאַן

האָט ער גענומען דעם „באַראַנ׳ס„ האַנט. האָט אים אַ ציה געטאָן צו זיך, האָט אַנגעוויזען אַ פּאָר מאָל אויפ׳ן קאַמין־פייער און האָט אַרויס־גערעדט, אָפּשטעלענדיג זיך נאָך איטליכען וואָרט :

— אַזוי האָט גאָט געוואָלט !

דער באַראָן האָט אַ פאַרשעמטער פון אים זיך פריי געמאַכט, אַ וואָרף געטאָן אויף דעם לאַקיי אַ צאָרענדיגען בליק, און יענער האָט דאָס צוגענומען מיט אַ ציה מיט די אַקסלען. מיט אַ צעטומעלטען געלעכטער איז ער צוגעגאַנגען צו זיינע געסט, וועלכע האָבען פּאַר אים אַזוי ווי אַ ווארע געמאַכט. זשאַנעטע איז אויף די קני צוגעקראָ־כען צום אַלטען, האָט געגלעט זיינע גרויסע הענט און געפרעגט :

— זיידע, וואָס האָט געטראָפען מיט דיר ? פאַרוואָס ביסטו גע־קומען צו אונז אַזוי שפּעט אין דער נאַכט ?

מיט אַ שרעקעדיגען און באַרוהיגענדען זשעסט האָט זי זיך דער־נאָך אַ קער געטאָן צו די איבעריגע און אַרויסגערעדט :

— ער וויינט !

דער אַלטער גדליה האָט שנעל אַ כאַפּ געטאָן איהר האַנט און גע־שעפּטשעט צו איהר :

— זאָג זיי ניט ! זיי ווילען ניט זיין געשטערט. און מיין זוהן האָט פאַרגעסען, אַז איך האָב נ ט פּאַר וואָס צו קויפען אַ פראַק. האָט ער פאַרגעסען, אַז איך בין אָרים, היינט אין אָוועגט איז גאַנץ ראָט אָפּגעברענט געוואָרען. גאָט דער האַר האָט מיר געוואָלט דערמאָנען, אַז מיר איז צו גוט געגאַנגען אין לעבען. זיי רוהיג, זיי רוהיג, איך זאָג דאָס בלויז דיר ! מיין הויז, מיין הויף, מיין ביסעל פּיה, נעביך, אַלץ איז אַוועק מיט׳ן פייער !

באַלד האָבען דאָס אַלע אין זאַל געוואוסט. דער פּעליעטאַניסט האָט מיט אַ בייזען קוק פון דער זייט אויפ׳ן באַראָן פאָרגעשלאָגען מען זאָל צונויפקלייבען נדבות. איבעריגס איז שוין די געזעלשאַפט גע־שווינט צוגאַנגען זיך, און דער באַראָן, צעטומעלט און פאַרצווייפעלט, האָט געשאָלטען זיך און זיין טאָכטער און איז קוים אימשטאַנד גע־ווען אפילו אַן אויבערפלעכליכע סימפּאַטיע אַרויסווייזען אין דעם אומגליק פון זיין פאָטער, הייסענדיג אים אָנווייזען אַ צימער צום שלאָ־פען. דערנאָך האָט ער אויפגעפאָדערט זשאַנעטע׳ן, זי זאָל געהן מיט אים. אַגאַטאָן האָט געהערט אים שרייענדיג ; ער איז אַלץ מעהר הייזעריגער געוואָרען און עס האָט אויסגעזעהן, ווי ער כאַפּט זיך שלאָ־

גען צו אלעמען... דער לאקיי האט גערוכט אנצוקניפען און א געשפרעך מיט אגאטאנ'ען ; אבער זיינע ווערטער האבען עקעלהאפט אפקלונגען פון די ווענט פון דעם פוסט־געוואָרענעם זאל. אגאטאן האט פארשעמט זיך אוועקגערוקט אין זיין קאמער, האט זיך אין די זאכען א ווארף געטאן אויפ'ן געלעגער און איז גלייך איינגעשלאפען מיט א שווערען שלאף.

אינדערפריה האט ער געהערט פונ'ם הויז־געזינד, אז פריילין זשאנעטע איז פארשוואונדען געווארען. אגאטאן האט זיך געפילט גליקליך איבער דעם, ניט וויסענדיג אליין פארוואס. די לופט איז גע־ווען קיהל, שארף און ריין, בעת ער איז אין שולע געגאנגען. די וועלט האט אויסגעזעהן ניי. אינדערפריה האט אלעס געהאט נאר איין קוק, אהין צום ליכט ; אלעס האט געהאט צוועק, באדייטונג, פארמע און רונדיגקייט. איבערהויפט אין דערמאזיגען נעבעלדיגען אקטאבער־פריהמארגען. אלעס איז מיט פרידען געזעטיגט, די דעכער גלאנצען, די זון שווימט לאנגזאם ארויס מיט קופערדיגען גלאנץ, דער רויך הויבט זיך אין דער הויך גלייך ווי א ליכט, יעטווידער קוימען שיינט גרויס צו האלטען זיך מיט זיין פליכט וואס ער ערפילט. די דינסט־מיידלאך טראגען ווייסע פארטיכער, און דאס שארשקעט פיין, ווען זיי געהען אין מארק. די בעקער־אינגלעך פייפען ליעדער, וואס מען האט ערגיץ ניט געהערט. זיי ציהען אויס לאנג יעטווידען טאן, באזונדערס אין דער הויך. איבער דער גרויכער בריק רוישט און גליטשט זיך דער שנעל־צוג, פון וועלכען עס קוקען ארויס רעטזועלהאפטע, איבערנאכטיגע פנימ'ער איבער דעם ברייטען, פארפלייצטען פליין. דאן רייסט זיך דער צוג ארייַן מיט א פייפעריי, די גרעניץ איז ביים דאמבאכער וועג געשלאסען, גאנצע רייהען אקסען שטעהען דא און ווארטען גוטמוטיג. און דער צוג פארשווינדט צווישען די הייזער, רוישענדיג, קלאפענדיג, בלאזענדיג, און אגאטאן הערט ווי ער שטעלט זיך אפ אויפ'ן וואקזאל מיט א שארפען פייף און זיין בענקישאפט איילט זיך אהין און נעמט דעם צוג, אום צו פארען אין איהר געהיימניספולען פאטער־לאנד. ער געהט גראד פארביי דעם הויז פון אברהם פארקעס, וועלכער פאר־מאגט מיליאנען און איז באקאנט אלס נאבעלער מענשען־פריינד ; איבער א האלבען מיליאן האט ער אפגעזאגט פאר'ן יתומים־הויז. עס זיינען דא א סך זאכען, וועלכע אגאטאן באוואונדערט, און ער ליבט די מענשען. די ענדערונג, וועלכע ער האט דורכגעמאכט דא פאר א

קורצע צייט, קומט איהם מערקווירדיג פאר. ער ווייסט, אז עס איז ניי דאס וואס ער פיהלט, אבער ער וויל זיך ניט אויספארשען. עס איז אזוי ווי מען וואלט אין זיין הארצען עטוואס בויען, און ער וויל ווארטען ביז עס וועט פארטיג ווערען. ער טראכט וועגען יענעם ערשטען בילד פון דעם פאסיאן־שפיל, וואו דער נאקעטער אינגעל נעמט מיט א צוואנג ארוים ביי יעזוס'ען פון דערנער־קרוין די דערנער. און ווי ער טראכט פון דעם, אזוי דערשרעקט ער זיך, בלייבט שטעהן און הארכט. אבער דאס פייפען נאר די בעקער־יונגען מיט זייער מאנאטאנעם דיסקאנט.

אין דער שולע האט ער גארנישט ניט געהערט פון דעם וואס מען האט געלערענט, האט גארנישט ניט געלערענט, ניט אנגעשריבען קיין וויכטיגע לעקציע, און מען האט איהם אריינגעשריבען אין דעם שטראפ־בויגען, און ער האט זיך וועגען דעם גארניט געקימערט. ער האט ניט געקענט באגרייפען פארוואס ער זאל אין זיך טויטע וויסענשאפט אריינשטאפען בעת עס איז דא גענוג פריש לעבען. ער האט אבער באגריפען די פאראכטונג, אין וועלכער די מייסטע לעהרער שטעהען ביי די שילער; עס האט זיך ניט געהאנדעלט וועגען דער פערזאן, נאר וועגען דעם אמט. דרויסען איז געווען די פרייהייט, דער וואלד, אומבאגרענעצט, טונקעל, פול מיט דערלייזונגען פאר דעם וואס זוכט דאס; אבער די שולע האט געוואלט, אז מען זאל קיין אנדער זאך ניט וועלען ווי נאר די שולע. דאס האט איהם געמאכט צו פאראכטען דעם לעהרער און זיין ארבייט, די גרויסע, פייערליכע זאכען פון דער געשיכטע אזוי צו זאגען, גלייך ווי עס וואלט גארנישט ניט געווען צו לערנען ווי נאר מיטאלאגיע, גלייך ווי עס וואלט געווען זעהר וויכטיג אן אדרעס־בוך דורכצולייענען. אין דעמדאזיגען פריה־מארגען האט אגאטאן אנגעהויבען פלוצלונג זיין נשמה צו זעהן דורך א וואונדערבאר שפיל, פונקט ווי א ברעט וואלט אוועקגענומען געווארען פון זיינע אויגען. און די דאזיגע גרויסע איבערקערעניש האט איהם זעהר באשעפטיגט, אזוי, אז זיינע באקען זיינען דא און דארט בלאס געווארען. נאר איין לעהרער איז געווען, וועלכען ער האט ממש פארגעטערט, צו וועלכען ער האט ניט געוואגט זיך צוצוריהרען מיט קיין שום הויך פון קריטיק. עס איז קיין זאך אין איהם ניט געווען ווי נאר דאס, וואס ער האט פאר די שילער צעגלידערט די וויסענשאפט פון דער כעמיע, אזוי, אז אפילו די טעמפע און די שלעכטע זיינען ביי איהם אויפמערקזאם

געוועז. ער פלעגט אזוי ווי אריינלעגנען זיין האנט אין דער נאכט פון דער נאטור, אדער אין פייער פון דער נאכט, און ארויסנעמען פון דאר־טען איהרע רעטעגישען, און טראיז אלע דערקלערונגען פלעגט ער זיי לאזען בלייבען רעטעגישען און וואונדער פאר די אויגען פון זיינע צו־הערער. ער האט זיך ניט גרויס געהאלטען מיט דער וויסענשאפט און האט זיך קיינמאל ניט געשפילט מיט איהר, האט אויך ניט געמאכט פון דעם קיין „אינטערעסאנטעס“, נאר גיכער עטוואס הייליגעס. ער איז געשטאנען הינטער זיינע רעטארטען און רעהרען ווי איינער וואס שטעהט אינ׳ם טעמפעל און איז גרייט צו פרעדיגען א גאט, וועמעס גאנצע שענקייט און גרויסקייט נאר ער אליין האט דערקענט. ער איז קיינמאל ניט איינגעגאנגען אויף דער טויטער פארמולע, פונקט ווי א יונגער פריסטער, וועלכער פאראכט די געדרוקטע געבעט־ביכער און וויל האבען און האט זיין אייגען געבעט. אזוי איז געוועזן עריך באַ־יעזען.

אזוי ווי אנאטאָן האט פאר קיין פאל ניט געוואלט אויפ־מערקזאם זיין, האט „פראפעסאר“ שאכנא זיך באנוצט מיט דער גע־לעגענהייט איהם צו פארגעבען פינף מאל איבערצושרייבען די „כלה פון קארינט“. אנאטאָן האט א שמייכעל געטאָן.

## פינפטער קאַפּיטעל.

ווען סטעפאַן גודשטיקער איז מיט'ן קליינעם אינגעל, וועלכער האָט כסדר פאַר זיך שטיל געכליפּעט, אריין אינ־וועניג אין דער גרויסער, הילכינער געביידע, האָט דאָס שרייען ווידער אויפגעהערט. אָבער ער האָט באַשלאָסען צו דער־געהן די זאַך ביז'ן גרונד, און ער איז ארויף אויף די טרעפּ. ער איז אריין אין אַן ערענסטער שטימונג פון דעם פייערליכען דאַך פינסטערען סטיל פון דעם הויז, האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ ווע־גען די קאַרגע באַלייכטונג און געמאַכט באַמערקונגען וועגען דעם גרוי־סען, באַמאַלטען גלאַז־פענסטער, וואו ס'איז געווען פאַרגעשטעלט יפתח מיט זיין טאָכטער אויף אַ נאַאיווען הארציגען אופן, וואָס האָט דערמאָנט אַן קראַנאַכ'ען און זיין שולע. אין דעם גרויסען קאָרידאָר איז געווען שטיל און פּוסט. ער האָט אַן עפען געטאָן די נעקסטע טיר, און דער אינגעל האָט זיך דערביי אומגעדולדיג אַ שפּאַר געטאָן צוויי־שען זיינע פיס, אום אויך עפּעס צו זעהן. ער האָט פאַר זיך דערזעהן אַ גרויסען, ווייס־געקאַלכטען, כמעט פינסטערען זאַל, וואו עס איז גע־שטאַנען אַ בעט אויף אַ בעט, אַ דרייסיג אָדער אַ פערציג שטיק, אזוי ווי אין אַ קאַזאַרמע און איבער יעטווידען פון די ווייסע טיכער האָט ארויסגעקוקט אַן עטוואָס ווייסער קינדערשער פּנים, מיט צוגע־מאַכטע אויגען, געשלאָסענע ליפּען, אָנגעשטרענגטע ליפּען, וועלכע האָבען אזוי ווי געמאַטערט זיך צוריקצוהאַלטען די זיפצען. אַ טוכלע לופט האָט געשלאָגען אזוי ווי פון אַ קאַטאַקאָמבע, און גודשטיקער האָט שנעל צוגעמאַכט די טיר, האָט ניט געוואוסט וואָס צו טאָן ווייטער, און ער האָט געזעהן די אויגען פון דעם אָפּגעריסענעם אינגעל קוקענדיג אויף איהם פול מיט פאַרערונג און געבעט. דאָ האָט זיך ווידער דער־הערט דאָס שרייען: שוין העכער, קלערער און דורכדרינגליכער. דער קליינער האָט שטום געבראָכען די הענט, און דאָס עקיגע און פאַרצוויי־

געלטן אין דער האַלטונג האָט געווירקט אויף גודשטיקער'ן מעהר ווי [illegible]

אין א שמאָלען, טונקעל באַלויכטענעם צימער איז געזעסען דער שמיש אין בלויע ברילען, ריזענהאַפטע פּילצענע שיך, מיט א גראָבען זייגער־קייטעל און אין א מין קאַפּטאַן, און האָט שלעפעריג געשאָקעלט זיך ; און ווען דער פּילאַנטראָפּ אברהם פּאַרקעס, וועלכער איז געזעסען אנטקעגען איהם, פלעגט צו איהם נעמען רעדען, פלעגט ער זיך א כאַפּ טאָן פון שלאָף, מאַכען א פרומען פּנים, און דאַן זיך ווידער נעמען צום דרעמלען. אינמיטען צימער איז א אינגעל, פיליכט פון א יאָהר דרייצעהן, געוועזען איינגעבונדען מיט א רימען צו א ברעט, און ווען דער שמיש, מיט א רוט אין האַנט, פלעגט זיך א כאַפּ טאָן מיט זיין פרומען פּנים, פלעגט ער צו דערזעלבער צייט א קלאַפּ טאָן מיט'ן רוט מיט א קנאַק איבער דעם אינגעל'ס רוקען. דער אינגעל פלעגט דענסטמאָל עפּענען דאָס מויל א געשריי צו טאָן, און דאָס געשריי פלעגט לאַנג אָפּקלינגען און לאַנגזאַם אָפּשטאַרבען, און דערנאָך פלעגט דאָס אינגעל אריינפאַלען אין א שמערצליכער פאַרגליווערטקייט. דאָס אלץ האָט געהאַט אין זיך עטוואָס געשפּענסטערהאַפטעס, און סטעפאַן גודשטיקער וואָלט זיך געמוזט צעלאַכען, ווען ער וואָלט גלייך ניט דערזעהן דעם פּנים פון דעם אינגעל, וועלכער האָט זיך מיט מאַטערניש אויפגעהויבען : אַן איידעלער, ריינער פּנים מיט א ליבליכקייט, וואָס האָט זיך נאָר געפּאַסט צו די פריהיגע יסורים, מיט אַן אומערפאַרענער גלויבינקייט. שוואַרצע לאָקען זיינען ארונטערגעפאַלען אויפ'ן שטערען, אויף די דייטליכע ברעמען, אונטער וועלכע עס האָבען הילפלאָז ארויסגעשיינט פרעגענדיגע אויגען מיט יענעם קינדערשען בליק, איבער וועלכען אַן אנדער מענש מיט ערפאַרונג מוז זיך פאַרטראַכטען. קוים האָט דער קליינער אינגעל וואָס ביי סטעפאַן'ס זייט דערזעהן זיין פריינד'ס אומגליק, האָט ער זיך א וואָרף געטאָן צו איהם, וואָרים מיט די הענטלעך האָט ער אים ניט געקאָנט דערלאַנגען, און ער האָט ביטער אָנגעהויבען צו וויינען.

— רוהיג ! וואָס איז געשעהן דאָ ? — האָט דער פּילאַנטראָפּ א זאָג געטאָן מיט א זאַנפטער באַס־שטימע.

— רוהיג ! וואָס איז געשעהן דאָ ? — האָט דער שמיש געטריי ווידערהוילט און האָט געוויזען א צאָהן ווי פון אַן אמת'ען שווערד־

פיש, וואָס האָט ארויסגעשפּארט ווי אַ קאָפּעטע פון דער אונטערשטער ליפּ.

— ווי אזוי קומט איהר אהער ? — האָט דער פילאַנטראָפּ אַ פרעג געטאָן און האָט באטראַכט זיינע דיקע פינגער, גלייך ווי זיי וואָלטען באשמוצט געוואָרען דורך דער ערשיינונג פון דעם פרעמדען.

— ווי אזוי קומט איהר אהער ? — האָט אויך דער שמש אַ פרעג געטאָן און האָט באהאַלטען זיין צאָהן אזוי ווייט ווי עס האָט זיך גע־לאָזען.

סטעפּאן גודשטיקער האָט גאָרנישט ניט געענטפערט, האָט גע־נומען זיין מעסערעל, איבערגעשניטען דעם רימען און אראָפּגענומען דעם אינגעל.

— איגנאַצעלע, גוטער איגנאַצעלע, — האָט געפּליסטערט דער קליינער מיט דעם קול פון אַ מוטער, — זעהסט מיך ניט ? טוט וועה ?

— רוהיג ! — האָט אברהם פּאַרקעס געדונערט, — וואָס ער־לויבט איהר זיך דאָס, יונגערמאַן ?

— יאָ, וואָס ערלויבט איהר זיך דאָס ? — האָט אַ זאָג געטאָן דער שמש מיט אַן אומבאַשרייבליכער שטימע און האָט זיך אויסגע־שנייצט די נאָז אין אַ בלויער פּאַטשיילקע מיט טאַלער־גרויסע, רויטע פלעקען.

— וואָס האָט דער אינגעל געטאָן ? — האָט גודשטיקער אַ פרעג געטאָן מיט אַ גרויסקייט, וועלכע האָט אים אַליין איבעראַשט און זעהר צופרידענגעשטעלט.

— ער טוט מיאוס׳ע מעשים, פאַרשטעהט איהר מיך, און דאָס מוז באַשטראָפט ווערען. אזוי ווי אַלע אנדערע מיטלען העלפען ניט, מוז ער באַשטראָפט ווערען. זיין מוטער אַליין האָט איהם אהער געבראַכט. קורץ און גוט, וואָס דאַרפט איהר דאָ האָבען און אַט־אָ־דער גולם דער לא־יוצלח ?

— יאָ ! — האָט אַ זאָג געטאָן דער שמש און געמאַכט אַ שטרענ־גע מינע.

גודשטיקער האָט זיך צעלאַכט.

— וועט איהר מיר געבען דאָס קינד ? — האָט ער דערנאָך גע־פרעגט, — איך וועל איהם היילען. ער אינטערעסירט מיך.

— זייט איהר אַ איד ?

— ניין.

— אויב אזוי, טוט מיר לייד. עס טוט מיר זעהר לייד.

— אָבער, הער קאָמערציענראַט! איהר, מיט אייער פאַרשטאַנד און אייער בילדונג! איהר קענט אויך מיין מוטער, עליזע גודשטיקער. יאָ, אייך איז אַלץ איינס. און ווען איהר וועט איהם צוריק פאַרלאַנגען, קענט איהר איהם האָבען.

— יאָ, אויב איהר גלויבט אזוי, — האָט פאַרקעס געזאָגט, ניט אַנטשלאָסען. — גוט, — האָט ער דערנאָך ווייטער געזאָגט. — אויף אכט טאָג אָבער מיט'ן תנאי, אז עס זאָל גאָרנישט ניט געשעהן וואָס איז שייך אונזער רעליגיע... נאָ, אַלזאָ, גוט, דער יונג ווייסט שוין דאָס אַליין. אדיע, יונגערמאַן מאַכט דאָס גוט! גריסט אייער מוטער. איהר געפעלט מיר.

גודשטיקער איז אהיימגעגאַנגען מיט די צוויי אינגלעך. דער אָפּגעריסענער האָט זיך גאָרניט געקענט שיידען און ער האָט דעם אידישען אינגעל געגלעט און געקושט אָהן א שיעור. גודשטיקער האָט א ציה געטאָן אַרויף מיט די אַקסלען און האָט א לאַך געטאָן אין זיך. ער האָט געוואוסט, אַז דיביידע זיינען געוועזן צופרידען פטור צו ווערען פון די אינגלעך.

קומענדיג אהיים, האָט ער געפונען זיין מוטער ניט געזונט. זי איז געלעגען אויף דער סאָפע, האָט אויסגעקוקט עטוואָס טרויעריג, זי האָט אָבער גאָרניט געבעטען ביי איהם קיין דערקלערונג, ווי אזוי ער קומט צו די קינדער. זי האָט שוין גוט גענוג געקאָנט זיין נאַטור, אייגענוויליג און שנעל צו האַנדלען. זי האָט אויך צו גוט געקאַנט זיין נאַטור צו רעדען א סך און צו פריינדלען זיך מיט אַלעמען, אום צו ווייזען זיין נייגערינקייט. פאַר איהר אַפּאַטיי־שער און אויסגערעכענטער נאַטור איז דאָס געוועזן פרעמד. איהר לעבען האָט זיך באַוועגט הין־ הער צווישען זיפצען און גלייכגילטיג אַרויסגעבראַכטע שמייכלען, דערביי האָט זי געהאַט יענע אייגענטימליכע שטרענגקייט, וועלכע גיט דעם בליק עטוואָס אומווידערשטעהליכעס, א בליק, פון וועלכען מען גלויבט, אַז ער דרינגט דורך דעם קערפּער ווי א גלאָז. זי האָט אָנ־ געקוקט דעם אידישען אינגעל, האָט שטיל און הארט א לאַך געטאָן, האָט באַטראַכט זיינע לאַנגע, דינע פינגער, האָט א ווינק געטאָן צו סטעפאַנ'ען, זיך רוהיג צוריק אַנידערגעלעגט און האָט מיט א שפּאָטישען שמייכעל געקוקט אויפ'ן לאָמפּ.

— מאַמע, זיי קענען דאָ שלאָפען, אָדער אין דער קאַמער?

דער אידישער אינגעל, וועמען זיין קליינער חבר האט געראפען, נאט ווייסט פארוואס, איננאצעל בעת אין דער אמת'ען האט ער גאר געהייסען סעמא העלמוט, האט קיין ווארט ניט גערעדט. אבער ער האט געשיינט צו באנעמען טיף אלצדינג וואס ער האט געזעהן און געהערט; דאס האט מען געקענט זעהן אין דעם טרוימערישען שפיל פון זיינע אויגען. די דאזיגע איינפאכע און געמיטליכע שטוב מיט'ן ווייסען קאכעלנעם אויווען, וועלכער האט כסדר שטיל געברומט אין זיך, די נאכט אינדרוויסען מיט דעם איינטאניגען גערויש פון טייך, דער שטילער לאמפ, די אלטע בילדער. אויף די ווענט — אלעס האט ער באטראכט מיט שיינבאר פארעכטליכער געלאסענקייט, דאך מיט א געוויסער אינערליכער אומרוהיגקייט. ווי עס האט אויסגעזעהן, האט ער זיך גארניט געקימערט וועגען די אהנאויפהערליכע לאסקעס פון זיין פריינד, דאך האט ער פון צייט צו צייט אנגעטפול א קוק געטאן אויף דעם קליינעם, אפגעריסענעם אינגעל.

— נו, דאס איז דאך אידישע דעגענעראציע, ווי דאס שטעהט אין בוך, — האט גודשטיקער געזאגט צו זיין מוטער.

— איך ווייס ניט, וואס אין בוך שטעהט, — האט זי לאקאניש געענטפערט, — איך וויל דיר זאגען, אז די אידען זיינען פיעל בעסערע מענשען ווי מיר, איידעלערע מענשען. זיי זיינען אייגענטליך פיעל עלענדער אין דער וועלט ווי מיר. אויב עס קומט ביי אונז עפעס ארויס האבען מיר דאס בלויז די אידען צו פארדאנקען.

— אזוי מיינסטו ? דאס האט אבער צוויי זייטען. עס זיינען דא אזעלכע אידען און אזעלכע. איין סארט אידען שיינען צו זיין אויסדערוועהלט פאר אלץ וואס גוט איז, גרויס און פראפעטיש. די אנ־דערע אבער, די מערסטע, זיינען ווערים, שלאנגען, מיסט. איך בין מיט דער מיינונג און דאס לאזט זיך אויך גארניט אפפרעגען, אז אונ־זער גאנצע קולטור־קראנקהייט הייסט אידענטום.

— ווער ווייסט, פיליכט הייסט זי אויך אנדערש, — האט פרוי גודשטיקער געזאגט מיט א מאדנעם שמייכעל און האט זיך געשפיעלט מיט אן עלפענביינערנעם קרוציפיקס אויפ'ן וואנט. — דאס זיינען נאר ווערטער, מיין ליבער ! אבער איך קאן וועגען דעם ניט רעדען. איך בין צו דום. אלע פרויען זיינען דאך דום. — (ווידער דער צארטער שמייכעל).

גודשטיקער האט געשוויגען און ער האט זיינע אויגען ניט אראפ־

גענומען פון אן אייגנאַרטיגן כּצענע ביי זיינע פיס. דער גרויסער בערנאַרדינער־הונט, פּאוקט, אן ענערגיש, איידעל און שאַרפזיניג באַ־שאַפעניש, איז אַרויס פון זיין ווינקעל ביים אויווען, צוגעקראָכען צו די צוויי קינדער, האָט אַרומגעשמעקט דעם אָפּגעריסענעם איינגעל, וואָס האָט אויסגעקוקט לעכערליך, א ברום געטאָן (ער האָט ניט ליעב געהאַט קיין קינדער), האָט אַרומגעשמעקט סעמאַ׳ן, און אָנשטאָט ווידער א ברום צו טאָן, האָט ער גאַר געלעקט דעם אינגעל׳ס האַנט, פרעהליך און לגמרי הכנעה׳דיג. דערנאָך האָט ער זיך אַוועקגעלעגט לעבען סע־מאַ׳ן און האָט ניט אויפגעהערט אויף אים צו קוקען מיט א מין גע־שפּאַנטקייט, גלייך ווי ער וואָלט אויף א באַפעהל וואַרטען. עס איז אויסגעקומען אַזוי ווי א בילד פון אן אַלטען און פאַרגעסענעם בוך.

דאָ האָט סעמאַ באַמערקט א פידעל אויפ׳ן וואַנט איבער׳ן קאָ־מאָד; זיינע אויגען זיינען געוואָרען גרויס און באַגעהרליך. ער האָט זיך אויפגעשטעלט, געמאַכט א בעטענדיגע מינע, אָנווייזענדיג דערביי אויפ׳ן אינסטרומענט, און האָט זיך קוים דערוואָרט אויפ׳ן ערשטווינקען שאָקעל מיט׳ן קאָפּ פון פרוי גודשטיקער. דאַמאָלט האָט ער זיך אויפ־געשטעלט אויף די שפּיץ פינגער און האָט אַרונטערגענומען די וויאָלין, זיך צוריקגעקערט אויף זיין פּלאַץ און האָט פאַרזיכטיג צוהערענדיג זיך גענומען אָנשטעלען די וויאָלין. נאָכדעם האָט ער גענומען דעם בויגען און געשפּיעלט. אָבער צו זאָגען, ער האָט געשפּיעלט, דאָס איז צו ווייניג. עס איז שוין מעהר ניט געווען דער קליינער אינגעל מיט דעם פון צייט צו צייט אויפשטראַלענדען בליק און מיט דער מידער בלאַסקייט פון די באַקען; עס איז געווען עפּעס א פאַרשטאַרבענע וואונדערפולע קינסטלער־נשמה, וועלכע האָט מיט א פליייש־געוואָרענער האַנט געפירט דעם אָרימליכען בויגען. עס זיינען געווען אַזעלכע טע־נער, וועלכע האָבען אַזוי ווי דעם הימעל דורכזיכטיג געמאַכט, און גאָט אַליין האָט מען דאָרטען ניט געפונען. עס איז געווען א שווערמוטיגע הימנע צו אַלדאָס ליבליכע פון דעם פריהלינג און זומער, וואָס איז אומבאַקלאָגט אַוועקגעגאַנגען, אום מעהר ניט צו ערשיינען, אָדער עס איז געווען דער טרויער אויף דער יוגענד, וועלכע האָט צו ליידען, אָדער א פאַנטאַסטישע מעשה, פון זיך אַליין אויסגעטראַכט אין אן איינזאַ־מער נאַכט — גאַרניט מיט ווערטער אויסצודריקען.

ווען סעמאַ האָט אַרונטערגעלאָזען זיין אָרים האָט ער אַליין נאָכ־געפאָלגט די טענער. עס האָט אויסגעזעהן, ווי ער אַליין וואָלט ניט

באגרייפען וואס ער האט מיט זיין שפּיעלען געטאן. ער האט נאָר, באַוועגענדיג זיך, געקוקט אויף זיין קליינעם פרײנד וואַנדעלין, וועלכער האט שטיל פאַר זיך געיאָמערט, אויף דער פרוי גודשטיקער, וועלכע איז געלעגען באַוועגונגסלאָז אויסגעצויגען, אויף דעם טרוימענדיגען יונגען־מאן, וועלכער האט זיך ווי פארלאָרען. ער האט כמעט אומבאמערק־באר א טרייסעל געטאן דעם קאָפּ, האט זיך אויפגעשטעלט, אוועקגע־לעגט די פידעל אויפ'ן קאָמאָד, איז צוגעגאַנגען צום אויוועז, געריבען זיינע הענט אַן די קאכעל, צוגעלעגט דעם שטערען צו דעם מעשענעם רינג פון דער נישע, און ביי אַלעם דעם האט איהם נאָכגעפאָלגט דער גרויסער הונט פאוסט און ניט אויפגעהערט צו קוקען אויף איהם מיט זיינע פייכטע, טרייע, גלאַנציגע אויגען.

אויף מאָרגען צו מיטאָג צו, קורץ נאָכדעם ווי ער איז אויפגעשטאַ־נען, האט גודשטיקער געבעטען געלט ביי זיין מוטער. ער האט ניט מעהר, האט ער געזאָגט, און מאָרגען וועט ער ווידער קריגען. זי האט איהם אָבער געזאָגט, אַז זי האט פאַר איהם קיין געלט ניט, זאָל ער זיין זייגער פאַרזעצען.

— מאמע! — האט ער ערענסט א זאָג געטאן — דו ווייסט דאָך, אַז איך פאַרזעץ גאָרנישט. דאָס איז קעגען מיין נאַטור. אַלזאָ, ווילסטו, אָדער דו ווילסט ניט?

זי האט געגעבען וויפיעל זי האט געקענט אָפּשפּאָרען.

— ווי לאַנג וועט עס נאָך נעמען מיט דיינע גרויסע אידעען?

— האט זי געזיפצט. — מיר אַלע האָבען געהאט צו ליידען פון דיינע גרויסע אידעען.

גודשטיקער האט פאַרעכטליך א לאַך געטאן און איז אוועק. נאָכ'ן עסען איז ער אוועק אין קאַפע־הויז, האט זיך פאַרגראָבען אין די ציי־טונגען, האט אריינגעזויגען אין זיך אַלע בעלעטריסטישע פּאָליטישע און פאַרשיידענע נייסען, אַזוי ווי א טרוקענער שוואָם נעמט אין זיך אריין דאָס וואסער, האט באַצאָלט ערשט ווען עס האט גענומען דע־מערען, דאן איז ער אוועק צו א טענדלער, האט פאַרזעצט זיין זייגער און האט זיך געלאָזט געהן קיין צירענדאָרף, אום צו פאַרברענגען די נאַכט אויף דער ציגעלניע.

דאָס וואַסער איז שוין געוועזן אַזוי וויט צוריקגעטראָטען, אַז מען האט שוין געקענט געהן מיט די געוועהנליכע וועגען: מיט דער דאַמבע ביז צו דער אויסערען גימנאַסטישען זאַל, דאן טיפער אַרונטער אין

מאל, דורך פעלדער און לאנקעס. ביי ראמבאך האט מען אוועקגעלענט א קלאדקע, וועלכע האט זיך געוויגט הין־הער אזוי ווי א הוידעלקע. דער אוועגט־נעבעל האט זיך ווי א שאטען געדרעהט איבער׳ן וואסער, וואס איז געלאפען ארונטער מיט גערויש און צארען. דאן איז די לבנה ארויס, א האלבע לבנה, קאלט און קלאר. פון דעם וויסטען פליין איז געווארען א קעניגרייך פון נעבעל און עלפען, די ווייטע שטאט האט אויסגעזעהן ווי אן אלטע פעסטונג פון רויך און שטויב געבויט, דער וואלד איז אזוי ווי נעשפרונגען, אדער זיך אוועקגערוקט ווי א קוליסע. די לבנה איז געווען צו זעהן טויזענט מאל אין טויזענט וועלען אויך אין דעם רוהיגען, ברייטען וואסער, מיט וועלכען די לאנקעס זיינען געווען פארפלייצט. „קרא!“ האבען נעמאכט די ראבען און האבען אזוי ווי זיך מיישב געווען וואוהין צו פליהען. פייערען האבען ארויס־געקוקט פון א דארף, אהן א גלאנץ, מאטע פינטעלעך, אזוי ווי פייער־פליגען. א פויער האט א געשריי געטאן, א הונט האט א ביל געטאן, דאן האבען פלוצלונג די גלעקער אין שטאט גענומען קלינגען איינע צו די אנדערע. עס האט אויסגעזעהן ווי דער סקעלעט צו א מעלאדיע, וועלכע דארף זיך לאנג און פייערליך ארויסגיסען, אזוי ווי טונקעלער וויין פון א גרינעם גלאז.

גודשטיקער האט דערזעהן פאר זיך א געשטאלט. זי האט זיך כמעט ווי ארומגעדרעהט פוסט־און־פאס, פארטשעפעט די קוסטעס אויפ׳ן וועג, די שטרויעלאך, שטיינער געווארפען אין וואסער אריין. דאס איז געווען אגאטאן. גודשטיקער איז צו איהם צוגעלאפען און האט איהם געזאגט א גוט׳נ׳אוועגט. אגאטאן האט זיך דערשראקען.

— וועגען וואס טראכט איהר דעם גאנצען וועג געהענדיג אין דארף אריין? — האט גודשטיקער געפרעגט.

— וועגעז פיעלעס, אדער וועגען גארנישט.

— ווייסט איהר, ווי איהר קומט מיר פאר? איהר זיינט א טרוי־מער, אבער אן אויפגערעגטער. איהר וועט זיכער אמאל נאך אנמא־כען א טומעל אויף דער וועלט. איהר זייט א באהאלטען קאכענדיג וואסער. קיינעם וועט ניט איינפאלען, אז עס קאכט, אבער מיט אמאל פליהט ארונטער דער דעקעל —!

אגאטאן האט א שמייכעל געטאן בארענקענדיג זיך.

— וואס מיינט איהר אייגענטליך דערמיט? איהר קענט דאך מיך גארניט. איהר ווילט מיר נאר אימפאנירען.

גודשטיקער האָט מעלאַנכאָליש אַ טרייסעל געטאָן דעם קאָפּ. דאָן האָט ער ווייטער געריכערט, שטאַרק פאַרטיפט אין געדאַנקען, ביז ער האָט איבערגעבראָכען די שטילקייט.

— נו, וואָס זאָגט איהר צו דעם אָוועגט ? איך וואָלט דאָ ממש געקענט שטאַרבען. אָבער איהר האָט פאַר דעם קיין שום חוש ניט. אידען האָבען ניט קיין חוש פאַר דער נאַטור. אָך, איך מוז אייך עפּעס דערצעהלען ! איך האָב אָנגעטראָפען נעכטען אויף אַ מערקווערדיגער פּאַסירונג. עס איז שטאָף פאַר אַ ראָמאַן. עס איז זעהר פיין, רעט־זעלהאַפט, מעטאַפיזיש אַזוי צו זאָגען. ווען איך בין פאַרבייגעגאַנגען אַ ־ער יתומים־הויז, האָב איך דערהערט אַ מורא'דיג געשריי. די גאַס איז געווען פּוסט פון מענשען, נאָר איין קליינער אינגעל האָט זיך אַ יצ: געטאָן צו מיר, הער יעזוס מיך גערופען, געשלעפּט מיך אַרויף די טרעפּ, דורך דריי, פיער שלאָפציממערען דורך אַ פּוסטען שול־צימער, דורך אַ מין סאָרט קאַרצער אָדער געבעט־הויז, און מיט אַמאָל האָב איך ווידער דערהערט שרייענדיג.

— אין הויז ?

— אין הויז. איך עפען אַ טיר, ערשט עס שטעהען צוויי גרויסע חברה־לייט אין שוואַרצע קאַפּאָטעס, איינער דאַוועגט און דער צווייטער שטעכט מיט דינע נאָדלען אין דעם קערפּער פון אַ אינגעל — מערקט אייך ! —דער אינגעל איז געהאָנגען אויף דער סטעליע מיט די פיס אַרויף. איך בין ווי משוגע געוואָרען, האָב איינעם אַ שליידער גע־טאָן אויף דר'ערד, דעם צווייטען צוגעקוועטשט צו דער וואַנט, האָב אָפּגעשניטען דעם אינגעל פון סטעליע און בין מיט איהם אַוועק. אינ־דערהיים ביי מיר האָט דער אינגעל דערזעהן מיין פידעל, נו, האָט ער גענומען שפּיעלען — איך האָב קיינמאָל אין מיין לעבען נאָך אַזוינס ניט געהערט. איך האָב געוויינט, מיין מאַמע האָט געוויינט, די מענ־שען אויפ'ן גאַס האָבען זיך אָפּגעשטעלט, דער קליינער גולם, וועלכער איז מיר נאָכגעלאָפען, איז אין חלשות געבליבען...

גודשטיקער איז פאַרמאַטערט אַנטשוויגען געוואָרען. עס האָט אויסגעקוקט ווי ער זעהט איצטער אַלעס פיעל דייטליכער ווי צו דער צייט, ווען דאָס האָט פּאַסירט.

אַגאַטאָן האָט פון דער זייט געקוקט אויף זיין באַגלייטער מיט אַ שטילען אומצוטרוי.

— פארוואס האבען זיי איהם אזוי באשטראפט ? — האט ער געפרעגט.

— א, דאס איז זעהר איינפאך !

גודשטיקער האט עטוואס א זאג געטאן, פון וואס אגאטאן האט מיט די הענט א פאטש געטאן.

— יא, עס איז א שמוציגע וועלט, אין וועלכער מיר לעבען, — האט גודשטיקער געזאגט מיט א זיפץ, — מיר בראדזשען דורך א בלאטע, איז וועלכער די שטערען שפיגלען זיך אפ. Exempla odiosa sunt איך וועל אייך זאגען, מיר זיינען צו געבילדעט, אום צו זיין נאך ניצליכע מענשען. זיריך שפערלינג איז ניט געווען קיין געבילדעטער, אבער א מענש.

— פארוואס רעדט איהר עפעס רק דערפון ? — האט אגאטאן אומוויליג א פרעג געטאן.

גודשטיקער האט זיך אפגעשטעלט און דורכדרינגענד געקוקט אויף זיין קאמפאניאן ; און זיינע אויגען האבען אויסגעזעהן גרויס און פייערדיג אינ'ם שיין פון דער לבנה. זיי זיינען ארויף אויפ'ן הינעלקאם. ביי די זייטען האט די וואלד־נאכט געקוקט אויף זיי, אין דערנידער האבען געשימערט די פייערלאך פון צירענדארף. אגאטאן האט זיך אנגעשפארט אן א בוים ; זיין געזיכט האט געהאט א וויזיאנערען אויסדרוק.

— איך זעה איהם ! — האט ער געזאגט. — ער שאקעלט מיט'ן קאפ.

גודשטיקער איז מיט שרעק אפגעטראטען.

— הערט נאר, — האט אגאטאן ווייטער גערעדט, — מיר דוכט זיך אויס, אז איך קען גענוי זעהן די צוקונפט. איינער האט מיך אויפגעהויבען, אום איך זאל עס קענען זעהן : זיריך שפערלינג. ניט ווייל ער האט געלעבט, נאר ווייל ער איז טויט. אבער פרעגט ביי מיר גארנישט.

זיי זיינען ווייטער געגאנגען. גודשטיקער האט געקייט זיין פארלאשענעם ציגארעט. איבער דער לבנה האבען זיך געצויגען פוכיגע וואלקענס, ניט זיינענדיג אבער בכוח איהר גלאנץ מערקבאר צו מינדערען.

— וואס איז אייגענטליך אייער פראפעסיע ? — האט אגאטאן געפרעגט.

גורשטיקער איז רויט געוואָרען.

— איך שרייב, — האָט ער געזאָגט, באַמיהענדיג זיך פון זיך אליין כלומר'שט חוזק צו מאַכען, — איך פאַרנעם זיך מיט קונסט. יאָ, מען וועט באַלד פון מיר הערען.

— אָבער ניט אויף לאַנג, — האָט אַגאַטאַן פאַרטראַכט צוגע־לייגט. — איהר האָט בלויז פונקען, אָבער ניט קיין פלאַם.

ער האָט דערשראָקען זיך אָפּגעהאַקט, ווען ער האָט באַמערקט גור־שטיקער'ס פאַרקרימטען פנים.

ביי דער ציגעלניע האָבען זיי זיך צעשיידט. אַגאַטאָן איז אַוועק אַהיים. עס איז געווען ערב די אַנדערע טעג סוכות. צום ערשטען מאָל האָט עלקאַן גייער קיין סוכה ניט געמאַכט. פונדעסטוועגען איז געווען זעהר יום־טוב'דיג. די פרומע ליבשאַפט, מיט וועלכער מען האָט אָנ־געהויבען דעם יום־טוב, האָט ווי מיט גאָלד באַדעקט די אָרימקייט. פון נישטיגע זאַכען איז ארויסגעקומען פּאָעזיע פון אונטער די הענט פון אַן איינפאַכער פרוי: עפּעל, ניס, וויינטרויבען אָנגעלעגט אויף בלענ־דענד ווייסע טעלער, געשייערטע דילען און פענסטער, דער יום־טוב־דיגער לאָמפּ, אַ קופּערנע מנורה, געבראָטענע שפּייזען, פריש־געוואַשענע קינדער, וועלכע זיינען געווען צופרידען, וואָס אַלעס איז אַנדערש ווי אום דערוואָכען.

הענאָך קאַרקוי איז געזעסען אויפ'ן ברעג סאָפקע און האָט גע־קוקט. דער אורח יואַלזאָן איז ווידער דאָ געווען און געהאַלטען אין איין זאָגען. עלקאַן גייער האָט אויף קיינעם ניט געקוקט; זיין פנים איז ווי דורכגעאַקערט געווען פון צרות. אָט אַזוי איז ער אַרומגעגאַנגען זינט דעם מאָרד, און מען האָט פון איהם גאָרנישט ניט געקענט אַרויס־קריגען. די סומע, וואָס ער איז שולדיג געווען זיריכ'ען האָט ער אין דער לעצטער רגע צונויפגעקליבען און דאָס איבערגעגעבען דעם טוי־טענ'ס ברודער. פרוי יעטע איז ווי אַ ליכט אויסגעגאַנגען. אָפּט האָט אויסגעזעהן, ווי זי וואָלט זיך ראַנגלען מיט אַן אומזיכטבאַרער מאַכט, זי איז אָבער ניט שטאַרק גענוג געווען, איהרע הענט פריי צו באַוועג־גען. דעריבער האָט אַ דעמאָניש פייער געברענט אין איהרע אויגען, ווי אָנגעפילט פון דער געוויסהייט פון דער נידערלאַגע און דאָך פול מיט טראָציגער ווידערשטאַנדסלוסט. די זאָרג וועגען די קינדער האָט זי אַמייסטען באַשעפטיגט, און זי האָט גערעכענט אָפּצורוהען, ווען עלקאַן וועט נאָר ענדליך אַמאָל קריגען די שטרייטיגע הזנות־שטעלע.

ניין דעם זייגער האָט מען די קליינע איינגעלעגט שלאָפֿן. אַלעס איז געוואָרען שטיל. יואלזאָן האָט געלייענט דעם „איזראעליט“, די צייטונג פֿאַר די אינטערעסען פֿון אידענטום, און האָט פּלוצלונג אויפֿ־געהויבען די אויגען.

— עס האַלט שלעכט מיט'ן פֿאָלק ישראל, — האָט ער געזאָגט, — האָט איהר געלייענט פֿון רוסלאַנד ? האָט איהר געלייענט פֿון וויען ? איז דער איד אַ פֿאַרברעכער, וואָס ער זאָל זיך לאָזען פֿאַרשטיינען פֿון די גוים ? עס וועט אַ בייזער סוף נעמען, אַז עק מיט אַ שרעק.

זיי האָבען דערנאָך גערעדט וועגען דער שרפה אין ראָט און וועגען דעם באַנקראָט פֿון איינינע נירענבערגער באַנק־פֿירמעס. פֿרוי יעטע האָט געזאָגט, אַז איזידאָר ראָזענוי איז אַנטשלאָסען אַפּצונעמען זיין געלט ביי באַראָן לעווענגאַרד.

— דאָס וואָלט געווען לעכערליך, — האָט הענאך קאַרקוי אריינ־געוואָרפֿען, — לעווענגאַרד איז אַזוי זיכער ווי ראָטשילד.

יואלזאָן האָט דאָס אַלעס ניט געהערט ; ער האָט גערעדט פֿלאַם־פֿייער אויף די קריסטען, און איז שליסליך געוואָרען גאַנץ פֿאַנאַטיש אין זיינע באַשולדיגונגען. „ער האָט זיך פֿאַרשפּעטיגט אויף אַ פּאָר הונדערט יאָהר“, האָט אַגאַטאָן געטראַכט. עס זיינען פֿאַראַן אַ סך אַזעלכע אידען, באַזונדערס אין שטאָט ; דאָס זיינען קנאים. דאַוונען שטעהט ביי זיי העכער פֿון אַלעס, אַפּילו העכער פֿון גאָט, און ווער עס דאַוונט ניט, דער איז אַ שונא, דער איז אַ קריסט. עפּעס אַן אומ־ריינקייט, אַ פֿעטקייט, אַ ניט־גוטקייט איז געלעגען אויף די דאָזיגע פֿאַנאַטיקער, אַזוי ווי אויף איבערגעשטאַנענע עסענס.

— יאָ, — האָט עלקאַן גייער מיד ארויסגערעדט, — דאָס איז זיך גאַנץ ריכטיג, אָבער סוף־כל־סוף זיינען מיר דאָך נאָר געדולדעטע. מ ר עסען ביי אַ פֿרעמדען טיש, ביי אַ פֿרעמדען פֿאָלק. וואָס קענען מיר פֿאָדערען ? גאָרנישט. יאָ, עראָבערט, גענומען האָבען מיר גע־נוג, דאָס מוז זיין אַן אמת, איינינע אַ סך, אַנדערע אַביסעל.

— און ווען משיח וועט קומען ? — האָט יואלזאָן פֿאַנאַטיש ארויסגעמורמעלט.

עלקאַן האָט לייכט אַ בויג געטאָן דעם קאָפּ פֿאָראויס און די ביידע ווינקלען פֿון זיין מויל האָבען גלייכצייטיג אַ ציטער געטאָן. דערין איז געלעגען עטוואָס שמערצליך צווייפֿלענדעס. אַגאַטאָן האָט אין דער רגע זעהר ליעב געקראָגען זיין פֿאָטער.

באלד האט ער געזאגט א גוטע נאכט. ער איז געווען מאָדנע גוט אויפגעלעגט. ער האט געהאט א געפיהל פון מאכט און פרייהייט. אים האט זיך אויסגעוויזען, אז ער קען לייזען אָט די אלע פארשיידענ־פארביגע פלאנמעטנישען פון לעבען, ווען ער הויבט נאר אויף די האנט. ער האט נאך ניט געוואָלט שלאָפען, דארום איז ער ארויס אויפ׳ן הויף און האט אזוי ווי ארייננעזופט אין זיך די נאכט, וועלכע איז אזוי שטיל געווען, ווארימליך ווי אין סוף זומער, כאטש אקטאבער איז שוין געווען און ווייט אריינגעפארען. דער צעבראכענער פלויט, דער פארוויל־דעטער גרינס־גארטען, די פעלדער פון דער ווייטען, די נידעריגע הייזער, — אלעס איז געווען זאנפט בראנזירט פון דער פארגעהענדער לבנה. ער האט געהערט עפעס מורמלענדיג, איז ער אהן מורא אוועק נאך די קלאנגען, האט אויפגעעפענט דעם שייער און איז בלאס געוואָרען פאר ערשטוינונג, ווען ער האט אויף א שטרויענעם געלעגער דער־זעהן דעם אלטען גדליה, וועלכער האט געהאלטען איינגעגראבען זיינע אויגען אין א מאט־לייכטענדען שטיקעל ליכט. ער האט היציג א ווינק געטאן צו אגאטאנ׳ען, ווען ער האט איהם דערזעהן.

— ששש ! רעד ניט ! — האט ער געזאגט מיט א פארשטיקטער שטימע. — שטיל ווי א קאטינקע זאלסטו מיר זיין, אויב ניט, שנייד איך דיר אפ די אויערען. זעץ זיך אוועק לעבען מיר, און איך וועל דיר זאגען וואס גוטס פאר׳ן גאנצען לעבען. אט אזוי. צי דו ביסט רייך, צי דו ביסט ארים, ס׳איז גאנץ עגאל ; צי דו ביסט גאטספארכטיג, צו דו ביסט ניט גאטספארטיג, ס׳איז אויך עגאל. מוז איך דען זיצען אויף שטרוי אין שייער אזוי ווי איוב און קייען גראז ווי נבוכדנאצר ? איך וועל דיר געבען א גוטע עצה, און דו זאלסט עס ניט פארגעסען פאר׳ן גאנצען לעבען. זאג קיינמאל ניט, און ווען דו ווערסט זיבעציג יאהר, זאג קיינמאל ניט, אז דו האסט א מענשען, צו וועלכען דו קענסט האבען צוטרויען. גאט אין הימעל, אט בין איך געוואָרען נייניציג יאהר, און מיינע קינדער שעמען זיך מיט מיר. איך האב געהאט א מאיאנטעק, א הויז, און פיה, און א פרוי, איז געקומען אן אומגליק און האט פאנאנדערגעעפענט זיין האָרלע אז איך מוז איצטער מאכען זיך היימיש אין שייער ביי מיינעם א שוועסטערקינד, ביז ער וועט ווילין זיין מיר צו געבען א קאמער פאר דער נאכט. ניטא מעהר קיין גלוי־בען אויף דער וועלט, איך שפיר עס אויף מיין אייגען פלייש, גאט האט פארלאָרען די צייט, זי איז ביי איהם נעביך, פון האנט ארויסגעפאלען.

דו הערסט, ווי זיי שרייען אידען, קריסטען, אבער וואָס זיי מיינען, איז געלט און וואָס זיי מיינען ניט, איז די פרומקייט. וואָס איז גאָט ? איז דאָס גאָט ווען איך מאַך אַ צלם, ווען איך לייען אין דער תורה ? איז דאָס פּאַפּיר גאָט ? איז דאָס האָלץ גאָט ? איז גאָט דער הימעל ? איז גאָט די לבנה ? גאָרנישט איז גאָט. גאָט איז מיין גוטווילינקייט און מיין אָרים־זיין. איך בין גאָט, דו ביסט גאָט, אַ געשפּענסט איז גאָט, אַ שטיק אָרימקייט און עלענדקייט.

ער האָט אויפגעהויבן די הענט, און זיינע אויגען זיינען פול גע־ווען מיט טרערען. צעריסען מיט זיך און מיט דער וועלט איז ער דאָ געלעגען. און אַגאַטאַן איז געווען ווי פאַרשטיינערט. דער אַלטער האָט דערנאָך ווידער אָנגעהויבן, שטילער און רוהיגער :

— איצטער געהסטו ווידער אהין, פון וואַנען דו ביסט געקומען, לעגסט זיך שלאָפען און ביסט שטיל. דו ביסט אַ חכם און ווילסט פאַרדיענען אַ מצוה אָן אַן אַלטען מאַן. איך מוז זיין אַליין. איך קען ניט זעהן פאַר מיר אַ מענשליכען פּנים.

אַגאַטאַן האָט זיך אָפּגעקעהרט, פאַרשלאָסען די טיר, איז אריין אין הויז, אין זיין צימער, האָט זיך אויסגעטאָן — אַלעס מעכאַניש. דאַן האָט ער זיך אריינגעלעגט אין בעט און געטראַכט און געטראַכט, ביז ווייט נאָך האַלבע נאַכט.

## זעקסטער קאפּיטעל.

אַגאַטאָן איז אויפגעשטאַנען, האָט מיט די פינגער געפּיהלט די נאַכט ארום זיך, האָט זיך אָנגעטאָן, איז אַראָפּגעגאַנגען, און כאָטש ער האָט זיך גאָרניט געמאַטערט צו געהן שטיל, האָט ער דאָך ווי אַרומגעשוועבט איבער די טרעפּ און דעם פּירהויז. אויפ'ן גאַס איז געוועזן צויבערהאַפט שטיל: די הייזער, די גערטענער, די ברונימער, אַלעס איז אין איי־זיגער רוהיגקייט געלעגען. ער האָט זיך שטילערהייט אַרומגעדרעהט ארום דעם שענק „סט. זעבאַלד", האָט אַרויפגעקלעטערט אויף דער אַלטאַנקע, האָט זיך איבער אַוועקגעשטעלט פאַר אַ פענסטער מיט גראַטעס, זיך דורכגעקוועטשט מיט וואונדערבאַרער קונציגקייט און איז דורכ'ן געעפענטען פענסטער אריינגעשפּרונגען אין זיריך שפּערלינג'ס שלאָפצימער. עס איז געוועזן לחלוטין פינסטער, דאָך האָט ער גע־זעהן מיט ברענענדיגער דייטליכקייט יעטווידען געגענשטאַנד, אפילו די באַהאַלטענע. זיריך שפּערלינג איז ניט געלעגען אין בעט, נאָר ער איז געזעסען אויף אַ שטול, האָט שטאַר געקוקט אין דעם לעדיגען אוי־ווען און אַ זאָג געטאָן: „יאָ, מיין יונג, אין גיהנום האָבען זיי אויך ניט אַלע מאָל גענוג פייער אָנגעגרייט; איך פריהר!" — „זאָל איך פאַנאַנדערברענען?" האָט אַגאַטאָן זאַנפט אַ פרעג געטאָן. — „געוויס, געוויס, אָבער געפינסטו ניט, אז דאָ שמעקט מיט צוגעברענ־טער קאַווע?"

אַגאַטאָן האָט זיך אַוועקגעשטעלט אויף די קני און איינגעהייצט. דאָס מאַטעריאַל, וואָס ער האָט פאַר דעם באַנוצט, האָט זיך געלאָזט פּיהלען ווי וואָל, און שליסליך איז דאָס געוואָרען נאַס, און ער האָט דערזעהן, אז ער הייצט מיט בלוט. דאַן האָט זיך די טיר געעפענט און פון די פלאַקערענדיגע פלאַמען באַלויכטען איז סטעפאַן גודשטיקער אַריין. ער האָט געפירט אויף אַ שטריקעל צוויי הינט. צוויי קעץ און צוויי ווייסע מייז, וועלכע זיינען אַלע נאָכגעגאַנגען געהאָרכזאַם הינ־טער איהם. ער איז צוגעגאַנגען צו אַגאַטאָנ'ען און האָט איהם דער־

לאנגט א בריף, איבער וועלכען אגאטאן איז אריינגעפאלען אין גרויס שטוינונג, און דאן האט ער פלוצלונג דערזעהן זיין מוטער, וועלכע האט מיט ארונטערגעלאזענע אויגען געזאגט עפעס אומפארשטענדליכעס. איצט האט זיך זיריך שפערלינג אויפגעשטעלט און אויסגעשריען: „לעבען זאל דאס קאפיטאל! לעבען זאלען די ברייזער פון שנאפס! לעבען זאל דער באנקראט! לעבען זאל די בירגערשאפט, וועלכע כראפעט איבער'ן פאס מיט פולווער! לעבען זאל די רעוואלוציע! איך בין ראבעספיער. איך בין דער אייבינער איד. לעבען זאל דער טויט!"

פלוצלונג איז העל געווארען אין צימער, און אגאטאן האט ניט געוואוסט, צי פון די פלאמען אין צימער, אדער פון א פייער, וואס איז געווען אין דרויסען. דאס קרוציפיקס אויפ'ן וואנט האט זיך גענומען באוועגען ווי א לעבעדיגע זאך, און אגאטאן האט מעהר גארנישט ניט געזעהן, ווי נאר א מענערגעזיכט פון ערהאבענער שענקייט, און ער האט זיך אנידערגעקניט. ווען ער האט אבער ווידער א קוק געטאן, האט ער שוין אנשטאט דעם געזעהן א נאקעטע פרוי. דאס איז געווען זשאנעטע. זי האט איהם אנגענומען פאר'ן האנט און ארויסגעפירט אים, און געפירט אים איבער'ן פוסטען דארף, איבער'ן שטאט, איבער לאנקעס, וועלדער און פעלדער. דאן איז געקומען א וויסטע שטרעקע, דאן א בריק וועלכע האט געפירט איבער א גרוילהאפטען תהום, און ענדליך איז געקומען א גארטען אויף א היגעל, און אין דער טיפעניש האט ערוואכט דער פריהמארגען, די זון: רויט, שווער און לאנגזאם. אלעס האט זיך אויסגעלייטערט, גלאנצענדיג איז דער טאג געקומען...

ווען די מאנזבילען זיינען אינדערפריה אוועק אין שול, איז פרוי יעטע געבליבען ליגען אין בעט. די מארגען־צייטונג האט געבראכט די נייס וועגען דעם באנקראט פון וואסערטרידינגער און קא. אין נירענבערג. דאריבער האט אין דארף אזוי געקאכט. אבער דער פוץ, איז וועלכען די ווייבער זיינען געלאפען אין שול אריין, איז צוליב דעם אויף א האר ניט געמינערט געווארען. זיי האבען אנגעמאכט א גערויש מיט זייער סאמעט און זייד, מיט טייערע היט און געלע שיך, וואס עס איז אויסגעקומען גאנץ קאמיש אין די ראמען פון דעם שמוציגען דארף מיט זיינע קופעס מיסט. הינטער די ווייבער זיינען געגאנגען ערענסטער און שטילער די יונגע מיידלאך. עס זיינען געווען מיידלאך מיט שענע, צארטע פנימ'ער, פול מיט יענעם גרונדלאזען אומעט, וועלכען מען קען נאר ביי אידען געפינען, מיט יענע שווארצע אויגען, וועלכע

האבען קיין טיפּקייט ניט, מיט יענע ברייטע היפטעז, וועלכע מוזען שפּעטער פאַרלירען זייער גייסט און זייער איידעלקייט.

די מאַנזבילען האָבען געשריען און דיסקוטירט העכער ווי אימער. זיי זיינען געגאַנגען קופּעסווייז און זיי האָבען זיך קוים וואָס גערירט. איזידאָר ראַזענוי, שמואל בערגמאַן, מאַקס ליפּמאַן, דוד קראַילסהיימער — אַלע האָבען זיי גערעדט מיט די הענט, אומגעפּאַכעט מיט די אַרימס אין דער לופטען: מען דאַנקט, זאָגען זיי, פאַר'ן כבוד צו האָבען אַ האַלבען גוי פאַר אַ חזן; ווייסט איהר גאַרניט, זאָגען זיי, אַז עלקאַן גייער איז ניט קיין געבאָרענער צירענדאָרפער? — אַזוי? דאָס, זאָגט איהר, איז אַלץ איינס? וואָלט ער כאָטש אַ גוטער איד געווען? — ער איז אָבער ניט קיין גוטער איד. ווייסט איהר ניט, אַז ער שיקט זיין זוהן אין דער קריסטליכער שולע אין „פערט“? — דאָס טוען, זאָגט איהר, אַנדערע אויך? — גוט, דאַן זיינען די אַנדערע אויך חזירים, שווייגען, גוים, שבת־גוים. קעמט ער זיך ניט אום שבת־קודש מיט אַ קאַם? ער האָט זיך אפילו פריהער איינמאַל אָפּגעגאָלט אויך.

די שוואַרצע צילינדער־היט זיינען אומגעפּאָרען אהין און אהער אומרוהיג און הילפלאָז אויף די קעפּ.

ווייט הינטער זיי איז געגאַנגען אַגאַטאַ, ניט קענענדיג זיך באַשליסען, צו ער זאָל געהן אין שול אריין דאַווענען, צי ניט. דאָ איז צו איהם צוגעשטאַנען אַ מיידעל פון פיליכט זעכצעהן יאָהר. דאָס איז געווען מאַניקאַ אַליפאַט, די טאָכטער פון אַ פרוי, וועלכע האָט ניט לאַנג איינגעוואַנדערט פון פּוילען. זי איז גאָר אָהן צערעמאָניעס צו איהם צוגעגאַנגען, און ער איז רויט געוואָרען פון איהר שענקייט, פון איהר אָפענהערציגקייט.

— איהר זיינט אַגאַטאַ גייער? — האָט זי זיך צו איהם געווענדט אין אַ ריינעם דייטש, מיט אַ גלאָקען־העלער, מעלאָדישער שטימע.

ער האָט לאַנגזאַם אַ שאָקעל געגעבען דעם קאָפּ.

— איך האָב אַ סך געהערט וועגען אייך. אייער פאָטער וויל ווערען חזן?

ער האָט ווידער אַ שאָקעל געטאָן מיט'ן קאָפּ.

— אָבער פאַרוואָס ווילען דאָס דאָ די לייט ניט?

— איך ווייס ניט. זיי זיינען ניט־פאַרגינער, שלעכטע מענשען.

— דאַרפט איהר דאָס דען אַזוי נויטיג האָבען?

— יא, מיינע עלטערן זיינען אָרים. ווען זיי וואָלטען ניט האָ־בען די פּראָצענטען פון'ם געלט, וואָס איז איינגעלעגט געוואָרען פאַר אונז קינדער ביי באַראָן לעווענגאַרד, וואָלטען זיי גאָרנישט ניט געהאַט.

ער האָט געערעדט עטוואָס צעטומעלט און פאַרהאַקענדיג זיך און עס האָט אים געערגערט זיין ניט־באַרעדעוודיגקייט.

— ווייסט איהר וואָס, — האָט מאַניקא אַליפּאַט זיך אָנגערופען, — לאָמיר ווערען פריינד. מיט דעם תנאי אָבער, איהר זאָלט דאָס וועלען.

אגאַטאַן האָט אויף איהר אַ קוק געטאָן, און איצט איז זי רויט געוואָרען.

— איך זוך אַ פריינד, — האָט זי ווייטער געערעדט צעטומעלט און ווי מיט אַן אנטשולדיגען זיך — אַלזאָ, ווילט איהר?

שעמעוודיג האָט זי צו איהם אויסגעשטרעקט איהר האַנט, און שעמעוודיג האָט ער זיין האַנט אין איהרער ארייננעלעגט.

— פריינד זיינען פאַרבינדעטע, — האָט מאַניקא אַליפּאַט געזאָגט, — זיי טאָרען ניט פאַרראַטען איינער דעם אַנדערען און גאָר־נישט ניט באַהאַלטען איינער פון'ם אַנדערען. און איצטער לאָמיר זיין אויף „דו".

זי האָט פריינדליך אַ שאָקעל געטאָן צו איהם מיט'ן קאָפּ, און איז פאַרשוואונדען געוואָרען אין ארייננאַנג צו דער ווייבערשער שול.

די שול איז געווען אַ קאַלטער, הוילער חדר מיט הויכע, פאַרבלאָזטע פענסטער, אַלטע סטענדערס, פאַרשימעלטע לופט, אַ באַלקאָן פאַר די פרויען און די בימה. ביים דאַווענען האָט די גאַנצע צייט געהערשט דער זעלבער ליאַרעם וואָס פריהער אויפ'ן גאַס. ערשט ווען אַ רב פון פירט איז אַרויף אויפ'ן בימה צו זאָגען אַ דרשה, איז דאַן געוואָרען רוהיג. די דאָזיגע דרשה איז פון אָנהויב געווען רייך צונעפּוצט מיט תלמוד'ישע און ביבלישע ציטאַטען, דאַן האָט זי זיך צעלאָזען אין פּאַ־טעטישע אויסדריקען איבער די געצענדינער, ווייטער האָט זי זיך פאַר־נומען מיט אַ חריפות'דיגען מאמר פון דער משנה, האָט געהייסען „הויך האַלטען דעם דגל האמונה" און זיך געענדיגט מיט אַ לויב־געזאַנג צום פאַטערלאַנד און צום קייזער. גראָד ווען דאָס דאַווענען האָט זיך גע־דאַרפט ענדיגען מיט קדיש, האָט זיך דערהערט פון הינטען אַ שאַרפער, שרעקליכער געלעכטער. אַלע האָבען זיך אומגעקערט מיט אויפגערוי־סענע אויגען, און מען האָט דערזעהן אַז אַלטען מאַן קרימענדיג זיך

און דרעהענדיג זיך ווי א קאץ און שטשירענדיג די ציינער צו אן אומזיכטבארען „עפּעס“ אין דער לופט. דאָס איז געווען גדליה. הענאך קארקוי איז צוגעגאנגען, אים ארויסצופירען. צעטומעלט האָט די געמיינדע פארלאָזען די שול.

ווען אגאטאָן איז אהיימגעקומען, איז גדליה געזעסען און האָט זיך געוואָרימט ביים אויווען און לעבען אים איז הענאך געשטאנען און פארכמורעט געשוויגען. עלקאָן גייער איז געזעסען אויפ'ן באנק ביים טיש און האָט געהאלטען דעם פּנים פארשטעלט מיט די הענט. דער קליינער באיבאק האָט ארומגעטאנצט אויף א שטול און צופרידען זשומענדיג האָט ער געלעקט די צינענע ראָם פון פענסטער־שויב. דער הימעל איז געווען גראָה און רעגענדיג.

— עס העלפט ניט, הענאך ! — האָט גדליה געזאָגט, — איך וויים, אז דו האָסט פארגראָבען דיין געלט אין גאָרטען אָדער אויפ'ן הויף, א סך געלט. אָבער דו דארפסט מיר גאָרנישט ניט געבען דערפון.

— שווייג שטיל, דו זינדיגסט ! — האָט הענאך ארויסגערערט דורך די ציין.

דער אנדערער זקן האָט אָבער קענטיג דאָס ניט געהערט.

— עס העלפט ניט ! — האָט ער געזאָגט איינטאָניג און פארזאָרגט, — דו ביסט א וואָכערניק אויך, און איך זעה דיך נאָך אריינפאלענדיג אין תפיסה אינאיינעם מיט דיין גאנצער פרומקייט. דו וועסט נאָך אריינפאלען אין תפיסה, אזוי וואר ווי איך לעב און אזוי וואר ווי איך זיץ דאָ.

— גדליה ! — האָט עלקאָן גייער ארויסגעמורמעלט ערגערענדיג זיך.

— וואָס זאָל איך טאָן ? קאָן איך מיר העלפען ? ער קאָן העלפען. ווען ער פארלייט געלט אויף פופציג פּראָצענט, זאָל איך האלטען מיין מויל ? איך האָב דאָס געהערט פון אן אמת'ען מענשען, פון א באדויערענסווערטען מענשען, יאָ, הענאך, פון א מענשען, וועלכען דו האָסט צו גרונד געבראכט. זאָל זיין וואוילשטאנד קומען אויף דיר ! זאָל זיין אויסזעהן קומען אויף דיר ! אָבער דו האָסט צו גרונד געבראכט דעם בעקער, וועסט אויך צו גרונד ברענגען דעם שוסטער, און ענדליך וועט קומען אויף דיר דער צו־גרונד־ברענגער און ער וועט קיין שום רחמנות ניט האָבען, הענאך, אזוי ווי דו האָסט קיין שום רחמנות ניט געהאט. דערנסטמאָל איז דיין נאָמען געשענדעט און דיין פאמיליע

און דער נאָמען איך איז געשענדעט. האָסטו מיר ניט געליהען, הע־נאָך, פאַראַיאָהרען פסח דרייסיג טאָלער און איך האָב דיר שבועות אָפּגעגעבען פופציג? די וועלט איז גרויס און דרעהט זיך, איך ווייס, און אַן אַנדערער באַהאַלט זיך פון דער גערעכטיגקייט, אין אַ ווינקעל, אָבער אַן אַנדערען פּאַקט מען און ער מוז צו דער עלטער זיך אָפּזאָגענען מיט זיין רוה און פרידען. איך האָב שוין אָפּגעזאָגט וואָס איך דאַרף, און איצט וועל איך שווייגען.

איזידאָר ראָזענוי איז אריין „אויף איין שפּרונג" און איז זעהר לעבליך באַגריסט געוואָרען. ער פלעגט פון צייט צו צייט קריגען קליינע, אַטעאיסטישע אַנפאַלען, האָט ער גענומען האַלטען אַ גאַנצען פּאָרטראַג וועגען די ווידערשפּריכען אין דער ביבעל. ער האָט וואָס־ניט־איז וואו־ניט־איז אַ קאָפּ געטאָן און געמיינט, אַז ער האָט דערמיט געבראַכט צום שכל די גאַנצע געשיכטע פון דער וועלט־באַשאַפונג.

— ווען אָדם און חוה און קין און הבל זיינען אַליין געווען אויף דער וועלט, און הבל איז געגאַנגען און האָט גענומען אַ ווייב פון דער פרעמדע, הייסט דאָך דאָס, אַז זיי זיינען ניט געווען אַליין! — אַזוי האָט ער באַגייסטערט אויסגערופען און האָט ארויסגעבראַכט נאָך אַ פערטעל טוץ עהנליכע זאַכען פון דער טיפקייט פון זיין חכמה.

צום ערשטען האָט אים קיינער ניט געענטפערט, דערנאָך האָט גדליה זיך אָנגערופען מיט אַ זשעסט, אַזש אַגאַטאָן האָט נאָך ניט גע־זעהן אַזאַ שטאָלצקייט, אַזאַ פּאַרנעם:

— יונגערמאַן, די תורה איז ניט געשריבען געוואָרען, מען זאָל זי לייענען מיט קערפּערליכע אויגען נאָר מיט גייסטיגע. מען דאַרף זי ניט שטודירען, נאָר מען דאַרף זי טרינקען ווי וויין. זי האָט סימ־באָלען, כדי מיר זאָלען קענען מעסטען אַן דעם אונזער אייגען לעבען. און מיר טאָרען ניט מעסטען מיט אַ שניידערשער מאָס, נאָר מיט אונ־זער געוויסען.

אַגאַטאָן האָט דערפילט ווי זיינע אויגען ווערען פייכט. ער האָט זיך אויפגעהויבען, איז צוגעגאַנגען צום אַלטען און רויט ווערענדיג אים האַסטיג אַ קוש געטאָן די האַנט.

ס'איז געקומען דאָקטאָר שרייגעמוט, וועלכען מען האָט באַ־שטעלט פאַר פרוי יעטע. ער איז זיכער געווען אַ מערקווירדיגער כאַרט דאָקטאָר. ער פלעגט ברענגען אַ געמיטליכקייט צום קראַנקען־

בעט, גלייך ווי דער טויט וואָלט געווען אַ פּוסטע אילוזיע, אַן איינגע־רעדטע זאַך, און זיין ווייך־רויטער פּנים האָט געגלאַנצט גלייך ווי קראַנק־זיין וואָלט באַטייט אַ מדרגה צו וועלכער ס׳איז כדאי צו שטרעבען, צו דערגרייכען עס. ער האָט געזאָגט, אַז „אַזוי ווייט" איז אַלץ אין אָרדענונג נאָר מען דאַרף ניט „איבערטרייבען", מען מוז גוט דורכלופּ־טערען, פלייסיגע זופּ קאָכען און אָט איז אין אומשעדליכע פּיל, אָדער „פּיליולע", ווי ער האָט דאָס גערופען. נאָכדעם האָט דער מענש, פאַר־בייגעהענדיג, זיך פאַרשפּרייט וועגען דער פּאָליטישער לאַגע, וועגען דעם נייעם באַלעבאָס פון ציגעלניע, האָט אַ קניפּ געטאָן מרים׳ען אין באַק און האָט אַ באַפרידיגטער זיך ארויסגערוקט, אום צו געהן אין דעם "גלעזערנעם פּאַלאַץ" ענדיגען דאָס איבערגעהאַקטע טאַראָק־שפּיל. דער־נאָך האָט איזידאָר ראַזענוי מכבד געווען מיט איינציגע זעהר פּאַס־צינירענדע וויצען איבער׳ן וועטער בכלל; אָבער אויסער אים אליין האָט נאָר געלאַכט ביים פענסטער דער קליינער באַיבאַק, וועלכער האָט געמיינט, אַז ער טוט דערמיט איזידאָר׳ן אַ גוואַלדיגע טובה. עס האָט זיך דערהערט פון דרויסען אַ קול, און אַ פייער האָט געוואָלט טאַבאַק קויפען. עלקאָן גייער האָט שטאַרק ארויסגעשריען איינ־דרויסען, אַז היינט איז יום־טוב און די קראָם איז געשלאָסען. ער האָט צוגעמאַכט די טיר, אָבער גלייך נאָכדעם איז ער ארויסגעגאַנגען. אַגאַטאָן האָט געוואוסט, אַז ער איז אַוועק אין קיך בעטען קאַטרינ׳ען, אַז זי זאָל געהן פאַרקויפען דעם טאַבאַק.

דער טאָג איז אַוועק. אָבער די דאָזיגע הערבסט־טעג זיינען גאָר־נישט; זיי שטאַרבען לאַנגזאַם, זיי פאַרגעהען בלויז. זיי פּאַלען קראַפּטלאָז אריין אין די אָרימס פון דער ארויפשטייגענדיגער נאַכט, און די נאַכט נעמט זיי דאַן אויף די שטאַרקע הענט אַזוי ווי אַ מוטער נעמט אַ קינד און ליולעט זיי איין מיט וויג־לידער. נאָכמיטאָג האָט אַגאַטאָן געהאָלפען צוצוקלייבען אַ צימער פאַר גדליה׳ן; פאַר די נעקסטע עטליכע וואָכען איז אים אָפּגעגעבען געוואָרען אַ צרה׳דיגע קאַ־מער צווישען הויף און דעם הינערשטאַל. אַגאַטאָן איז דערנאָך אַוועק שפּאַצירען. אין זיין טאָן און דענקען איז געלעגען אַ ליידענשאַפטליכע אומרוהיגקייט. זיין וועג האָט אים געפירט צום הויז, וואו מאָניקאַ פּליפּאַט האָט געוואוינט. זי האָט ארויסגעקוקט דורכ׳ן פענסטער און האָט מיט שמחה צו אים אַ וואונק געטאָן. זי איז געווען איינע אליין; די מוטער און די קלענערע שוועסטער זיינען אַוועק אין געסט. עס

איז געווען א שעהן צימער, וואו א גאטאן איז אריין. דאס הויז איז געלעגען עטוואס הינטער'ן דארף און האט געהאט א פיעלארטיג אויס־זעהן.

— מיר פרעהט, וואס דו ביסט געקומען, — האט מאניקא זאנפט ארויסגערעדט ; זי האט געהאלטען אין האנט א ליאלקע, וועלכע איז שוין ביי איהר צעהן יאהר, ווי זי האט געזאגט. — אבער דאס איז דום פון מיר, ניין ? — האט זי געפרעגט, איינבויגענדיג זיך בעת מעשה אום צו כאפען א בליק פון איהם.

זי האט אויסגעזעהן אגאטאנ'ען אנדערש ווי אינדערפריה. צאר־טער און כמעט ווי שרעקעדיג. זי האט דערנאך געבראכט א בוך, פון וועלכען זי האט איס פארגעלעזען פוילישע געדיכטען. ער האט דאס ביי איהר געבעטען, כאטש ער האט די שפראך ניט פארשטאנען. עס איז אים געווען געננג צו הערען איהר שטימע, וועלכע איז געפלאסען רייז און העל, ווי א ניט באטריבטער שטראם. די שטימע האט אזוי ווי געמאכט אלעס מונטער ארום איהם, און ער האט געהאט אן אומ־באצווינגליכען פארלאנג אין זיך נאך מונטערקייט און פרייד, א פאר־לאנג, וועלכער איז וואס א טאג אלץ געוואקסען און געשטארקט זיך. עס איז ביי איהם אויסגעקומען, אז אין די דאזיגע מיסטעריעז־קלינגענ־דיגע פערזען ליגט דאס הערליכסטע און זוניגסטע, וואס א מענשליך אויער האט ווען פארנומען און וואס מען דארף נאר פארשטעהן, אום פון אלע זארגען דערלייזט צו ווערען.

זי האט צוגעמאכט דאס בוך און האט אנטשלאסען א זאג גע־טאן :

— אלזא, איצט וועלען מיר פארברענגען. יעדערער זאל דערצעה־לען דעם אנדערען וואס ער ווייסט איבערהויפט.

דאס איז געווען גוט געזאגט, אבער דערביי איז דאס אויך געבלי־בען. ווארים אגאטאן האט געשווינען און מאניקא אויך. נו, ווער האט גאר געקענט רעדען, ווען דרויסען האט געדעמערט ? דער מידער הי־מעל האט געשיינט ארונטערצולאזען זיך, אזוי, אז מען האט דאס קוים געמערקט און די בוימער ווייט אין מזרח האבען זיך געבויגען, זיך צו־נויפגענאסען, זיינען שיער צו דער ערד געפאלען, ביז מען האט זיי שוין מעהר ניט געקענט זעהן. דאס וואסער אויף די לאנקעס האט ווי־דער אפגעשפיגעלט דעם הימעל, אלץ מאטער און מאטער, אזוי ווי גלאז, ווען מען הויכט אויף עס אן. אגאטאן האט נאר געזעהן די צארטע ליניעס

פוי א פראפיל, א ליכט געבויגענע נאז, א שמאלע שטערן־ליניע, צו־קענדיגע וויהעס הינטער וועלכע עס האבען געשטראלט טונקעלע אוי־גען אזוי ווי לעבעדיגע קוילען און א קין, וואס האט אים דערמאנט אן דער פריערדיגער ליאלקע. ווידערשפעניגע האר האבען זיך געקריי־זעלט אויפ'ן נאקען : א סימן פון ליידענשאפט און שפילעוודיגער גראציע.

— דו רעדסט דאך גארנישט, — האט מאניקא צעמישט גע־פליסטערט.

— לאמיר ניט רעדען, — האט אגאטאן געענטפערט מיט א צי־טערענדיגער שטימע.

— יא, און וואס קען מען רעדען ! — האט מאניקא מסכים גע־ווען. זי האט א נעם געטאן זיין האנט און דאס פארזיכטיג געגלעט.

— פארוואס זשע ציטערסטו אזוי, אגאטאן ?

אגאטאן איז אויפגעשפרונגען, האט א כאפ געטאן זיין הוט און איז ארויסגעלאפען, און איז געלאפען. ערשט אויף דער הויפט גאס פון דארף האט ער גענומען ווידער לאנגזאם געהן. ער האט געשמיי־כעלט פול מיט בושה און חרטה.

מיט א קאפ פול מיט מאטערענדיגע געדאנקען איז ער געגאנגען פון פירהויז אין הויף און פון הויף אין פירהויז. דאן איז ער ארויף אויף די טרעפ, ווי ניט ווילענדיג, אויס באדערפעניש נאך הויכקייט. קאטרין איז געשטאנען ביי דער טיר פון איהר קאמער, אנגעטאן נאר אין א העמד מיט א ספאדניצע. איהרע האר זיינען געוועזן צעלאזען, איהרע פעסטע שולטערען נאקעט און אזוי אויך די ברוסט ביז העלפט. אזוי איז זי געשטאנען פאר דער האלב־אפענער טיר שוואנקענדיג באלויכטען פונ'ם ליכט וואס האט געברענט אין קאמער, און האלב פארשעמט, האלב באגערליך האט זי געשמייכעלט צו אגאטאנ'ען. ער איז איננאנצען ווי פארשטיינערט געווארען. זיינע ציין האבען גע־קלאפט איינע אן די אנדערע, ער האט געוואלט אן עפעס זיך אנהאלטען, ער האט געוואלט עפעס זאגען, אבער עפעס אזוי ווי א קייט האט אים ארומגענומען דעם האלז און עס איז אים געווארען אזוי אומערטרעגליך הייס אז ער האט דערפיהלט, אז זיין גאנצער קערפער איז פייכט. ער האט געגעבען א טומפען געשריי און איז אנטלאפען.

נאך ניט קומענדיג צו זיך, איז ער אריינגעלאפען צום אלטען גדליה אין קאמער, האט זיך פאר איהם אנידערגעקניט, האט אנגענומען

זיין האַנט און האָט געשעפּטשעט אַ צעמישטער און מיט אַ בלאַסען פּנים. דער אַלטער האָט געפרעגט און צום ערשטען גאָרנישט ניט גע־קענט דערגעהן, אָבער באַלד איז אים קלאָר געוואָרען. ער האָט אַ פּאָר מאָל אַ שאָקעל געטאָן פאַר זיך מיט'ן קאָפּ.

— זעץ זיך אַוועק, מיין יונג, און איך וועל דיר זאָגען וואָס ביי דיר אויפ'ן הארצען איז און ווי דו זאָלסט זיין אנטקעגען ווייבער. איך בין געשטראָפט געוואָרען און האָב געהאַט געבען צוויי ווייבער און עס איז דערביי ניט געווען קיין ברכה און קיין הצלחה. אַ ווייב איז גוט פאַר דער שטונדע, אויב זי האָט ניט קיין שום צאַרטקייט פאַר דעם מאַן. זי מעג זיין אַ חכמה, זי מעג האָבען געלט, זי מעג זיין שפּאַרזאַם, זי מעג זיין גאָטספּאַרכטיג, אָבער ווען זי איז ניט ווייך ווי לייִמיגע ערד, אַזוי, אַז דו זאָלסט קאָנען מאַכען פון איהר וואָס דו ווילסט, טויג זי גאָרניט פאַר דיר. און ווען דו האָסט אַ גרויסען באַגער, דאַן געהסטו אַהין, אויב ניט ווערט פאַרשטאָפּט דיין גייסט און דיין געמיט און דו זעהסט געשפּענסטער אינמיטען העלען טאָג. לאָז זיך ניט אָנשרעקען פון די פאַלשע תורות: עס איז ניט קיין אומגליק און ניט קיין פאַר־ברעכען, עס איז מענשליך, און דו זאָלסט נאָר שווייגען וועגען דעם. ווען איין טאָג פּיהלסטו מעהר און דיין הארץ וועט זיין פול מיט ליעבע, דאַן געהסטו אַהין און זעהסט, צי זי געפעלט דיר. און ווען זי געפעלט דיר, געפעלט זי אויך דיין הויז און דיינע קינדער. היינט וועסטו דאָס ניט פאַרשטעהן, אָבער דו וועסט דאָס באַלד פאַרשטעהן און וועסט געדענקען מיינע ווערטער.

אַגאַטאָן האָט זיך ניט באַרוהיגט. פאַרקערט, ער איז נאָך גע־יִיען מעהר אויפגערעגט ווי פריהער. עס איז געוואָרען אָוועגט און ער האָט זיך דערפּיהלט איינגאַנצען געפאַנגען אין אַ פאַרפלאָנטערטען קנויל פון רעטענישען. ער איז געשטאַנען אין דעם שמאָלען פאַרפלאַץ, וואָס האָט געפירט אין קיך אריין און וואו עס איז געווען שטאָק־פינסטער. ער האָט זיך קאָנוואולסיוו צוגעדריקט צו דער הינטערשטער וואַנט און געקוקט אויף דעם קליינעם לעמפּעלע, וואָס האָט טונקעל געברענט אין קיך. ער האָט דערהערט טריט דערנעהענטערען זיך, און ער האָט זיך דערשראָקען ווי אַ פאַרברעכער. דאָס זיינען געווען אונטערטאַנצענ־דינגע, זיך שאַרענדיגע, אַזוי ווי שפּיאָנירענדיגע טריט, און ענדליך האָט זיך באַוויזען די געבויגענע, אויסקוקענדיגע געשטאַלט פון הענאך קאַר־קוי. ער האָט אַ שעפּטשע געטאָן קוים וואָס מען האָט געקענט הערען

וואס, זיינע אויגען הגבען גלאַצענדיג געקוקט, גלייך ווי זיי וואָלטען אים פאַראויסגעלאָפען, אום די קיך אויפצוזוכען, דאַן האָט ער האַסטיג אַנגעטאַפּט דאָס בלעכענע קעסטעל ביים פאָרהאַנג, וואו מען האָט געהאַלטען דאָס ברויט פון הויז, האָט אַרויסגענומען דאָס ברויט, אויפגעמאַכט אַ שופלאָד פון קיך־אַלמער, אַרויסגענומען מיט ציטערדיגע הענט אַ מעסער און האָט אָפּגעשניטען אַ גרויסען שטיק ברויט, קוקענדיג אַלץ מיט מורא אין דער זייט פון פירהויז. ער האָט דערנאָך פאַרזיכטיג צוגעמאַכט דאָס בלעכענע קעסטעל, אַוועקגעלעגט דאָס מעסער צוריק אויף זיין פלאַץ, האָט הונגעריג אַ ביס געטאָן דאָס ברויט וואָס ער האָט געפּאַקט און מיט אַ זשעדנעקייט אַרונטערגעשלונגען דעם ביסען. דאָס איבעריגע האָט ער באַהאַלטען אין זיין קאַפּטעל. ער איז אַוועק מיט די זעלבע גע'גנב'עטע טריט ווי ער איז געקומען.

אַנאַכטאָן האָט אַלצדינג געזעהן. ער האָט זיך אַ וואַקעל געטאָן אוי מיט אַ געשריי צוזאַמענגעבראָכען. לאַנג איז ער אַזוי געזעסען אונטער זיך, און נאָך קיינמאָל איז אין זיין נשמה ניט געווען אַזוי שטאַרק דער הייסער פאַרלאַנג צו ברענגען פרייד דער דאָזיגער טונקעלער וועלט וואָס אַרום זיך. פרייד! ווען ער האָט אויפגעהויבען זיינע אויגען און געוואָלט אַוועקגעהן, האָט ער דערזעהן זיין פאָטער, וועלכער איז אומבאַוועגליך געשטאַנען פאַר איהם און געהאַלטען שווער די האַנט אויף זיין אַקסעל.

## זיבעטער קאַפּיטעל.

ווען פרוי גודשטיקער האָט אינדערפריה צוגעגרייט דאָס פריה־שטיק, האָט זי געדאַרפט האָבען צום ברונים, און ווען זי איז צוריקגעקומען, זיינען שוין סעמאָ און ווענדעלין ניט געוואָרען. זי האָט איצט געהאַט ווידער אַ גרונד פאַר יענע סטאַאישע און שוואַרציכטיגע באַטראַכטונגען, וועלכע האָבען דערקלערט איהר שווער לעבען און איהר אין גרונד צאַרטע און שטאַלצע נאַטור. איהרע געדאַנקען האָבען כסדר אַנגענומען אַן אומברחמנות'דיגען גאַנג און דערביי האָט זי ניט געשאַנעוועט דאָס וואָס איז איהר טייער געווען. ווען סטעפאַן גודשטיקער איז שפּעט נאָכמיטאָג געקומען אַהיים, האָט זי אים געפרעגט, וואו ער האָט זיך דאָס ארומגעשלעפּט.

— דו ווייסט דאָך, מאַמע, אַז איך שלעפּ זיך ניט אַרום, — האָט ער געענטפערט מיט בליצענדיגע אויגען, אויפהייבענדיג הויך דעם קאָפּ.

— יאָ, איך ווייס דאָס, — האָט זי ווי נאָכדענקענדיג געענטפערט און האָט איראָניש אַ קוק געטאָן אויף זיינע שטויב־באַדעקטע שטיוועל.

— וואו זיינען די אינגלעך ?

— אוועקגעגאַנגען.

— ווי ? אוועקגעגאַנגען ?...

— איך האָב זיי אַהיימגעשיקט.

— וואָס הייסט דאָס ? דו ווייסט דאָך, אַז איך דאַרף זיי נויטיג האָבען, אַז איך האָב געוואָלט אונטערזוכען דעם אינטערעסאַנטען פּסיכאָלאָגישען פאַל ?

— עס איז ניט נויטיג, אַז דו זאָלסט זיך שפּיעלען מיט מענשען. שפּיעל זיך מיט דיינע אידעען. איבער זיי ביסטו אַ באַלעבאָס.

גודשטיקער האָט שווער געאָטעמט.

— מאַמע, איך וועל מעהר דיין הויז ניט אַריבערטרעטען ! — האָט ער ענדליך אַרויסגערעדט, גענומען זיין הוט און איז אַרויסגעלאָפען.

זי האָט גוטמוטיג איהם נאָכגעשמייכעלט, האָט אויפגעעפענט דאָס פענסטער און אַ לאַנגע צייט איהם נאָכגעקוקט.

סטעפאַן גודשטיקער איז אוועק צום פריזירער, וואו ער איז געזעסען איבער אַ האַלבע שטונדע, אום זיך צו רעכט צו מאַכען די האָר און די באָרד, און ביים אָנקומען פונ׳ם בין־השמשות האָט ער ערוואַרט זיין כלה ביים פּאַרק.

— זיי האָבען מיך שיער ניט געשלאָגען, — זיינען געוועזען קעטע׳ס ערשטע ווערטער, — איך בין מיט דיר באַהאַלטענערהייט צוזאַמענגעקומען. דו זאָלסט צו אונז אין הויז קומען.

— אַזוי.

ער האָט האַסטיג גענומען איהר אָרים און איז געגאַנגען ווייטער.

— ניין, ניין ! — האָט זי זיך אַנגסטפּול געוועהרט, — ניט איצטער געהן אַהין. דו דאַרפסט זיך ניט אויפקאָכען.

— איך וועל דאָס אַלץ מאַכען קורץ און שאַרף.

— ניין ! איך בעט דיך, ניין !

ער האָט געמאַכט אַ פאַרצווייפעלטע מינע, ווי ער וועהרט זיך.

— אַך, סטעפאַן, פאַרוואָס איז דאָס אַלעס אַזוי ? פאַרוואָס האָסטו ניט קיין סך געלט ? מיט דיין געניאַליטעט ! פאַרוואָס איז דאָס אַזוי אַלעס טרויעריג אויף דער וועלט.

— עס וועט אַנדערש ווערען, ליעבסטע, עס וועט אַנדערש ווערען ! איך וועל האָבען געלט, איך וועל האָבען מאַכט, אַלץ וואָס דו ווילסט. איך וועל די וועלט איבערקערען ! איך שאַף אַ גרויס ווערק ! דו וועסט זעהן.

— יאָ, איך גלויב אַזוי גערען אין דעם. אָבער די צייט איז אַזוי לאַנג ! יעדער טאָג איז אַ יאָהר.

— נאָר געדולד. דו וועסט זעהן. רעכענסטו, אַז איהר וועט האָבען פאַר מיר אַן איבעריגען אַוועגט־מאַלצייט ?

— ווילסט נעהן ? ווירקליך ? ווי הערליך !

— מאַך נאָר ניט אום גאָטעסווילען אַזוי פיעל אויסרופונגסצייכענס בעת דו רעדסט ! דאָס מאַכט מיך נערוועז ! איך האָס אַלע אויסרופונגסצייכענס !

— וואָס איז דאָס מיט דיר אַזוינס ? דו ביסט אַזוי פאַרביסען זינט עטליכע טעג.

— פאַרביסען ? ניין. און אפשר, יאָ. איך טרעף זיך איצט מיט

איינעם א יונגען מענשען, אגאטאן גייער, א איד. איך בין ניט סענ־
טימענטאל, אבער... נא, דו מוזט איהם זעהן. ער זעהט אויס ווי...
עס קלינגט נאריש אבער איך מוז דאס זאגן. איך מוז זיך אימער דער־
מאנען אן אלאדינ׳ען מיט זיין וואונדער־לאמפ. נו דאס איז שוין משוגע.
מען דארף ניט רעדען קיין ליטעראטור, ווען מען קאן דאס פארמיידען.
וואס די הויפטזאך איז, צווישען מיין פאטער׳ס פאפירען האב איך
געפונען בריף פון זיין מוטער. זיי זיינען אונטערגעשריבען מיט׳ן
נאמען יעטע פאהל. זי איז נאך דאמאלט א מיידעל געווען. שעהן,
געשייט, ליעבענסווירדיג פיליכט. עטוואס מערקווירדיגס ליגט אין
די בריף. דאס אייגענע וואס עס ליגט אין אגאטאן׳ס אויגען. אז אנ־
דערש מאל קען מען זיין האנט נעמען און פארזיכערען איהם, אז מען
איז גליקליך. אבער דו שלאפסט דאך גאר?

— ניין, איך בין נאר זעהר מיד.

די פאמיליע עסטריך איז געווען זעהר ליעבענסווירדיג צו גוד־
שטיקער׳ען און גודשטיקער איז געווען זעהר ליעבענסווירדיג צו דער
פאמיליע עסטריך. ער האט א קוש געטאן זיין קינפטיגער שוויגער
אין שטערען, האט א פרעג געטאן ביי הער עסטריך, ווי עס געהט מכח
דער ציגעלניע, האט נאכ׳ן אווענט־מאלצייט געזונגען, מיט דער באגליי־
טונג אויף דער גיטארע, ליעדער, פאלקס־ליעדער, וואו עס האט זיך גע־
רעדט פון טרייער ליעבע און פון דעם מאנ׳ס קאמף פאר זיין פאמיליען־
נעסט. עלף א זייגער איז ער אוועק. אויפ׳ן גאס האט ער פלוצלונג
געקראגען א פינסטערען זויערען און פארקרימטען פנים. ער האט זיך
א קלאפ געטאן אין שטערען, גערעדט צו זיך אליין און דערנאך זיך
צעלאכט.

ער האט אויפגעזוכט א קאפע, און אין דעם אויגענבליק ווי ער
איז אריין אהין, האט זיין פנים ווידער געקראגען דעם גלייכמעסיגען,
אויפמערקזאמען און איבערטריבענעם אויסדרוק. ער האט זיך באגריסט
מיט עריך באיעזען, דעם לעהרער, און זיך צוגעזעצט ביי זיין טישעל,
האט זיך פרעהליך געריבען די הענט און דערצעהלט א פיינעם שפאס
מיט א סאלדאט און א פורמאן, וואס ער האט נאר־וואס אליין געזעהן
מיט די אויגען.

— אלזא, ווי געהט דאס אייך, ליבער באיעזען? — האט ער דער־
נאך א פרעג געטאן, רייבענדיג זיך ווידער די הענט. — גוט?

— יא. מיר שיינט, אז איהר זיינט זעהר אויפגעלעגט.

— זעהר אויפגעלעגט, דאָס איז אמת; מען קאָן אפילו זאָגען פרעהליך. — ער האָט זיך הארציג צעלאַכט, וואָרים אָט־אָט־דאָס „מען קאָן אפילו זאָגען" האָט ער געהאַלטען פאַר אַ וויציגע שפּראַך־ווענדונג.
— אָבער איהר? איהר זיינט תמיד אַליין. איך האָב נאָך אייך קיינ־מאָל ניט געזעהן ווי נאָר אַליין.
— נו, דאָס איז אַזאַ מאָדע ביי געלערענטע מענשען, — האָט באַיעזען געענטפערט מיט אַ זאַנפטער זעלבסט־איראָניע. — איך מוז אייך זאָגען, אַז אָט־אָ־די שטאָט, די מענשען דאָ, זיי ליגען ניט אין דעם גבול פון דער וועלט. עס איז עטוואָס פאַרלאָרענעס און פאַרפאַלענעס אָט־אָ־דאָ; עטוואָס דורכאויס, ווי זאָל איך זאָגען, צעשטערטעס, ניין, שטילשעהענדיגס, זומפּיגס.
עס איז געווען אומבאַגרייפליך אָבער אַ פאַקט, אַז אַלע מענשען, מיט וועלכע גודשטיקער פלעגט קומען אין באַריהרונג, פלעגען פאַר איהם באַלד עפענען דאָס האַרץ און פונקט ווי קינדער איהם אַלעס אויסדערצעהלען.
— קיין וואונדער ניט, — האָט גודשטיקער געזאָגט, — ווי לעבען מיר אויך. מיר האָבען דאָך אפילו שוין מעהר ניט קיין נאַציאָנאַל־געפיהל. מען קאָן ניט זאָגען, אַז דאָ זיינען די אידען אין דער הערשאַפט, ניין, מען קאָן דאָס נאָר געפינען פאַר אַ רעטעניש, ווען מען געפינט איין קריסט אין דער גאַנצער פּראָווינץ, איך מיין אַן אַנשטענדיג געקליידעטען, וועלכער וואָגט צו טראָגען דעם קאָפּ אויף זיין איינענער רעכענונג.
— אָה, דאָס מיין איך אייגענטליך ניט, — האָט באַיעזען גע־ענטפערט, ליכט רויט ווערענדיג אין געזיכט, — עס איז געווים אַ קאַר־דינאַלע טעמע. די אידען ברענגען זאָגאַר דאָס גאַנצע גייסטיגע לעבען אין אַ קאָכיגער באַוועגונג. זיי זיינען אומעטום אַזוי ווי די קויהלען־זויערקייט פון דעם עפענטליכען לעבען, ווען מען קען נאָר אַזאַ פאַר־גלייך מאַכען. — ער האָט אַ שמייכעל געטאָן. — זעהט איהר דאָך אַרום זיך, אַז די גאַנצע פּרעסע ליגט אין זייערע הענט; איך וויל ניט אַריינגעהן אין דעם ענין, צי דאָס איז אַן אומגליק אָדער ניט. נאַטיר־ליך, באַזיצען זיי אויך דעם האַנדעל, אָבער וואָס די הויפּט־זאַך איז, וואָס אויך די ליטעראַטור איז ביי זיי אין די הענט. זעהט איהר, אַלעס אַנדערע איז קיין אומגליק ניט. די פּרעסע באַדאַרף האָבען דעם אידי־שען גייסט, יאָ, איהר מעגט דאָ שאָקלען דעם קאָפּ, זי דאַרף האָבען די דאָזיגע שאַרפע, איינדרינגליכע רעאַגירענדע קרעפטען, די דאָזיגע

פלינקייט און גלאטקייט, מיט איין וואָרט, די קיהלע זווערקייט. דער האנדעל, — נו, וואו איז דער מקור פון דעם גרויסען אינדוסטריעלען שוואונג, פון דעם גרויסען קאפיטאליסטישען אויפטו ? ווענען דעם וויל איך גארניט רעדען. זעהט איהר אָבער, די קונסט, דאָס איז אן אנגעוועהטאָגטער ענין.

— איך פארשטעה. איהר האָט רעכט. זיי מאכען אונז צו פיעל־זייטיג.

— פיליכט. אָבער דאָס איז עס ניט. אַ וויפיעל האָב איך נאָכ־געדענקט וועגען דעם ! — דער טאָן פון דעם יונגען לעהרער איז מיט אמאל געוואָרען הארציג. — ניין, דאָס איז עס ניט. קוקט זיך ארום, פריהער האָבען די אידען גענוג געהאט צו טאָן, אום צו עראָבערען זיך די געביטען, וועלכע זיינען צו זיי נאָהענט געשטאנען, אָבער דערנאָך האָבען זיי זיך באטיילינט אין דער רייכער און איידעלער קולטור, וועלכע זיי אליין האָבען געהאָלפען מיטשאפען, און דער פועל־יוצא איז געווען, אז זיי האָבען זיך איינגעוואקסען אין דער קונסט. עס איז גע־ווען א נויטווענדיגע, אומפארמיידליכע פארבינדונג. איצטער זעהט איהר אומעטום אידישע קינסטלער, מורא׳דיג פיעל, מורא׳דיג גוטע. וואָס זיי שאפען, פארשטעהט זיך, איך רעד דאָ ניט וועגען יענע וואָס פון די פארגאנגענע צעהנדליגער יאָהרען, דאָס איז קיין פראגע ניט מעהר ; דאָס האָט אפילו מיט דער קונסט, ווי איך פארשטעה זי, גאָר־ניט צו טאָן. איך וויל דאָ רעדען פון די הייננטיגע. זיי זיינען קינסט־לער, עכטע קינסטלער, אין דעם איז ניטאָ וואָס צו צווייפלען. אָבער זיי פירען אונז צו גרונד. איהר זעהט, דאָס זאָג איך אייך פון מיין טיפען הארצען ארוים : זיי פיהרען אונז צו גרונד. אלץ וואָס מיר האָבען דערוואָרבען, לאנג און מיט מאטערניש, דערמיט קענען זיי זיך באנוצען ; אלץ, וואָס מיר דערגרייכען, דאָס האָבען זיי, און ווען מיר גיבען אוועק אונזער בלוט פאר א זאך, לעגען זיי שוין דיזעלבע זאך לאכענדיג אריין צו זיך אין קעשענע. עס קומט שוין אזוי צו פליסען צו זיי, אז זיי האָבען ניט קיין שום קאמף אויסצושטעהן. און איך וועל אייך זאָגען אין וואָס דאָס ליגט, וואָס זיי נעמען ביי אונז איבעראל אוועק דאָס ברויט : זיי האָבען ניט קיין טיפקייט. נאָר אין דער ברייט געהען זיי, און ווען זיי קוקען אוים טיף, איז דאָס א ליגען. זיי קומען דאָך ארוים פונ׳ם שוים פון א וואונדערבארען פאָלק. אור־טיילט נאָר אליין, ס׳ארא פארפאלגונגען ! ס׳ארא אונטערדריקונגען !

אבער ווי א ווארים קריכט זיך דער דאזיגער פאלקס־קערפער דורך די צייטען אומערשעפליך אין לעבענס־קראפט. אבער יעצט דערנעהענטערט זיך דער קריזיס. זיי נעמען ביי אונז אוועק די ווארהייט און די אויפ־ריכטיגקייט פון דער קונסט, דאס איז אלעס וואס איך קאן זאגען, און דאס איז וויכטיגער ווי אלץ מיט אן אנדער. ניט וויסענדיג אליין, פארבייטען זיי דאס מיט׳ן שיין פון ווארהייט, מיט׳ן שיין פון אויפ־ריכטיגקייט ; זיי ברענגען אונז א נייעם מין סענטימענטאליטעט, וועלכע גיט זיך ארויס אלס נאאיוויטעט און מיט גריבלערישען אומעט פאדערט זי די טעמים פון די זאכען. איך שווער אייך, מיין ליבער, דאס איז איינס פון די דאזיגע זאכען, וועלכע פארפינסטערען דאס שיקזאל און דאס לעבען פון גאנצע יאהר־הונדערטער. דערין ליגט די „אידען־פראגע", ווי מען רופט אן נאריש די זאך. דארום מוזען די אידען אוועק, און טויזענט מאל אוועק. ווייטער, דאס איבעריגע, איז א לאקאלע זאך, — ארים און שטיל! רעליגיע! וואס קאן דאס אונז היינט זיין? גארנישט! זאלען זיי זיך זוכען א לאנד, וואו דאס זאל ניט זיין, זאלען זיי זיך מאכען א קעניג איבער זיך ווי אין די אלטע צייטען, זאלען זיי זעען זייערע ווייצען און זייערע גראז שניידען און זייערע הייזער אויפשטעלען, לאמיר זאגען, אין אויסטראליען, אדער וואו. אבער ניט ביי אונז מעהר! ניין, ניט ביי אונז! אניט וועט די ירידה געהן אלץ ווייטער און ווייטער און מיר וועלען זיצען ווי דער פראש אין זומפ. דאס קריסטענטום וואלט שוין לאנג די נשמה ארויסגעלאזען, ווען דאס אידענטום וואלט ניט געווען, אפגעזעהן דערפון, וואס דאס וואלט גארניט געקומען, און די גערמאנישע פעלקער וואלטען זיך גע־שאפען א גאט נאך זייער גייסט.

גודשטיקער האט זיך צוגעהערט ערשטוינט און ערשטוינטער, און ער האט גארנישט ניט געקענט זאגען. באיעזען האט שווערמוטיג א שמייכעל געטאן.

— אבער איך בין אינגאנצען אראפ פון מיין טעמע, — האט ער באמערקט מיט א מינע, וועלכע האט אזוי ווי אום פארצייהונג געבעטען פאר דאס פייער און ליידענשאפט פון זיינע ווערטער. — איך האב גע־מיינט צו זאגען, אז אזוי ווי מען לעבט דא, איז דערינען פאראן עט־וואס אומווירדיגס, צייטלאזעס און נעפיהללאזעס פאר דער צייט, און וועלכער מיר לעבען. דא ווערט מען אדער א פאנאטיקער אדער א צופרידענער דומקאפ. און מען קאן קיין איינפלוס ניט האבען אויף

דער יונגענד, ניין, דאָס איז אוממעגליך, זעהט איהר. עס קלינגט מאָדנע, אבער, איהר מעגט מיר גלויבען עס איז אזוי. מיין גאָט, וואָס איז דאָס פאַר א יוגענד! זי האָט גאָרנישט א חוץ דאָס, וואָס מען שענקט איהר. זי איז אזוי אָרים און מען מאַכט זי נאָך אָרימער דורך דעם, ווי מען פיהרט דעם אונטעררוכט. אָבער דערפון דאַרף איך גאָרניט רעדען.

— איהר האָט א סך צרות הינטער זיך? — האָט גודשטיקער א פרעג געטאָן, וויסענדיג אליין גאַנץ גוט, אז ער פרעגט א באַנאַלע פראַגע. ער האָט אָבער דייטליך דערפיהלט, אז אים ווער אָט־אָ־דער מאַן פאַר זיין בעל־סוד ניט מאַכען, אז ער איז איננאַנצען ווי באַרוישט פון זיין באַרעדזאַמקייט, און אז ער וואָלט פונקט אזוי פאַר יעדען פרעמדען מענשען זיין האַרץ געעפענט.

— צרות? ניין. עס איז אזוי געוועהנליך. עס איז איינענטליך צו געוועהנליך, אום צו מאַכען דערפון א גרויסען ווענזען. מיין פאָטער איז געווען רייך און ער האָט מיך מעביר נחלה געווען, ווייל איך האָב זיך גענומען צו דער וויסענשאַפט. איך האָב געזאָלט ווערען א סאָלדאַט. נו, דאַן האָט מיך די וויסענשאַפט פאַרשטויסען, און איך בין געוואָרען א לעהרער. איך וואָלט געדולדיג געוואַרט, אָבער דאָ האָט מיך געטראָפען דאָס אומגליק, וואָס איך האָב זיך פאַרליעבט. און איצט קאָן איך גערען דעם באַנקראָט פון מיין לעבען דערקלערען. די פרויען ווילען ניט מיטנעהן, ווען דער מאַן קלעטערט אַרויף צו די שטערען. דער טואַלעט קען דערבייַ חס וחלילה ליידען.

באַיעזען איז אנטשווינען געוואָרען און האָט זיך אַרומגעקוקט מיט טרוימערישע אויגען. דאָס צימער האָט זיך אויסגעלעדיגט; די קעלנערס האָבען גערייניגט די טישען, די לאָמפען זיינען טיילווייז אויסגעלאָשען געוואָרען, די ווייסע מאַרמאָרנע טישען האָבען מאָדנע אַרויסגעקוקט פון די טונקעלע טיילען פון זאַל. דער זיינער האָט אזוי ווי זיך אָפּגעשטעלט, די צייט האָט אזוי ווי זיך אָפּגעשטעלט.

— און איהר וואונדערט זיך יעדענפאַלס, וואָס איך זיץ דאָ, — האָט באַיעזען דער לעהרער ווידער אָנגעהויבען מיט אַן אַרונטערגעלאָזענער שטימע, — און בין ניט אינדערהיים מיט דער פרוי, אין וועלכער איך האָב זיך פאַרליעבט?... ניט אמת, איהר וואונדערט זיך? יעדען אָוועגט קאָן מען מיך דאָ טרעפען אין קרייז פון מיינע סובלימע נעראַנקען, וועלכע איך גיב אַן אוידיענץ. דאַן איז שוין זייער זאָר,

וואס צו טאן. אבער איך ווייס ניט, וועלכער גייסט מאטערט אונז נאך אלץ מיט דער הייראט. אונז, וועלכע דארפען מיט פריש־געוואשע־נע מאנזשעטען אריינטרעטען אין'ם צוואנציגסטען יאהרהונדערט ? אין דער הארמאניע פון דער גילדערנער וואך בין איך נאך בארייט צו גלויבען, פיליכט נאך א יאהר לענגער, אבער דערנאך ? אך, זאגט מיר, ליבער פריינד, וואס זאל מען טאן מיט א פרוי, וועלכע איז אי שעהן, אי יונג, אי ליעבליך, און זי איז ניט הונגעריג קערפערליך ? פארשטעהט איהר מיך ? זי האט ניט קיין פארלאנג, זי ליבט גייס־טיג און ווי די אלע שעהנע זאכען הייסען דארטען, זי רופט דאס אן שמוץ ווען די לייבער פאראייניגען זיך, אזוי ווי די נאטור האט זיי געבאטען. פיליכט איז דאס אויך א צייט־קראנקהייט, א פרויען־קראנקהייט, אבער וואס זאל מען טאן מיט אזא ווייב ? מען קאן דאך איהר מעהר גארנישט ניט געבען, גארנישט ניט. זי ווערט פאר אונז אזוי ווי א שטיין.

גודשטיקער האט א שאקעל געטאן מיט'ן קאפ און פיינליך גע־ריהרט האט ער זיך געשפיעלט מיט א שוועבעלע.

— יא, — האט באיעזען ווייטער גערעדט מיט אן אפענעם און אלץ שטייגענדיגען חשק זיך אליין צו פייניגען, — ווען עס וואלט עפעס אנדערש זיין. איך ווינש אייך קיינמאל ניט אין אייער לעבען צו זיין א לעהרער. וואס זיינען דאס פאר א הערען, אויף וועמעס פריינד־שאפט מען איז דא אנגעוויזען ? דערפון וויל איך שוין גארניט רע־דען. ניין, לאמיך אויפהערען צו רעדען, דערצעהלט א י ה ר מיר עפעס. איך וועל אייך דערפאר זעהר דאנקבאר זיין.

גודשטיקער האט א פרעג געטאן ביי באיעזען, אויב ער קען אגא־טאן גייער, און באיעזען האט געענטפערט, אז יא. ער שיינט איהם, זאגט ער, צו זיין א גאנץ טאלאנטלאזער שילער אזוי ווי אלע. ער מיינט, זאגט ער, טאלאנט איז דעם העכערען זין, עס זאל דערביי זיין דאס באוואוסטזיין פון א ציל, א שאפען פון דער זאך וועגען. דאס קאן ער ביי קיין שילער ניט נעפינען. די שילער באטראכטען די גאנ־צע שולע ווי א מין שטראף־ארבייט אדער ווי עפעס אן אנשיקעניש, וואס מען דארף דאס איבערקומען.

— אבער דאס קומט פון אויבען און דערגרייכט אזוי ביז צום דיענער. ארבייטער־גייסט. אין וועמעס אויגען עס גלאנצט אן עוואנ־געליום, דער איז געבראנדמארקט. אויף דריי זאכען האלט זיך ביי

הינטיגען טאג די שולע: אויף רעליגיע, באטריאטיזם און שטראף־צעטעל. איצטער קענט איהר זיך דאס פארשטעלען.

די ביידע מענער האבען באצאלט פאר זייער טרינקען. ווי כוואַ־ליעס האבען זיך די נעבלען געשאקעלט אויפ'ן גאס. ביים וואקזאל האט זיך גודשטיקער געזעגענט, און איז אוועק א היים, אין דאס זעלבע הויז, וואס ער האט געזאגט, אז ער וועט דאס מעהר ניט אריבערטרעטען.

באיעזען האט דערפיהלט אזא גרויל פאר די איינענע פיער ווענט, וואס נאטורען אהן ענערגיע דערפיהלען דאס אפט און ער האט זיך גע־שראקען פאר דער שטומער שפראך פון זיינע ביכער, פון זיינע שפיג־לען, פון זיינע ליכט. עס האט זיך אויפגעהויבען א ווארעמער ווינט, וועלכער האט זיך וואס אמאל צעוואקסען אין א שטורעם, און האלטענ־דיג זיין הוט פעסט מיט ביידע הענט איז באיעזען זיך לאנגזאם גע־גאנגען ווייטער, צופרידען קעמפענדיג מיט'ן נאטור־עלעמענט. איהם האט ניט געארט מיט וואס פאר א וועג ער געהט, ער איז געווען צופרי־דען אליין צו זיין, ער איז געווען אין איינער פון יענע שטימונגען, אין וועלכע מען גלויבט, אז מען איז גאנץ אליין אויפ'ן ערד־קוגעל. אין א בערגיגען קווארטאל ביים טייך איז באיעזען געקומען צו א הויז, וועמעס באלויכטענע פענסטער זיינען געווען באפוצט מיט די ווערטער: „צום זיבעטען הימעל". אויף דער טיר איז געהאנגען א פאראדנער פלא־קאט, וועלכער איז געווען האלב צעריסען פון ווינט.

באיעזען איז אריינגעגאנגען. איבער'ן געדיכטען רויך האט ער צוערשט איבערהויפט גארנישט ניט געזעהן. א זויערליכער גערוך פון אפגעשטאנענעם ביר האט אויף איס א שפאר געטאן. דאן האט ער אין הינטערגרונד לעבען דעם בופעט דערזעהן דאס פאדיום מיט א פארווארלאזטען פארהאנג. די טישען זיינען געווען פארגאסען מיט געטראנקען און שיריים פון עסענס. די שטולען זיינען א טייל געלע־גען אויף דר'ערד, א טייל געווען אנגעלענט אין א קופע, און איינער איז גאר געשטאנען אויפ'ן טיש. אין א נישע זיינען געשטאנען א צע־בראכענער ביליארד־טיש און א צעבראכענער קלאוויער. א זעהר אפ־געבליטע דאמע האט צוגעטראגען באיעזען'ען דאס פארלאנגטע. זי האט זיך געפונען געצוואונגען צו דערקלערען, אז די היינטיגע גאלא־פארשטעלונג איז ניט פארגעקומען, ווייל דאס פאבליקום האט זיך שלעכט באנומען. איין דיענסטמויד, דריי כאלדאטען, איין פורמאן און איין שוישפילער פון פרייסייז האט מען געמוזט ארויסווארפען.

באיעזען האָט שטיל געלאַכט, אזוי שטיל, אז מען האָט כמעט ניט גע־הערט. ער האָט א קוק געטאָן אין דער הויך, אין עפּעס א זוניגע ווייט־קייט און האָט א מורמעל געטאָן: „געליעבט און פארלאָרען". ער האָט א טראַכט געטאָן, ווען איינער פון די עהרווירדיגע קאָלעגען זעהט אים דאָ, וואָלט ער נאָך מעהר געוועזן פארלאָרען. אזוי איז ער פּילייכט א שטונדע לאַנג געזעסען, ניט א ריר טועגדיג זיך, ניט טראַכטענדיג עפּעס פילאָזאָפישעס. דאָ האָט זיך ארוק געטאָן אָן א זייט דער פאָר־האַנג פונ'ם פּאָדיום, או' דער קאָפּ פון א יונגער פרוי מיט נאַקעטע אַקסלען האָט ארויסגעקוקט. איהר פּנים איז געוועזן בלענדענד בלייך, מיט א נידעריגען שטערן, מיט אויגען פון א רוהיגען, ליידענשאַפטלי־כען פייער, מיט א טראַציגען מויל.

— העי, לואיזינאַ! לעבען זאָל דאָס פּראָלעטאַריאַט! — האָט אויסגעשריען א שטימע אין הינטערגרונד, א הייזעריגע שטימע אָבער א יונגענדליכע.

באיעזען האָט א קוק געטאָן דאָרטען, אָבער ער האָט קיינעם ניט געזעהן. די יונגע מיידעל האָט שמייכלענדיג א שאָקעל געטאָן אהינ־טער מיט'ן קאָפּ, האָט געכאַפּט א קוק אויף באיעזענ'ען און איז פאר־שוואונדען געוואָרען. באיעזען האָט בשום אופן ניט געקענט פארגע־סען דעם אויסדרוק פונ'ם געזיכט אין יענער רגע, בעת זי האָט אויף איהם א קוק געטאָן. ווידער איז ער לאַנג געזעסען, ניט וויסענדיג וואָס צו טאָן אָדער וואָס צו טראַכטען. דאַן איז ער אויפגעשטאַנען, איז צו־געגאַנגען צום פּאָדיום, האָט אָפּגעמאַכט דעם פאָרהאַנג און דערזעהן פאר זיך א זעהר אָרימע ביהנע מיט צעריסענע קוליסען אָן דער זייט. איי איין ווינקעל איז געזעסען לואיזינאַ און זי האָט איהם באַגעגענט מיט א שפּאָטישען שמייכעל בעת ער איז צו איהר צוגעגאַנגען.

— אזוי, ..יהר ווילט שפּיאָנירען? אָ, איך האָב קיין מורא ניט! טוט דאָס נאָר! איהר זעהט אויך ניט אויס, אז איהר זאָלט פארשטעהן, צוליב וואָס איהר דרעהט זיך ארום אויף דער וועלט. נו, צוליעב וואָס זיינט איהר געקומען? איך ווייס אפילו ניט אייער נאָמען, אָבער אייער פּנים... דאָ אין די מקומות זיינען פאראַן נאָר צוויי סאָר־טען פּנימ'ער, מידע און סטופּידע. נו, וואָס ווילט איהר?

— לעבען זאָל די אַנאַרכיע! — האָט די עקזאַלטירטע שטימע ווידער אויסגערופען, — מאָרגען־רויטקייט! פּאַקעל־טאַנץ! מיין

זעלע איז ווי א לאם אום פסחא. לעבן זאל דער קומענדיגער משיח פון פרייד !

— איהר הערט ? דאס איז דער פלאמענדינגער ! — האט לואיזינא געזאגט צואווינקענדיג צו באיעזען. — האט עס ניט עטוואס פאנ־פארענהאפטעס הערענדיג איהם אזוי ?

זי האט זיך צעלאכט, און איהר לאכען האט דאס מאל אזוי ווי געשניטען אין אויער, אזוי ווי פענסטער־שויבען וואלטען געציטערט. זי האט זיך דערביי אויסגעבויגען פאראויס־צו און איז געבליבען אזוי אויסגעבויגען די גאנצע צייט וואס זי האט געלאכט. דאן איז זי ווידער געווארען ערנסט, בייז און פארעכטליך ערנסט.

— יא, — האט זי ארויסגערעדט מיט דער מינע פון א פרוי, וועל־כע האלט איהרע ווערטער צו טייער, אום ארויסצורעדען זיי. — איך בין א דעגענערירטע, ניט קיין געראטענע. איך לעב איצט דאס לע־בען, ווי איך וויל עס, ווי עס געפעלט מיר אליין, אויף אייגענע געלט, מיט דער ערלויבעניש צו פרעהען זיך ווען איך וויל, צו ליעבען ווען איך וויל און וועמען איך וויל, אבער דאס איז אוממאראליש. איז דאס ניט אוממאראליש, איהר געלערנטער הער ? איהר זעהט דאך טאקע אויס ווי א פונט ציפערען.

— איך בין דער טאנצענדינגער שטערען פון דעם כאאס ! — האט אויסגעשריען די שטימע פון דעם פלאמענדינגען, און א פעטע שטי־מע האט צופרידען בראווא געברומט.

באיעזען האט זיך אנגעשפארט אן א קוליסע און האט זי שטארק אנגעקוקט מיט האלב־צוגעמאכטע אויגען.

— גלויבט איהר אין צופעלען ? — האט ער ענדליך א פרעג גע־טאן. — אלזא, איך בין דא אריינגעקומען מיט דעם באוואוסטזיין, אז איך וועל אייך דא טרעפען. מיין הארץ האט מיר געזאגט. ניין, איך קען אייך ניט. ווער איהר זאלט ניט זיין, איך וויל אייך ניט קענען. איך וואלט נאר געוואונשען אן אנדער ראם פאר דאס בילד. ווארים עס איז א בילד... נו יא, וואס זאג איך... איהר לאכט פון מיר. מיט רעכט.

— אך ! — און לואיזינא איז אויפגעשפרונגען איבערראשט און קנייטשענדיג דעם שטערען.

אין איהר ווערען איז געווען עפעס אזוי פיעל צאפעלדיגס, באַ־אומרוהיגענד־לעבעדיגס, אז באיעזען האט מיט אנגסט געווארט אויף

יעדען וואָרט איהרען, אויף יעדען קער איהרען. זי איז צו איהם צו־גענאַנגען לויערענדיג ווי א טיגער, האָט שטאַרק אריינגעגראָבען דעם בליק פון איהרע בלויע אויגען אין זיינע אויגען און האָט זיך אָנגערו־פען:

— זיינט איהר געקומען אהער צו שפּילען די ראָלע פון א מידען מאַן ? אָט דאָ אין טעאַטער, וואו מען טאַנצט נאָר און מען לאַכט נאָר און מען זינגט נאָר ? אָט דאָ, וואו מען פאַרגעסט אייער וועלט ? איהר האָט א שלעכטע צייט אויסגעקליבען, מיין געעהרטער הער ! אַדיע ! — און זי איז אַוועקגעגאַנגען גראַציעז און שנעל.

באַיעזען איז אויך אַוועק. האָט אַוועקגעלעגט זיין געלט אויפ׳ן טיש און איז אַרויס. ער האָט אַזוי ווי פאַרלאָרען זיך אין דער נאַכט. ער האָט נעצעהלט די לאַנטערנעס אין די גאַסען. דאַן האָט ער זיך אָפּ־געשטעלט אויפ׳ן בריק און אַרונטערגעקוקט אין טייך און זיך פאַר־טראַכט וועגען דעם, פון וואַנען דאָס וואַסער קומט און וואוהין געהט עס ; פאַרוואָס פליסט עס אַוועק אין ברייטע שטרייפען און פאַלבען, און נים גלאַט ווי א גלאָז ? וואָס רוישט דאָס שטיל, וואָס קלאַפּט דאָס זיך אָפּ אָן דעם שטיינערנעם סלופּ ?

עס פליסט דער טייך און שטעהט ניט,
און גאָט איז דאָ און פאַרגעהט ניט —

האָט ער געמורמעלט פאַר זיך. ער האָט אויפגעזוכט עפּעס אָן אכסניא, א קליינס אויף א קליינער גאַס, וואו ער האָט שלאָפלאָז צו־געבראַכט די איבעריגע נאַכט אין א האַרטען בעט, אין א פייכטען קאַ־מער, געפּיינינט עפּעס פון א בילד, וואָס האָט די וואַכעדיגע גלידער צו ציטערען געמאַכט, ביז דער קערפּער האָט זיך אומווילינג צוריקגעקערט אין דער פינסטערניש פון קאַמער מיט׳ן ליכט־פלעק פון פענסטער.

ווען ער איז אויף מאָרגען צונעגאַנגען צום שול־הויז, האָט ער זיך דערמאָנט אָן זיין פרוי וואָס איז אינדערהיים. ער האָט אָן איהר פאַרגעסען, אָבער זי האָט זיך אַלץ ווייטער נערוקט צו איהם אין די גערדאַנקען. זי איז פאַרשוואונדען געוואָרען אין דעם נעבעל, וועלכער האָט נאָס געמאַכט די גאַסען און איז דערנאָך אַרויסגעקומען און אַרויפ־געשטיינגט צום הימעל, אום אַליין צו זיין דער הימעל פאַר׳ן משך פון טאָג.

אין לאבאראטאריע האבען שוין געליארעמט די שילער. ווי ער איז אריינגעקומען, אזוי איז געווארען שטיל, און די שילער האבען זיך אויפגעהויבען. די בענקלאך זיינען געווען אמפיטעאטראליש אויסגע־שטעלט, און ארום די ווענט זיינען געשטאנען שאפעס מיט מינעראלען. אויפ'ן לאנגען טיש זיינען געשטאנען און געלעגען רעטארטען, ברען־אפאראטען, רעהרען, שמעלץ־טיגלען, דראט־נעצען, פלאשען און שאכט־לען. באלד ווי עס האט זיך אנגעהויבען דער אונטעררי‏כט, איז דער רעקטאר אריינגעקומען. ער האט איבערגעגעבען באיזענ'ען א קליין שרייב־העפט און ערנסט געזאגט:

—איהר זיינט דער ארדינאריוס פון אגאטאן גייער. לייענט אט דאס דורך און קומט אין א שעה ארום אריין אין רעקטאראט.

גנעדיג א שאקעל טוענדיג מיט'ן קאפ איז ער פארשוואונדען גע־ווארען.

באיזען האט אויפגעזוכט זיין פריוואט־צימער, וואו עס האט זיך געהערט א שטארקער גערוך פון כלאר. אויפ'ן העפט איז געשטא־נען: „דייטשע פארפאסונגען פון אגאטאן גייער". באיזען האט עס דורכגעבלעטערט ביז צו דער לעצטער, פון רעקטאר אונטערגעצייי־כענטער, טעמע: „וואס דארף פאר אונז די שולע זיין?" און ער האט צום ערשטען געלייענט גאנץ גלייכגילטיג. די האנטשריפט איז געווען שלעכט, שאטענהאפט, פיבערהאפט. די בוכשטאבען זיינען אזוי ווי געשפרונגען איינע אויף די אנדערע, דאן האט א $H$ אדער $J$ זיך פלוצלונג באוויזען ווי מיט דער קאמאנדע אפצושטעלען זיי אלע־מען, אבער קיין זאך האט ניט געקאנט אפהאלטען דעם אלגעמיינעם געלאף און מהומה. באיזען האט געלייענט מיט וואקסענדיגער ער־שטוינונג, א פריהער שאקלענדיג מיט קאפ דערביי, דערנאך רויט ווערענדיג, דאן בלאס ווערענדיג, און ווען ער איז שוין געקומען צום סוף, האט ער אנגעשפארט דעם קאפ אן האנט, האט טרייסטלאז גע־שאקעלט מיט'ן קאפ צו זיך אליין, און גענומען דעם תלמיד'ס פאר־פאסונג נאך אמאל לייענען, מיט מעהר קאפ און וואס אמאל מעהר פארוואונדערט, וואס פאר א קלארע און כמעט דיכטערישע פארמע עס האט געפונען די פלאמענדיגע זעלע פון דעם מינדיעהריגען.

די שולע — אזוי איז געשטאנען אין דער פארפאסונג — האט פאר אונז געדארפט אויפמאכען דאס טויער צום לעבען. זי האט אונז געדארפט גרויס מאכען, מוטיג און העלדיש. זי האט אונז

געראַרפֿט מאַכען פּאַר טיכטיגע און איידעלע מענשען. זי האָט אונז געראַרפֿט לערנען צו ליבען די לעהרער, און די לעהרער האָבען אונז געדאַרפֿט לערנען צו ליבען דאָס לעבען, דעם קינפֿטיגען באַרוף, די מענשען, די גרויסע מענער פֿון דער פֿאַרגאַנגענהייט, די גרויסע אידעען, די פֿרייד מיט דער פֿריינדשאַפֿט, מיט דער נאַטור. זי האָט געדאַרפֿט שטעהן העכער פֿון אונז. זי האָט פֿול מיט ליעבע געדאַרפֿט אונז אַנטקעגען געהן כדי מיר זאָלען פֿרעהליך ווערען. אָבער איז דאָס אַלעס ריכטיג? גרייט אונז די שולע צו פֿאַר דעם באַרוף? ווען מיר פֿאַרלאָזען זי, ווייסען מיר פֿיליכט, וואָס מיר ד אַ ר פֿ ע ן ווערען, אָבער דאָס איז ניט קיין באַרוף. די שולע שטעלט אונז נאָר אָן מיט קענטעניסען, וועלכע בלייבען טויט. מיר ווערען ניט האַרמאָניש אין אונזער נשמה. די נאַטור בלייבט פֿאַר אונז אַזוי טויט ווי דאָס לעבען. קיינמאָל וועלען מיר ניט פֿאַרשטעהן איהר שפּראַך. אין דעם זיינט איהר שולדיג און איך מוז אייך אָנקלאָגען. פֿאַרוואָס קימערען זיך ניט די לעהרער וועגען דער נשמה פֿון די שילער און בלויז נאָר וועגען דאָס, וואָס זיי האָבען געלערענט? פֿאַרוואָס בלייבען מיר ווי שטאָפּ־גענז, וועלכע איהר זידעלט און שימפּפֿט, ווען זיי ווילען ניט עסען נאָכאַנאַנד? פֿאַרוואָס האָט מען מורא פֿאַר'ן לעהרער אָדער מען פֿאַראַכט אים אַנשטאָט צו ליעבען איהם? איהר זיינט די פֿיינד פֿון די שילער, דערפֿאַר שפּיאָנירען זיי נאָך אייערע שוואַכקייטען; איהר זיצט ביים פּולט און איהר זעהט אויס ווי אַ בוך אַנשטאָט אויסצוזעהן ווי אַ מענש. אַלץ וואָס איהר זאָגט, איז פֿאַר אייך אַזוי לעבלאָז געוואָרען ווי אַ ברעט, ווייל דאָס לאַנגווייליגט אייך. פֿאַרוואָס האַלט איהר זיך אַזוי גרויס? איהר קוקט אַרונטער אויף אונז פֿון אַ טורעם, אַזוי, אַז מיר קומען ביי אייך אויס גאַנץ קליין. אייך שטעהט אַפֿילו ניט אָן אויפֿצוקלערען אונז איבער דאָס אַלוויכטיגסטע אין לעבען. פֿאַרוואָס אַנטפּלעקט איהר ניט פֿאַר אונז דעם סוד פֿון געבורט? פֿאַרוואָס טוט דאָס ניט די שולע, כאָטש עס איז דאָ אַזוי פֿיעל געלעגענהייטען פֿאַר דעם? וויפֿיעל ריינער וואָלט דאַן געבליבען די פֿאַנטאַזיע פֿון דעם אינגעל! איצט מאַכען זיי פֿון דעם נאָר לויטער שמוץ און כיכען און מאַכען מיט די אויגלעך און ווערען רויט ביי יעדען געדיכט פֿון דיכטער, זוכען אַפֿילו אויס די גאַנצע ביבעל צו געפֿינען יענע שטעלען, האָבען תמיד שמוציגע סודות. איז דאָס ניט שרעקליך? זיי האָבען ניט דערפֿאַר קיין שום דרך־ארץ פֿאַר קיין

מענשען און פאר קיין זאך, און די גאנצע וועלט איז פאר זיי עטוואס קלעפיג־אומאנשטענדינס. זיי טוען אזעלכע זאכען, וואס מען קען משוגע ווערען א טראכט טוענדיג וועגען דעם. פארוואס באמערקען דאס ניט די לעהרער? פארוואס פארהיטען דאס ניט די לעהרער? פאר־וואס? פארוואס זיצט איהר ביי אייער פולט און זיינט אפגעטיילט פון אונז ווי מיט א וואנט? קיינמאל קענען ניט אייערע תלמידים ווערען גליקליכע מענשען, און אין דעם זיינט איהר שולדיג מיט אייער קאלטען, אייזינען הארצען. יעדערער, וועלכער טרעט אריין אין לעבען, מוז קודם פארגעסען אייך און אייער שולע און אייער ליעבלאזינקייט. אבער קאן ער דענסטמאל פעסטקייט דערגרייכען אבער גליקליך קען ער בשום אופן ניט זיין. טוט מיט מיר וואס איהר ווילט, עס איז מיר אלץ איינס. דאס וואס איך האב געשריבען האב איך געמוזט שריי־בען, און איצט איז מיר לייכטער. אן אומווידערשטעהליכע שטימע אין מיר האט דאס מיר באפוילען צו טאן. —

באיעזען׳ס ליפען האבען געציטערט און זיינע ארימס אויך. זיין לייב האט געציטערט. — עס איז אין איהם עפעס אויפגעגראבען גע־ווארען, פאר וואס ער האט זיך געשעמט: די קנאה איבער דעמדאזי־גען גרויסען און אהנונגס־לאזען מוט פאר׳ן אמת. ער איז אזוי טיף אויפגעטרייסעלט געווארען, אז ער האט קוים, ווי דורך א שלייער, גע־קאנט זעהן דאס צימער, וואו ער האט זיך געפונען. אין קארידאר האט זיך דערהערט דער צעהן־א־זיינער׳דיגער גלאק און ער איז געגאנגען פאנאנדערלאזען זיינע שילער. דאן איז ער אליין ארויס, דורכגעגאנגען דעם קארידאר, צוגעגאנגען צום הויכען פענסטער און האט ארונטער־געקוקט אין הויף, וועלכער איז געווען פון אלע זייטען פארצאמט מיט וואנט און הייזער. ער האט זיך צוגעקוקט צום געדרענג פון די אינג־לאך, וועלכע זיינען ארומגעלאפען מיט א ווילדען געשריי, אבער אין דעם איז גארנישט ניט געווען פון פרייהייטס־געפיל און פרישער יוגענ־ליכקייט. יא, ער האט דאס געזעהן מיט זיינע אייגענע אויגען: דאס איז געווען דאס פריידענס־געשריי פון ארעסטאנטען, ווען מען לאזט אפ די קייטען, דאס קאנוואולסיווע, אומווארשיינליכע פריידענס־גע־שריי פון דעם רעקרוט אום זונטאג, ווען ער פארגעסט אן היים און היים־וועה און קאזארמע. דאס איז ניט געווען קיין יוגענד פאר׳ן גע־ברויך פון דער קומענדיגער צייט. אט די יוגענד דא מיט די רינגען ארום די אויגען און ארויסגעסטארטשעטע באקען־ביינער, מיט דעם צי־

נישען, ברוטאַלען געשריי־עהנליכען פריידלאָזען לאַכען; מיט די העסליכע באַוועגונגען און מיט'ן ליכטלאָזען בליק. דאָס איז געווען אַ פאַר־גענגליכער מין פון מענשען, ער האָט דאָס אליין געזעהן.

און ווען ער איז געגאַנגען ווייטער, האָט ער דערזעהן אַגאַטאַנ'ען, איינעם אליין, אָנגעשפּאַרט אָן אַ סלופּ. ווען יענער האָט דערזעהן דעם לעהרער, האָט ער זיך אָפּגעקערט און איז לאַנגזאַם געגאַנגען אין קלאַס־צימער אריין. באַיעזען איז אים נאָכגעגאַנגען (דער זאַל איז געווען פּוסט) און האָט צוגעמאַכט די טיר. אַגאַטאָן איז געוואָרען בלייך ווי אַ מת און האָט ווי פאַר וועהטאָג די אויגען צוגעמאַכט. באַיעזען האָט גענומען זיין האַנט, האָט אוועקגעלעגט די רעכטע האַנט אויף אַגאַטאַנ'ס אַקסעל און האָט אים דורכדרינגענדיג אָנגעקוקט. דאַן האָט ער שמייכ־לענדיג און לאַשטשענדיג געגלעט מיט'ן האַנט אַגאַטאַנ'ס האָר, און קיינמאָל ניט, ניט פריהער און ניט שפּעטער, האָט דער דאָזיגער גע־האַט אַזאַ גליקס־געפיהל, אַזוי ניט ערדיש, אַזוי גרונדלאָז און אַזוי קלאָר און ריין. דער קאַמף פונ'ם לעבען איז געלעגען פאַר אים ווי אַ לייכט לעזבאַרע רעטעניש, אַט דאָס הויז, אַט די שול־בענק האָבען אויסגעזעהן ווי מיט גליק באַגאָסען. ער האָט פאַרשטאַנען זיין לעהרער; ער האָט געוואוסט, וואָס עס האָט געהאַט צו באַטייטען די באַרירונג פון זיין האַנט.

אַ פערטעל שטונדע שפּעטער האָט מען אַגאַטאַנ'ען גערופען צום רעקטאָר.

# אכטער קאפיטעל.

די לעהרער פון דער אנשטאלט זיינען געווען פארזאמעלט אין דעם גרויסען פינפעקינען צימער. אלע האבען געהאט ערנסטע און פייערליכע פנים'ער, און זייער האלטען זיך איז געווען ווי פון לייט, וועלכע שטאלצירען מיט זייער אמט און זייער פאראנטווארטליכקייט. זיי האבען אנגעקוקט אגאטאנ'ען מיט שפאטישע אדער מיט פארוואורפספולע אדער מיט גדלות'דיגע אדער מיט פארוואונדערטע אויגען. דער אידישער קאנטאר קראנאכער האט געמאכט אזא בייזע און אויפגעבראכטע מינע, אז מען האט אויף אים גאר א קוק טאן ניט געקאנט, ניט פיהלענדיג זיך אלס פארברעכער.

דער רעקטאר האט זיך לאנגזאם אויסגעדרעהט אויף זיין דרעה־שטול און האט אריינגעגראבען דעם קאלטען, גרויזאמען בליק פון זיינע טיףליגענדיגע אויגען אין אגאטאנ'ס אויגען.

— ווי זייט איהר דערצו געקומען, גייער, אט דעם עה... לאמיר זאגען חוצפה'דיגען ארטיקעל צו שרייבען, אט דעם פאמפלעט, ווי איך זאל מיר ערלויבען זיך אויסצודריקען ?

דער קאנטאר האט געוואלט רעדען, אבער דער רעקטאר האט וואזשנע א וואונק געטאן און האט ווייטער גערעדט, שוין מיט א העכערען קול :

— איך פרעג, ווי אזוי זיינט איהר דערצו געקומען, צו פארלעצען אויף אזא שרעקליכען אופן די ערפורכט, וואס איהר דארפט פיהלען פאר אייערע לערער ? איך גלויב, מיינע הערען, מיר האבען גראד פאר אונז א פאל פון טיפישער פארדארבענקייט. דער דאזיגער יונגער מענש, וועלכער שטעהט דא פאר אייך, געפינט זיך אויף א וועג, וואס פיהרט אהין, וואוהין עס דארף פיהרען. ער איז דאס בארויערליכע ביישפיל פאר דאס זיטליכע ניווא, אויף וועלכען אונזער שול־יוגענד שטעהט, און איך זאג אייך, אז אין אזא פאל מוז מען אנגעהן מיט דער גרעסטער שטרענגקייט וואס איז אין אונזערע הענט. אזא פאל מוז גראד באשטראפט ווערען עקזעמפלאריש.

דער רעקטאָר האָט זיך אויפגעהויבן. זיין שמעטערענדיגע שטי־
מע האָט געמאכט דאָס צימער צו ציטערן. אַנאַטאָן'ען האָט זיך
אויסגעדוכט, ווי זי וואָלט דורך די ווענט אריינגעדרונגען אין אַלע היי־
זער פון שטאָט.

דער קאַנטאָר האָט ווידער אַמאָל געוואָלט רעדן, און דער רעק־
טאָר האָט אים אָבער אַמאָל אַ וואונק געטאָן, ער זאָל שווייגן. ער
אַליין האָט ווייטער גערעדט:

— איך גיב צו, אַז נאָך אַזאַ פאַל פון זיטליכער פאַרדאָרבענקייט
איז איבערהויפּט נאָך ניט פאָרגעקומען, און צו דער עהרע פון אונזער
אַנשטאַלט האָפען מיר, אַז עס וועט אויך מעהר ניט פאָרקומען. גייער,
ווען האָט איהר פאַרפאַסט אייער געמיין שרייבאכץ?

— נעכטען, הער רעקטאָר

— העכער!

אַנאַטאָן האָט געשוויגן.

— העכער!

— נעכטען. איך האָב דאָס הויך געזאָגט, הער רעקטאָר!

— אַ געמיינהייט! — האָט דאָקטאָר ראָזענבלאַט ארויסגעמור־
מעלט.

— מיט וועלכער אַבזיכט? — האָט דער רעקטאָר געפרעגט שיער
ניט פּלאַצענדיג פאַר כעס.

— מיט דער אַבזיכט, די שילער גליקליכער צו מאַכען, בעסער.

— דאָס איז אַ שענדליכער ליגען! — האָט דער רעקטאָר ווי
אויסער זיך אויסגעשריען.

— דאָס איז אמת, — האָט אַנאַטאָן רוהיג געענטפערט.

— חיה! — האָט דער רעקטאָר אַ סקריע געטאָן מיט די ציין, און
עס האָט אויסגעזעהן, אַזוי ווי ער וואָלט דאָס וואָרט ווירקליך געקייט
אין זיין מויל.

- - -

דאָ האָט זיך שוין דער קאַנטאָר לענגער ניט געקאָנט איינהאַלטען.
ער איז ארויסגעטראָטען, האָט צונויפגעלעגט די הענט אויפ'ן האַרצען,
זיך אָפּגעבויגען אַהינטער און שאָקלענדיג כסדר דעם אויבער־טייל פון
קערפּער, האָט ער געזאָגט מיט אַ שאַרפען מוסר־טאָן:

— ווער ביסטו? האָסטו פאַרגעסען דעם נאָמען פון ה' צבאות?
האָסטו פאַרגעסען די עהרע פון דיין פרומען פאָטער? ביסטו באַ־

שניטען, אדער ביסטו ניט ? ביסטו זיך אליין ניט צו לאסט ? ביסטו א איד, אדער ביסטו ניט ? איך האב שוין אפגערעדט, אמן !

נאכדעם איז ער צוריקגעטראטען אויף זיין פלאץ, האט ארויסגע־נומען זיין טאבאק־פושקע און גענומען א שמעק טאבאק, שמעקענדיג מיושב׳דיג און צופרידען.

— ניין, איך בין מעהר ניט קיין איד, — האט אגאטאן זיך אנ־גערופען מיט א מארנעם שמייכעל, ניט פארלירענדיג דערביי די קלארע רוהיגקייט, וועלכע האט אים ביז אהער אנגעפילט.

די לעהרער האבען א קוק געטאן: ערשטוינט און שאקלענדיג די קעפּ. באיעזענ׳ס געזיכט איז געוועזען טיף געבויגען. ער האט זיך גע־זעצט ; די בלאסע, שמאלע הענט זיינען באוועגונגסלאז געלעגען אויף די קני.

— נו, אט האט איהר איך, מיינע הערען, דעם פולשטענדיגען באווייז פון זיין פארדארבענקייט און געפערליכקייט, — האט דער רעק־טאר פארעכטליך געזאגט, — דער פאל מוז באהאנדעלט ווערען גאנץ עקזעמפלאריש. גייער קאן געהן.

אגאטאן איז אוועק. אינדרויסען איז אים פלוצלונג באפאלען א גרויסע שוואכקייט און ער האט זיך ארונטערגעלאזען אויף די טרעפּ. ער האט געהערט א שטילע אבער פעסטע שטימע אינ׳ם זאל, וואו ס׳איז פארגעקומען דער משפט איבער אים — באיעזענ׳ס שטימע. לאנג האט געדויערט די דאזיגע שטימע; ביז דער רעקטאר האט מיט אמאל אנגעהויבען צו שרייען, ווילדער נאך ווי אגאטאן האט אים ווען גע־הערט. גלייך נאכדעם האט זיך געעפענט די טיר, און באיעזען איז אליין ארויס. ער האט דערזעהן אגאטאנ׳ען און ער האט צו אים א וואונק געטאן, ער זאל נאך אים געהן.

ווען זיי זיינען אריין אין דעם כעמיקער׳ס פריוואט־לאבאראטאריע, האט באיעזען פארשלאסען די טיר.

— איך פארשטעה דאס וואס איהר האט געשריבען, — האט ער זיך אנגערופען עטוואס געערגערט, — איך פארשטעה דאס ביז גאר. איך וואלט נאר וועלען וויסען, ווי אזוי איהר זיינט צו דעם געקומען ?

אגאטאן איז געזעסען אויפ׳ן ברעג שטול און געפרארען. ער האט געקוקט אינ׳ם קויהלען־פייער, וואו וואונדערליכע רואינען האבען זיך געטורעמט פון דעם שארלאך־רויטען פלאם. דאן האט ער כמעט ווי

ווילנלאַז אַנגעהויבען צו רעדען, ניט אָהן מורא פאַר די אייגענע ווערטער:

— איך וויים איינענטליך ווירקליך ניט. אָבער עס איז שוין לאַנג, ווי איך האָב געטראַכט דערפון. איך האָב אויך תמיד געטראַכט, פיעלע מענשען וואָלטען געקענט לייכט דערגרייכען דאָס וואָס עס פעלט זיי צום גליק. איך האָב קיינמאָל ניט ליעב געהאַט די אידישע רעליגיע. אַפּט איז מיר אויסגעקומען, ווי איך מוז אַלע אידען זאָגען אַ וואָרט, וואָס זאָל זיי באַפרייען. אָבער דאָס אַלץ איז געווען פיעל מעהר ווי אַ טרוים, ביז עס האָט געטראָפען די געשיכטע מיט זיריך שפּערלינג.

— און וואָס איז דאָס געווען?

— מיין פאָטער האָט פאַר אים אַזוי מורא געהאַט, אַזש ער האָט געציטערט, ווי ער פלעגט נאָר זיין נאָמען הערען. און אַלע אידען. ער איז מיר פאָרגעקומען ווי אַלדאָס בייז צוזאַמען, וואָס עס האָט די אידען ווען געטראָפען דאָ אין לאַנד. ער האָט געהאַט אַ וועקסעל אויף מיין פאָטער, און דערמיט האָט ער אים געפּייניגט. ווען מיר זיינען איינמאָל בעת די פאַרפלייצונג געפאָרען קיין אַלטענבערג, איז ער אָנגעקומען אין אַ צווייטען שיפעל און איז מיט אַ כיון אַרויפגעפאָרען אויף אונזער שיפעל, און איך בין אַריינגעפאַלען אין וואַסער. דאָ האָב איך מיר שוין געטראַכט, אַז עס וואָלט קיין עבירה ניט געווען אים צו טויטען. עס וואָלט אויך ניט געווען קיין זינד צו טויטען נעראָ'ן. אין אָווענט האָט ער געטשעפּעט לעמעלע ערדמאַן, ביז איך צוגעגאַנגען און האָב אים אַ שפּיי געטאָן אין פּנים. האָט ער מיך אַריינגעשלעפּט צו זיך אין צימער, האָט מיך אויסגעצוינען אַ נאַקעטען, גענומען שטריק און צוגעבונדען מיך צו אַ שוואַרצען קרייץ אויפ'ן וואַנט, לעבען וועלכען יעזוס קריסטוס איז געהאַנגען. דאַן האָט ער מיך געשלאָגען און האָט מיר געמאַכט אַזעלכע וואונדען, אַז איך האָב געפיהלט, ווי מיין בלוט פליסט. איך דערצעהל דאָס אַלץ נאָר אייך, ווייל איך וויים, אַז איהר זיינט אַ גרויסער בעל־סוד און איהר וועט דאָס טיף באַהאַלטען ביי אייך אין הארצען.

אַגאַטאַן האָט פאַרדעקט דעם פּנים מיט זיינע הענט, און עריך באַיעזען האָט זיך צוגעהערט מיט אויפגעריסענע אויגען. אַגאַטאַן האָט ווייטער גערעדט, ניט אַראָפּנעמענדיג די הענט פון פּניב:

— דאָ האָב איך צו אים געזאָגט: זיריך שפּערלינג, דאָס איז אייער טויט! האָט ער זיך צעלאַכט און רופט זיך אָן: „רעד, דו

נבלה איינע, האט איהר ניט נעקרייציגט דעם דערלייזער ? דאס איז אייער שולד. צוליב דעם זיינעט מיר לויטער שנאפס־זויפער, ווייל ער האט פון אונז מאנאכען געמאכט, אט דער יעזוס פון נאזארעט. ער האט איין גרויסע טרונע פון דער וועלט געמאכט. מערק דיר דאס ! דא איז מיין נשמה, דא איז זיריך שפערלינג'ס נשמה, דא ליגט זי. שטעכט אריין איד אדער קריסט". אזוי האט ער געזאגט. דאן איז עטוואס געקומען, וואס איך וועל דאס קיינמאל ניט פארגעסען. ער האט גענומען א שיסעל, וואוהין ער האט געלאזט מיין בלוט פליסען, האט דאס אוועקגעשטעלט יעזוס'ען צו די פיס און געזאגט : „דא האסטו דיר דיין בלוט צוריק. ביסטו שוין איצטער צופרידען ?" דא האט זיך אויפגעעפענט דיר טיר, און לעמעלע ערדמאן קומט אריין, זעצט זיך און שמייכעלט און שאקעלט מיט'ן קאפ. זיין פנים איז ניט גאר אנדערש געווען ווי אלע מאל. „א, זיריך שפערלינג !" האט ער געזאגט, „דאס איז א האנדלונג מיט א טיפער באדייטונג, אז פון איצטער אן זיינען די אידען פריי. מעהר וועט שוין די מילדקייט ניט רעגירען, נאר די קראפט. מיר וועלען האסען אונזערע פיינד, האסען, האסען ! דער אייביגער איד איז איצט דערלייזט געווארען, און דו, זיריך שפערלינג וועסט ווערען דער אייביגער קריסט. ווארים די וועלט ווערט ניי. זי וועט זיך אנטאן מיט א נייער הויט גליך ווי א שלאנג, אזוי וואר ווי איך הייס לעמעלע. דאן וועסטו זיין דער אייביגער קריסט. און דו וועסט זיין פאר'משפט צו טרינקען אל־דאס בלוט, וואס האט זיך געגאסען דורך קריסטליכע ליעבע, די ליעבע פון א פיינד !" אזוי האט לעמעלע געזאגט. יעטווידעס ווארט איז אזוי ווי איינגעקריצט אין מיין זכרון. דאן האט ער זיך צעלאכט און מיך אפגעבונדען, און זיריך שפערלינג איז געזעסען אויפ'ן ברעג בעט אזוי ווי א שטיין. אזוי איז דאס געווען.

באיעזען האט א לאנגע צייט ארויסגעקוקט אינדרויסען, וואו די מענשען זיינען געגאנגען, איינציגווייז אדער פארווייז, און מיט רע־גענשירמען, ווארים עס האט גענומען רעגענען, אים איז אלעס אומ־ווירקליך פארגעקומען, אזוי ווי דאס גאנצע לעבען וואלט נאר געווען א פארביינגעהענדיג בילד, דער חלום פון אלע חלומות אין אונז אליין, וואס מען איז דערביי נאהנט צו ערוואכען, עס ווילט זיך אדער שרעקט זיך. ער איז צוגעגאנגען, האט גענומען אגאטאנ'ס קאפ צווישען ביידע הענט, האט אים אויפגעהויבען מיט אייך מאד, אריינגעקוקט אים

אין די אויגען און האט אזוי ווי דערפיהלט, אז דאס זיינען די זעלט־זאמסטע אויגען, וועלכע ער האט ווען געזעהן: שווארץ און טיף, פון אן אהן אויפהער פלאקערענדיגען און דאך איינגעהאלטענעם פייער, פול מיט דער געטליכער מתנה פון וויזיאן. ווען זיי האבען אויף אים א קוק געטאן, איז דאס אויסגעקומען, אזוי ווי דער בליק וואלט זיך באזינענ־דיג צוריקגעקערט ווייט פון מרחקים און ערשט לאנג צעגערענדיג גע־קראגען קלארקייט און פעסטייט. דאן איז אגאטאן אויפגעשטאנען (ער איז געווען עטוואס גרעסער ווי באיעזען) און זיין געזיכט האט זיך באדעקט מיט א שרעקליכער בלאסקייט. ער האט אנגעוויזען פאר זיך, זיך ארונטערגעלאזען אויף די קני און איז געבליבען אזוי שטעהן עט־ליכע סעקונדען.

— וואס האט געטראפען? — האט באיעזען ערשטוינט א פרעג געטאן.

— האט איהר דען ניט געזעהן? קריסטוס איז דורכגעגאנגען דאס צימער. ער האט געוואונקען צו מיר. ער האט פון מיר אפשייד־גענומען. אדיע, הער באיעזען!

ווען ער איז אוועק, איז דער לעהרער אויפגערעגט ארומגעגאנגען הין און צוריק.

אגאטאן האט געוואלט ארוים פון שולע און ער איז אריינגעפא־לען אין דעם רעכטעי קאך פון די שילער: דער אונטעררישט האט זיך נאר־וואס געענדיגט. אין איין רגע איז ער שוין ארומגערינגעלט גע־ווארען, יובעל־געשרייען האבען צו איהם גערופען, הונדערטער הענט האבען זיך אים אנטקעגען געשטרעקט, פיעלע האבען געשריען: „לע־בען זאל גייער!" אנדערע האבען אים געוואלט אויף די הענט טרא־גען און דורך די גאסען פיהרען אין א טריאומף־צוג. ער האט געזעהן באגייסטערטע, שיינענדיגע אויגען און אפילו די טעמפּסטע און הינ־טערשטעליגסטע זיינען פלוצלונג געווארען אנדערע מענשען. מיט גרוים מיה האט זיך אגאטאנ'ען איינגעגעבען צו באפרייען זיך פון זיי, און ער איז געווען פארוואונדערט פון די אינגלאך.

דערנאך האט ער זיך גלאט אזוי ארומגעשלעפּט איבער די גאסען, און איז ענדליך צוגעקומען צום פאלאץ פון באראן לעווענגארד. דער וועסטיבול און דער קארידאר זיינען פול געווען מיט מענשען, וועלכע זיינען געווען צעקאכט און בלייך, און עס איז געווען באשיינפערליך, אז די גאנצע מהומה איז געווען צוליעב איינער און דערזעלבער אור־

זאך. אויך פאר'ן הויז איז געשטאנען אן עולם און האט געגאפט, צווי־שען זיי א סך ארבייטער מיט א בייזען אויסזעהן. אגאטאן איז ארויפ־געגאנגען אויבען, ער האט געפונען דאס גאסטצימער געפאקט מיט מענשען, וואס האבען געשריען און געליארעמט, ער איז אריין אין קיך, אבער די קיך איז געווען פוסט און דער אויווען קאלט. אויפ'ן אוי־בערשטען שטאק איז קיינער ניט געווען. אומגעשטערט האט ער גע־קאנט דורכגעהן אלע טירען, אלע צימערען, אבער די ראזיגע צימערען אין זייער שווערער פראכט האבען אזוי ווי אנגעזאגט אן אומגליק, וואס וועט ראש צעשטערען זייער ארדנונג, פארניכטען זייער פרידען.

באלד האט ער זיך געלאזען געהן א היים, ניט נאכדענקענדיג בא־זונדערס איבער אט די אלע זאכען. זיי האבען נאר בארייכערט זיין זעלע מיט'ן וואונדערליכען געפיהל, אז עטוואס אנטשיידענעס קומט פאר אין דער וועלט און אז ער אליין איז, הייסט דאס, די אורזאך דער־פון, און ער איז באשטימט געווארען דורכצופיהרען די ראזיגע איבער־קערעניש. דעם גאנצען וועג, פארביי דעם וואלד און איבער די פעל־דער האט ער געהאט די באשטימטע פארעמפינדונג פון עטוואס שעהנס, אנגענעמס, און ווי ער וואלט אויפגעזוכט א לאנג פארלארענעם פריינד־איז ער געגאנגען אין דארף אריין. און ווירקליך אויפ'ן וועג איז מא־ניקא אליפאט געשטאנען און האט אים באגריסט, אויסשטרעקענדיג צו אים ביידע הענט.

— ווי געהט דאס דיר, אגאטאן ? אך, פארוואס ביסטו אט דא ניט לאנג אנטלאפען געווארען ? דו ביסט אזוי מאדנע, איך קאן דיך גארניט פארשטעהן, אגאטאן. ווי דאס קלינגט : אגאטאן ! — האט זי געזאגט נאכדענקענדיג, האט א שמייכעל געטאן מיט קינדערשער פרייד און אים אריינגעקוקט אין די אויגען.

— עס איז א גריכישער נאמען און עס באטייט : דער גוטער, — האט אגאטאן געענטפערט מיט דעמזעלבען אינערליכען פרעהליכען שמייכעל.

— ביסטו דען אויך גוט ?

— ניין. יערענפאלס, ווייס איך דאס ניט. קיינער קאן דאס ניט וויסען וועגען זיך אליין, און ווער עס ווייסט, איז ער דאס שוין מעהר ניט.

— עס לוינט זיך אויך ניט גוט צו זיין אויף דער וועלט, — האט די מיידעל, ווי אימער, קלוג א זאג געטאן, — איך מוז דיר, ערשטענס,

דערצעהלען, אז איך האב א נייע פריינדינע, קעטע עסטריך. זי איז שעהן און איידעל. איהרע עלטערען קלייבען זיך אהער אריין. זיי האבען די ציגעלניע, הערסט די מאשינען דרעהען זיך? אלץ איז שוין ווידער אין גאנג.

— צווייטענס?

— צווייטענס, איז זי פארלאבט, און איך קען אויך איהר חתן. ער איז א שענער מאן.

— סטעפאן גורשטיקער?

— דו קענסט איהם? ער האט מיך דערשראקען מיט זיין האל־טונג. ער האט מיר געוויזען א געדיכט, וואס ער האט געמאכט. איין שטעלע ווייס איך נאך:

ס'איז שטיל אזוי, אז אלע וואנדרער שווייגען.
ווען ס'קומט אמאל אן אזא וואונדער נאכט
פון גייסטער הערט מען ס'מורמלען און פון צווייגען.
פארלאנגען שלאפען און קיין פייער וואכט;
דו פיהלסט קיין דופט פון מירטען און ציפרעסען,
דער פויגעל שווייגט, עס וויגט דער טייך זיך זאכט.

— דאס איז שעהן! — האט אגאטאן אויסגערופען, איז געבלי־בען שטעהן און בלאס געווארען. — דו האסט דאס אויסגעלערענט?

— ניין, איך געדענק דאס אזוי. אבער איך האב מורא פאר איהם.

— פארוואס עפעס מורא האבען?

— אך, אגאטאן, איך האב דיך אזוי האלט! — האט מא־ניקא ארויסגערעדט רויט־ווערענדיג — דו ביסט אזוי שטיל און אזוי גוט, און אלץ וואס דו רעדסט, איז אזוי ווארים! איך גלויב, איך וואלט דיך ניט געקאנט זעהן וויינענדיג.

— איך האב נאך קיינמאל ניט געוויינט. — האט אגאטאן גע־ענטפערט, אראפלאזענדיג דעם קאפ.

מאניקא האט גענומען זיין ציטערענדיגע האנט און א קוש גע־טאן. דאן זיינען זיי ווייטער געגאנגען אזוי ווי צוויי שלאפוואנדלער, ביז זיי האבען זיך צעשיידט.

אויך איז דארף האט אגאטאן געזעהן א סך אויפגערעגטע, פינס־טערע, צארענדיגע פנימ'ער. ער איז געווארען אומרוהיג. ווען ער

איז אריבערגעטראָטען די שוועל פון הויז, איז אים באַפאַלען אַ שטאַר־קער שרעק; ער האָט אין פירהויז דערזעהן שטעהענדיג יענע פרוי, וועלכע ער פלעגט באַגעגענען אַ צייט נאָכאַנאַנד יעדען פריה־מאָרגען. אַזוי ווי ער האָט זי צעטומעלט אָנגעקוקט, האָט זי איהם קלאָר געמאַכט די זאַך:

— איך פאַס דאָ אויף אויף אייער מוטער, יונגער הער! זי איז זעהר קראַנק. רוהיג זיי, סעמאַ! — האָט זי דערווייל אָנגעשריען אויף איהר אינגעל, וועלכער האָט צו איהר געוואָלט רעדען, און מיט אַן איראָנישען שמייכעל האָט זי, פרוי העלמוט, אַ שלעפּ געטאָן איהר אינגעל נאָך זיך אין קיך אריין.

ווען אַגאַטאָן איז אריין אין צימער האָט ער באַלד דערזעהן זיין שוועסטער און ברודער, וועלכע זיינען געזעסען אויפ'ן באַנק ווי וואַק־סענע קוקלעס און האָבען זיך קיין ריר ניט געטאָן. ביסלאַכווייז האָט ער ערוואַכט ווי פון אַ באַטויבונג און האָט שטום געבראָכען די הענט. הענאָך איז שווייגענדיג געזעסען ביים אויוועז. אַגאַטאָן האָט ניט גע־וואָלט פרעגען. שטאַרק באַזאָרגט איז ער ארויף אויף די טרעפּ, וועלכע האָבען געפיהרט פון שטוב אין שלאָפצימער, און האָט געפונען זיין מו־טער אליין. איהר געזיכט איז געווען שרעקליך געל. זי האָט געשמיי־כעלט אזוי שוואַך אין געצוואונגען, אַזש אַגאַטאָן האָט געמוזט צוריק ארויס נאָכדעם ווי ער האָט שעפּטשענדיג געפרעגט ביי איהר עפּעס, אויף וואָס פרוי יעטע האָט געענטפערט מיט אַ קוועטש מיט די אויגען.

ס'איז אריין געקומען בערמאַן שראָט אין אַ בלויען פאַרטוך, מיט שמוציגע הענט, גלייך געהענדיג פון זיין פעלד. ער האָט מיט אַנגסט־ליכע באַוועגונגען אָנגעוויזען הינטער זיך: דער שוסטער גאַרנעלען און אויך דער שמיד זיינען געגאַנגען נאָך איהם. זיי זיינען אריינגע־קומען, דער שמיד מיט אַ האַמער, דער שוסטער מיט פאַרקאַשערטע אַרבעל, ביידע מיט פנימ'ער, וועלכע זיינען געווען רויט פון שכרות, און דער שמיד האָט אַ זעץ געטאָן מיט'ן האַמער איבער'ן ווענטעל פון אַ שטול אַזש עס איז מיט אַ קראַך צעבראָכען געוואָרען. מיט אַ קוויטשע־ריי זיינען די צוויי קינדער אַוועקגעלאָפען צו דער מוטער אין צימער, און באַלד נאָכדעם האָט זיך פרוי יעטע אליין באַוויזען אויפ'ן שוועל אין איהרע בעט־קליידער; זי האָט אויסגעזעהן גלייך ווי אַ מת און זי האָט זיך געמוזט אָנהאַלטען אָן אוסאַק פון טיר. דער שוסטער האָט

געשריען ווענען זיינע אפגעשפארטע געלט, וואס מען האט ביי איהם אוועקגעגנב'עט, און ער וועט שוין זעהן צו באזארגען, אז אין צייט פון דריי טעג זאל זיך מעהר קיין איד אין דארף ניט געפינען, דערפאר וועט ער שוין זארגען, מען קען זיך שוין אויף איהם פארלאזען. ער האט די ווערטער ארויסגערעדט אזוי פארשטיקט. דער שמיד האט מעהר געיאמערט ווי גערעדט, האט בלינד זיך געווארפען מיט'ן האמער: ער וויל זיינע צוויי טויזענט מארק האבען, אדער ער וועט צעהאקען דאס הויז פון דאך ביז צום קעלער. ער קען קריגען א פאר יאהר געפענגעניש; דאס איז אמת, אבער דאס ארט אים ניט. אזוי האבען זיי ביידע געשריען. אויפ'ן גאס האבען זיך אנגעקליבען מענשען, גערוקט די פנים'ער צו די שויבען פון די פענסטער, געשפארט זיך אין פירהויז, געשטאנען אונטער'ן טיר, און ענדליך האבען זיך א פאר עלטערע מענשען אטוואזשעט איינצורעדען די צוויי צעיושעטע מענער און לאנגזאם און דורך איבערמאכט זיי ארויסגעשטופט פון הויז. זיי האבען עס אבער קענטיג געטאן מיט ווידערווילען, נאר דערפאר ווייל זיי האבען געוויסערמאסען ניט געקענט צוזעהן דאס שרעקליכע בילד פון דער פרוי, וועלכע איז שטייף און באוועגונגסלאז געשטאנען אויפ'ן שוועל פון איהר קראנקען־צימער, און הינטער איהר די צוויי בלייכע, ציטערענדיגע קינדער.

ווען די שטוב איז ווידער לעדיג געווארען פון מענשען, האט אגאטאן פארשפארט די טיר און פארשענד אנגעקוקט זיין פאטער, וועלכער איז איינגאנצען א צונויפגעקארטשעטער מיט בלויע ליפען געזעסען אויפ'ן צעבראכענעם שטול און האט געמורמעלט א געבעט. הענאך קארקוי האט גארנישט ניט געזאגט, זיינע געזיכטסציגען זיינען געווען אומבאוועגליך. ער איז ארויף אויבען, האט ארייגגעלעגט זיין טאכטער צוריק אין בעט, ארונטערגעשטופט מיט שטורכעס די קינדער פון די טרעפ און האט זיך דאן צוריק אוועקגעשטעלט מיט'ן רוקען אנטקעגען אויווען.

מען האט אנגעקלאפט אין טיר, צוערשט שטילער, דאן שטארקער. אגאטאן האט געפרעגט, ווער איז דאס. גדליה איז דאס געווען. דאן איז אגאטאן ארויסגעגאנגען, האט פארמאכט די לאדען און האט גערופען די דיענסט, אז זי זאל געהן ברענגען דעם דאקטאר פאר דער מאמען. אבער די שטימע פון פרוי העלמוט, וועלכע האט זיך פארשפארט אין איינעם מיט קאטרינ'ען, האט געענטפערט, אז זי וועט

ניט עפענען, זי קאן ניט רוזיקירען מיט איהר לעבען ביי אזא צייט. עס האט זיך אבער דאך איינגעגעבען איבערצורעדען זי.

— איך האב דאס פאראויסגעזעהן, — האט גדליה זיך אנגערו־פען, שאקלענדיג אלץ מיט׳ן קאפ די גאנצע צייט וואס ער האט גע־רעדט, — גאט וועט איהם באצאלען דערפאר. עס זיינען דא איבער פופ־ציג לייט אין דארף אידען און גוים, וועלכע האבען זייער גאנצע געלט פארלארען. עס וועט וואקסען דאס רשעות, און מיר וועלען קיין פריד־ליכע שטונדע ניט האבען. איך האב נאר רחמנות אויף זיין קינד נע־ביך. זי איז אזוי ווי א רויז צווישען די דערנער, וועלכע שטעכט זיך כסדר און בלייבט דאך אין איהר קאליר. עלקאן, אויף דיר האב איך אויך רחמנות. האסט פון זיך אפגעשונדען דאס גאנצע לעבען, און איצטער איז דאס אלץ אוועק. דו ביסט דער בעסטער מענש, וועלכען איך קען, אבער קיין מארך אין די קנאכען האסטו ניט. אט זיצסטו איצ־טער און שטארסט. צו וואס ? איך בין אויך געווארען געשטראפט און האב פארלארען אלצדינג, וואס דער מענש באדארף צו האבען אויף דער עלטער. נו, זיין איך און שטאר ? באלד איז דאס אויס, דאס טע־פעלע לעבען, אויסגעלעדיגט און אויסגעגאסען. נאכדעם איז שוין מעהר ניטא וואס צו שטארען.

נאכמיטאג איז געקומען פאוולאווסקי דער זשאנדאר און א גע־ריכטס־שרייבער. אלע האבען זיך דערשראקען.

— הענאך קארקווי ! — האט אויסגערופען דער דיקער פאוו־לאווסקי און ניט אויפגעהויבען די אויגען פון דעם פאפיר וואס ער האט געהאלטען אין האנט.

עס איז געווארען טויט שטיל און דער זאשנדאר האט גענומען לייענען אין דער הויך אן ארעסט־באפעל פאר שווינדלערישען וואכער־נעמען. פאוולאווסקי האט נאך ניט געענדיגט לייענען, ערשט עלקאן גייער איז ארונטערגעפאלען פונ׳ם ארט וואו ער איז געזעסען אויף דער ערד, און דרעהענדיג זיך ווי א ווארים, האט ער הילפלאז גענומען כליפען. אגאטאן האט דאס ניט געקאנט זעהן און ער האט זיך אפ־געקערט. זיין שוועסטער און ברודער האבען זיך אווארף געטאן אויפ׳ן פאטער און גענומען יאמערליך שרייען. פרוי העלמוט איז אין דער רגע אריינגעקומען און האט הויך א געשריי געטאן, סעמא האט שטום צענויפגעלעגט די הענט און ס׳איז אים אויף איניגע סעקונדען פינסטער געווארען אין די אויגען.

— מאמע ! — האָט אגאַטאַן צעטראָגען ארויסגעמורמעלט, ווען ער האָט דערהערט פון קראַנקען־צימער א שרעקליכען קרעכצען.

ער האָט ארויסגעקוקט אין גאַס, ווי א געפאַנגענע חיה קוקט אין וואַלד. ער האָט געזעהן דעם גרויען פארוואָלקענטען הימעל און די הייזער, וועלכע זיינען אומבאַוועגליך געשטאַנען און האָט זיך געוואונדערט, וואָס די וועלט ווייזט נאָך דאָזעלבע בילד פון רוהיגקייט און הערבסטליכקייט. פּאוולאָווסקי האָט נאָך ניט אראָפּגענומען די אויגען פון זיין דאָקומענט. דער געריכטס־שרייבער האָט אויסגעטאָן זיינע גרויסע ברילען און באַטראַכט דאָס צימער און די מענשען מיט גרויסע, פאַרוואונדערטע, וואַסערדיגע אויגען.

גדליה, וועלכער איז געזעסען א צונויפגעקאָרטשעטער אַזוי, אַז זיין קין האָט באַרירט די קני האָט זיך פּלוצלונג אויסגעגלייכט און א זאָג געטאָן :

— האָב איך דאָס ניט געזעהן אָנקומען ? עלקאַן, האָב איך דאָס פריהער ניט געזאָגט ? האָב איך ניט געזאָגט, אַז דער צו־גרונד־ברענגער וועט קומען דורך איהם ? נו, איז געשענדעט איצט ז'ער נאָמען פון דער קהילה און הויז און הויף ; און די קינדער, הענאך, וועלען האָבען צו ליידען איבער דיינע מעשים טובים. וואָס איז פאַרשטאַנד, אַז מען קען ניט ביישטעהן אַנטקעגען שלעכטען געמיט ? האָסט פון זיך אַראָפּגענומען דאָס הדרת־פּנים, וואָס דיינע גרויע האָר האָבען דיר געגעבען, און דו מוזט אוועק אין זינד און שאַנד ! אָ, הענאך, הענאך, אַז דו וואָלסט געהאַט רחמנות אויף אַנדערע, וואָלסטו אויך אויף דיר אַליין רחמנות געהאַט !

דער זשאַנדאַר האָט אוועקגעפירט הענאָכ'ען. אגאַטאַן האָט געזעהן, אַז ער האָט קיין שום קרומע מינע ניט געמאַכט. עפּעס א שטאַרקייט איז געלעגען אין זיין האַלטונג, וואָס האָט פון קיין מורא ניט געוואוסט.

דער בין־השמשות איז אָנגעקומען. אגאַטאַן האָט ניט געקאָנט מעהר בלייבען אין הויז. ער איז אַרויס אויפ'ן גאַס און האָט זיך געוואָלט לאָזען צום וואַלד, ערשט ער האָט באַגעגענט גודשטיקער'ען. גודשטיקער האָט איהם צוגעשלעפּט צום שיין פון א הויז־לאַנטערנע און האָט איהם געגעבען א בריף מיט דער שטומער אויפפאָדערונג דאָס איבערצולייענען. אגאַטאַן איז בלאַס געוואָרען און האָט ארויפגעלעגט די האַנט אויף די אויגען ; דאָס האָט אים שוין איינמאָל געטראָפען

אין לעבען, אז דער דאָזיגער מאַן זאָל אים א בריף האָבען געגעבען, פי־ לייכט אין א פארגאַנגענעם לעבען... אָדער איז דאָס א חלום געווען?

לאַנגזאַם האָט ער פאַנאַנדערגעוויקעלט דאָס פארגעלבטע פאַפיר און האָט דאָס געלייענט פאַר'ן רויטליכען שיין פון'ם אָרימליכען ליכט:

„מיין ליבסטער, דאָס קאָן איך ניט, וואָס דו פאָדערסט פון מיר. איך בין ניט קיין פרייע פרוי, איך בין ניט קיין פרייע מיידעל. איך בין אזוי ניט געבאָרען געוואָרען, אז איך זאָל אזוי הויך קאָנען פליהען, ביז צו דיר. אָבער מיין ליעבע איז אין מיר און איך וועל ניט פארגע־ סען, קיינמאָל דיך ניט פארגעסען. דאָך מוז איך דיך פארלאָזען, וואָרים איך קאָן ניט טאָן, וואָס דו ווילסט. איך ווייס ניט, וואָסער לעבען ליגט נאָך פאַר מיר, אָבער קאָן עס ניט זיין, אז דאָס קינד וועמעס זעלע עס שלאָפט נאָך אין מיין לייב, זאָל מיך צוליב דעם אָנקלאָגען? דאָס איז ריכטיג, און דארום — אדיע! גלויב מיר. דיין יעטע פאָהל“.

אַנאַטאָל האָט צוערשט ניט געוואוסט ווי אָנצוהייבען רעדען, דאַן האָט ער זיך צונויפגעדרעהט ווי פון א קלאָפּ און ער האָט ארויסגע־ שעפּטשעט:

— מיין מאַמע?

גודשטיקער האָט צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און געענטפערט:

— צו מיין פאָטער.

— און פאַרוואָס צייגט איהר דאָס מיר? — האָט אַנאַטאָל גע־ פרעגט פול מיט פארדראָס.

— פאַרוואָס? דאָס ווייס איך אַליין ניט. איך האָב דאָס גע־ מוזט טאָן. איצטער קאָנט איהר זעהן, ווי דאָס לעבען איז. אַלעס קומט פאַר ווי אויף דער ביהנע. א ניט־גוטער האַלט אונז אויף א פאָדים און לאָזט אונז טאַנצען ניט ווייטער, ווי ער אַליין וויל.

אַנאַטאָל האָט דאָס ניט געהערט. ער האָט נעקוקט צעטומעלט אויף די ברייטע ווענט פון די אויפגעשיכטעטע ציגעל, וועלכע האָבען זיך פאַר זיינע בליקען געעפענט ווי א סעזאַם און געלאָזט אריינ־ קוקען אין דאָס פארגאַנגענע פון יאָהרען און יאָהר־צעהנדליגען צוריק. דאָס איז געווען זיין מוטער! און וואָס האָט פון איהר דאָס לעבען גע־ מאַכט! האָט זיין מוטער דאָס געקענט פיהלען? און וואוהין איז דאָס דערנאָך פארשוואונדען געוואָרען, דאָס אַלעס, וואוהין? ער האָט דאָס ניט באַגריפען.

— איך ווייס, וואָס איהר טראַכט, — האָט גודשטיקער געזאָגט

און איז ווייטער אנגעגאנגען מיט זיין לוסט צו באנאלע חכמות. — עס זיינען דא נאר צוויי וועגן פאר א מענשען: אויף די בערג, אדער אין טאל. אויבען איז ער אליין, אין טאל ווערט ער געוועהנליך. אך, דאס איז פאליש. ווערטער! איך בין איצטער פארוואל־טער פון דער ציגעל־פאבריק, אויפזעהער אדער דאסגלייכען. — ער האט שטעכיג א לאך געטאן, — ווייסט איהר, אז די אונטערזוכונג פון דעם מארד איז אפריהער אפגעשטעלט געווארען? מען האט אבסאלוט קיין שפור ניט. יא, די הערען דא אויבען זיינען כיטרע. איינמאל האבען זיי אפילו דעם ארימען לעמעלע ערדמאן פאר־דעכטיגט. דערנאך אויך אייער פאטער.

— וואס?...

— יא. דאס איז ניט ווענעגער קאמיש. מען האט אים אפילו אויסגעפרעגט. ווייסט איהר דאס גארניט? עמיצער האט מיר עפעס געזאגט, אז פון דעמאלט אן ווערט ער געפייניגט פון מורא. ער שרעקט זיך פאר אלע געדאנקען וועלכע ער האט אמאל געהאט קעגען זיריך שפערלינג.

— מיין פאטער? דאס זאגט איהר ווירקליך? און דאס איז אמת?

— אמת.

— ניין, ניין, דאס איז ניט מעגליך!

— פון וואס וועגען רעגט איהר זיך אויף? איך וויים דא א פאל, וואס איז גאנץ זונדערבאר. אין א הויז איז א רינג ניט געווארען. איך קען דאס הויז, זיי זיינען אידען. א קרוב זייערער, וועלכען איך קען אויך, עדוואַרד ניבערדינג, איז געוועזען צו גאסט ביי זיי. נו ווען אלע האבען געזוכט דעם גאלדענעם רינג, איז ניבערדינג אזוי ווי גע־לעמט געווארען, ווארים ער איז פריהער געוועזען אליין אין דעם צי־מער, וואו דער רינג איז געלעגען. באטראַכט נאר גוט, עס האט אפילו קיין שאטען פון א חשד ניט געקאנט פאלען אויף אים, בפרט ער אליין איז נאך א רייכער מאן, אבער ער האט וועגען דעם גארניט געטראכט, אז מען וועט ניט גלויבען אויף אים, פארקערט, ער האט געוואלט בא־ווייזען, אז ער האט ניט דעם רינג. ער האט זיך פארגעשטעלט אז מען פארדעכטיגט אים, און צום סוף האט ער זיך אזוי שטארק איינגעביל־דעט, אז יעדערער איז איהם חושד פאר'ן גנב, אז ער האט מורא גע־האט, מען קען נאך דעם רינג אין זיין טאש געפינען, ווען מען וועט

איהם נאר ארומזוכען. ער האט מיר שפעטער אלעס דערצעהלט. צום סוף האט זיך ארויסגעוויזען אז די קליינע קאץ האט פארשלעפט דעם רינג. אבער פון דעם זעהט איהר, ווי קאמפליצירט דאס אלעס איז. אונזער זעלע, זי גלויבט אפט ניט, וואס די האנט טוט.

ווען אגאטאן איז נעגאנגען אהיים, האט ער מיט אמאל דער־זעהן סעמא העלמוט געהענדיג מיט אים. ער האט געזעהן זיינע גרוי־סע, פרענענדיגע אויגען אויף אים נעווענדט מיט א בליק פול מיט אי־בערנעבענהייט און געטרייקייט. דער איננעל האט אויסגעזעהן, ווי ער וואלט געוועז פארזארגט איבער דעם וואס ער איז ניט ביכולת, אגא־טאנ׳ס טריבע שטימונג צו פארטרייבען. עס איז געוועזן עטוואס זעל־טען ריינעס און פארעהרענדעס אין יענעם מאמענטאנעם בליק, וועל־כער האט אויך געשיינט אויסצודריקען די בקשה: „זאל איך מיט דיר געהן?“

— קענסטו ווענדעלין? — האט סעמא געפרעגט אונטער׳ן צוואנג צו זאגען עפעס, וואס זאל ניט מאכען זיין אויסזעהן נאריש. — ער איז א גוטער יונג. ער האט ניט קיין מוטער און קיין פאטער און האט גאר קיין געלט ניט.

אגאטאן האט געשוויגען. ער האט זיך געוואונדערט און נעפרעהט זיך איבער דער באדערפטינקייט פונ׳ם איננעל צו לאשטשען זיך. אבער ער האט ווענען דעם נאר האלב געטראכט. דער אנדערער טייל פון זיינע געדאנקען איז נעוועזן פארנומען מיט דער געשיכטע מיט׳ן רינג, מיט זיין פאטער, מיט זיין מוטער, מיט׳ן שיקזאל, וואס איז איבער אים ווי די וואלקענס געהאנגען און דאס אלץ טונקעל געמאכט, גלייך ווי די זיך מעהרענדע פינסטערניש פונ׳ם אווענט האט געשיינט ארויסצו־פליסען פון די וואלקענס.

— דו ביסט שעהן, אגאטאן! — האט סעמא אומזיכער א זאג געטאן און איז באטריבט אנטשוויגען געווארען, ווען ער האט קיין ענטפער ניט געקראגען.

אין דער היים האט אגאטאן געפונען אלעס רוהיג — מיט אן אומגליקספולער רוהיגקייט אנגעפילט. ער איז ארויס אין גארטען און איז זיך אזוי ארומגעגאנגען. עס האט געבלאזען א קאלטער און פייכ־טער ווינט. ער האט דערהערט א גערויש ווי מען וואלט גראבען מיט א רידעל. פלוצלונג האט ער דערזעהן זיין פאטער גראבענדיג. ער האט דערביי געסאפעט און אומרוהיג געגראבען, דא א גראב, דארטען

א גראָב — אַן אוצר האָט ער געזוכט. עס איז געווען אומהיימליך דאָס צוצוזעהן.

— וואָס טוסטו, מאַמע ? — האָט אַגאַטאַן געפרעגט.

עלקאַן האָט אַרונטערגעלאָזען דאָס גראָב־אייזען, האָט זיך אָן דעם אָנגעשפּאַרט, און כאָטש עס איז געווען טונקעל, האָט אַגאַטאַן געקאָנט אַרויסזעהן די געלקייט פון זיין פּנים.

— אַגאַטאַן, דו ביסט איצטער שוין אַזוי אַלט, אַז דו ווערסט דאָס אַלץ קענען פאַרשטעהן. גאָט האָט זיין האַנט פון אונז אָפּגעטאָן און זיין פּנים פאַרבאָרגען. אָבער מיר דאַרפען ניט באַקלאָגען זיך. געלויבט זאָלסטו זיין, דו אייביגער, וואָס דו געדענקסט פאַרגעסענע זאַכען ! — האָט עלקאַן געדאַנקט און געלויבט גאָט.

— טאַטע ! — האָט אַגאַטאַן געזאָגט, — איך קאָן ניט מעהר געהן אין שולע און דאַרף דאָס אויך ניט. מען טרייבט מיך פון דאָרטען אַרויס, כאָטש דאָס וואָס איך האָב געטאָן, איז געווען רעכט און גוט.

עלקאַן גייער האָט אַ וואָרף געטאָן דאָס גראָב־אייזען און זיך אָנגעשפּאַרט אָן פּלויט. נאָך אַ לאַנגען, שווערען שווייגען איז ער געגאַנגען מיט זוכענדיגע טריט אין הויז אַריין. אַגאַטאָן איז געבליבען, האָט אַרונטערגענומען זיין היטעל און געלאָזען דעם ווינט לופטערען זיינע האָר. די נאַכט האָט זיך געעפענט פאַר אים מיט אַ סך וואונדער. וואָס קיין פרעמד אויג האָט דאָס ניט געקענט זעהן. ער האָט געגלויבט, אַז ער איז אין אַ טעמפּעל, דאָך האָט ער קיין גאָט ניט געפונען.

אַרום אַכט דעם זייגער איז געקומען דאָקטאָר שרייגעמוט און האָט זאַנפט דערקלערט, אַז מען דאַרף ניט זיין „איבעראיילט", אַז אַלעס איז ווי געווען און אַט איז אַ „פּיליולע". דאָך איז זיין פּנים געווען מעהר באַזאָרגט ווי אַן אַנדערש מאָל. אַגאַטאַן האָט כסדר געזעהן אויף זיך געווענדט סעמאַ'ס אויגען ; זיי האָבען נאָכגעפאָלגט יעטווידע באַוועגונג זיינע.

— געלויבט זאָלסטו זיין, דו אייביגער, וואָס דו געדענקסט פאַר־געסענע זאַכען ! — האָט עלקאַן געמורמעלט.

— עלקאַן, די וועלט איז זעהר גרויס און זי האָט אַ סך שטערען און אַ סך ערדען, — האָט גדליה געזאָגט, — פאַרוואָס זאָל ער ניט פאַרגע־סען אַן אַ גדליה, פאַרוואָס זאָל ער ניט פאַרגעסען אַן אַן עלקאַן ? על־קאַן איז בראַוו, איך ווייס, אָבער פאַרוואָס זאָל ער ניט פאַרגעסען אָן די בראַווע, ווען ער האָט אַזוי פיעל צו בעסערען די זינדער ? ווען דו

ביסט טויט, ווייסטו גאָרנישט ניט דערפון, און דו דענקסט אין דער שטונדע פון דיין שטאַרבען אַז דו האָסט געלעבט אַ גרויסאַרטיג לעבען, אַ רייך לעבען, און ניט אַן עלקאַן־לעבען. אַ חילוק! געהאַנגען איז געהאַנגען, מיט אַ שטריק אָדער מיט אַ גאָלדענעם פאָדים, אַזוי האָט מיין פעטער, עליו השלום, געזאָגט. אַ קלוגער מאַן געווען.

אגאַטאַן האָט ביינאַכט ניט געשלאָפען. אויפ'ן הארצען איז אים געווען פרעהליך, און אַן אויפגערעגטער האָט ער געקוקט אין דער פינס־טערניש. ער האָט געהאַט אַ געפיהל, ווי אָפט, ווען ער פלעגט ערוואַר־טען אַ מתנה, און איז אומגעדולדיג געווען דאָס צו זעהן. די נאַכט איז געווען שטיל, נאָר זעלטען געשטערט פונ'ם וואָיען פון אַ הונט. ווען עס האָט געשלאָגען דריי דער זייגער, איז די לבנה ארויסגעקומען און האָט געוואָרפען רוהיגע ליכט־פלעקען אין צימער. מיט די ראָזיגע שטראַלען זיינען די פיגורען אין אגאַטאַנ'ס פאַנטאַזיע געוואָרען לעבע־דיגער און ליכטיגער. זיי האָבען איהם געבראַכט רייכטימער, פון וועלכע ער האָט ניט באַגריפען, אַז זיי האָבען אים גאָר ווען געקענט פע־לען. ער האָט געפילט, ווי ער וואַקסט און עס האָט זיך אים אויסגע־דוכט אַזוי ווי ער הערט איבער פעלדער קלינגענדיג אַ רוף־געשריי, צו אים געווענדט: אַ לאַנגער און אַ שטאַרקער.

אויף מאָרגען פאַרמיטאַג האָט דער פעדעל דונקעלשאַט געבראַכט אַ פאַפיר פון רעקטאָראַט און פון קאַנטאָר פאַר עלקאַן גייער. ער האָט פאַרלאַנגט שכר־הליכה, און איז דערנאָך אריין אין דעם ערשטען שענק. עלקאַן האָט זיך געזעצט ביים טיש און געלייענט. ווי ער האָט דאָס נאָר געענדיגט לייענען, אַזוי האָט ער אַ געשריי געגעבען, ווי מען וואָלט איהם די גרעסטע עינוים אָנגעטאָן. גדליה איז צו איהם צוגע־גאַנגען אָבער עלקאַן האָט זיך ניט געלאָזען האַלטען, זיין פנים איז פלוצלונג געוואָרען בלוי־רויט, ער האָט זיך ארויפגעוואָרפען אויף אגאַ־טאַנ'ען, האָט מיט די הענט ארומגעכאַפט זיין האַלז און ער וואָלט איהם דערוואָרגען ווען ניט אַ פורכטבאַרער אנגסט־רוף פון קראַנקען־צימער וואָלט איהם געמאַכט צו באַזינען זיך.

— ארויס פון מיין הויז, דו קריסט! — האָט ער געכריפעט מיט זיין שטימע און איז שווער און שאָקלענדיג זיך ארויף אויף די טרעפ צום שלאָף־צימער באַגלייט פון פרוי העלמוט, וועלכע האָט געבראָכען די הענט.

נדליה האט לאנגזאם און טראכטענדיג געגלעט מיט דער האנט אגאטאנ'ען די האר.

— וואס האסטו געטאן ? — האט ער געמורמעלט, — דער צאר־כער מאן, דער צארטער עלקאן איז א ווילדע חיה געווארען. די וועלט איז קיינמאל ניט כשורה. עפעס איז מיט דער וועלט, און מיר שטעהען דא ווי הילפלאזע קינדער.

ער האט געשאקעלט מיט'ן קאפ. אגאטאן האט אנגעשפארט דעם שטערן אויף זיין אקסעל.

— נאכ'ן דאקטאר ! נאכ'ן דאקטאר ! — האט א געשריי גע־טאן די קראנקען־וועכטערין און איז אליין ארויסגעלאפען.

עלקאן איז א צעבראכענער געשטאנען אויפ'ן שוועל און האט ארויסגערערט :

— זי שטארבט ! שמע ישראל, ה' אלהינו, ה' אחד !

זיינע אויגען זיינען געווען אהן א גלאנץ. די הענט זיינען רחמנות'דיג געהאנגען.

אגאטאן האט זיך אויפגעהויבען. זיין בלאסער פנים איז פלוצלונג אנגעפילט געווארען מיט אן איבערערדישען פייער, וואס אלע האבען דאס באמערקט מיט ערשטוינונג און שרעק. די וויינענדיגע קינדער האבען אויף איהם א קוק געטאן און זיי זיינען מיט איין מאל געווארען גאנץ רוהיג. ער איז אוועק צו זיין מוטער אין צימער, פארבייגעהענדיג עלקאנ'ען, וועלכער האט זיך צונויפגעהארבעט, גלייך ווי וועלענדיג אויסמיידען א פעסט־קראנקען. ער איז צוגעגאנגען צו דער קראנקער'ס געלעגער. איהר געזיכט איז געווען געל ווי אלטער פארמעט — א שרעק געווען צו קוקען. איהרע אויגען האבען געקוקט מאט, לעבלאז, טעמפ, גלייך ווי זיי וואלטען דעם טויט געזוכט. ער האט געזעהן די א י נ ג ע ר ע מוטער, וועלכע האט אנטזאגט, גע־ליעבט, פארלארען, און איצט געהט זי אויס אונטער דער שווערער משא פון טעג. און דערנאך איז אויך אט דאס אלעס טויט געווען פאר אגאטאנ'ען. ער האט גענומען איהר האנט, און זיך באגעגענט מיט איהרע אויגען. ער האט ארויפגעלעגט זיין האנט אויף איהר איינ־געפאלענער ברוסט, אין וועלכער דאס הארץ האט אויסלעשענדיג זיך געקלאפט. ער האט זיך ארויסגערעדט, אז ער וואלט וועלען, דאס פענס־טער זאל זיין אפען, און עמיצער האט דאס געעפענט, עפעס אזוי ווי אן אומזיכטבארע האנט וואלט דאס געטאן. זיין הארץ האט געוואלט

ארויסשפרינגען, ער האט ניט געוואוסט, צי פאר ווייטאג צי פאר איינ־געהאלטענער פרייד.

— ווער געזונט מאמע! וואך אויף, מאמע! דו ביסט ניט קראנק. דו דארפסט ניט שטארבען.

ער האט זיין שטימע ניט דערקענט, זי איז אים ווי עפעס נייע אויסגעקומען. די קראפט, וועלכע האט זיין קערפער געמאכט אויפ־צואטעמען, אויסצוגלייכען זיך, גלייך ווי אן אומגעהערטע לאסט וואלט פון אים ארונטערגענומען געווארען. האט אנגעצונדען זיינע אויגען מיט א הימעלישען גלאנץ. און עס האט אויסגעזעהן, ווי דאס פייער וואלט אריבערגעשטראמט צו דער קראנקער אין קערפער; זי האט פלוצלונג א שמייכעל געטאן אונטער זיין ציטערענדיגער האנט. זי האט ערלייכטערט זיך אפגעזיפצט, זי האט מיט די שוואכע, פליישלאזע פינגער געדריקט זיין האנט, און זיין נאמען גערופען. און וואס לענ־גער ער האט געקוקט אויפ'ן אויסגעלאשענעם פנים, אלץ מעהר לע־בעדיג איז דאס געווארען אויף א געהיימניספולען אופן, ביז דאס האט גענומען אויסזעהן גאנץ פריי, מילד און האפנונגספול. און ווען דער דאקטאר איז געקומען, באגלייט פון דער קראנקען־וועכטערין, האט זי זיך צו זיין ערשטוינען אויפגעהויבען, האט אוועקגעלעגט דעם קאפ אויפ'ן אנגעשפארטען ארים און געשמייכעלט צום דאקטאר און צו איהרע קינדער מיט א שמייכעל וואס איז געוועזן א מארנע געמישעכץ פון ביטרעקייט און היצינקייט.

# ניינטער קאַפּיטעל.

נאָוועמבער־שטורעמס !

באַיעזען איז געגאַנגען דורך די פּוסטע גאַסען מיט די פֿלאַקער־רענדיגע פּייערען, און די פּעלערינע פון זיין מאַנטעל האָט זיך געריסען אין דער הויך. זיין הוט איז ארונטערגעפלויגען פון קאָפּ, האָט זיך גע־נומען קייקלען איבער די שטיינער און איז געבליבען רוהיג ליגען ביים אריינגאַנג צום „זיבעטען הימעל", אַזוי ווי אַ פערד, וואָס ווייסט זיין סטאַנציע. באַיעזען האָט געלאַסען אויפגעהויבען דעם הוט און איז אריין אין פּלאַץ, וואָס איז פול געווען מיט מענשען, מייסטענס זעהר מאָדנע פאַרשוינען. ער האָט זיך אָוועקגעזעצט, באַשטעלט ביר און האָט שוין מעהר דאָס אויג ניט אראָפּגענומען פון'ם פּאָדיום, וואו די פּאָרשטעלונג איז פאָרגעקומען. איבער אַ נאַכטיגער לאַנדשאַפט האָט געשיינט אַ קונסטלאַזע לבנה, און אַ ריטער האָט ארומגעוואַנדעלט ביי אַ פּרימיטיוועו וואַסער און פון צייט צו צייט אויסגעשטרעקט זיין אָרים. דאָ האָבען זיך פּאַנאַנדערגעעפענט די כלומר'שטדיגע וואָל־קענס און צווישען האָט זיך לואיזינאַ באַוויזען, אַזוי ווי אַ הימעלשע ערשיינונג. דער ריטער האָט זיך מייאש געווען, ווען עס איז נאָהענט צו קומען צו דעם געליבטען בילד, ער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויף דר'ערד און גענומען וויינען. דאָ האָט זיך פון אַ שלעכט פונקציאָ־נירענדען תהום אויפגעהויבען אַ מכשף, אָדער עס איז געווען דער שטן אליין, האָט געוויזען אַ פאַרמעט און געמאַכט די מינע, ווי ער בעט זיך אונטערשרייבען. דער ריטער האָט דאָס געטאָן, און גלייך איז לואיזינאַ ארויסגעפאַלען פון די וואָלקענס, די נאַכט האָט זיך גע־ענדיגט, דאָס פּרימיטיווע וואַסער און די קאָמישע לבנה זיינען פאַר־שוואונדען געוואָרען און די פּאַנטאָמימע איז אריבער אין אַ באַקכאַ־נאַליע. ווילדע מיידלאַך מיט ווילד־צעלאָזענע האָר האָבען זיך אַ לאָז געטאָן אויף דער ביהנע און האָבען געשלעפּט נאָך זיך יונגע מענער. אין אַט דעם אויסגעצייכענטען טעאַטער האָט דאָס פּובליקום אויך

מיטגעשפילט די ארגיעס, וועלכע מען האט פאר איהם פארגעשפילט. א לאנגהאריגער מאן, א מין קינסטלער, איז געזעסען ביים קלאוויער און האט ארויסגעצויגען פון דעם אומוויליגען אינסטרומענט א רייה שניידענדיגע ארפעדזשיאס אין וואלץ־טעמפא. דער „פלאמענדיגער" איז אנגעקומען מיט אויפגעהויבענע הענט און מיט עקזאלטישע באַ־ גייסטערונגס־אויסברוכען. די קעכין איז געקומען און האט געשריען, אז זי קען ניט אויפקאכען דאס וואסער פאר'ן פונש, ווארים דער ווינט רייסט זיך כסדר אריין אין קוימען און לעשט אויס דאס פייער.

— אגלאיא ! טו נעם דאס פייער פון מיין הארצען ! — האט געשריען דער „פלאמענדיגער", — קיין שטורעמווינט אין דער וועלט איז ניט אימשטאנד דאס אויסצולעשען !

א מאן מיט א קאפ גלאטע, לאנגע האר איז דא געווען. מען האט איהם גערופען בארבין און ער האט זיך געהאלטען זעהר שרעקעדיג. כאטש ער האט זעהר שטארק געזוכט צו שפיעלען די ראליע פון אן אי־ בערמוטיגטען. נאך זיין אויסערליכקייט און ווען האט מען געקענט זעהן, אז ער איז איינער פון יענע צוועקלאזע פארשוינען, וואס די שטעט ברענגען ארוים, איינער פון יענע אומגליקליכע ברואים, פאר וועל־ כע די צייט איז א פארקויפטע מיידעל ווארים זי גיט זיי גארנישט ניט אהן געלט, מיט וואס צו קענען דאס לעבען פטר'ען. דער דאזיגער בארבין האט זיך זעהר אפט געווענדט צו דעם „פלאמענדיגען", ווי ער וואלט אים אום שוץ בעטען, און ער האט דאס געזוכט צו באפוצען מיט איראנישע ווערטלעך, וועלכע זיינען אבער פארשלונגען געווארען פון די משוגענע פריידענס־געשרייען אויף דער ביהנע. לואיזינא, האט אויסגעזעהן, האט פארלארען אינגאנצען די רוהיגקייט און דעם דעת. זי האט באפוילען דעם „פלאמענדיגען" צו ווערען איהר פוס־בענקעל, און ער האט זיך אוועקגעלעגט פלאך אויף דר'ערד. די אנדערע מייד־ לאך האבען געגאסען אין זיך וויין ווי ניט אין זיך.

— ווען וועט שוין דער טייוועל זיין הבטחה מקיים זיין ? — האט באיעזען א פרעג געטאן ביי א ברינהילדע וועלכע איז לעבען איהם גע־ זעסען אין א מאנזבילשער פאזע, מיט'ן גלאז שנאפס אין דער האנט.

זי האט געענטפערט :

— יא, דא אין זיבעטען הימעל איז קיין פלאץ ניט פאר גלחים און פראפעסארען.

באלד האט זיך אנגעהויבען דער טאנץ מיט יובעל און געזאנג

און מיט אמאל איז אלעס שטיל געווארען. איניגע יונגען אין טריקאָס מיט פראכטפול געבויטע קערפערס האבען געמאכט האלז־ברעכענדע קונצשטיק. בארבין האט זיך אומזיסט געמאטערט צו ציהען אויף זיך די אויפמערקזאמקייט, ביז עס האט זיך אים איינגעגעבען צו פאר־טרייבען דעם פיאניסט פון קלאוויער. ער האט זיך אוועקגעזעצט און האט געשפיעלט עפעס א ווילדע פאנטאזיע, דרעהענדיג זיך דערביי גראטעסק און שלאנגהאפט מיט'ן קערפער.

פלוצלונג האט באיעזען דערזעהן לואיזינא'ן אנטקעגען אים זיצענדיג.

— נו, איהר זיינט דא ווידער? — האט זי שפאטיש צו אים גע־זאגט. — וואס ווייסט איהר עפעס נייעס? אייגענטליך איז מיר אייער אנבליק פארהאסט. פארוואס זיינט איהר אזוי חושך, פארטראכט, שווערמוטיג? ווער זיינט איהר? וואס ווילט איהר? דא איז נימא פאר אייך קיין אמט, העכסטענס, איינס. ווען עס ווערט טאג קומט געמליך דער טייוועל ווידער, אום צו ברענגען מיר מיין ריטער. ער קומט אין געשטאלט פון א פאליציסט. דאס איז פאר אייך אן אמט.

— פארוואס זאגט איהר מיר דאס אלעס?

— דאס וויל איך אייך דערקלערען. עס דוכט זיך מיר אויס, אז רעדענדיג צו אייך, רעד איך דאס צו דער גאנצער אזוי־גערופענער גוטער געזעלשאפט. איך האב אויך צו איהר געהערט. אבער אזוי איז שוין איינגעפירט אין אונזער צייט, אז ווער עס וויל זיך פרעהען, ווער עס וויל פון גאנצען הארצען א לעב טאן, זוכט ער זיין גאנצען גליק און פארגעניגען אין לאכען און אט אזוי קומט ער צו אזא שטופע. דארט וואו עס איז תמיד צו טרעפען דאס נידעריגסטע און שמוציגסטע, דארט מוז ער זיין העכסטעס זוכען און געפינען, ווארים אומעטום אנדערשוואו איז צו אנשטענדיג פאר דעם. היינט פאר א פרוי! וואס זאל טאן אן ארימע פרוי אין אייער קרייז פון געשמאקלאזע פארגעניגענס, פון עקעל־האפטע און צעהנמאל איבערגעקייטע גענוסען? וואס זאל זי טאן, אז זי הויבט ערשט אן צו רעכענען זיך פאר א מענשען, ווען זי האט חתונה? וואס קאן זי טאן, ווען זי לעבט אין א וועלט, וואו איטליכער איז שטאלץ דערמיט, אויב ער איז אביסעל אומגליקליך? וואו די לעבענס־פרייד הויבט זיך אן ערשט ביי פראסטיטוציע? זאגט איהר אליין! פאר־וואס רעדט איהר ניט? אך, איהר האט א פנים, צו וועלכען איך וואלט אייגענטליך געקאנט האבען פיעל צוטרויען. גלויבט מיר, אז ניט די

נויט אליין איז שולדיג אין דעם „פאלען", ווי מען רופט דאס, פון פיע־לע מענשען, נאר די בענקעניש נאך... יא איך וועל אייך גלייך זאגען נאך וואס... די בענקעניש נאך... עס איז צו שווער, איך קאן דאס ניט זאגען.

זי איז אנטשווינגען געווארען זי האט אנגעשפארט דעם קאפ אויפ'ן האנט, און האט שמייכלענדיג געקוקט אויף דער בארוישונג, וואס איז ארום איהר געווארען. דער „פלאמענדיגער" האט נאך אלץ גערעדט נאר אין גראמען. בארבין האט ווי א משוגענער געקלאפט אויפ'ן ארימען אינסטרומענט און פלעגט רק געבען א שרעקליכען רוק מיט זיין קערפער, ווען ער פלעגט פון פארטיסימא ארונטערשפרינגען צו אן עפעקטפולען פיאנא. א סך האבען געטאנצט שנעל און פייער־דיג, אדער שטיל און טרוימעריש געוויגט זיך, אליין אדער זאלבענאנד. די ברינהילדע לעבען באיעזען'ען איז געווען גליקליך, ווי צעשמאלצען פאר וויכקייט, און גערירט האט זי געזופט צו ביסעלעך פון איהר גלאז. פלוצלונג איז אין איין אויגענבליק דאס פאדיום פוסט געווארען, די גאז־לאמפען אויף האלב אראפגעדרעהט. פלוצלונג איז אויך בארבין שטיל געווארען און זיינע הענט זיינען געבליבען ליעגען אויף די קלאווישען. די טאנצענדע האבען זיך אפגעשטעלט און א שעפטשע געטאן : „די דעמאנען !"

אויף דער ביהנע האבען זיך באוויזען אין א מאטען, גרינעם ליכט פיער מענער, אין טונקעל־גרינע קליידער, אזוי הארט צום לייב, אז זיי האבען ווי נאקעטע אויסגעזעהן, מיט גרינע פנים'ער, און זיי האבען אנ־געהויבען א פאנטאסטיש, אומהיימליך, אויפרעגענדיג שפיל. ווי פיש אין וואסער, אזוי האבען זיי זיך באוועגט אין דער לופט ; עס האט אויסגעזעהן, ווי זייערע פיס בארירען ניט די ערד און ווי זייערע גלי־דער זיינען ניט געבונדען צו קיין שום אנאטאמישען געזעץ. אט האבען זיי אויסגעזעהן אלע איין לייב צו זיין, דרעהענדיג זיך אין שרעק־ליכע קאנוואולסיעס, און אט איז איינער געווארען אזוי ווי א צונויפ־געדרעהט שטיק אהן לעבען און איז פון אומזיכטבארע הענט געשליי־דערט געווארען אין דער לופטען און קראכענדיג צוריק געפאלען אויף די ברעטער. אט זיינען זיי געוועזן ווי א כאפטע הינט, וועמען דער יע־גער רופט פון דערווייטען, און אט זיינען זיי גלייך געווען ווי ווערים און זיי זיינען אויף אן אומבאגרייפליכען אופן ארויפגעקראכען אויף די ווענט, און אלץ בליצשנעל, פישהאפט, דעמאניש. יעדערער האט

עס צוגעזעהן, גלייך ווי א שפּאַנענדע דראַמע וואָלט זיך אַנטוויקלען. ווען באַיעזען האָט אַפּגעקערט דעם בליק האָט ער ניט ווייט אין דער־מער־ליכט כמעט ווי אומבאַמערקבאַר, דערזעהן לואיזינא'ן. עס האָט אויסגעזעהן, אַז זי האָט אים לאַנג באַאָבאַכטעט. זי האָט דאָן א וואונק געטאָן צו אים און ווען זי האָט באַמערקט, אַז ער וועט געהן נאָך איהר, האָט זי גענומען געהן צום טיר. זי האָט געהאַט אויף זיך אָנגעטאָן א פּוטערנעם מאַנטעל און א בלוי, זיידען טוך אויף איהר קאָפּ, און איהרע גרויסע אויגען האָבען ווייט־ווייט געקוקט מיט א ניט זיכערען, ציטער־רענדיגען גלאַנץ, אָבער דאָך פול מיט אַנטשלאָסענהייט. דרויסען האָט זי קיין וואָרט ניט געזאָגט; זי האָט נאָר שטום אויפגעפאָדערט, אַז באַיעזען זאָל מיט איהר געהן. זי האָט אַזוי ווייטער שווייגענדיג גע־וואַנדערט.

„וואָס פאַר א נאַכט דאָס איז!" האָט באַיעזען געטראַכט. עס איז געוועזען איינע פון יענע זעלטזאַמע הערבסט־נעכט, אין וועלכע גאָר דאָס לעבען פון דער נאַטור ווערט אַזוי ווי פאַראינערליכט. עס האָבען געפּעלט אויך יענע שטימען, יענער אומקלאָרער, אומבאַשטימטער גע־רויש, וועלכער איז אַזוי ווי אַן איבערגעבליבענער ווייטער ווידער־קול פון דעם טאָג. דער ווינט האָט זיך איינגעשטילט. די לבנה, ניט קיין פולע, איז געלעגען אין א גרוי־געל געשימערטען פוך פון וואָלקענס. זי האָט אויסגעזעהן גאַנץ אָנגעקוואָלען, אַזוי ווי פאַרב אויף דינעם קלעק־פּאַפּיר. דאָס לעבען איז פון די גאַסען אַזוי ווי אַוועקגעבלאָזען גע־וואָרען. די הייזער מיט די טונקעלע פענסטער און ווייסע גאַרדינען האָבען אויסגעזעהן, ווי זיי וואָלטען שלאָפען. באַיעזען האָט געקענט אַרונטערבליקען די גאַנצע גאַס ביז צו די גרעניצען פון'ם האָריזאָנט, און דידאָזיגע לאַנגע, אומבאַוועגליכע ליניע האָט געהאַט אין זיך עט־וואָס באַרוהיגענדעס.

לואיזינא איז ראַש געגאַנגען ווייטער, האַסטיג אָטעמענדיג, קענ־טיג נאָך שלאָגענדיג זיך מיט דער דעה. באַיעזען איז איהר נאָכגעגאַנ־גען, מעהר געצווינגען דורך דער אינטימער מאַכט, וועלכע זי האָט אויף אים אויסגעאיבט, ווי פרייוויליג. זי האָט זיך ענדליך אָפּגעשטעלט ביי אַן איינזאַמען און אָנגעזעהענעם הויז אויף יענער זייט פון דער איי־זענבאַהן, האָט א דריק געטאָן דאָס עלעקטרישע קנעפּעל דריי מאָל, ווי נאָך אָפּגערעדטע פּויזעס, און איז דאַן האַסטיג, אָטעמלאָז אַרויף אויף די טעפּיך־באַלעגטע שטיינערנע טרעפּ. פון א טיר איז אַרויסגעקומען

א יונגע מיידעל, וועמעס געזיכט עס האָט גלייך אויסגעדריקט דאָס גרעסטע ערשטוינען.

— זשאַנעטע ! — האָט זי אויסגעשריען.

— איז ניבערדינג אינדערהיים ? — האָט זשאַנעטע־לואיזינא ציטערענדיג א פרעג געטאָן.

— ניין, עדוואַרד איז נאָך ניט, — האָט די מיידעל געענטפּערט איבעראַשט און דערשראָקען, און האָט געקוקט מיט מורא אויף באַ־יעזענ׳ען, וועלכער האָט ניט געוואוסט וואָס צו זאָגען, אפילו א ריר צו טאָן מיט אָן אבער ניט געוואַגט.

— אַך, קאָרנעלי ! — האָט זשאַנעטע אַרויסגערעדט. און אָנגעכאַפּט מיטביידע הענט דער מיידעל׳ס אויסגעשטרעקטע האַנט.

— וואָס, מיין טייערע ? קום פונדעסטוועגען אַריין. ווילסטו וואַרטען אויף עדוואַרד׳ען ? אַלץ וואָס דו טוסט, איז אַזוי זונדערבאַר ! — האָט קאָרנעלי געזאָגט מיט איהר שטילער קינדערשער און צוטרוי־ליכער שטימע.

זי האָט תמיד געהאַט א שוואַכען און גאַרנישט זאָגענדען שמייכעל אויף די ליפּען ; אבער ווען מען וואָלט איהר פאַרשטעלט דאָס מויל, וואָלט אויפ׳ן איבעריגען געזיכט געבליבען אַן אויסדרוק פון שווערמוטיגקייט, מעהר ווי פון שווערמוטיגקייט. זי האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון א באַשעפעניש, וואָס איז אינגאַנצען באַטויבט גע־וואָרען פון עפּעס א סיטואַציע און וואָס שטרעבט נאָר די געדאַנקען צו באַהאַלטען. איהרע האָר האָבען געהאַט א טונקעל־געלען קאָליר, אַזוי ווי שטרוי, ווען דאָס ליגט א לאַנגע צייט אין שייער און ווערט פאַרשטויבט. איהר פּנים איז געווען באַדעקט מיט זומער־שפּרענקלעך; איהרע פולע ליפּען זיינען געווען טרוקען און צעשפּאָלטען און האָבען דערמאָנט אָן דער פאַרב פון א שטיק אָפּגעוואַשענעם רויטען קאַרטון.

זיי האָבען זיך אוועקגעזעצט אין סאַלאָן ביי א טונקעלען ליכט, וואָס האָט געשימערט דורך א געל־רויטען זיידענעם קאָלפּאַק און איז ביי די ברעגען אַזוי ווי אינגאַנצען אויסגעגאַנגען, גלייך ווי דאָס וואָלט זיך געריסען צו דער אַלגעמיינער פינסטערניש אינדרויסען.

— איך האָב אַט דעם הער מיטגעבראַכט, קאָרנעלי. דאָס איז הער...

— באַיעזען.

— יאָ ; הער באַיעזען איז אַלזאָ אַזוי גוט געווען מיך צו באַ־

גלייטען, ווייל איך האָב אליין ניט געקאָנט געהן. צווייטענס, ווייל ער איז מיר א פריינד און ער מוז זיין דערביי, בעת איך וויל עס טאָן.

באיעזען האָט זיך געפונען אין א צושטאנד פון כמעט אויפרעגענדיגער ערווארטונג. ער האָט אויף א סעקונדע ניט געקאָנט זיך באַפרייען פון דעם וויברירענדען ווען פון דער יונגער פרוי. ער האָט ווידער געטראַכט פון זיין אייגענער ווייב אינדערהיים, וועלכע, ער ווייסט, לויפט אלע ווײלע צו די טרעפּ מיט דעם קליינעם לאָמפּ אין האנט, גיט א ציטער אזוי ווי א פויגעלע ביי יעטווידען טריט, וואָס הערט זיך פון גאַס, און ווארט אויף אים און ווארט.

זשאַנעטע האָט פון זיך אראָפּגעוואָרפען דעם מאַנטעל, ווייל עס איז איהר געווען צו הייס, און זי איז געבליבען אין איהר טעאַטער קאָסטיום, האָט געקוקט אויפ'ן פייער אין קאַמין און איהרע נאָז־פליגלען האָבען זיך מאָדנע געבלאָזען. קאַרנעלי האָט ארויסגעלאָזען א לייכטען געשריי און צונויפגעלעגט די הענט.

— ווי לאנג ווילסטו נאָך אזוי בלייבען, מיין אָרימע, קליינע קאַרנעלי? — האָט זשאַנעטע געזאָגט, — הייסט דאָס, אז איך האָב געטראָפען, ווען איך האָב דיך ביים פאַנדען־שפּיעל געמאַכט פאַר אן אַלטע מויד?

עטוואָס טריאומפירענדעס איז געווען אין איהר פּנים. דאָס קאָסטיום האָט צוויבערהאַפט געבלישצעט אינ'ם מאַטען שיין פון דעם לאָמפּ.

— זעלבסטבאַהערשונג איז די גרעסטע פרייהייט, — האָט די בלאַסע געענטפערט מיט א זאַנפטען שמייכעל.

די הויז־טיר האָט א קלאַפּ געטאָן, עס האָבען זיך דערהערט שלעפּעדיגע טריט, און באַיעזען האָט געגלויבט, אז אין זשאַנעטע'ן איז דורכגעפלויגען א הייסע, ציטערדיגע אויפרעגונג. א יונגערמאַן איז אריין אין צימער און איז געבליבען שטעהן ווי פאַרשטיינערט, ווייס ווי א לייווענט. ער איז געווען שלאַנק, גרויס און אָהן א באָרד, ער האָט געהאַט דיקע ליפּען און א דיקע נאָז, עטוואָס רויטליכע אויגען און א מאָרגעם שטריך אין געזיכט פון אָדעלקייט און פיינקייט. דאָס פיינסטע זיינען געווען זיינע הענט. זיי זיינען געווען לאַנג, צאַרטליכע ווי א גאָטישער בויגען און באַוועגונגסלאָז: מידע הענט. ווען ער איז אריין, האָט זיך קאַרנעלי ארויסגערוקט פון צימער אָהן א טומעל און עטוואָס פאַרוואונדערט.

— דו ביסט ערשטוינט, ווי איך זעה ? — האט זשאנעטע גע־פליסטערט, — אבער ווילסטו גארניט קומען צו זיך ? דער דאזיגער הער דארף דיך ניט שטערען. איך וויל, ער זאל בלייבען, און איך וויל אז דו זאלסט אזוי זיין, גלייך ווי ער וואלט דא ניט געווען. פאר־שטעהסטו ?

עדוואַרד ניבערדינג האט אראפגעלאזען דעם קאפ און זיך ארונ־טערגעלאזען אויף א פאטעל.

— רעד ! וואס ווילסטו ? איך באגרייף גארנישט פון דעם אלעמען.

— ווי אזוי זאלסטו דאס גאר באגרייפען ! — האט זשאנעטע גע־ענטפערט ליידענשאפטליך אויפגערעגט, — ווי קען איך דאס גאר פאר־דעכטיגען ! דו, וועלכער באגרייפסט גיכער וואס עס טוט זיך אויף דער לבנה, ווי אין דער נשמה פון א פרוי ! דו ! ביסט דו דאס ניט דער מענש, וועלכער האט ערפונדען גייסטיגע ליעבע ? ביסטו דאס ניט דער מענש, וועלכער האט אויסגעטראכט אזעלכע אייזיגע זאכען, ווי רעזיגנאציע, און קיהלע פארגעטערונג און ניט־קערפערליכע מאכט פון דאס שעהנע, אדער ווי דו רופסט דאס ? רעד דו ! רעד ! האסטו מיך ניט אראפגעפירט פון וועג, פון אלעס וואס שטראלט אויף דער וועלט, פון אלעס וואס ווארימט ?

— האב אויף מיר רחמנות, זשאנעטע ! ווי נאריש דאס איז פון דיר ! פארוואס עפעס אין דער געגענווארט פון א פרעמדען מענ־שען ? וואס טוסטו דאס ?

— איך וויל דאס דיר זאגען. אט איז א מאן. איך גלויב, באַיע־זען, אז איהר זיינט א מאן. נו, פרעג איך אייך, — און צוליעב דעם זיינט איהר דא, אז איהר זאלט מיר ענטפערען אויף אייער געוויסען, ווארים איהר זעהט אויס עהרליך, — נו, פרעג איך אייך : קאן א מאן ליעבען א פרוי, ווען ער בעט זיך ביי איהר, „געה אוועק פון מיר, נעה אוועק ווייט, ווארים דענסטמאל ווערט מיין ליעבע צו דיר אליז גרעסער און גרעסער און מיין געפיהל ריינער" — ? א מאן, וועלכער בעט זיך ביי איהר „קוש מיך ניט, ווארים ווען דו קושסט מיך, באגעהר איך דיך און דאס קען פארקלענערען מיין ליעבע צו דיר" — ? „איך וויל פון דיר טרוימען", פונקט אזוי רעדט ער, „איך וויל טרוימען, ווי דו וואנדעלסט ארום ביים שיין פון דער לבנה אויפ'ן ברעג ים, ווייט פון מיר, ווי דו ווערסט גלייך צו די עלפען, וועלכע דרעהען זיך ארום

אומגעזעהן ארום דיר, — אט דענסטמאל ליעב איך דיך ווילד, אהן א שיעור און אהן אן ערך!" וואס זאגט איהר דערצו? נאר גיין, ענט־פערט נאך ניט! איך וועל אייך נאך...

— זשאנעטע!

— שטיל! הערט נאר: וואס זאגט איהר דערצו, ווען א מאן זאגט „ערשט דעמאלט וועל איך א פרוי באמת ליעבען, ווען זי וועט חתונה האבען מיט אן אנדערען און אט פון דעם אנדערען א קינד האבען" —? און דאס איז נאך ניט גענוג! א מאן, וועלכער שיקט מיך און ראט מיך צו נעמען דעם אנדערען, וועלכער האט מיך גע־מאכט צו פארגעסען אלעס, וואס איך דארף זיך שולדיג זיין! וואס זאגט איהר דערצו, מיין הער? נו? אורטיילט! איהר זאלט ניט שווייגען, אניט איז איבעריג געווען אייער קומען אהער.

ס'איז געווען נאכדעם א לאנגע פויזע.

— ווען איך אלזא מוז רעדען און ווען דאס אלץ איז פארגעקו־מען,—האט באיעזען לאנגזאם ארויסגערעדט און באטראכט מיט טרויער די אויפגעבלאזענע, נערוועזע געזיכטס־ציגען פון דעם יונגענמאן, — דאן איז דאס ערשטוינליך, אבער דאך צו דערקלערען. דאס ליגט אין דער צייט. איך וועט זיך מיט אייך הער ניבערדינג, אז איהר קענט ניט פארטראגען דעם אנבליק פון א נאקעטען מענשען? איך בין זיך אויך משער, אז איהר טרינקט ניט, איהר שפיעלט ניט, איהר קענט זיך מיט קינדער ניט שפיעלען? איך בין אפילו דא ניט אלס דאקטאר, אבער וייל איך בין איצט דא אין דער דאזיגער לאגע, וויל איך זאגען, וואס איך דענק. יא, עס ליגט אין דער צייט. עס איז אלץ איינס, מיט וועלכעןווארט איהר זאלט דאס ניט אנרופען. עס איז אלדאס מיסטישע און שוואכליכע, וואס איז איבער אונז געקומען ווי א קראנקהייט, וואס מיר ווייסען מעהר ניט וואס קראפט איז אדער גראבקייט אדער אמת'ע שאנדע אדער אומנאטירליכקייט. איהר זיינט א איד, הער ניבערדינג, יא? איך וויים דאס, איך האב שוין אביסעל געהערט ווענען אייך. אלזא, אייער פאלק איז דאס, וואס האט אונז די מתנה געגעבען, אייער ארבייטזאמעס, אינטעליגענטעס, תמיד אויף עקסטרעמען בויענדעס פאלק. איהר ליעבט ניט די פרוי, נאר די ליעבע ליעבט איהר, ניט מעהר די זעלבסטבאטראכטונג און זעלבסטפארפאל־קאמונג, נאר דאס פייניגענדע, דאס צעשטערענדע, דאס דערנידערי־גענדע, אלץ וואס עס מאכט אייך פאר א מארטירער. גלויבט מיר,

גלויבט איינעם וואס האט געהאט פיעל ערפארונג און פיליכט אביסעל נאכגעדענקט, גלויבט מיר, אז עס זיינען דא א סך פון אייער מין. דאס זיינען די פלאגעלאנטען, אונזערע פלאגעלאנטען, און דער גאט פון וועמעס וועגען איהר שלאגט זיך מלקות, איז אט דאס וואוילבאקאנטע „איך", אט די פראזע פון דער אינדיווידואליטעט, פאר וועלכער אלץ ליגט איצט אויף די קני. און ווען איך זאג, אז די אידען זיינען שולדיג, מאך איך דאס ניט קיין געדאנקענלאזע באשולדיגונג. ניט יענע אלטע אידען, וועלכע זיינען נאך פרום; זיי זיינען ענטוועדער בכבוד'יג אדער קאמיש. נייז, די נייע, די אזוי־גערופענע מאדערנע אידען, וועלכע האבען זיך אנגעזויגען מיט'ן גאנצען גייסט און איבער־קולטור פון דעם יאהרהונדערט — זיי זיינען דאס, וואס קומען צו געהן מיט זייער מענשליכער פינסטערקייט און זייער גייסטיגער חריפות און שטעלען אויף א פסעוודא־קריסטענטום מיט אפטויטונג פון געפיהלען, מיט אומבאפלעקטער ליעבע א. ד. גל. איך ווייס דאס נאר צו גוט, אז דאס איז אן אלטע ירושה פון אייער פאלק. אויך קריסטוס איז געווען א איד.

ניבערדינג האט זיך אויפגעהויבען, שאקלענדיג זיך און ציטערנדיג איז ער צוגעגאנגען צו באיעזענ'ען און האט ארויסגעשעפטשעט:

— מיין הער . . . !

באיעזען האט רוהיג אויסגעהאלטען דעם בליק און געשוויגען.

— איך האב אים געליעבט, — האט זשאנעטע שטיל ארויסגערעדט, און פול מיט מחשבות געקוקט פאר זיך, — ווייסטו, וואס עס איז פון מיר איצט געווארען? — האט זי א פרעג געטאן הויך און פעסט.

עדווארד ניבערדינג, וועלכער איז געשטאנען ביים פענסטער און האט אומבאוועגליך ארויסגעקוקט האט זיך אפגעקערט און געזאגט:

— זשאנעטע, דו האסט קיינמאל קיין געפיהל ניט געהאט פאר טייערע שטיינער און פאר זעלטענע מענשען. אבער אז דו זאלסט אנגעמען אזעלכע מיטלען! איך גלויב, אז דאס איז ניט געווען נויטיג. איך רעכען, אז דאס אלץ איז צו טעאטראליש. זיינע פארשטענדליכע דערקלערונגען מעג זיך אט דער הער איבערלאזען פאר'ן אודיטאריום. איך מעג זיין וואס איך וויל, א פלאגעלאנט אדער א באקכוס — צו עהרען דעם אויסדרוק פון דעם הער — דו האסט אבער געמעגט האבען געוויסע פליכטען צו מיינע געפיהלען. מעהר וויל איך ניט זאגען. דו האסט ניט געדארפט קומען און אויפשפיעלען דא א גאנצע סצענע.

איך טרינק דאָס לעבען פון דער טיפעניש, וואו אַנדערע מענשען זעהען נאָר פינסטערניש. איך געפין גענוס, וואו אנדערע זעהען נאָר נאַריש־קייטען. גוט, לאָז מיך אזוי זיין. געה איצט אַוועק, אויב דו ביסט בארמהארציג, און לאָז מיך אליין. איך וועל דיך ליעבען ביז איך וועל שטאַרבען.

זשאַנעטע האָט קיין אויג פון איהם ניט אראָפּגענומען. זי איז דאַן צוגעגאַנגען, האָט אַוועקגעלעגט איהר מויל אויף זיינעם, און זיי זיינען אזוי, מינוטען־לאַנג, געבליבען אין דעם דאָזיגען טרויערהאַפטען קוש.

— און איצט זיי געזונט! — האָט זשאַנעטע געזאָגט, — ווער ווייסט, וואו מיר וועלען זיך ווידער טרעפען!

— אין קוים אָדער ביי די שטערען — האָט ניבערדינג געענט־פערט, טריב שמייכלענדיג. ער האָט עטוואָס א קנאַק געטאָן מיט'ן צונג, וואָס האָט צוגעגעבען זיינע ווערטער א הארציגקייט און קינדישקייט.

אויף די טרעפּ איז קאָרנעלי געשטאַנען. זי האָט ארויסגעלאָזען א טומפּען געשריי, ווען זי האָט זיך גוט איינגעקוקט אין זשאַנעטע'ן.

— וואָס איז דאָס געווען? — האָט זי האַסטיג א פרעג געטאָן מיט א שרעקעדיגען בליק אויף באַיעזען'ען.

זשאַנעטע האָט א שאָקעל געטאָן מיט'ן קאָפּ. איהרע אויגען זיי־נען געווען פול מיט טרערען. זי האָט דערפאַר געשמייכעלט מיט א וואונדערליכער, ווייבליכער טראַציגקייט.

— דו ווייסט אַלץ וואָס איז געשעהן, גוטע קאָרנעלי. דו פיהלסט דאָס. דו ווייסט, וואָס מיין פאָטער האָט געטאָן, אז ער האָט צאָהל־לאָזע פאַמיליעס אומגעבראכט פון זייער ברויט. זעהסטו, אָרימע קאָרנעלי, איך האָב אזאַ קאָמישע מאָראַל אין זיך אז דו שטוינסט גאָר. וואָס איהר רופט דערנידעריגונג, רוף איך פיליכט עהרע, און וואָס פאַר דיר איז זעלבסטבאַהערשונג, איז פאַר מיר דאָס פייגהייט און מורא. אזוי זיינען אָמאָל די מענשען. א גוטע נאַכט, מיין ליעבע!

— באַיעזען! — האָט געזאָגט די יונגע מיידעל, ווען זי האָט פאַרמאַכט הינטער זיך דאָס טויער און אָנגענומען זיין האַנט, — אין דער דאָזיגער שטונדע זיינט איהר מיר א גוטער פריינד געוואָרען.

עס האָט געשנייט. דער שניי איז געפאַלען אין גר.יסע שטיקער, וועלכע זיינען באַלד צעשמאָלצען געוואָרען אינ'ם שיין פון די לאַנטער־

נעס. עס איז געווען א פרידליכער שניי־פאַל, די שימערענדינע, ציטערענדינע קריסטאַלען האבען זיך שטיל און מערכענהאפט ארונטערגעגליטשט.

אביסעל צייט זיינען בײדע געגאנגען שווייגענדיג. פלוצלונג האַט זשאַנעטע א זאָג געטאָן, איינהאַלטענדיג דערביי איהרע טריט:

— ווייסט איהר, ווענען וואָס איך טראכט ? ווענען די רעמאַנען פון היינטיגען אָווענט. מיר דוכט זיך, אז אזוי איז די וועלט, אזוי זיינען די מענשען, אז ארומגליטשען זיך הין־הער אהן א ציל, אזוי, אז אן אנדערער האַט מורא, אז מען שרעקט זיך, יעדערער מוז דעם האַלז ברעכען און יעדערער ווערט דאָך ווידער פון די אנדערע געטראָגען און באשיצט. און דאַן, דאס וואָס איך קאָן דאס ניט קלאָר אויסדריקען ; עס איז פיליייכט אַט דאָס שפּילען אויף דער ווירקונג, אָדער אזוי... מיינט איהר ניט, אז מיר זיינען לויטער אַזעלכע גרינגע רעמאַנען ?

— יאָ, אייגענטליך איז דאָס גאַנצע לעבען בלויז א סימבאָל, און מיר קענען ניט אנדערש, ווי נאָר סימבאָליש באַטראַכטען אַלץ וואָס עס טרעפט אונז. דארום זיינען אויך יענע דיכטער די גרעסטע, וועלכע פאַראײנפאַכען ווי מעגליך דאָס לעבען.

זיי זיינען ווידער אַנטשווינען געוואָרען.

— אַך, די דיכטער ! — האַט זשאַנעטע דערנאָך א זאָג געטאָן נאַכדענקליך און טרויעריג. — איהר ווייסט, אז איך האָב זיך געקענט מיט אזוי פיעל פון די באַרימטע, וואָרים איך בין געווען מיט מיין פאַטער אין בערלין און אין אנדערע גרויסע שטעט, און מיין פאַטער איז געווען אמת משוגע פאַר די באַרימטע מענשען. איך האָב זיך געקענט מיט דיכטער, און ביי אנדערע האָט מיר א פריהער ווירקליך דאָס הארץ געקלאַפּט, אַז איך האָב זיך געדאַרפט באַקענען מיט זיי. אָבער ווי שרעקליך איך פלעג אימער אַנטוישט ווערען ! איך פלעג נאָר אימער זיך אליין פרעגען : דו ליעבער גאָט, ווי האָבען דאָס אַזעלכע מענשען געקאָנט אָנשרייבען דאָס אָדער יענעס ? זיי האָבען דאָך אַזעלכע גרויסע געדאַנקען און אַזעלכע גרויסע געפיהלען אין זייערע ביכער, און לסוף זיינען זיי מענשען, פאַר וועלכע מען קען גאָרניט האָבען אזוי פיעל עהרפורכט. און עהרפורכט וויל איך האָבען פאַר א ווירקליכען דיכטער, עס מאַכט ניט, צי ער איז יונג, אָדער אַלט. לאַכט נאָר ניט פון מיר ! אָבער דידאָזיגע מענשען האָבען אלע אַזעלכע אַפּגעלאָזענע פנים'ער, ס'איז אזוי ניט אינטערעסאַנט, וואָס זיי זאָגען, און זיי האָבען

זעהר ליעב גייסטרייך צו זיין ארער כאטש וואזשנע צו שווייגען. א, ניין! איך האס די דיכטער.

באיעזען איז שטיל ווייטער געגאנגען און האט זיך צוגעהערט מיט גלאנציגע אויגען. אלץ וואס זי האט געזאגט, האט זיך גארניט גע־קענט אפגעבען צוריק, ווייל עס האט געפעלט דער ווארימער קלאנג, דאס איינדרינגליכע, דאס נאטירליכע און גראציעזע פון איהר גאנצען וועזען.

— איהר וואונדערט זיך אביסעל איבער מיר? — האט זי ווייטער גערעדט און ציטערענדיג פאר קעלט זיך שטייף איינגעדרעהט אין איר מאנטעל — איך אויך. איך האב תמיד געגלויבט, אז איך וועל משוגע ווערען ביי דעם געדאנק, אז איך וועל אפשר אויך קענען זיין איינע פון יענע אידענעס, — יא, הערט נאר, — וועלכע הויבען אן צו צוואנציג יאהר פעט צו ווערען, האבען התונה, לייענען פראנצויזישע ראמאנען, האבען קינדער, קריגען מיגרען און ווערען אלץ פעטער און נארישער. ניין, אזוי בין איך ניט. עס זיינען געווען גרויסע אידישע פרויען, און איך האב מיין פארבילד. שפעטער, שפעטער אמאל וועט איהר דאס ערפארען. אויך איך בין א סימבאל.

דער יונגערמאן האט זי געזעהן שמייכלענדיג. ער האט זי גע־פרעגט, אויב זי וויל ניט נעמען זיין ארים און וואוהין זאל ער זי פיהרען. זי האט אים גענומען אונטער'ן ארים.

— וואוהין? אך, וואוהין עס זאל ניט זיין! ניין, פרעגט מיך איצטער ניט, וואוהין! זאגט מיר נאר, באיעזען, איין זאך: זיינט איהר ניט א שטיקעל דיכטער?

— איך? ניין, גאר קיין דיכטער ניט. איך בין א מאן פון וויסענשאפט.

— איהר זאגט דאס אזוי פעראנטיש. איך רעכען, מען קאן דורך דעם ווערען א שטאלצער דיכטער, אזוי אז מען איז צו שטאלץ, אום צו שרייבען.

— וואס פאר א שעהן ווארט איהר האט דא ארויסגערעדט! — האט באיעזען זיך אנגערופען.

זיי זיינען געווען ביי אן אלעע. פארשנייטע בוימער, פארשנייטע וועגען האבען זיי אנטקעגען געקוקט. הינטער א האלב־צעבראכענעם פלויט זיינען געלעגען שטיינער אין א גרויסער אומארדענונג, צעמענט־קעסטלעך, לאפעטעס, אויפגעשיכטעטע ציגעל און דארטען איז געשטא־

נען אַ ניט־פּאַרטיגער בנין מיט פּוסטע שוואַרצע פענסטער־לעכער. דער־בײַ איז געווען שוין אַ פאַרטיג אויסגעבויט הויז, אָבער עס איז געווען ניט באַוואוינט. אינ'ם אונטערשטען עטאַזש האָט געברענט אַ טריקען־אויוון, וועלכען מען האָלט טעג־לאַנג אין דער פייכטער צײַט פון יאָהר אין די נײַ־אויפגעבויטע הײַזער. אַ טונקעלע רויטקייט איז פון דאָרט אַרויס, האָט דורכגעשטראַלט די פענסטער־שויבען און איז גע־פאַלען אויף די בלעטערלאָזע קוסטעס און בוימער ביז אריבער דער גאַס. דער פּלאַץ גופא האָט אויסגעזעהן ווי דאָס אינוועניגסטע פון אַ קאַמין.

ביידע זײַנען פאַרבײַגעגאַנגען די פענסטער, האָבען זיך נייגעריג אײַנגעקוקט און זיי האָבען דערזעהן פיער אינגלעך זיצענדיג אַרום דעם ברענענדיגען אויוון און מיט די צעפלאַמטע פּנימ'ער אַרויפקוקענדיג צו אַ יונגען מענשען, וועלכער איז געשטאַנען מיט'ן רוקען צום פענס־טער און האָט צו זיי גערעדט.

— אַגאַטאַן גייער! — האָט באַיעזען דערשראָקען און ביז גאָר ערשטוינט אַרויסגעשעפּטשעט, און זשאַנעטע האָט שוואַך אויסגעשריען.

באַיעזען האָט אים גלייך דערקענט נאָך דער געשטאַלט און נאָך דער באַוועגונג. ווען אַגאַטאַן איז עטוואָס אַפּגעטראָטען אָן אַ זײַט, האָבען זיי ביידע געקאָנט זעהן זײַן פּראָפיל; גערדאַנקענפול און אַנט־שלאָסען האָט ער געקוקט אויפ'ן פייער. די אינגלעך האָבען אויסגע־זעהן ווי אײַנגאַנצען פאַרטיפט; געשיינט, אַגאַטאַנ'ס ווערטער טרינקען זיי, און עס איז געלעגען עטוואָס גלויבינגעס און איבערגעבענעס אויף זייערע פּנימ'ער. פון דעם עלטסטען, וועלכער איז געווען קוים זעכ־צעהן יאָהר אַלט און האָט געטראָגען דאָס היטעל וואָס די קינדער פון יתומים־הויז טראָגען, ביז צום ייִנגסטען, וועלכער איז קוים דרייצעהן יאָהר אַלט געווען.

— מיר וועלען געהן, — האָט באַיעזען שטיל געזאָגט, — עס איז קאַלט.

זשאַנעטע האָט אָװעקגענומען איהר האַנט פון אונטער זײַן אָרים און זיך לאַנגזאַם אָנגערופען געהענדיג ווייטער:

— האָט ער אין זיך ניט עטוואָס פון אַ יונגען קריסטוס?

— יאָ, עס איז עטוואָס אויסעראָרדענטליכעס אין אים. אָבער איהר קענט אים?

זשאַנעטע האָט אַ שאָקעל געטאָן מיט'ן קאָפּ. זי איז געבליבען שטעהן, האָט זיך הילפלאָז ארומגעקוקט און האָט אזוי ווי באַראַכט זיך.

— וואוהין ? וואוהין ? — האָט זי פאַרקלעמט געמורמעלט.

אין דעם מאָמענט איז דורכגעגאַנגען איינע אַן איינגעקוטעטע אין אַ גראָבען מאַנטעל. נאָר די אויגען האָט מען געקאָנט ארויסזעהן, וועלכע האָבען בייז פינקלענדיג זיך באַגעגענט מיט באָיעזען'ס אויגען. באָיעזען האָט געקענט די דאָזיגע אויגען און ער האָט געוואוסט, וואָס ער האָט צו ערוואַרטען פון דער באַגעגענונג. ער האָט רעזיגנירט אַ שמייכעל געטאָן.

זשאַנעטע איז שנעל געגאַנגען ווייטער, און באָיעזען האָט קוים מיט צרות איהר געקאָנט נאָכגעהן. באַלד זיינען זיי געשטאַנען פאַר'ן „זיבעטען הימעל". זיי זיינען אריינגעגאַנגען, אַ הייסע פאַרע האָט זיי אַנטקעגען געשלאָגען. זיי האָבען דערזעהן אַ שרעקליכע אומאָרד־נונג אינ'ם שיין פון די ארונטערגעלאָזענע לאָמפּען. באַרבין איז גע־שלאָפען אויפ'ן ביליאַרד־טיש, די ברינהילדע איז געשלאָפען אויף דר'ערד, די יונגע מענער און טריקאָ זיינען געשלאָפען אויפ'ן פּאָדיום, ליעבעס־פּאַרלאַך זיינען פליסטערענדיג אָדער תמ'עוואַטע געזעסען אין פינסטערע ווינקלען. דער איין „פלאַמענדיגער" איז נאָך געווען אינ־גאַנצען וואַכעדיג. ער איז געזעסען אויף דער ראַמפּע מיט די פיס ווייט פון זיך אויסגעצויגען, דעם שטערען לייכט און נאַכלעסיג אָנגעשפּאַרט אויף דער אויסגעבויגענער האַנט, דעם בליק פאַרלאָרען, מיט שטילען טריאומף לאָזענדיג אים פאַלען אין דער ווייטקייט. אַ שנאַפּס־פלעשעל איז פאַר אים אויף דר'ערד געשטאַנען.

— וואָס טראַכטסטו, ליבלינג פון די געטער ? — האָט זשאַנעטע אים געפרעגט, לייכט אָנרירענדיג מיט די פינגער זיין אַקסעל.

זשאַנעטע האָט אַ לאַך געטאָן :

— האַרט ווי בלעך !

באָיעזען האָט געקוקט אויף זשאַנעטע'ן, וועלכע האָט געטרונקען וויין מיט גרויסע זופּען, און זיין געזיכט איז געוואָרען פינסטער.

דער „פּיאַמענדינגער" האָט זיך אויפגעשטעלט און גענומען ווידער רעטשיטירען:

וועט איך וואָלט אויף אַ פעלז געשטאַנען
אין ים, ווייט, ווייט,
פון מיינע טרוימען, פון מיין פּיין באַפרייט!

נאָכדעם האָט ער ארויסגענומען פון קעשענע א מויל־האַרמאָניקע און גענומען אויסשפּילען א מעגועט. זשאַנעטע האָט זיך אויפגעהויבען, האָט אַנגענומען דאָס קלייד מיט די שפּיצען פינגער פוןביידע הענט, אזוי, אַז די זיידענע זאָקען האָבען זיך געזעהן, און האָט גע־טאַנצט: שמייכלענדיג, פּאַרפירעריש. באַיעזען איז אויפגעשטאַנען, איז ארונטערגעגאַנגען פון פּאָדיום אין די דעמערונג פון דעם איבעריגען חדר און זיך אַוועקגעשטעלט צווישען די שלאָפער, האָט באַטראַכט דאָס איננעלהאַפטע געזיכט פון באַרבינג'ען, האָט געזעהן דאָס ברייט גע־עפענטע מויל פון דעם שטשופּלען פּיאַניסט און די כראָפּענדינגע ברינהילדע. אין אים האָט ערוואַכט א הייסע ליידענשאַפט, און דאָס מענועט, וועלכע האָט זיך צו אים איצט געטראָגען, כמעט ווי פון הינטער וועגט, האָט אים שיער ניט געמאַכט צו כליפּען. ער האָט קוים נעגלויבט, אויב די ערד וועט אים נאָר קענען טראָגען מיט די דאָזיגע געפילען, אזוי שווער איז זיין נשמה געוועזן פון זיי.

ער האָט צופעליג אַפּגעקערט דעם קאָפּ אַהינטער און האָט דער־זעהן זשאַנעטע'ן שטעהענדיג הינטער זיך. ווי געלעמט איז ער געוואָ־רען. זי האָט אויף אים געקוקט פאַרטרוימט און זעלבסט־פאַרגעסען; איהרע אויגען האָבען איצט געהאַט א טונקעלען אומדורכדרינגליכען גרינעם קאָליר, און די רויטע ליפּען האָבען צוגענעבען דעם אזוי בליי־כען געזיכט עטוואָס פון דעם כאַראַקטער פון א פאַבעל־וועלט, עטוואָס וואַמפּירהאַפטעס. לאַנגזאַם האָט זי אים גענומען ביי דער האַנט און אים א שלעפּ געטאָן, איז ארויס מיט אים אויפ'ן פינסטערען וועג און אַוועק ווייטער.

## צעהנטער קאפיטעל.

עס האט געשיינט די שטראַלענדיגע מיטאגס־זון, בעת אגאטאן איז פון דער הויך אַרונטער אין דאָרף אַריין. פון ביידע זייטען וועג זיינען די בוימער געשטאַנען פאַרשנייטע, שיטער באַהאַנגען מיט בלוט־רויטע בלעטער. ווייט דאָרטען האט געלויכטען די שניי־דעקע פון דער לאַנד־שאַפט, און וואו־ניט־וואו איז געלעגען אַ טונקעל, פאַרטריקענט בלאַט אויף דער דאָזיגער ווייסקייט, אויסזעהענדיג ווי אַ גרויסער בלוטס־טראָפען. ווען אגאטאן איז געגאַנגען דורכ'ן דאָרף, האבען אים פיעלע קריסטען באַגריסט, מיט אַפשיי, כמעט ווי מיט אַ יראת־הכבוד. שנעל האט זיך פאַרשפּרייט די נייס, אַז פרוי יעטע איז געזונט געוואָרען דורך זיין וואונדערבאַרע באַרירונג, און אַלע האבען געזוכט אין זיין געזיכט, אין זיין ווערטער און אין זיינע אויסערליכען צייכען פון דער דאָזיגער אינערליכער קראַפט. ער האט זיך געפיהלט ווי אַ האַר איבער דער דאָזיגער קראַפט, דערהויבען, אין דער הויך געטראָגען; אַלץ וואָס איז אין אים געווען ריין האט זיך מיט די דאָזיגע געפיהלען פאַראייניגט, און אַלץ וואָס פינסטער און קליינליך אין זיין נשמה איז אַראָפּגעוואָרפען געוואָרען ווי אַן אויסגעטראָגענער בגד. ער האט אויפגעזוכט אַן אַלטען ספר, און געפונען דאָרטען די געשיכטע פון שבתי־צבי. מיט דורשטיגע אויגען האט ער דאָס געלייענט, ווי גוט ער האט געוואוסט צו אונטערשיידען צווישען דאָס אמת'ע און דאָס אויסגעטראַכטע, צווישען דאָס פאַנ־טאַסטישע און דאָס טיפזיניגע! ווי ער האט דאָס דורך דער פערזאָן פון דעם זעלטזאַמען נביא אַריינגעקוקט אין די נשמות פון די מענשען, וועלכע בויגען זיך ניט פאַר'ן פעסטען ערנסט, ניט פאַר דער באַוועג־ליכער שטים פון דעם מיטליידענדען העלפער, נאָר פאַר דעם פוץ־און גאָלד־טראָגענדען וואָרט־העלד, דעם האַלב־אָפענבאַרער, פאַר דעם וועלכער שפּילט מיט זייער באַגייסטערונג און דאַן שפּרייזט ער, ניט קימערענדיג זיך, איבער זייערע קערפּערס. אבער נאָך האט געפעהלט אין די אַלע זאכען דאָס אינערליכע שייכות צו זיין אייגענער האַנדלונג,

און ער האָט זיך געפּיהלט אויף דער וועלט ווי מיט א טיכעל פארבונ־דען די אויגען, וואַרטענדיג אויף דעם גנעדיגען אָפּבינדער. עס איז אין אים גאָרנישט ניט געווען פון פּראָפּעטענטום אָדער פונ'ם וועלען זיין א פּראָפעט. דאָס רייכע אינערליכע לעבען האָט צוגעגעבען זיינע געזיכטספּיגען עטוואָס איבערמענשליכעס, קענען וואָס עס איז שווער געווען פאַר ווענמען בייצושטעהן. מעהר ווי אימער זיינען זיינע נעכט געוואָרען באַלעבט פון פייערדיגע בילדער: נאַקעטע פרויען, וועלכע, האָבען זיך געריינצט מיט אים, געצויגען אים צו זיך, אים ארומגענומען, געלאַכט פון אים. ווי אָפט איז ער אויפגעשפּרונגען פון בעט און איז צוגעגאַנגען צום פענסטער, אום דורך די קעלט צו באַרוהיגען זיין בלוט! ווי אָפט האָט ער בעטענדיג געקוקט צום שוואַרצען נאַכט־הימעל מיט די קלאָרע ווינטערדיגע שטערען און געוואָרט, אַז דאָס געוועלב פונ'ם הימעל זאָל זיך עפענען פאַר אים מיט א פריינדליכער זעהונג. דאַן האָט ער זיך צוריק אוועקגעלעגט, און די בילדער זיינען איבעראַניים געקומען, צודרינגליכער און פייערדיגער. ער האָט דאַן געזוכט זיינע געדאַנקען אָפּצואווענדען, האָט געטראַכט פון דער וועלט און פון די פאַרשיידענפאַרבקייט פון די געשעהענישען אין איהר, וועלכע האָבען נאָר ווי א ווייטער מאַרק־ליאַרעם אַריינגעקלונגען אינ'ם קליינעם לע־בען, וואָס ער אליין לעבט נאָך.

עס זיינען געווען צוויי ווענזענס אין הויז, וועלכע האָבען אים פיעל באַשעפטיגט. איינס איז געווען די פרוי טעלא העלמוט, דאָס צווייטע איז געווען סעמא. דאָס שרעקהאַפטע, וואָס זי האָט פון אָנהויב פאַר אים געהאַט, האָט זי פאַרלאָרען. אָבער איהר גאַנצער מאַניער האָט געהאַט אין זיך עטוואָס פון א בלאָנדזשענדען פייער. אומרוהיג, כסדר רעדענדיג, כסדר פאַרהאַוועט איז זי ארומגעגאַנגען אין הויז, און כאָטש עס איז שוין לאַנג ניט געווען פאַר איהר וואָס צו טאָן, כאָטש זי האָט ניט געקראָגען באַצאָלט און עס איז גאָר קיין געלט אויף דעם ניט געוועזען, איז זי נאָך אַלץ ניט אוועק. סוף כל סוף האָט מען דאָס געקענט דערקלערען, וואָרים ביז מען האָט זי ניט גערופען צו קיין אַנדערע לייט, האָט זי דאָ געלעבט ביליג, און „איין מויל מעהר מאַכט קהל ניט אָרים", זאָגט גדליה. אָפט פלעגט זי זיך אוועקזעצען און קיין וואָרט ניט רעדען, באַזונדערס ווען די נאַכט פלעגט דאַרפען אָנ־קומען. דעמאָלט פלעגען איהרע אויגען אַביסעל אָנגעקוואָלען ווערען אונטער די אַנטצונדענע דעקלער, זי פלעגט שמייכלען פאַר זיך משוגע־

נערוייז, שאקלען מיט'ן קאפ און ווי באנליקט טיף אפאטעמען זיך. ווען עמיצער פלעגט דעמאלט צו איהר נעמען רעדען, פלעגט זי זאגען שטיל און אנטשידען: „משעפעט מיך ניט! שטערט מיר ניט מיינע גע־אנקען!“ אגאטאן פלעגט איהר דאן שטארק אנקוקען, און עס האט זיך אים געוואלט גלויבען, אז אט די פרוי איז אמאל זעהר שעהן געווען, פיליכט נאר איין טאג אמת שעהן, אין דער נשמה און אין גוף, אום דאן צו דערנידעריגען זיך אויף איין פאריבערגעהענדע שטונדע. אזוי האט אגאטאן אפט געטראכט איבער מענשען, זעהענדיג זייערע מעשים אין דער פארגאנגענהייט, אדער ווי זיי האנדלען אין א באשטימטער פון אים אליין ערפונדענער סיטואציע.

וואס איז שייך סעמא'ן, האט אגאטאן גארניט געוואוסט, וואס ער זאל מיט אים אנהויבען צו טאן. מיט אומרוהיגער זארג האט ער אכטונג געגעבען אויף אלץ וואס אגאטאן טוט, האט געזוכט אראפצולייענען ביי אים יעטווידען וואונש פון די אויגען, געבראכט צו שלעפען א שטול, ווען אגאטאן פלעגט נאר שטעהן, אונטערגעטראגען אים א לעפעל, אויב עס האט אים געפעהלט ביי עסען, זיך פארקליבען אין א ווינקעל וויינען, ווען יענער האט אים עפעס אפגעזאגט, און ווען גדליה און פרוי יעטע האבען איינמאל אין אגאטאן'ס אבוועזענהייט ערנסט זיך צערעדט וועגען א ציל פאר אים אין לעבען, האט סעמא זיך צוגעהערט, וואס אמאל בלייכער ווערענדיג, און האט מיט אמאל אהן א שום אורזאך גענומען הויך כליפען. עס איז געווען מעהר ווי אייפערזיכטיגע פארליבטקייט, עס איז געווען א פולשטענדיג פארגעטערונג, א זעלבסט־פארלירונג און זעלבסט־אויפלייזונג, דער וואונש אליין גארנישט צו זיין, אין דעם פארגעטערטען פריינד וואקסען צו זעהן.

אזוי זיינען טעג אוועק. איינמאל זיינען ביידע געגאנגען אין שטאט, ערשט ביים פראמילער־וועג האט זיי באגעגענט דער הונט פאוסט, וועלכער האט זיך ארומגעשלעפט איינזאם און שווערמוטיג. ווי נאר ער האט באמערקט סעמא'ן, אזוי האט ער געגעבען צו דערקענען זיין פרייד מיט א קורצען, טומפען בילען און ער האט זיך אזוי שטארק צוגעדריקט צום אינגעל, אז יענער איז שיער ניט אומגעפאלען. אויך סעמא האט געשיינט צו זיין דערפרעהט און ער איז נאכגעגאנגען דעם גרויסען הונט, וועלכער איז באלד פאראויסגעשפרונגען און באלד סאפענדיג זיך צוריקגעקערט, און ערשט דאן זיך בארוהיגט, ווען ביידע זיינען צוגעקומען צו גודשטיקער'ס הויז. עס האט שוין

גערעמערט ; א שטורעמווינט האט געבושעוועט ארום, דער טייך האט סטראשענדיג גערוישט. אגאטאן האט זיך געוואלט אפזעגענען, אבער סעמא האט אים שטארק געבעטען, ער זאל מיט אים ארויפגעהן. פרוי גודשטיקער האט נעשיינט צו זיין עטוואס ערשטוינט ; זי האט א לאך געטאן אויף איהר האלב־שפאטישען, האלב־פריינדליכען אופן, און האט אוועקגעלעגט אן א זייט דאס פילאזאפישע ווערק, וואס זי האט געלייענט.

דא האט סעמא ווידער גענומען די פידעל אין האנט און געשפיעלט עס האט ניט אויסגעזעהן, אז ער זאל דערביי זיך אנשטרענגען, אדער ער זאל דערביי וועלען ווייזען זיין קענען. עס האט אויסגעזעהן, ווי ער רעדט איצט. דאך איז געווען אין זיין שפיעלען עטוואס פון יענע טרוימען, אין וועלכע אונזער נשמה לעגט אריין דאס קאסטבארסטע און דאס ריינסטע, וואס זי אליין פארמאגט. פון דער שטונדע אן איז סעמא געווען אין אגאטאנ'ס אויגען עטוואס מעהר, ווי דער קליי־נער, ליבע־באדערפטיגער אינגעל. קיינמאל האט ער אזוי דייטליך ניט געפיהלט, וואו דאס גליק וואוינט, וואס ער זוכט, ווי אין יענעם איינגען, טונקעלען צימער. ער האט געזעהן דעם קלוגען קאפ פון דער עלטערענדער פרוי זיך אפצייכענענדיג אנטקעגען דעם בלויליכען אווענט הימעל. ער האט געזעהן דאס לויכטענדיגע, צעפלאמטע געזיכט פון דעם שפיעלער און די קלארע, קרעפטיגע פונקען, וועלכע האבען זיינע אויגען באשעהנט. אבער ער האט אויסערדעם געזעהן נאך מעהר. די טענער זיינען אזוי ווי פעדים געווארען און פון די פעדים איז געווארען א שלייער, וועלכער האט באדעקט די גאנצע פארגאנגענהייט, און א גייסטערהאפטע האנט האט געשיינט צו שרייבען אויף דעם מיט גאל־דענע אותיות די לאזונגס־ווערטער פון דער קומענדיגער צייט.

ווען סעמא האט אויפגעהערט צו שפיעלען, האט זיך מיט אמאל די טיר געעפענט, און דער קליינער וואנדרעלין האט זיך אריינגערוקט און זיך א ווארף געטאן צו זיין פריינד מיט אן אמת'ען פריידענסגעשריי. עס איז געבליבען אומערקלערליך, פון וואנען ער איז געקומען און ווי אזוי ער האט געוואוסט פון סעמא'ס אנוועזענהייט.

שפעטער זיינען די דריי אוועק אינאיינעם, נאכדעם ווי אגאטאן האט געענטפערט אויף אייניגע איראנישע פראגען פון פרוי גודשטיקער. ער האט אבער געוואלט גלויבען, אז די דאזיגע איראניע איז נאר

געווען דער מאנטעל צו פארדעקען עפעס אן אויפרעגונג, מיט וועלכער זי האט זיך געשעמט.

— וואו האסטו זיך דאס געלערנט שפילען ? — האט אגאטאן געפרעגט סעמא'ן.

— איך האב זיך דאס ניט געלערנט.

— אבער דו האסט דאך געמוזט לערנען זיך די נאטען ?

— דאס זיינען ניט קיין נאטען.

— ניין, דאס זיינען ניט קיין נאטען, — האט ווענדעלין טריי־הארציג באשטעטיגט.

— היינט ווי אזוי זשע קאנסטו דאס שפילען ?

— איך ווייס ניט.

אגאטאן האט א טרייסעל געטאן דעם קאפ.

— עס איז וואונדערבאר ! — האט ער טראכטענדיג זיך אנגע־רופען.

— איך האב אפט געשפילט אין דעם יתומים־הויז, — האט סע־מא שעמעוודיג געזאגט, — דאן האט דאס דער דירעקטאר פארבאטען. עס רעגט אויף די אינגלעך, האט ער געזאגט, עס מאכט זיי רעבעליש. מיין שפילען איז געצענדיענעריש, האט ער געזאגט.

— איז ער אזוי שטרענג ?

— עס איז דארטען שרעקליך !

— מורא'דיג ! — האט ווענדעלין אויסגעשריען מיט פאנאנדער־געריסענע אויגען.

— אבער דארטען זיינען דאך פאראן א סך אינגלעך !

— זיי זיינען אלע זעהר אומגליקליך. אלע האבען זיי אזעלכע בלאסע פנים'ער און מוזען רק דאווענען און דאווענען.

— ווערען זיי דען שווער באשטראפט ?

— אך, ניין, אבער קיינער האט זיי ניט ליעב. אום ווינטער זיי־נען די צימערען קאלט. דאס עסען איז אויך ניט צופיעל. און מען מוז אזוי פריה אויפשטעהן ! די לעהרער האבען אזעלכע פינסטערע פנים'ער. אן אנדערש מאל קומט הער פארקעס און פארהערט. דאס איז שרעקליך.

— און דאס איז אמת ?

— א, זעהר אמת.

— און אט דער קליינער איז אויך דארטען געווען ?

— ניין. ער איז דאָך אַ קריסט. ער לויפט מיר שטענדיג נאָך, גראָד ווי איך דיר, — האָט סעמאַ געזאָגט מיט טרערן אין די אויגן.
— ער בעטעלט, און ער וואוינט ביי אַן אַלטער פרוי. איז דאָס דיין באַבע, ווענדרעל?
— מיין באַבע? זי איז דאָך אַזוי בייז!
אַ לאַנגע פויזע איז געקומען. פּלוצלונג האָט אַגאַטאַן אַ פרעג געטאָן:
— גלויבסטו אין גאָט, סעמאַ?
דער אינגעל האָט צעטומעלט אַ קוק געטאָן אויפ'ן אָוועגט־הימעל.
— איך האָב נאָך ניט נאָכגעדענקט וועגען דעם, — האָט ער פאַרזיכטיג געענטפערט. — מיין מוטער רעדט קיינמאָל ניט דערפון.
— האָסטו מיך אַביסעל ליעב, סעמאַ?
סעמאַ האָט זיך איינגעבויגען, געזוכט אַגאַטאַנ'ס האַנט און אַ קוש געטאָן די פינגער. אַגאַטאַן האָט זיך דערשראָקען.
— קאָנסטו האַלטען בסוד וואָס איך זאָג דיר? און דו אויך, ווענדרעלין? גוט. מיר וועלען די יתומים אַרויסנעהמען פון דעם־דאָזיגען טונמקעלען הויז. וואָס קענען די לעהרער טאָן, ווען זיי וועלען אַלע אינאיינעם אַוועקגעהן אויף אַ גאַנצע נאַכט? אויף מאָרגען קענען זיי ווידער קומען. איך וועל דיר דאָן אויך זאָגען, צו וואָס. אָ, איך האָב שוין פריהער געוואוסט, אַז זיי מוזען זיין אומגליקליך! קענסטו דעם עלטסטען פון די אינגלעך?
— יאָ, ער הייסט מאַרטין אַהליק. אַלע הערען זיך אים צו, און ער איז געשייט.
— קאָנסטו דאָס מעגליך מאַכען, אַז ער זאָל קומען ביינאַכט בעת אַלע שלאָפען? אַז ער זאָל צו אונז קומען און מיט אונז רעדען?
— איז דאָס ניט געפערליך, אַגאַטאַן?
— ניין. בייטאָג איז דאָך דאָס ניט מעגליך.
— ניין, בייטאָג ווערען זיי באַוואַכט.
— אַלזאָ, ווילסטו דאָס טאָן?
— יאָ, אַלצדינג.
— גוט. ערשט וועלען מיר זעהן, וואו מיר זאָלען זיך טרעפען. אינדרויסען איז דאָך צו קאַלט. איך ווייס אַ לעדיג הויז לעבען ענגעל־האַרדטס־פּאַרק. דאָרטען איז שוין אַכט טעג ווי אַן אויווען ברענט צו טריקענען דאָס הויז.

סעמאַ איז אוועק און אין אַ שטונדע אַרום איז ער צוריקגעקומען מיט מאַרטין אַהליק, וועלכער איז געווען אַ פייערדיגער יונג און ער האָט אויפגענומען זיין מיסיע ווי אַ לעבענס־אויפגאַבע, וועלכע וואָלט געקענט אים באַגייסטערען ביז'ן טויט. אין אַ שטאַרקער פינסטערניש האָבען אַגאַטאַן און סעמאַ געשלעפט זיך צוריק קיין צירענדאָרף, און ווענדעלין איז שוין דאַן געלעגען אין אַ פאַס אונטער דעם גיטערהאַלע־וועג.

עס איז געווען אין גייער'ס הויז אַזאַ אומאָרדענונג, און פיליכט אַן אַהנונגספולע אומרוהיגקייט, אַז מען האָט אויף מאָרגען אַגאַטאַן'ס אָפּוועזענהייט קוים באַמערקט. נאָר סעמאַ'ן האָט מען מכבד געווען. אָבער ער האָט שטום געליטען. ער האָט געשיינט צו פיהלען דערביי אַ נצחון, וואָס ער ליידט שמערצען צוליעב אַגאַטאַן'ען.

די אידען אין דאָרף זיינען ניט געווען אויפגעלעגט צו רעדען וועגען די גייערס. מען האָט גערעדט שלעכט וועגען עלקאַנ'ען, ניט נאָר צוליעב דעם אָרעסטירטען הענאַכ'ען, ניט נאָר צוליעב דעם „גוי" אַגאַטאַן. וואָרים עלקאַן גייער האָט ניט אַנדערש געמוזט ווי משוגע זיין, אום צו ברענגען פאַר זיין מויל אַזעלכע ווערטער ; עלקאַן גייער האָט געמוזט אין זיין ברוסט טראָגען עטוואָס אומאויסלעשליכעס, אַז ער האָט געקענט גאַנצענע טעג אָפּזיצען אין שענק, זיין געשעפט לאָזען געהן ווי עס געהט, און די ווייב לאָזען זאָרגען פאַר זיבען מיילער. עלקאַן האָט געמוזט אַ פאַרפאַלענער מענש זיין, אַז ער האָט זיך אָפּגעגעבען צו שכרות : אַ איד זאָל שכור'ען ! קיינמאָל האָט מען אַזוינס נאָך ניט געהערט.

דערווייל זיינען אויף דער וועלט אויך פאָרגעקומען אַלערליי זאַכען, וועלכע האָבען גאָר בעסער ניט געדאַרפט פאָרקומען. עס זיינען פאָרגעקומען יירוננען, וועלכע האָבען אַרויסגעבראַכט די אידען־פּראָבלעמע אויף דער אויבערפלאַך פון דער קאָכיגער צייט, און מען האָט אומעטום גערעדט פון אַ אידען־„פּראַגע", גלייך ווי דאָס וואָלט טאַקע געווען אַ פראַגע, אויף וועלכער מען האָט געדאַרפט געבען אַן ענטפער. איז רוסלאַנד און עסטרייך האָבען זיי עס ווייט געטריבען, און אין דייטשלאַנד האָט איין שוסטער אָדער אַ צווייטער, ניט האָבענדיג וואָס אַנדערש צו טאָן, זיך איינגעגלויבט, אַז ער איז געבאָרען געוואָרען צו זיי אַ משיח, און ער האָט אויפגעהויבען זיין גיפטיגע צונג אַנטקעגען דעם מעהרבאַזיצענדען אידען. דערביי האָבען די וואָס ביים רודער

„קאראול“ געשריען קענען א רויטען אדער שווארצען פעהנדעל, וואס האט אויפגעטויכט ערגעץ־וואו אין א ווינקעל, די וואפען האבען גע־פאדערט מענשען און וואס אמאל אלץ מעהר מענשען, אזוי, אז אפילו דער געדולדיגער פויער האט גענומען שאקלען מיט'ן קאפ און ביי אן אלגעמיינער געשעהעניש האט ער געטראכט וועגען זיין אייגענעם שטאנד. אין דער קונסט האט מען אויך געשריען נאך א דערלייזער, דעם דערוועהלטען גרויסען גייסט און נאך אזעלכע אויסדריקען, און דער וואס האט שיער די הויזען ניט אראפגעווארפען אדער גראזען אנ־שטאט פלייש גענעסען, אדער אויף א שמערצליכען אופן באוויזען די ארימקייט פון די ארימע, איז געווען א זשעני. עס איז געווען א גרוי־סע צייט, אין וועלכער עס האט אויסגעזעהן אמת כדאי צו לעבען. טראהן און כאלופקע זיינען אויף א גלייכען אופן געווען דורכגעדרונגען מיט'ן באוואוסטזיין פון פערזענליכער מאכטלאזיגקייט, און איבער די סך קולות האט מען גאר קיין שטימע ניט געקענט הערען.

ווען אגאטאן האט זיך ארומגעקוקט אין שטוב, האט ער דערזעהן די קלענערע שוועסטער און ברודער, וועלכע האבען זיך געפיהלט זעהר גערריקט פון די אלע געשעהענישען, ניט וויסענדיג וואס און ווען דא קומט פאר. אט איז די קליינע מרים. זי איז געווען א מיידעל, א טונקעלע, בליהענדע שעהנהייט, א איינפאכע, א פארשטענדיגע מיידעל, און זי האט געהאט א הערליכען מויל, וועלכען מען קען זיך נאר פאר־שטעלען. אין דעם איז געלעגען א מיידעלשע איבערגעבענקייט, עטוואס פון יענער ביבלישער טרייקייט, וועלכע האט געשפיעלט א ראליע אין דער געשיכטע פון יפתח'ן. און דאך האט זי זיך שוין לאנגזאם אנט־וויקעלט אין יענעם הויז־פרוי טיפ, וועלכער איז ניכטער און רעזיג־נירט, איז טעמפ און טויט אין אלעס, וואס איז שייך דעם ברייטען לעבען, און וואס זוכט זיין גאנצען אידעאל אין געלט און אין וואשען ריין די דילען. גדליה איז איין טאג אוועק איבער די דערפער און איז שוין מעהר צוריק ניט געקומען. ער איז אוועק האנדלען איבער די הייזער און ער האט קענטיג געוואלט זיך צוריק איינארדענען און לע־בען פון זיין אייגענער פראצע. אפטמאל האט אגאטאן געבענקט נאך אים און ער האט ניט גערעכענט צו זעהן אים ווידער אונטער אזעלכע אומשטענדען.

אין איינעם פון די לעצטע טעג אין נאוועמבער האט אגאטאן בא־וויזען אן איבערראשענדע פראבע פון דער מאכט, וועלכע ער האט

אין זיך געפיהלט. עסטריד׳ס צינעלגיע איז פארגרעסערט געווארען. מען האט געדארפט אויפבויען טריקען־הייזער און דער גרונד איז אויסגע־גראבען געווארען ביז צו גייער׳ס פלאץ. ווען מען האט געשטעלט די ווענט, האבען די ארבייטער ניט ארויסגעוויזען די מינדסטע איינזעהע־ניש מיט גייער׳ס גארטען, זיי האבען דעם פלויט צעבראכען, אריבער־געווארפען די נישטיגע ציגעל, און ווען פרוי יעטע איז איין פריהמארגען ארויפגעפאלען אויף זיי מיט קולות און זידלערייען, איז זי אויסגע־לאכט געווארען, און דאן האבען די ארבייטער זיך גענומען צו אן אמת׳ען קרייץ־צוג אויף דער אידישער פאמיליע, און יעטווידער אנגריף פון פרוי יעטע איז באגריסט געווארען מיט חוזק און געלעכטער, מיט שפאט און האס קעגען אלע אידען. זי איז געגאנגען צו עסטריכ׳ען אליין, אבער עס האט גארניט געהאלפען, און זי האט געשיינט צו זיין איינגאנצען פארצווייפעלט, כמעט מעהר אויס עקשנות, ווי אויס זארג פאר איהר אייגענטום. איין פריהמארגען, בעת זי האט זיך ווי־דער געמאכט פאר א צילברעט צו שפאט און האט גלאט געשריען און געליארעמט, איז אגאטאן צוגעגאנגען, האט איהר פארמאכט דאס מויל מיט׳ן האנט, בעת די מוליארעס האבען אויף אים געקוקט מיט ציני־שער נייגערינקייט אדער מיט כלומר׳שטען ערנסט. ער איז צוגעגאנגען צו א יונגען מענשען, וועלכער איז געווען באשעפטיגט ביים לעשען דעם קאלך און איז א פרעג געטאן:

— דו האסט א מוטער אינדערהיים?

דאס רוצען און אגאטאנ׳ס פעסטער, כמעט טרויעריגער בליק האט אים גאר צעטומעלט, און ער איז גראד געווען פון די סאמע טומעל־מאכער. ער האט אראפגעלאזען די אויגען און גארנישט ניט געזאגט. זיינע קאמעראדען האבען געכיכעט.

— נו, זאג זשע! — האט אגאטאן פארטגעזעצט, — דו דארפסט דאס מיר שוין זאגען.

דער מוליער האט זיך צעלאכט און ער האט ניט געוואוסט, וואו די אויגען אהינצוטאן. ענדליך האט ער אויף אן אומבאשטימטען אופן א שאקעל געטאן מיט׳ן קאפ.

— אבער ווען דו וואלסט יא געהאט, וואלסטו דאך ניט געלאזען זי באשימפען, — האט אגאטאן געזאגט, הארציג און פריינדליך שמייכ־לענדיג, — שטעל זיך פאר, אז דו האסט אינדערהיים א גארטען, און דער גארטען איז כמעט אלץ וואס איהר פארמאגט, שטעל זיך דאס

פאַר, און עס קומען צו געהן אַזעלכע ליט, וועלכע האָבען פאַרגעניגען דערפון, צו פּטר'ען דעם גאָרטען, צו צעברעכען דעם צאָם, צו פאַרוואַרפען מיט שטיינער די בייטען, אויף וועלכע איהר קאָזט וואַקסען אום זומער אייער גרינצייג, און דערפון האָט איהר אַ סך טעג צו עסען, מוזטו וויסען. איך גלויב, אַז דו וואָלסט אויסער זיך געוואָרען פאַר כעס; יאָ?

און אַגאַטאָן האָט אַוועקגעלעגט זיין האַנט אויף דער מאָזאָלינער האַנט פון דעם מוליער, וועלכער האָט צעטומעלט געוויזען די צייהן און זיך געשפּיעלט מיט איינינגע צווייגען פון'ם פאַרדאַרטען קוסט. די איבע־ריגע האָבען אַלעם געהערט און זיי זיינען וואָס אַמאָל אַלץ שטילער געוואָרען. דאָך איז דאָס געווען אַ שווייגען, וואָס האָט ניט אַרויס־גערופען קיין צוטרויען. אַגאַטאָן איז דערפאַר צוגעגאַנגען צום צוויי־טען, וועלכער איז געווען אַן עלטערער מענש מיט אַ גרויסע באָרד.

— רענקסטו, פּעטערקע, אַז איך בין רייכער פאַר דיר? — האָט ער אים דרייסט אַ פרעג געטאָן, — גיב נאָר אַ קוק וואָס איך האָב אויף מיין לייב! און מיין העמד, צי איז דאָס פון אַ בעסערען שטאָף, ווי דיינס? פאַרקערט, דיינס איז פון בעסערען שטאָף, דער שטאָף קאָסט מעהר, דאָס קאָנסטו זיכער גלויבען.

און ער האָט אַרונטערגעצויגען זיין ראָק און געבעטען דעם אַלטען אַ טאָפּ טאָן דעם אַרבעל פון זיין העמד, וואָס יענער האָט דאָס געטאָן. כמעט ווי מעכאַניש און דערביי נאָכדענקענדיג געלאָזען דעם רויך פון זיין פּיפּקע און פאַרשענדיג געקוקט אין די אויגען דעם יונגענמאַן, וועלכער איז אַזוי אומבאַקימערט געשטאַנען פאַר אים. איצט האָבען די איבעריגע זיך ווידער צעלאַכט, אָבער דאַסמאָל שוין גוטמוטיג, און איינינגע האָבען זאָגאַר פאָטאַקעוועט שטילערהייט.

— איהר רעכענט דאָך געוויס, אַז עס זיינען פאַראַן נאָר רייכע אידען? — האָט אַגאַטאָן געפרעגט אין דער וועלט אַריין, ווענדענדיג זיך צו אַ פּאָר אַנדערע און אַריינקריכענדיג צוריק אין זיין ראָק, — דאָס איז ניט אמת. מיין פאָטער מוז זיך מעהר מאַטערען ווי איהר און ער פאַרדינט ווייניגער. ער האָט ניט קיין בוימייסטער, וועלכער זאָל אים יעדען שבת צאָלען שכירות. הכלל, בלייבט דאָס, אַז איהר וועט מעהר גאָרנישט ניט טאָן מיט די שטיינער.

און ער האָט זיך פריינדליך פאַרנייגט און איז לאַנגזאַם אַוועק אין הויז אַריין.

— א ביטערער יונג ! — האָט דער אַלטער מוליער געזאָגט פּיפּ־קענדיג, און האָט אים נאָכגעקוקט, — א דונער זאָל מיך דערשלאָגען, אָבער איצט מיין איך, דאַרפן מיר די שטיינער ארויסנעמען.

אזוי איז דאָס געווען. אין אָוונט זיינען די שטיינער פאַרשוואונדען געוואָרען פון גאָרטען.

פרוי יעטע איז געשטאַנען אין פירהויז, בעת אגאַטאָן איז צוריקגעקומען, און זי האָט אים שטאַרק אָנגעקוקט, ניט זייענדיג אימשטאַנד א וואָרט ארויסצורעדען. זיי זיינען געשטאַנען דאָ אין א טונקעלען ווינקעל, און איידער אגאַטאָן האָט זיך ארומגעזעהן, איז זי שוין געווען געזעסען אויף א קלאָץ און האַרצברעכענד געכליפּעט.

— אַך, אגאַ ! — האָט זי געשעפּטשעט, — אַך, אגאַ !

ער האָט געשוויגען און טריב ארונטערגעקוקט אויף איהר צרה'דיגער געשטאַלט. ער האָט גוט געפיהלט, דאָס וואָס זי באַוויינט, און אַז דאָס האָט זיך ניט באַצויגען אויף דעם היינטיגען טאָג און אויך ניט אויף די לעצט־פאַרגאַנגענע טעג.

צו אָוונט צו, ביים קלאָרען הימעל און פאַרשווינדענדער רויטקייט פון זונען־אונטערגאַנג, איז אגאַטאָן אַוועקגעגאַנגען. צוקומענדיג נאָהענט צו פרוי אַליפאַט'ס הויז, האָט ער דערזעהן סטעפאַן גודשטיקער ארויסקומענדיג פון גאָרטען־טיר, האַסטיג איילענדיג זיך איבער'ן גאַס און מיט שנעלע טריט פאַרשווינדענדיג אין דער ריכטונג צו דער ציגעל־פאַבריק. אגאַטאָן האָט זיך דערשראָקען און כאָטש ער פלעגט אזוי ניט אריין צו מאָניקאַ'ן ניט קיין געבעטענער, האָט ער אָבער היינט זיך אַנטשלאָסען יאָ דאָס צו טאָן. ער האָט אָנגעקלאַפּט, און דערהערענדיג א שוואַכען „אריין !“ האָט ער געעפענט די טיר און דערזעהן זי אַליין אין צימער, אין דעמערונג זיצענדיג ביים פענסטער. איהר מוטער און שוועסטער זיינען ווי געוועהנליך אין דער צייט געווען אין שטאָט. מאָניקאַ האָט פריינדליך געענטפערט אויף אגאַטאָנ'ס באַגריסונג און נערריקט זיין האַנט.

— ביסט אין כעס, וואָס איך בין געקומען ? — האָט אגאַטאָן א פאַרקלעמטער א פרעג געטאָן.

— איך ? ניין, איך פרעה זיך. איך בין תמיד צופרידען צו זעהן דיך, אגאַטאָן !

— ווירקליך ?

מאַניקאַ האָט היציג אַ שאָקעל געטאָן מיט'ן קאָפּ, דאַן האָט זי ווייטער אין פאַרלאָרענער פאַר'חלומ'טקייט געקוקט אויף די פעלדער.

— איך מוז דיר עפּעס פאַרלעזן, — האָט זי אין אַ ווײַלע אַרום געזאָגט.

אין דער צייט וואָס זי האָט אַרויסגענומען דאָס פּאַפּיר פון קעשענע און דאָס פאַנאַנדערגענומען, האָט אַנאַטאָן ביי איהר געפרעגט:

— דו שפּיעלסט זיך שוין גאָר מעהר ניט מיט דיין ליאַלקע?

— אָ, ניין! — האָט זי געענטפערט איבערראַשט שמייכלענדיג, ווי זי וואָלט ערשטוינט געוועזן איבער דעם, וואָס זי האָט גאָר אַמאָל געקענט שפּיעלען זיך מיט ליאַלקעס.

— דו ווייסט דאָך, אַז גודשטיקער איז פאַרלאָבט, — האָט אַנאַטאָן פּלוצלונג אַרויסגעפּלאַצט.

— יאָ, דאָס ווייס איך, — האָט זי געענטפערט ווידער אַמאָל שמייכלענדיג, רוהיג און וויסענדיג, — אָבער הער נאָר צו:

מיר האָבען געקושט זיך, אַרום האָבען ליכט געברענט,
אַז ניט וואָלטען מיר זיך דאָך זעהען ניט געקענט,
די טרערען פאַרשטעלען. די שעה וואָלט אַוועק
אין טרויער און איינזאַם, און אין שטומען שרעק.

מיר האָבען געקושט זיך אין דער פינסטערער נאַכט,
די פינסטערניש העלער די צוקונפט אונז מאַכט.
מיר זעהען דאָס גאַנצענע הויז ביי דעם מער,
מיט אוצרות פול, פון זאָרגען לער.

וואָס זאָגט דער פויגעל פאַרגאַנגענהייט?
פאַרשוואונדען ווערט אַלץ מיט דער צייט?
און פאַטער־צווייפעל, וואָס זאָגט ער?
אַ שאָטען איז דאָס הויז ביים מער?

דער פויגעל טרייבט די נאַכט אַוועק,
דער פאָטער בלייבט דורך אַלע טעג,
און אין דעם פייער ווערט פאַרברענט
דער שאָטען, וואָס איז אויף די ווענט.

עס איז געוועזן נאָכדעם אַ לאַנגע פּויזע.

— ווי אַזוי האָסטו דאָס געקאָנט לייענען, — האָט אַנאַטאָן ענד־

זיך געפרענט מיט א געדריקטען הארץ, — אז עס איז דאך שוין אזוי טונקעל ?

— איך קען דאס אויף אויסוועניג, — האט מאניקא געפליסטערט, איינגאנצען פארזונקען אין זיך, — עס איז שעהן, עס איז שעהנער ווי שעהן.

— אבער צו וואס נעמסטו דען דאס פאפיר, וויבאלד אז דו ווייסט דאס אויף אויסוועניג ? נאר כדי דו זאלסט דאס זעהן ? נאר כדי דו זאלסט קענען זעהן די האנטשריפט ? א, ווי רויט דו ווערסט, מאניקא ! דו ביסט פלאמענדיג רויט ! — אגאטאן'ס שטים האט געציטערט, — מאניקא ! — האט ער דאן אויסגערופען !

— וואס ?

עס איז ניט קיין אמת געדיכט. עס איז שעהן, אבער ניט אמת. אלץ וואס דא שטעהט, איז שעהן, און נאר ווייל עס איז שעהן, שטעהט דאס דא. אבער עס איז אויסגעטראכט. איך ווייס, ווער עס האט דאס געמאכט. אבער ער איז ניט קיין ווארהאפטיגער מענש. נאר אן אמת'ער מענש קאן ווירקליך א קונסטווערק מאכען. איך מיין ניט, אז ער דארף ניט זאגען קיין ליגען אין לעבען, אבער מיט זיין נשמה דארף ער ניט שפילען. ער אבער שפילט, מאניקא ! פארציייה מיר, וואס איך האב דאס געזאגט !

מאניקא האט איהר פריינד נאך קיינמאל ניט געזעהן אזוי אויפגערעגט. און עס איז אויך אויסגעקומען, אזוי ווי אן אנדערער, אן אנטפלעקענדער מויל וואלט צו איהר דאס גערעדט. ווען ער איז אוועק, איז זי געזעסען אין דער פינסטער ביז איהר מאמע איז געקומען.

אגאטאן האט, ווי שוין איינמאל, געטראפען סטעפאן גודשטיקער שטעהענדיג ביי דער ציגעלניע אונטער א לאנטערענדעל. נאך א ביסעל היין און הער רעדען האט ער איינגעלאדען אגאטאנ'ען ארויפצוגעהן מיט אים אין הויז. אגאטאן האט אים נעפאלגט. דער אלטער עסטריך, ברומענדיג און בורטשענדיג ווי אימער ווען ער איז ליבענסווירדיג, כמעט ווי קאמיש, האט אנגעפילט דאס צימער מיט'ן רויך פון זיין פיפקע. און ער איז באלד אוועקגעגאנגען. קעטע איז אריין שטיל, שעמעוודיג און געדריקט. זי האט פון צייט צו צייט געהאט פאר איהר חתן אן איבערגעגעבענעם שמייכעל, יעטווידער קנייטש פון זיין שטערען האט געשיינט צו באאיינפלוסען זי, יעטווידען האלבען ווארט זיינעם האט זי געשיינט נאכצודענקען. איהר ווועזען איז געווען כמעט צו

קינדעריש, צייטענווייז א ביסעל נאריש. די וויכטיגסטע זאכען פון לע־
בען זיינען פאר איהר זיכער נאך געווען אומקלאר. גודשטיקער האט
איהר אפט געגלעט איבער די האר; ער האט געשיינט צו פרעהען
זיך מיט דער גרענצלאזער מאכט וואס ער האט איבער'ן איינפאכען
קינד; יא, ער האט געשיינט צו שטאלצירען דערמיט. אפט, ווען זי
האט עטוואס געזאגט, האט גודשטיקער א לאך געטאן — עס איז געווען
נאר א קלאנג ווי דער טאן פון א טראמפייט, און אגאטאנ'ען איז איינ־
געפאלען א געדאנק: ער האט ביי איהר דעם גלויבען גערויבט. וואס
האט ער איהר דערפאר געגעבען? זיין אייגענע פערזאן. יעדען טאג
האט אגאטאן געלערענט מיט א פעסטער שטימע דאס לעבען, ווי דאס
איז אין דער ווירקליכקייט געווען, ווי דאס וואלט ניט פליסען פון א
געטליכען וועזען, נאר פון טונקעלע, אונטערערדישע קוואלען, פיעל־
נעשטאלטיג, מיט בלאטע געמישט, נאר זעלטען טראגענדיג גאלד אויפ'ן
גרונט, זעלטען אינ'ם גלייכען שטראם, קלאר און קראפטפול רוישענדיג.
זיי האבען גערעדט וועגען דעם מארד. קעטע האט דערקלערט,
עס איז שרעקליך, וואס מען האט דעם מערדער ניט געכאפט. זי
האט אלע נאכט מורא.
אגאטאן האט מאדנע א שמייכעל געטאן.
— פילייכט איז ער גארניט אזא שרעקליכער מענש, פריילין
קעטע? פילייכט באטראכט ער דאס ווי א גרויסע טאט? פילייכט
האט ער זיך דורך דעם באפרייט פון גאר די שמוץ פון זיין נשמה?
און ער פיהלט גאר ניט קיין געוויסענסביסען. פארקערט. ער
האט זיך פילייכט געאפערט פאר א גאנצען פאלק. ניין? איז דען אזא
מארד ווירקליך אזוי שרעקליך? עס איז גאר ניטא קיין בייזע שטראף
פאר אזא גוטען מארד. דאס איז אוממעגליך.
גודשטיקער איז אויפגעשפרונגען און האט דורכדרינגענד אנגע־
קוקט אגאטאנ'ען. דאן האט ער א שאקעל געגעבען מיט'ן קאפ, א
לאך געטאן און איז צוגעגאנגען צום פענסטער. די שויבען זיינען גע־
ווען מיט אייז־בלומען באמאלט, און דער לבנה־שיין האט אויף דעם
געציטערט.
— אבער וואס פאר א מענש האט דאס געמוזט זיין! — האט
ער אויסגערופען, — א גוואלדינער!
— ניין, פילייכט גאר א מענש אהן נערוון. זיינען דען ניטא
אזעלכע מענשען, וועלכע זיינען אזוי ווי א שטיק ערד?

אויף דרויסנ האָט זיך פּלוצלונג דערהערט, ווי אַ קאַץ מיאַוקעט שרעקליך און אַהן אַ סוף. אַלע האָבן זיך צוגעהערט. גודשטיקער און אַגאַטאַן זיינען אַרויסגעגאַנגען.

די לבנה איז געשטאַנען הויך און ריין אין הימעל. דער שניי האָט ווייט אַרום געבליצט און געפינקעלט. אויף די פעלדער איז געלעגן דער שניי־טוי, שימערענדיג ווי זילבער־שטויב. פאַר דער טיר איז געלעגן אַ קעצעלע אין אַ טייך בלוט. גודשטיקער האָט זיך איינגעבויגן און צערטליך געגלעט דאָס באַשעפעניש, גערעדט צו דעם ווי מען רעדט צו אַ קראַנקען קינד. דאַן האָט ער געמאַכט אַ מינע, ווי ער איז אויסער זיך פאַר צאָרן, געסטראַשעט צו דערשטיקען דעם קעצרעל און ער האָט אויסגעזעהן. ווי ער וואָלט זיך גאָרניט קענען באַרוהיגען. אַגאַטאַן האָט אים געוואָלט טרייסטען, כאָטש ער האָט געפיהלט עטוואָס געקינסטעלטקייט אין דעם דאָזיגען צאָרן, ערשט ער האָט באַמערקט אַ שאָטען און דאַן קעטע'ן דערזעהן לעבען זיך. זי האָט געטראָגען אַ שאַל אויפ'ן קאָפּ. איהרע ליפּען, וועמעס רויטקייט עס איז געווען אָפּגעטיילט פון דער בלאַסער הויט מיט אַ שאַרפער און רונדער ליניע, זיינען געווען אַביסעל אָפּען.

— איז דאָס קעצעלע טויט ? — האָט זי געפרעגט.

אַגאַטאַן האָט אַ שאָקעל געטאָן מיט'ן קאָפּ.

— ווער האָט דאָס געטאָן ? פיליכט דער טאַטע. סטעפאַן ? ער האָט זיך אַלעמאָל געטשעפּעט צו דער קאַץ. מיר האָט זיך דאָס אַלץ גע'חלומ'ט די פאַרגאַנגענע נאַכט. ווערסט דאָס גלויבען ? אויך דעם הער אַגאַטאַן האָב איך געזעהן אין חלום.

זי האָט פאַרביינעהענדיג אַ דריק געטאָן די האַנט אַגאַטאַנ'ען, וועלכער האָט כסדר געקוקט אויף איהר.

— דיין טאַטע, זאָגסטו ? — איז גודשטיקער אויפגעשפּרונגען.
— ווייסטו, אַז איך קען דאָס שוין איצטער ניט אויסהאַלטען ? ווייסטו דאָס ניט ? נו, וועל איך דיר דאָס זאָגען. איך בין צו גוט אויפגעלעגט פאַר דעם. יאָ !

ווידער האָט אַגאַטאַן געפיהלט דאָס געקינסטעלטקייט פון דעם־דאָזיגען צאָרן־אויסברוך. און ער האָט אומזיסט געפרעגט נאָך אַ טעם.

— סטעפאַן ! — האָט קעטע געפליסטערט און אַרומגענומען מיטביידע הענט זיין אָרים, — איך וועל טאָן, וואָס דו ווערסט אימער פאַרלאַנגען פון מיר. איך וועל פליהען מיט דיר וואוהין דו ווילסט.

עס איז געוואָרען אַ שמערצליכע פּויזע.

— עס איז קאַלט, מיין נשמה ! — האָט גודשטיקער ענדליך אַרויסגערעדט, און טרייסטענדיג געגלעט איהר האַנט — געה נאָר און לעג זיך שלאָפען. דו קענסט נאָך קראַנק ווערען.

באַלד נאָכדעם זיינען אַגאַטאַ און גודשטיקער אינאיינעם געגאַנגען צום גלח׳ס הויז, וואו גודשטיקער האָט געוואוינט.

— זעהט איהר, — האָט גודשטיקער זיך אָנגערופען, — דאָ האָט איהר אַ קרבן פון אונזער קולטור. אין דער מיידעל שטעקט אַ פּראַכטפול קערענדעל. אָבער זי איז לגמרי אָהן ליידענשאַפט. יאָ, ביי איהר קומט דאָס אויס שרעקליך, דאָס וואָס אַ מאַן פאַרשטעהט אונטער ליעבע. אַזוי זיינען אַ סך. איך האָב פיליכט הונדערט מיידלאַך געקענט, אויך פון אַנדערע געהערט, וועלכע ווילען זיך אָפּגעבען צו אַ מאַן נאָר אויס מיטלייד, ניט ווייל די נאַטור טרייבט זיי דערצו. דאָס איז אַ קראַנקהייט היינט צו טאָג. ווי נאָר אַ פרוי באַטייליגט זיך אין דער קולטור, אַזוי ווערט זי בלוטלאָז.

אַגאַטאַ האָט זיך צוגעהערט געשפּאַנט און באַאומרוהיגט. ער האָט שטיל אין זיינע געדאַנקען געטראַכט, אַז גודשטיקער וויל זיך באַרוישען רעדענדיג. ענדליך האָט ער אים עטוואָס האַסטיג אַ זאָג געטאָן „אַ גוטע נאַכט“.

געהענדיג אַהיים, האָט ער געזעהן אַ מערקווירדיגע האַלוציני־ציע. פון אַ טונקעלען טויער איז אַרויס צו אים קעטע עסטריך און בעטענדיג געהויבען איהרע הענט. געהענדיג ווייטער און אויפלייזענדיג פאַר זיינע אויגען די ערשיינונג אינ׳ם ווינטער־נעבעל, האָט ער מיט אַ הילפס־גרייטען האַרץ געטראַכט פון איהר. ווי גרויס איז אָבער זיין ערשטוינען געווען און זיין שרעק, ווען ער האָט זי מיט אַמאָל ווירקליך דערזעהן ! מיט ראַשע טריט איז זי צוגעקומען און האָט אַ שוואַכען שמייכעל געטאָן, בלייבענדיג שטעהן פאַר אים. זי האָט געוואָלט געהן צו סטעפּאַנ׳ען, האָט זי געזאָגט, און ווען ער האָט זי געבעטען, אַז זי זאָל ניט געהן, האָט זי ניט־אַנטשלאָסען געטרייסעלט דעם קאָפּ.

— וואָס וועט איהר טאָן ביי אים ?

— איך ווייס ניט. איך וויל אים נאָר זעהן. **ווען איך גיב נאָר** אַמאָל אַ קוק אין זיין פּנים, ווייס איך אַלעס.

— וואָס ? וואָס אַן ערך ?

אגאטאן האט געציטערט.

— אָר, גאָרנישט.

אין דער רגע איז אַ סך פאַרגעקומען אין אגאטאַנ'ס נשמה. ער האָט געזעהן פאר זיך די ראָזיגע צאַרטע בריאה, ווי זי פאַרוועלקט מיט יעדער שטונדע. ער האָט געזעהן די קליינע, מיט לבנה־שיין באַגאָסענע הייזער, די טונקעלע אומענדליכקייט פונ'ם נאכט־הימעל, די פינקלענ־דיגע שטערן, די שיינענדיגע פענסטער־שויבען — דאָס אַלעס אין גע־נעגזאַץ צו דער קאָמישער אומרוהיגקייט פון די מענשען, זייער לוסט צו ליגען, זייער מורא פאר'ן קאמף, און צום ערשטען מאָל האָט צו אים די נאַטור אזוי הױד געַרעדט, און ער האָט שוין מעהר ניט געקאָנט מיספאַרשטעהן דאָס טליהענדיגע פייער פון זיין נשמה. דאַ איז געשטאַ־נען פאר אים אַט די שטילע ווארט־קאַרגע בריאה מיט'ן טרייהארציגען בליק, מיט'ן הילפלאָזען צוקען ארום די ליפען, און זי האָט אויף אים הילפלאָז אַ קוק געטאָן, בעת אגאטאָן האָט אַ שמייכעל געגעבען, ווי עפּעס וואָלט אים קלאָר געוואָרען.

— איהר זיינט שטענדיג אזוי טרויעריג, פריילין קעטע, — האָט ער געזאָגט.

זי האָט אַ שאָקעל געטאָן מיט'ן קאָפּ.

— איהר מוזט איינמאָל זיך אַ פרעה טאָן פון גאַנצען הארצען!

— אָבער ווי קאָן איך דאָס? — האָט זי זיפצענדיג געענטפערט.

— איך קאָן דאָס, איך וועל אייך פרעהליך מאַכען, — האָט אגאַ־טאָן געזאָגט.

זי האָט אים אומגלויביג אָנגעקוקט, געהענדיג ווייטער איבער'ן סקריפּענדיגען שניי. אגאטאָן האָט איצטער וואונדערליכערווייז גע־מוזט אַ טראַכט טאָן וועגען גודשטיקער'ס אייביג־שמוציגע פינגער־נע־געל, און ער האָט רעזאָנירט, אַז אַ מענש מיט שמוציגע נעגעל דאַרף קיינמאָל ניט קושען אַזאַ מיידעל, ווען אפילו ער איז אַ דיכטער, דען דאָס דורשט נאָך ריינקייט און פאַרעהרונג. ער האָט זיך דערמאָנט אַן מאָניקאַ'ן, און עס האָט איהם אַזוי אַ ברען געטאָן, אַז זיינע אויגען זיינען איינגאַנצען פארהאנגען געוואָרען. דאַן זיינען זיינע געדאַנקען ווייט געלאָפען צו שבתי־צבי'ן און זיינע פריידענס־פעסטען, און ער האָט ניט געצווייפעלט אין דער עהרליכקייט פון דעם נביא, וועלכער האָט געלעבט דאָס לעבען אין אַזעלכע גרויסע ליניען און האָט אַלץ מיט־ליידענדע באַגליקט.

— איין וואָרט, פריילין קעטע: טרויט איהר מיר?

— איהר זיינט אַזוי מערקווירדיג, אַגאַטאַן. מען מוז אייך טרויען, אפילו ווען מען וויל ניט.

— און איהר וועט אַלצדינג טאָן, פון איצטער ביז האַלבע נאַכט, אַלץ וואָס איך וויל? עס איז ניט קיין שלעכטס.

— אָבער עס איז שפּעט!

— עס האָט נאָר וואָס אַכט אַ זייגער געשלאָגען.

— וואָס זשע זאָל איך טאָן?

— מעהר ניט ווי דאָס: ביי אונז אין הויף שטעהט אַ שליטען. איהר וועט זיך אַריינזעצען. איך וועל אייך פיהרען.

— איצטער? אום גאָטעסווילען, איצטער! איך קאָן ניט. מיין מוטער וועט מיך ניט לאָזען.

— אַך, איהר זיינט גאָר ווי דאָס שלומפּערל פון דער צויבער מעשה! אָבער היינט מוזט איהר זעהן דעם פּרינץ.

— דעם פּרינץ?

— געוויס. איך וועל אָנטאָן מיינע גליטש־שיך און מיר וועלען פאָהרען ביז צו דער אָזערע לעבען ווינצירליין.

— ביז...? ניין, אַגאַטאַן, דאָס איז צו ווייט.

— איצט דאַרפט איהר ניט זיין קליינליך און שרעקעדיג. איך האָב נאָך אויך אַ גראָבע פּאַטשיילע פאַר אייך און מיין מוטער'ס אַ מאַנטעל.

— איהר זיינט אַזוי יונג, אַגאַטאַן, און ווען מען הערט אייך רע־דענדיג, פאַרגעסט מען דאָס גאָר.

אַ פערטעל שטונדע שפּעטער איז שוין דער שליטען געפלויגען איבער'ן גרויסען שליאַך און אַגאַטאַן פון הינטען אויף די שטאָלענע גליטשערס. דער וואַלד איז צוערשט געשטאַנען רעכטס, דאַן לינקס, דער לבנה־שיין האָט אין איהם גערוהט, די ברוינע בלעטער האָבען זיל־בּערדיג געגלאַנצט, די בעראַזאָווע קאָרע האָט ווי נאַלד געשטראַלט, דער שניי איז געלעגען ווי אַ פּאַלבענלאָז, פרישגעוואַשען טוך, דער הי־מעל האָט זיך געוועלבט אין שטילען, מאַטען, קאַלטען ליכט, און דער פרידען, וועלכער האָט זיך אַזוי ווי געצויגען מיט ביידען זייט ביי זייט, האָט זיך אויסגעבּרייט הערליך און ריין.

— זעהט נאָר די עלפען! — האָט אַגאַטאַן זיך אָנגערופען, — זיי פרעהען זיך, וואָס מיר קומען. ווען מיר וועלען זיין אויף דער אָזערע,

וועלען זיי לייכט־פייערן אנצינדען, באַגריסונגס־פייערן. די בלאַנד־זשענדע פייערן ווייזען אונז דעם וועג. זעהט איהר דאָרטען ? איין בלאַנדזשענד פייער, בלוי און גרין... איז אייך וואַרים ? דאָס איז גוט. מיר איז אויך וואַרים. דאָס צווייטע מאָל מוזען מיר מרים'ען מיטנעמען. זי קאָן אזוי לאַכען, אַז עס זאָל זיך מיילען־ווייט הערען, באַזונדערס, ווען עס איז אזוי קאַלט אזוי ווי היינט.

— ווער איז מרים ?

— מיין קליינע שוועסטער.

— אַ שעהנער נאָמען.

— עס איז אַ העברעאישער נאָמען און דאָס הייסט : די ווידער־שפעניגע.

— אזוי ?

— יאָ. אויך מאַריא הייסט די ווידערשפעניגע. אָבער מרים איז גוט און לוסטיג, און שטעלט ניט קיין קשיות ווי אַן אַלטע פרוי.

דאָס אַלעס האָבען זיי גערעדט טראָגענדיג זיך איבער'ן סקריפענדיגען שניי־וועג. און ענדליך איז די אַזיערע געקו־מען. צויבערהאַפט ! גלאַט געפראָרען איז געווען די ווייטע, ברייטע פלאַכקייט, שימער אויף שימער, גאָלדענע און זילבערנע, האָבען אַרומ־געשוועבט, טויזענטער העלבליצענדיגע פונקען האָבען פאַרזעעט דעם שליט־וועג, און אגאַטאַן איז געפלויגען ווי דער ווינט, ווי אַ פייל פון בויגען !

— איצטער הויבט זיך אָן די צויבער־מעשה ! — האָט ער אויס־געררופען. — איצטער קומען פעען און גייסטער.

— און דער פרינץ ?

— ער קומט צום לעצטען.

— ניין, צום ערשטען, ווי איהר האָט צוגעזאָגט !

פון ברעג האָט זיך אויפגעהויבען די גנאָמען־מחנה, לאַכענדיג, הוהוקענדיג און האָט געטאַנצט מיט ווייטע שפרינג אַרום דעם פאַרעל.

— מיר איז היים ! — האָט קעטע אַרויסגערופען לאַכענדיג, און פול מיט התפעלות אַ פאַטש געטאָן מיט די הענט, וואָרים די לאַנד־שאַפט איז פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין אַ צויבער־קעניגרייך.

מען האָט געזעהן בליץ־לאַמפען ברענענדיג ווי אין אַ זאַל ; פון צייט צו צייט האָט זיך פון דער ווייטען געהערט ווי אַ געזאַנג פון העל־לע מיידעל־שטימען, און אַן אַנדערש מאָל ווי אַ גלאָקען־קלאַנג ; רי־

טער און וואַפֿען־טרעגער און איידעלע דאַמען האָבען פֿון דער טיפֿעניש אַרויסגעשטייגט ווי צום טאַנץ געקליידט. וואָרים דאָ איז אַמאָל אַ מעכ־טיגער פּאַלאַץ איינגעזונקען געוואָרען. קעטע׳ס בלוט איז געפֿלאָסען האַסטיג און שטורעמדיג. זי האָט זיך געפֿרעהט און מיט די הענט גע־פּאַטשט, אַזוי ווי אַ קינד. זי האָט זיך גאָרניט געקענט דערמאָנען, צי זי איז ווען אַזוי גליקליך געווען. זי איז געווען ווי באַרוישט, און אַגאַטאַן האָט געשמייכעלט צו איהר זעלטזאַם, טרוימעריש. ווי אַ שטור־רעם האָט זיך די בענקשאַפֿט געהויבען אין זיין ברוסט. אַ גאַנץ לאַנד, אַ גאַנץ פֿאָלק אַזוי גליקליך צו מאַכען! עס איז אַ טונקעלע צייט, האָט אַגאַטאַן געטראַכט, און ווער עס ברענגט איהר די פֿרייד, דער קומט צו איהר מיט אַ פֿלאַמענדיגען פֿאַקעל.

דער שליטען איז געפֿלויגען צוריק אַהיים, אַנטקעגען דער זינקענ־דיגער לבנה.

## עלפטער קאפיטעל.

אין א פרעהליכער שטימונג האט באיעזען פארלאזען זיין וואוינונג אויף דער לואיזע־גאס, און דער קאלטער, נעבעלדיגער דעצעמבער־מארגען האט ניט באטריבט די קלארקייט פון זיין זעלע. דא האט אים באגעגענט א שליח און אים איבערגעגעבען א בריף. ער האט איהם אויפגעריסען און געלייענט:

„קומט ניט מעהר. לאזט מיר איננאנצען די פרייהייט, וועלכע איך האב זיך איינמאל אויסגעקליבען. איך האב, אמת, געקענט פא־דערען, אבער איך בעט נאר. פרעגט ניט, פארוואס. האט איהר ניט באמערקט, אז ווען צוויי שיקזאלען פארבינדען זיך, ווערט דער וועג צום גליק טאפעלט שמאל? דאס לעבען איז אזוי קליין און קאן ניט רעגירט ווערען דורך א גרויסען זין. קענט איהר זיך פארשטעלען, אז מען זאל ניט גלויבען מעהר אין די אלע שעהנע ווערטער פון פרייהייט א. אז. וו. נאר אין דעם טויבען בלינדען צופאל? איינער זוכט זיין שיקזאל, דעם אנדערען געפינט דאס. וואס רעד איך דא! נעכטען האב איך געטראפען מיין זיידען, און איך וויל ניט זאגען, אין וועלכען צושטאנד. קומט ניט מעהר!"

באיעזען איז ניט געווען גענוג פרויען־קענער, אום צו באמערקען די שוואכע ענערגיע פון אט דעם געפייניגטען בריף. ער האט זיך גע־נומען דעם בריף צום הארצען, האט א קוק געטאן דעם זייגער, זיך האס־טיג צוריקגעקערט אין זיין וואוינונג, זיך אוועקגעזעצט ביים שרייב־טיש, געקייט א צייט פארקלעמט דעם פעדער־האלטער, און דאן גענו־מען שרייבען:

„איך האב געוואלט, א שטארקע פרוי צו געפינען, און האב גע־פונען א שוואכע. אדער וואס זאל דאס זיין? וואס זאל איך טראכ־טען פון דעם? באטייט ד א ס די גרעניצלאזיגקייט פון דער ליידענ־שאפט, פון וועלכער דו האסט געטרוימט? איז דאס די געוועהנליכע, באנאלע ראמאנען־חרטה? זאל איך דאס גלויבען? בשום אופן ניט!

דאָס שיקזאַל האָט זיך מיט אונז אומגעוועהנליך באַגאַנגען, און מיר מו־
זען זיך אומגעוועהנליך מיט איהם אָפּרעכענען. איך זעה דיך נאָך אין
דיין ברען, אין דיין שמייכעל, אין דיין הינגעריסענקייט. און איצט?"

ער האָט אָנגעשריבען ביז דאַנען, ערשט אַ האַנט האָט זיך אוועק־
געלענט אויף זיין אַקסעל. אַ קוק טוענדיג אַהינטער האָט ער באַמערקט
זיין ווייב, און עס האָט אים אויפגעטרייסעלט.

— עריך, דו שרייבסט צו אַ פרוי, — האָט זי געזאָגט פּאַמעליך
און באַטאַנט.

— פאַני, דו פאַנטאַזירסט.

— עריך, דו שרייבסט צו אַ פרוי!

זי איז געווען בלאַס ווי דער טויט, און האָט קאָנוואולסיוו אָנגע־
כאַפּט מיט'ן האַנט דאָס ווענטעל פון שטול.

אין אַזאַ פאַל קלערט אויס אַ מאַן ענטוועדער אַ צערטליכען לי־
גען, אָדער ער ווערט ברוטאַל. באַיעזען האָט זיך צעלאַכט, צונויפגע־
לעגט דעם אָנגעהויבענעם בריף און צעריסען דאָס. דערנאָך האָט ער
אָנגעטאָן זיין הוט, אוועקצוגעהן.

— גוט, — האָט פאַני באַיעזען געזאָגט, — דערמיט דער־
קלערסטו זיך פאַר שולדיג. איך פאַרביטער דיר דאָס לעבען. איך בין
ניכטער און קאַלט. איך האָב קיין פאַרשטענדעניש ניט, איך בין דום.
איך בין אומגעדולדיג און נערוועז. דו האָסט דאָך דאָס אַלעס געשריבען
צו אָט דער... אָט דער דאַמע?

— דו האָסט מאָדנע פאַרשטעלונגען פון אַ ליבעס־בריף, מיין
טייערע!

— נו געוויס, עריך, איך קען זי ניט, די דאָזיגע פרוי, אָבער זי
וועט דיר אין דר'ערד אריין ברענגען. איך וויל זיך ניט ארויסווייזען
פאַר דיר מיט פאַרצווייפלונגס־אויסברוכען. איך בין צו גוט אויפגע־
לעגט פאַר דעם, מיט איין וואָרט, כאָטש איך האָב אַ סך זאַכען ניט
ליעב, ווי דאָס טרעפט אַמאָל. אָבער איך וויל נאָר וואַרטען אויפ'ן
סוף.

— אָבער דו פאַנטאַזירסט דאָך, דיר חלומ'ט זיך! — האָט באַ־
יעזען אויסגערופען דערשראַקען און געשפּאַנט.

— מיר שלאָפען דאָך אימער אַ בעט לעבען אַ בעט, און דיר
חלומ'ט זיך אויך.

— וואָס מיינט דאָס?

— איך קאָן קיין נעבּט ניט שלאָפען, און איך הער דיך, ווען דו שלאָפסט איבּערהויפּט אינדערהיים. דאָס נאַכט־לעמפּעל בּאַלייכט דיין געזיכט. ביסטו דעמאָלט ביי איהר, פאַרשטעהסטו?

בּאַיעזען האָט געבּיסען זיינע ליפּען. ער איז אַוועקגעגאַנגען און איז געווען פאַרשעמט. ער האָט געקויפט ציגאַרען און גענומען רווי־כערן, וואָס ער פלעגט קיינמאָל פאַרמיטאָג ניט טאָן. אין די פינסטערע קאָרידאָרען פון דער שול־געביידע האָט ער געטראָפען די הערען, וועלכע האָבען, בּאַנוצענדיג זיך מיט דער הפסקה, וואַזשנע אָדער טיפזיניג אַרומגעשפּאַצירט, די האַנט אויפ'ן רוקען אָדער צווישען דעם צווייטען און דריטען קנעפּעל פון ראָק־בּרוסט. עס איז ניט גרינג צו זאָגען, ווענען וואָס זיי האָבען געטראַכט, און עס איז אומוואַרשיינ־ליך אָנצונעמען, אַז זיי זאָלען האָבען געטראַכט ווענען דעם לעבּענס אַלטענליכקייטען. וואָרים אַזעלכע וויכטיגע הערען ווי זיי זיינען געווען, האָבען געמוזט זיך אויך פאַרטראַכטען איבּער געגענשטענדען, וואָס זאָלען אַנטשפּרעכען דעם זיגעל פון זייער פערזענליכקייט. דאָק־טאָר ראָזענבּלאַט (עס איז די אייגענטימליכקייט און דאָס מאַרטיריום פון דעם ראָזיגען שטאַנד, אַז ער זאָל זיך רק מוזען אויספּיינען מיט אַ כלומרשטדיגען טיטעל פון דאָקטאָר אָדער פּראָפעסאָר, כדי צו געווינען די ווערדע פון דעם שטאַנד אין די אויגען פון דער פּראָפאַנען־וועלט), דאָקטאָר ראָזענבּלאַט אַלזאָ האָט, אום צו בּאַווייזען, אַז ער איז אָן אויס־נאָם פון אַלעמען, געהאַלטען זיינע ביידע הענט אויפ'ן רוקען. אַריינ־געהענדיג אין אַ קלאַס־צימער, פלעגט ער תמיד מוזען קאָנסטאַטירען דעם פאַקט, אַז עס שטינקט. ער פלעגט דאָס בּאַהויפּטען מיט אַ העפּ־טיגען געשריי און פלעגט דאַן די פענסטער אויפעפענען. צוגעגעבּען, אַז דאָס איז ניט געווען קיין קלוגשאַפט פון זיין זייט, אַז דאָס איז געווען אַ פּייל, וועלכער האָט געקענט אויף אים אַליין אָפּשפּרינגען, מוז מען אָבּער פון דער אַנדער זייט אַנערקענען, אַז די ראָזיגע קאַטעג־גאָרישע דערקלערונג פון זייט פון אויסגעצייכענטקייט האָט ווידער געקאָנט דיענען פאַר אַ בּאַווייז פון זיין שטאַרק אַנטוויקעלטען חוש פאַר ריינליכקייט. דאָס ראָזיגע צייגניש האָט מען, צום ביישפּיל, גאַר־ניט געקאָנט געבּען דעם הער פּראָפעסאָר שאכנא. וואָרים אויב דער גלאַנציגער פּנים פון זיין ראָק וואָלט זיך געלאָזט אַנאַליזירען פון בּאַיעזענ'ען, וואָלט מען געקאָנט אויסגעפינען דעם שפּייז־צעטעל פון דעם בּכבוד'יגען פּראָפעסאָר פאַר'ן משך פון דעם פאַרלאָפענעם סעמעס־

טער. אבער פראפעסאר שאכנא איז געווען א כטאאיקער; דאס דערקלערט אלץ; א ליבענסווירדיגער, שטאנדבאוואוסטער מאן, וועלכער האט תמיד געשטרעבט אין זיינע געדאנקען צו פארפאלקאמען זיין ערציהונגס־אידעאל — די שטראף־ארבייט.

באיעזען האט ניט נעזעהן די פינסטערע מינעס פון זיינע קאלעגען, אדער ער האט זיך דאס געמאכט, אז ער זעהט ניט. דאך האט ער גוט געפיהלט, אז עפעס ליעגט אין דער לופט. ווען ער האט שפעטער געלערנט אין איינעם פון די נידעריגע קלאסען די ערשטע כללים פון דער אנארגאנישער כעמיע, האט ער באמערקט, אז ער איז אינערליך פארנומען אזוי אינטענסיוו מיט גאנץ אנדערע זאכען, אז אין זיין פאנטאזיע האבען זיך אויפגעהויבען סצענעס און בילדער, און ער האט איינפאך ניט געוואוסט, וואס ער לערנט.

אז עס איז אריבער א שטונדע, איז אריין דער פעדעל און האט אים גערופען צום רעקטאר. באיעזען האט א שמייכעל געטאן, פאנאנדערגעלאזען זיינע תלמידים, איז געלאסען ארויף אויף די טרעפ און איז באלד געשטאנען פאר'ן הערשער פון דער שול־מלוכה. און ניט פאר אים אליין גאר, פינף פון די עלטסטע הערען האבען אזוי ווי זיין גווארדיע נעבילדעט — א פעסטונג פון ניט־אונטערקויפטער נערעכטיגקייט, פון אייביגער מאראלישקייט, פון אומערשיטערליכער ערנסטקייט.

— הער באיעזען! — האט דער רעקטאר פייערליך אנגעהויבען, מיט כמעט אן אומבאמערקבארער מישונג פון סארקאזם מיט טייוולאנישער פרייד, — איהר זיינט אונז אלס קאלעגע ליעב געוועזען און אלס לעהרער ווערטפול. מיר האבען זיך טעגליך געקאנט איבערצייגען פון דער שטרענגער ענערגיע, מיט וועלכער איהר האט אייער אויפגאבע דורכגעפירט. מיר האבען נעגלויבט, אז מיר וועלען ווען עס איז האבען אין אייך א שטאלצען זייל פון אונזער אנשטאלט, א געעהרטען און געאכטעטען מיטבירגער, א טאדעללאזען ערציהער. פאטערלאנדס־ליעבע, ריינע, מאראלישע אויפפיהרונג, רעליגיעזיטעט, דאס זיינען די ארדענס, וועלכע באצירען די ברוסט פון א ראטגעבער פון דער יוגענד מעהר ווי קעניגליכע ארדענס. מיר מוזען זיך מודה זיין, אז מיר האבען זיך אין אייך גענארט.

אן אומבאשטימטע מורמלעריי פון דער גווארדיע האט באגלייט די ווערטער, וועלכע האבען אזוי ווי געמוזט באצייכענט ווערען אלס

פארפאלקאמט אין הויכקייט, איינזעהעניש און גוטסקייט.

— וואס ווילט איהר דערמיט זאגען, הער רעקטאר ? — האט באיעזען רוהיג א פרעג געטאן.

— איך מיין דערמיט צו זאגען, אז איהר, ווי אונזערע געוויסענ־האפטע נאכפארשונגען האבען אהן שום צווייפעל באוויזען, זיינט ניט מסוגל צוליב אייער מאראלישער אויפפירונג צו האבען א גינסטיגען איינ־פלוס אויף די שילער, — קורץ, אז איהר זיינט אראפ פון דרך הישר. אלס מענש דארף איך אייך אײנפאך ווארענען, פון טיפסטען הארצען אייך ווארענען, ווייל איך בין עלטער פון אייך. אבער אלס פארשטעה־ער פון דעם דאזיגען אינסטיטוט איז מיין פליכט אייך צו בעטען, איהר זאלט אויפהערען דא צו לערנען ביז מיר וועלען מעלדען די זאכ־לאגע צום מיניסטעריום און באקומען די ווייטערדיגע אנטשיידונג.

באיעזען'ס באקען און שטערען זיינען רויט געווארען און זיינע הענט האבען געציטערט. דער רעקטאר אבער האט זיך אויסגעגלייכט און ווייטער גערעדט :

— פארטיידיגט זיך ניט ! זוכט אונז ניט צו איבערצייגען, פון וואנען דאס נעמט זיך. מיר זיינען געווען פארזיכטיג בנוגע אונזערע שריט. איהר פארברענגט אין א שענדליכען פלאץ מיט שענדליכע פארשוינען און מיט שענדליכע פרויענצימער. עס איז מיאוס, און פאר מיר אלס הויפט פון אן אנשטאלט אויף וועמעס נאמען קיין פלעק לינט ניט, וועמעס פעדאגאגישער רוהם איז ארייננעדרונגען ווייט אי־בער די גרעניצען פון אונזער אייגען פאטערלאנד, — זאג איך, אז עס איז פאר מיר א שאנדע, אזוי דייטליך צו קאנסטאטירען אזא פאסירונג. אבער איהר צווינגט מיך דערצו, מיין הער ! אייער אומפארצייליכע זינד איז נאך שווערער דערמיט, וואס איהר זיינט א מענש מיט א נאמען און דאך האט איהר ניט געהאט גענוג עהרענ־געפיהל, ווי א פעדאגאג צו צאמען זיך. אבער נאך ניט דאס אליין איז געווען מאס־געבענד פאר מיר. אפילו נאר פון ווענינע אנדייטונגען, וועלכע קענען זיך שארף איינגראבען אין דעם גייסט פון די יונגע צוהערער, דאס וויסט איהר גוט אליין, האט זיך ארויסגעוויזען, אז איהר האט עס אין לערנען, — מיינע הערען, באמערקט דאס נאר גוט, אבער האלט איין אייער איידעלע אנטריסטונג, — אז איהר האט זיך זאגאר ער־לויבט ארייננצוווארפען סקעפטישע ווערטער, וועלכע האבען געקאנט שטעלען אין געפאר די רעליגיעזיטעט פון די שילער, און אז איהר זיינט

אויף אזא פארברעכערישען וועג, צו העלפען פארשפרייטען די אב־שייליכע צייט־קראנקהייט פון אטעאיזם און פון פיעטעטלאזינקייט. מיר ווייסען, אז איהר האט זיך פול מיט ליעבע באצויגען צו דעם אויס־געשלאסענעם שילער אגאטאן גייער אויף נאך דער מעשה וואס ער האט אפגעטאן, און איצט ווערט מיר שוין פיעל קלארער וועגען דער אומגע־הערטער טאט פון דעם דאזיגען אומגליקליכען, משוגע געווארענעם אינ־געל. און איצט קומען מיר צו דער שווערסטער אנקלאגע, וועלכע קאן אייך שוין גארניט רעכטפערטיגען. איהר האט אין אן עפענטליכען פלאץ, אין א געשפרעך מיט איינעם פון אייערע אויסדערוועהלטע פריינד, גערעדט זאכען פון אן אמת... קורץ, פון אן אמת סאציאל־דעמאקרא־טישער טענדענץ, אזוי, אז מען האט אייערע ווערטער געהערט ביי די דערבייאיגע טישלעך. איך האף, איהר האט חרטה אויף דאס אלעס און איהר וועט ווערען א בעסערער מענש. פאר די אומשולדיגע בלי־הונגען, וועלכע מען האט אייך אנפארטרויט, איז שוין דא אן אנדער גערטנער. און איצט בעט איך אייך, אונז צו פארלאזען. אדער האט איהר נאך עטוואס איינצוואווענדען? אבער איך מאך אייך אויפ־מערקזאם, אז אונזער צייט איז זעהר קורץ.

באיעזען האט זיך קיין ריהר ניט געטאן. זיין האנט האט נאך אלץ שטיל געציטערט. זיינע אויגען האבען אויפמערקזאם געקוקט אין דער ווייטקייט, ווי זיי וואלטען זוכען שוין צו באקענען זיך מיט די קומענדיגע שטונדען פון נויט און הונגער. ארום זיינע ליפען האט געשפיעלט א האלב־רחמנות'דיגער, א האלב־טרויעריגער שמייכעל. דער רעקטאר האט הילפלאז אנגעקוקט די גווארדיע־הערען איינעם נאכ'ן אנדערען, וועלכע האבען דאן אין דעם זעלבען סדר שווייגענדיג די קעפ געשאקעלט. ענדליך האט באיעזען זיך אנגערופען:

— מיינע פארברעכענס זיינען פארברעכענס. פאר אייך, נא־טירליך, מוזען זיי אזעלכע זיין. איך קאן אלזא גארנישט ניט זאגען עפעס אנטקעגען. אבער וואס איז שייך די „אומשולדיגע בליהונגען“, וואלט איך וועגען דעם וועלען זאגען א פאר ווערטער. דאס וואס איך האב אימער געוואלט, וואס עס איז אבער ניט געשטויגען ניט געפלויגען, א קאמף מיט ווינט־מיהלען, איז, וואס איך האב די שילער געוואלט בא־וועגען אליין צו דענקען, פון אנדרייטונגען, פון אנשויאונגען א געזעץ צו קאנסטרואירען. איך האב זיי פון דער וויסענשאפט א געשמאק שטיק ברויט געמאכט, ניט קיין לעקציע פאר'ן זכרון. אבער איהר, מיינע

הערען, ארבייט נאר פאר א טויטגעבארענעם קינד. וואס איהר טוט, איז אימער אהן אויסזיכטען. ווי אומפארדייליכע שפייז בלייבט דאס ליגען אינ'ם מאגען פון אייערע הארעוואניקעס. איהר גיט זיך קיינמאל ניט די מיה ארונטערצושטייגען. נאר איהר בלייבט גדלות'דיג זיצען אויפ'ן קאטעדער אדער אויפ'ן לעהר־בוך. אזוי ווי איהר פיהרט דאס, איז די שולע אן אנשטאלט פאר טעמפּקייט, און פון דעם דאזיגען זומפּ וועט ניט ארויסקומען קיין מונטער־פליסענדיג וואסער. אלע בלייבען אומגליקליכע מאריאנעטען. אדער ווי איהר רופט דאס, פוילע שילער. אבער פויל זיינען נאר אייערע אינסטיטוציעס, דאס מעגט איהר וויסען. ווער עס וויל דער יוגענד עטוואס נאהענט ברענגען דעם גייסט, מוז ער דאס טאן מיט'ן הארצען, ניט מיט'ן וואקאבולאר. איך וואלט וועלען זאגען, ער מוז אביסעל שפּיעלער זיין, ער מוז כמעט עטוואס קינסטלער זיין. אבער ווי זאל דער שטאט דאס ארויסברענגען? איהר, הער הארבמוס, וועלכער שטעהט דא אלס לערער פון געשיכטע, זייט אויפריכטיג. האט איהר ווען געטראכט וועגען דעם, די שילער צו באקענען מיט די גרויסע מענשליכע זאכען פון דער געשיכטע? האט איהר ווען פּרובירט צו דערקלערען דעם גייסט פון דעם גראנדיעזען צוזאמענהאנג? האט איהר ווען דערפון געמאכט א פארבען־רייך בילד, און דאס וואלט געוועזען פון מעהר מאראלישען ווערט, ווי הונדערט טויזענט יאהר־רעכענונגען און נעמען פון דינאסטיעס, גלויבט מיר! אבער דערפון האט איהר אליין אפילו קיין אהנונג ניט, ווי אזוי זשע זאלט איהר מיר קענען געבען אויף דעם אן ענטפער? איין Null ourert אינ'ם סקאט־שפּיעל איז אייך פיעל אינטערעסאנטער. און וואס איז שייך רעליגיעזיטעט און פאטערלאנדס־ליעבע, הער רעקטאר, זאלט איהר נאר קיין אנגסט ניט האבען. דיביידע זאכען ווייזען זיך ניט ארויס אין געצענדיענסט. דאס וואס איהר מיינט מיט די דאזיגע שעהנע ווערטער, איז רמאות און צביעות. בארוהיגט זיך נאר, איך געה שוין. פיליכט קומט די צייט אפילו נאך פאר אייך, וועלכע האבען גרויע האר, וואס איהר וועט מיט אנגסט געדענקען דאס, וואס איך האב אייך ערשט געזאגט. איך זאג אייך „א גוטען", מיינע הערען!

ער איז שנעל ארויס און ער האט איבערגעלאזען די זעקס ווירדיגע שול־מענער אין אן אומבאשרייבליכער ערשטוינונג.

— געהט נאר ארונטער, שאכנא, און דערלאזט ניט, ער זאל רעדען מיט די שילער, — האט דער רעקטאר געזאגט אן אויפגערעגטער.

באיעזען האט גארניט געטראכט פון דעם. ער האט גלייך פאר־לאזען דאס שול־הויז און איז געגאנגען מיט דער מאטילדע־גאס, ביז עס האבען זיך שוין די הייזער געענדיגט, ביז דער פליין איז פאר אים געלעגען, ווייט ברייט אהן א גרעניץ. און וואס ווייטער און ווייטער ער איז געגאנגען, אלץ מעהר און מעהר האט ער זיך פארגעסען אן זיין פערזענליכען שמערץ, און אלדאס דריקענדע און געדריקטקייט, וואס אין אים איז געווען, האט זיך אויפגעלייזט אין איין גרויסען, אלגעמיינעם צער וועגען עפעס אומבאשטימטעם, פארלארענעם, אין עפעס ווי אן אויס־געהויכטע טרויעריגקייט וועגען אן אומזיסטען קאמף. ער האט דער־פיהלט יענע מידיגקייט, וועלכע פילט אונז אן מיט אן אומזיכערען און כיערקווירדיגען שטאלץ, וועלכע פיהרט אונז צו אומבאשטימטע, אבער טרייסטליכע בילדער, ביז צו די טירען פון יענעם שווערמוט, וועלכע הענגט זיך אן מיט ליבעפולער הארציגקייט אן אלע געגענשטענדען פון דער נאטור און גיט צו א טיפע, פארבאדייטונגספולע וויכטיגקייט אויך צו דעם צופעליגען פליה פון א פויגעל.

שטיל און נעבעלדיג, ווי פארפרארען. איז דא ארער דארט געלעגען א דארף. גלייך ווי א וואנט פון שלייערס האט זיך אין דער ווייטקייט דא און דארט א וועלדעל אויפגעהויבען. דער הימעל איז געווען אומ־באוועגליך ; עס איז ניט געווען צו זעהן קיין איינציגע וואלקענס, נאר איין שווער־ארונטערגעהאנגענע דעקע. דערנער־קוסטעס זיינען גע־שטאנען אויפ'ן וועג און האבען פארמערט דאס גריבלערישע, דאס אין־זיך־פארזונקענע פון דער דאזיגער לאנדשאפט. ראבען זיינען קלאנגלאז געפלוינען איבער די פעלדער, האבען זיך צוגעזעצט מאיעסטעטיש אויף שווארצע קאמעס ערד, וועלכע האבען ארויסגעשפארט פונ'ם שניי, און אהן מורא געקוקט מיט די כיטרע און בייזע אויגען אויפ'ן וואנדערער.

באיעזען האט איין א דארפישען שענק אפגעגעסען א מיטאג, האט פארבראכט מיט די פויערים און האט צום ערשטען מאל בא־מערקט, אז דער פרענקישער פויער איז א אינטעליגענטער, ערנס־טער און גוטהערציגער מענש. און האט גארנישט פון דער גנבי'שער פיפיגקייט און פון דעם פארבארגענעם האס צום שטאט־מענשען, וואס פיעלע אנדערע פויערים האבען.

ער איז צוריקגעקומען אין שטאט. ווען עס איז שוין געווארען טונ־קעל. און עס האט זיך אים אויסגעזעהן, ווי ער וואלט א יאהר לאנג געווען אוועק פון שטאט. כמעט ווי מעכאניש, ווי דאס וואלט געווען דער

פועל־יוצא פון א ווייט צוריקליענדען אנטשלוס, איז ער אוועק אין דער זייט פון זשאנעטע'ס וואוינונג, און ער האט זי געטראפען איינע אליין.

זי איז ניט געווען ערשטוינט צו זעהן אים. און זי האט אים רוהיג דערלאנגט די האנט.

— דו ביסט אזוי פרעהליך! — האט זי געזאגט און באנג א קוק געטאן צו דער טיר.

זי האט גלייך א שפרונג געטאן און אונטערזינגענדיג האט זי זיך צעלאזען אין א טאנץ איבער'ן צימער. עס האט גארנישט ניט גע־שמייכעלט אויף איהר פנים. דאס מויל איז געווען אפען און עס הא־בען זיך געזעהן די קליינע ציינער. די אויגען דעקלעך זיינען געווען אראפגעלאזען, אנגעשטרענגט טראכטענדיג. אזוי האט זי געטאנצט.

— מען וויים נאטירליך שוין איבער דער גאנצער שטאט, וואו איך בין, — האט זי מיט פאראכטונג געזאגט. — די הערען פון דער געזעלשאפט וועלען שוין געהן צום „זיבעטען הימעל“, און איך וועל ווערען די סענסאציע, דאס געשפרעך פון שטאט. דאס איז מיר דער־ווידער. איך פאהר אוועק אין אכט טעג ארום, אדער אין פערצעהן טעג ארום, ווען איך וועל פארטיג ווערען מיט מיינע פאראיבונגען. איך פאהר קיין פאריז. איך דארף האבען אן אנדער לעבען. עס וועט אויך זיין אן אנדער טויט, ווען עס וועט דערצו קומען.

זי האט זיך צעלאכט מיט איהר הארטען, שטורעמדיגען געלעכ־טער.

— פאהרסט אוועק? און וואס פאר א פארבארייטונגען מיינסטו דאס?

— טאנצען! די מענשליכע ליידענשאפטען אין דעם טאנץ. דער טאנץ זאל ווידער ווערען א קונסט! צום ביישפיעל, דער טאנץ פון ליעבע. אלעס איז פייער, צוציהענדער און דאך פארבארגענער פלאם. יעטווידע ליניע פול מיט יראת־הכבוד און התלהבות, און צום סוף די אונטערדריקטע תאוה. דאן דער האס. אן אפענער פלאם, א ווילד שפיעל פון זשעסטען, א ווילד שפיעל פון אלע ליניען. דאן א סך אנ־דערע. איך שטעל דאס מיר פאר וואונדערפול. אייערע אנדערע קונס־טען זיינען שוין אלע אויסגעשפיעלט. זיי האלטען זיך אויף.פוסטקייט. אין דער צוקונפט וועט נאר זיין וויסענשאפט און טאנץ.

באיעזען האט הילפלאז געקוקט פאר זיך;

— וואס מאכסטו דאס פאר א נעזיכט ? ווי א מעלאנכאלישער בריף־טרעגער, — האט זי זיך אנגערופען.

באיעזען האט אזוי פיעל געוואלט זאגען, איצט האט ער זיך גאר־נישט ניט געקענט דערמאנען, ארער עס האט זיך אים אלץ ווי פארטונ־קעלט.

— יעדעס מאל ווען איך קום, ביסטו אנדערש, — האט ער בא־מערקט מיט עטוואס יוגענדליכער פארצווייפלונג.

זשאנעטע האט שפאטיש א לאך געטאן און ווידער גענומען טאנ־צען: אויף די שפיצען פינגער, דעם קערפער פאראוים, באגערענדע באוועגונגען, הין און צוריקבויגענדיג זיך, און קוקענדיג אין שפיגעל מיט א שווערמערישען געזיכט און ברייט־געעפענטע אויגען. דאן האט זי נעבראכט צו טראגען וויין, וועמעס פורפור עס האט גאנץ שווארץ אויסגעזעהן אין די טונקעלע גלעזער און אין דער אנפאנגענדיגער דע־מערונג.

בעת מעשה האט זיך געעפענט די טיר, און באיעזען האט דער־זעהן אן אלטען, געבויגענעם מאן מיט א הויזירער־קעסטעל מיט מא־טערניש זיך אריינשלעפענדיג. דאס איז געווען גדליה. סאפענדיג האט ער ארונטערגעלאזען דאס קעסטעל אויפ'ן אויווען און האט אפגע־ווישט דעם שטערען מיט'ן ארבעל פון זיין ראק. באיעזען האט א קוק געטאן אויף זשאנעטע'ן, האט פארשטאנען וואס דאס איז און ער האט געוואלט אוועקגעהן. אבער זי האט מיט א בליק באפוילען אים צו בלייבען, און זי האט אנגעצונדען דעם לאמפ.

— האסט עפעס פארקויפט, זיידענקע ? — האט זי געפרעגט, אריינלעגענדיג איהר האנט אין דעם אלטענ'ס.

גדליה האט א מאך געטאן מיט'ן קאפ אויף ניין.

— זיי ווילען גארנישט ניט קויפען. זיי האבען אלצדינג. זיי ווי־לען בלויז שפאס האבען מיט אן אלטען אידען. איך וויל זיך ניט קלא־גען, איינינקעל, איך וויל זיך ניט קלאגען. אבער וואס פאר א פנימ'ער וועל איך זעהן, ווען איך וועל שטארבען ? ווער וועט רעדען צו מיר אין די לאנגע נעכט ? האסטו שוין געזעהן אן אלטען מאן איבער נײנציג, וואס האט קיין הויז ניט און קיין הויף ניט און קיין בעט ניט ? בין איך ניט געוועזען א בהמה, אן אקס, וואס איך בין ניט געווען א פראצענטניק און א שווינדלער ? וואו וועל איך נעמען א נייעם ראק, ווען דער וועט זיך צרייסען ? וואו זיינען מיינע קינדער,

וואס זאלען זיצען ביי מיינע פיס און הערען מיינע ווערטער ? א, אייניקעל, עס איז גוט א חלף צו נעמען, א שווערד און זיך דאס האַרץ צעררייסען.

נאכדעם איז א לאנגע צייט שטיל געווען אין צימער. באַיעזען האָט די אויגען ניט אויפגעהויבען פון דר'ערד. גדליה האָט ווידער גענומען רעדען :

— איך וויים ניט, זשאנעטע, וואָס דו האסט געטאָן, און וואָס דו ווילסט טאָן איז לעבען. אָבער איך זעה דיך אויף דיין שטערען און אין דיינע אויגען, אז דו ווילסט הויך דערלאנגען, אז דו האסט איבערגעשפאנטע געדאנקען ווענגען לעבען און וועגען מענשען. עס איז פאַראַנען אין אידיש א שפריכוואָרט, וואָס זאָגט : ווען שבת־נחמו פאלט אוים אום מיטוואָך, קריגט די שמועה א פּנים. אזוי איז אויך מיט דיינע פּלענער. שבת־נחמו פאלט נאטירליכערווייז אלעמאָל אוים אום שבת. האב שכל ! זיי תמיד ביי דיין פארשטאנד און גיב גוט אכטונג אויף דיינע מעשים. שלאָף ניט איין ביינאכט, איידער דו האסט ניט אויסגעלאָשען דאָס ליכט ; נאָר נאראָנים האָבען מורא צו שלאָפען אין דער פינסטער. בלייב א גוטע אידישע טאָכטער, ווען אפילו דו גלויבסט ניט, דען מיר זיינען א גרוים פאָלק מיט היבשע געלערענטע. מערק דיר, וואָס איך האָב געזאָגט. האָסטו אפשר וואָס צו עסען ? איך בין הונגעריג אויך. בין א גאנצען טאָג ארומגעלאָפען, ביז קיין בורגפּארענבאך.

באַיעזען, ווענמען עס איז געווען שווער אויפ'ן הארצען, האָט זיך נעקליבען אוועקצוגעהן. זשאנעטע האָט אים ליבענסווירדיג באגלייט, האָט אָבער גאָרנישט ניט געזאָגט. ער האָט געהאסט די דאָזיגע ליבענסווירדיגקייט אין איהר, וועלכע איז געווען אומדורכדרינגליך אזוי ווי א פאנצער.

ער האָט א לאנגע צייט געבלאָנדזשעט דורך די גאסען, האָט ארום זיבען דעם זייגער געגעסען ערגעץ־וואו אָווענט־ברויט, האָט פּאָרטגעזעצט זיין רוהלאָזע וואנדערונג און איז ענדליך ווידער געקומען צו שלעפען זיך צו זשאנעטע'ס וואוינונג, וואו ס'איז נאָך אלץ ליכטיג געווען אין די פענסטער. ביים אנטקעגענדיגען הויז האָט ער דערזעהן א יונגענמאן שטעהענדיג אין דעם שניי. אים האָבען אויסגעזעהן באַקאַנט צו זיין די דאָזיגע בלאַסע, אומבאַשטימטע געזיכטסציגען. ער איז איבערגעגאנגען אויף דער אנדער זייט און איז געבליבען שטעהן

פאר ניבערדינג׳ען, וועלכער האָט די אויגען ניט אראָפּגענומען פון זשאנעטע׳ס פענסטער. באיעזען האָט איראָניש א שמייכעל געטאָן. יענער האָט אים באַמערקט און א צייט־לאַנג זיינען זיי געשטאַנען אויג פאר אויג, אָהן א שום באוועגונג.

— ווי לאַנג שטעהט איהר שוין דאָ ? — האָט ענדליך באיעזען געפרעגט מיט שלעכט פארבאָרגענעם שפּאָט.

ניבערדינג אָבער האָט אים איבעראַשט, דערלאַנגענדיג אים די האַנט און זאָגענדיג :

— טוט דאָס ניט ! צו וואָס זאָלט איהר פון מיר לאַכען ? וואָס וועט איהר זאָגען, ווען איך וועל צו אייך זאָגען שטעכיגע ווערטער, ווייל איך וועל אייך אמאָל זעהן שטעהענדיג ביי אייער מוטער׳ס קבר ? איך שטעה ביים קבר פון מיין ליעבע. דאָס איז מעהר ווי א פּאַטעטישע פּראָזע.

ער האָט אריינגערוקט זיין אָרים אין באיעזען׳ס און האָט אים א ציה געטאָן צו זיך.

— אָבער איהר זיינט איצט ניט גליקליך ? — האָט באיעזען גע־פרעגט, נאָך אַלץ סאַרקאַסטיש.

— גליקליך ? ווייל איך לייד ? יעדענפאַלס, אין א געוויסען גראַד.

— איהר זיינט א דאָקטאָר ?

— אנטשולדיגט, איין וואָרט : קומט איהר ערשט פון איהר ?

— ניין.

— צי איך בין א דאָקטאָר ? ניין. איך בין געווען.

— א שעהנע פּראָפעסיע.

— י — יאָ !

— אָבער זי מאַכט האַרט, גרויזאַם.

— פאַרקערט. אָבער איהר שפּאָט נאָך אַלץ.

— פאַרקערט ? . . .

— זי דערהויבט אונז, מאַכט ווייך, באַרייכערט די געפיהלס־ניואַנסען.

— דאָס זיינען ווערטער. עס זיינען דאָ אַלערליי דאָקטוירים.

— געוויס.

זיי זיינען אנטשוויגען געוואָרען.

— אנטשולדיגט, — האָט ניבערדינג געזאָגט, — קען איך אייך

איינלאַדען צום אָוועגט־ברויט ?

— איך דאַנק אייך, איך האָב שוין געגעסען.

— איהר וועט אָבער ארויפקומען צו מיר פאַר אַ גלאָז ווייַן ?

— אויב דאָס איז אייך ניט אומבאַקוועם...

באַיעזען האָט זיך אַביסעל פאַרשעמט פון ניבערדינג׳ס אָפענ־הערציגקייט און פון זיין קינדיש־שרעקעדיגען אופן ווי ער האָט אים געפּרעגט. באַלד זיינען זיי געזעסען אין ניבערדינג׳ס קליינעם סאַלאָן, וואו עס האָט געברענט אַ היימיש אַנגענעם פייער. באַיעזען האָט דאַ געזעהן זשאַנעטע׳ס שאָטען אַרומדרעהענדיג זיך, און ער האָט דערפיהלט אַ נאָגענדיגע אומרוהיגקייט. קאָרנעלי איז אַריין מיט איהר רעטזעל־האַפטען שמייכלען, און פאַר באַיעזענ׳ען איז דאָס מאָדנע געוועזען צו זעהן, ווי זי האָט אַ קוש געטאָן דעם ברודער מיט אַן איינגעהאַלטענער און שטאָלצער ליידענשאַפט, און איז צוריק אַרויס.

נאָך אַהן אַ שיער ענדלאָזען שווייגען האָט ניבערדינג האַסטיג אַ פרעג געטאָן:

— ווי האַלט איהר פון זשאַנעטע לעוועגגאַרד ?

באַיעזען האָט געשווינגען און געקוועטשט מיט די אַקסלען

— זי איז אַ פיינע חיה, — האָט ער ענדליך אַרויסגערעדט מיט אַ לויערנדיגען ציטער אין די מויל־ווינקלען.

ניבערדינג האָט אַ באַליידיגטער אַ קוק געטאָן. אָבער אין איין ווייַלע האָט ער זיך ווידער אונטערגעוואָרפען צו באַיעזענ׳ען.

— און איהר, — האָט באַיעזען ווייטער גערעדט, — וועלכען סאָרט פרויען האָט איהר ליעב ? זאָגט ניט, אַז אַזעלכע ווי לואיזינאַ, וואָרים אַזעלכע זיינען ווייט פון אייך. איהר האָט ליעב די שלאַנקע, איבערצאַרטע פאָרמען, איהר האָט ליעב פרויען, וועלכע זיינען גרעסער פאַר אייך, די פרע־ראַפאַעלישע געשטאַלטען, בין איך ניט גערעכט ?

ניבערדינג האָט מיט מורא אַ קוק געטאָן אַנטקעגען זיך. ער האָט זיך ניט דערוועגט צו ווידערשפּרעכען, און אין זיינע מחשבות איז גע־וואָרען גאַנץ טונקעל. באַיעזענ׳ס ברייט אויפגעעפענטע אויגען האָבען געשיינט עטוואָס אַנדערש צו זאָגען, ווי דאָס וואָס ער האָט איצט גע־רעדט. זיין מויל איז געווען אַביסעל אָפען און זיין האַלטונג איז גע־ווען ווי פון אַ קאַץ. ער האָט אויסגעזעהן גאָר ווי אַן אַנדער מענש.

אין אַ ווייַלע אַרום האָט ניבערדינג זיך אָנגערופען :

— עפּעס מוז איך אייך זאָגען. איהר האָט ליעב מיך אַרויסצו־

שטעלען אלס דעם טיפּ פונ'ם מאָדערנעם דעגענערירטען אידען. אזוי איז דאָך דאָס, ניין ? איך האָב פיעל נאָכגעדענקט וועגען דעם. אויב עס איז יאָ עפּעס אמת פאַראַנען אין דעם, איז דאָס אָט וואָס: מיר מאָדערנע אידען האָבען ווירקליך אויפגעהערט צו זיין אידען. מיר זיינען אין אונזער נשמה קריסטען געוואָרען. ניט קריסטען נאָך דער פאָרמע, נאָר נאָכ'ן גייסט.

באַיעזען איז אויפגעשפּרונגען מיט א ליידענשאַפטליך צעהיצ־טען פּנים און האָט א קלאַפּ געטאָן מיט דער פלאַכער האַנט איבער'ן טיש:

— צום טייוועל, ווידערהוילט דאָס, מיין הער! ווידערהוילט דאָס! דאָס איז דאָך דאָס, וואָס איך האָב געוואָלט זאָגען. דאָס איז דאָך דאָס, וואָס וועט אונז אומגליקליך מאַכען. יאָ, איהר וועט אויפבויען דאָס קריסטענטום! מיר זאָלען ווידער ווערען מומיעס, אָט ווען מיר האָבען גענומען די פענסטער עפענען און די שימעל־לופט פאַרטרייבען. עס איז גוט, וואָס איהר זאָגט דאָס, איהר, וואָס מיט לייב און זעלע געהערט איהר שוין צו די טויטע! זיינען מיר דען ניט א קראַנק גע־שלעכט ביז'ן מאַרך ? גיט נאָר א קוק, — באַיעזען האָט געמאַכט א דערשרעקענדען זשעסט, — גיט נאָר א קוק וואָס איך בין! היינט בין איך ניין־און־צוואַנציג יאָהר אַלט, וואָס וועט פון מיר ווערען ווען איך וועל זיין פערציג ? גיט אונז נאָר אָט דאָס גייסטיגע קריסטענ־טום ווידער, ענדליך, וואָס האָט אונזער שטאַרקע, זאַפּטרייכע ראַסע אויפגעלייזט און פאַרניכטעט אין א משך פון זעכצעהן הונדערט אָדער ווייניגער יאָהרען! ווער איז שולדיג, ווען מיר מאַכען די נאַטירליכס־טע און ערהאַבענסטע געשעהעניש אין אונזער לעבען פאַר אַן אקט פון גראָבער תאוה ? ווען מיר ברענגען אַרויס אין די שולעס מאַשינען אָנשטאָט מענשען ? ווען טויזענטער אמת גרויסע פרויען שלעפּען זיך אַרום אין גאַס און אין קאַפע־שאַנטאַנען, און אַן אָנעמישע סטאַדע דרעהט זיך אַרום אין סאַלאָן ? ווען מיר קענען זיך ניט אויפהויבען איבער די נידעריגע באַגריפען פון עהרע און ליעבע צום צווייטען, ווען איך, זייט אין דעם שולדיג, מיט אייער מיסטיציזם און אייערע אַסקע־באַנעהרט אייער געליעבטע נאָר גייסטיג, איהר, וואָס איהר ווילט טישע פאַרלאַנגען, איהר, וואָס איהר שטעהט אין דעם שניי און איהר באַנעהרט אייער געליעבטע נאָר גייסטיג, איהר, וואָס איהר ווילט פון־דאָס־ניי אָפּקלאַפּען דאָס מאַרבערישע וואָרט פון זעלבסטבאַ־

הערשונג! יא, יא! שטעלט זשע ווידער אויף דאס נייע קרים־טענטום! צעהאקט זשע אין שטיקער, איידער זי איז געבארען, די רע־נעסאנס, פון וועלכער גרויסע מענשען האבען געטרוימט! מהיכא־תיתא!

— מיט דעם אלעמען זאגט איהר אייגענטליך קיין נייעס ניט, — האט ניבערדינג געענטפערט טרויעריג און מיט אן ארונטערגעלאזענער שטימע, — אבער דאס מאכט ניט, אויב איהר פיהלט דאס נאר. איז דאס דען אזוי שלעכט? וויפיעל פאעזיע און פארהערליכונג האט אונז די קאטוילישע קירכע אליין געגעבען!

— לאמיר דא ניט רעדען פון פאעזיע. לאמיר, איך בעט אייך, לאזען אן א זייט די פאעזיע צוזאמען מיט דער פארהערליכונג. דאס זיינען טרויעריג׳ע זאכען, אויב מען דארף האבען די פאעזיע צו פאר־טיידיגען זיי. און רעדט קיינמאל ניט פער „אונז“, ווען איהר ווילט עפעס זאגען, ווארים דאס איז דירעקט קאמיש. איהר זיינט אן אימי־גראנט, און עס איז ניטא קיין בינד־גליד צווישען אייך און אונז. בא־טראכט נאר די צייכענס פון דער צייט. נעמט זיך אין די הענט, זייט נאר ניט בלינד. הערט נאר אויף צו טראכטען וועגען דעם גייסטיגען קריסטענטום. טאלסטאי האט שוין אונז גענוג פארגעבען מיט די אלטע קלאגערייען. איהר קענט דאך אין ערגסטען פאל אריינטרעטען אין דער געזעלשאפט פאר עטישע קולטור אדער אין דעם קריסטליכען פאראיין פון יונגע מענער. עס איז עפעס א מארנער שיקזאל, אז גראד דאס אידענטום האט גע־ארפט ברענגען אויף דער וועלט א קריסטענטום און אז די מוטער וויל איצט אבסאלוט ווערען דאס קינד. אלע רעלי־גיעס יענע רויבען אוועק די פרייד. ווי טרויעריג דאס איז, אז דער מענשליכער גייסט זאל דורך יאהרטויזענטער דארפען מקבל זיין זיין גייסטיגע ישועה פון עפילעפטיקער. מיר וואלטען שוין לאנג צו גרונד געגאנגען, ווען ניט די גרויסע פאנטאנען פון שעקספיר און געטע און אנדערע וואלטען געזעטיגט דעם טרוקענעם באדען. איהר זיינט אבער געוועזן אזוי הויך, אז אייערע שפיצען זיינען נאך באגולדט געווא־רען פון דער אונטערגעגאנגענער זון פון גריכענטום. און איצטער? איצטער האלטען מיר ביי ווערען א נאציע פון זויפער און פלעגמאטיקער. איך קאן איצטער גאנץ רוהיג רעדען וועגען דעם. איך ערגער זיך, וואס איך האב זיך אויפגערעגט. איהר זעהט דאך, אז איך בין גארניט אזוי באשרענקט, צו זיין א אידען־פייוד. פארקערט. דערווירקליכער אנ־

טיסעמיט מוז נאָד זיין א פייערדיגער אנטיקריסט.

— איך ווייס ניט, איך ווייס ניט, — האָט ניבערדינג געזאָגט שיער ניט פאַרצווייפעלט, — דאָס איז אַלץ ניט קלאָר. עס איז אזוי סכנ־מאָסיש. און דאָס לעבען איז דאָך אזוי פיעל־געשטאַלטיג. איהר לויבט די אידען, כדי דערמיט צו קענען שלאָגען די אידען. דאָס איז מיר זעהר קלאָר. אָבער האָט איהר ניט אמאָל געזאָגט, אז די אידען טרינקען ניט ? דאָס איז ניט אמת. דער רוסישער איד איז א גרויסער שכור און דאָס־רוב א שלעכטער, אָפּשטויסענדער כאַראַקטער. די גאַליציאַנער זיינען אבשייליכע פרויען־הענדלער, און וואָס זיי טוען נאָך, איז איין גאָט ווייסט. אַלזאָ, מאָראַליש און גייסטיג האָבען מיר זיך ניט וואָס איבערצונעמען. אָבער דער איד האָט תמיד צום מעהרסטען געליטען, ווען ער האָט פאַרמאָגט גענוג שטאַרקייט און ענערגיע, אויסצוהייבען זיך פון די טומפּקייט פון זיינע רעליגיעזע ד׳ אמות, ווען ער, דער אייביג וואַנדערענדער, היימלאָזער, האָט ענדליך געפונען א דאָך און א היים. אָבער וואָס זאָל איך דאָ רעדען ? מען ווערט אזוי לייכט סענטימענטאַל. דאָס אַלעס קומט ארויס, אַך, איך ווייס ניט !

— איך ווייס שוין. אז מיר שטעהען ביים ענדע פון א קולטור־עפּאָכע און קיינער ווייסט ניט, וואָס עס וועט ווערען. אונזער גאַנצע געזעלשאַפט פאַרשטאָפּט זיך גייסט און אויערען מיט מוזיק. קיינמאָל האָט נאָך א אידיאָטישער מוזיק־קולט ניט דערגרייכט צו אזא עהרע. די זון געהט פון מזרח צו מערב און די קולטור האָט דאָס תמיד געטאָן. אַמעריקא איז דאָס לאַנד פון דער צוקונפט. דאָס איז אַן אַלטע גע־שיכטע. עס טוט מיר אזוי קינדיש הנאה, ווען אין פּאַריז האָט די גרעפין ראָטשילד עפּענטליך און פייערליך געלאָזט פאַרלאָבען איהר צוויג מיט׳ן הונט פון א מאַרקיז אָדער א לאָרד און געפּראַוועט א חתונה מיט גרויס פּאַראַד. אין רוים איז שוין דאָס אַלץ געווען בשעתו א סך גרויסאַרטיגער. מיר קענען ניט אפילו אַן אנשטענדיגע דעקאַדאַנס אינסצענירען. אונזער גוטע געזעלשאַפט גיט זיך אויסשליסליך אָפּ מיט פאַרטרייבען די לאַנגווייליגקייט און די דאָזיגע אזוי גערופענע הויי־לינסטע גיטער פון דער נאַציע א. אז. וו. דאָן סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, פרויען־עמאַנציפּאַציע, מיליטאַריזם, דער קולט מיט די ערפינדונגען, דאָס אַלץ קומט מיר פּאָר ווי א טראָמפּייטען־קאָנצערט פון קינדער. די לעצטע קאָנוואולסיעס. אין איין פּאָר צעהנדליג יאָהר וועלען פּאַנאַנ־דערפאַלען די צעפּוילטע דילען פון אונזער קינדערשען שפּיעל־צימער,

און עס וועט אונז שוידערען. האט איהר נאך א גלאז וויין ? — א דאנק ! עס קאן גארניט אפגעלייקענט ווערען, אז מיר דערנעהענטערן זיך פיעל שנעלער צום אפגרונד. זינט די אידען זיינען עמאנציפירט, ווי דאס שעהנע ווארט האט אמאל געהייסען. אך, איך בעט אייך, לאזט מיך רעדען, אז איך האלט שוין דערביי. זאל זיך אייך דאכטען, אז איך וויל זיך באטויבען. די אידען זיינען ביז צו דעם פונקט ניט געפערליך, ביז זיי באטייליגען זיך ניט אין דער קולטור פון א פאלק. אבער גלייך ווי דאס קומט, זיינען אלע שטארקע ליניען שוין אפגע־ווישט, דאס בילד ווערט אומרוהיג, די יירונג הויבט זיך אן. עס קומט אויס, ווי די דאזיגע נאציע וואלט געוועזען א מין גיפטיגער זויערטייג. נו, איך קען אזוי פיעל געבילדעטע אידען, אמת געבילדעטע מענשען, קינסטלער אדער וויסענשאפטסמענער אדער אפילו סוחרים, אבער איך מוז זאגען, ווי סימפאטיש און ליב די מייסטע זאלען מיר ניט זיין, זיי האבען אלע איין גייסטיגען דעפעקט, א מאראלישען קראנקהייטס־שטאף, וועלכער שטעקט אן זייער אנדערש־בלוטיגע סביבה. אין וואס דאס באשטעהט, איז מיר ווירקליך א רעטעניש. אבער אט זיינען די בעל־צדקה׳ס. זיי זיינען מיר טיף אין דער נשמה פארהאסט. עס קומט אויס, ווי זיי וואלטען אלע געהאט איין פירמען־טאפעל אויפ׳ן שטערען : „סאלאמאן בער, בעל־צדקה“. און אט זיינען די קינסטלער : אפט באדייטענדע מענשען, אבער גייסטיג זיינען זיי איינגאנצען פארקריפעלט, קאליקעס. אדער זייער קינסטלערשאפט איז אזוי ארויפדרינגליך, פאר־שפרייט אזוי ווי א פענעטראנטען גערוך. און דא האט איהר די פרויען. גוטער גאט, ס׳ארא טעמע ! א בוך ! דאס איז אויסגעקליבענע בלאטע.

א צייט־לאנג איז געווען שטיל אין צימער.ביידע האבען טראכ־טענדיג געקוקט אין זייערע גלעזער. דאן האט באיעזען אנגעהויבען פון־דאס־ניי :

— און דאך ! און דאך ! איך ווייס ניט, וועלכער דעמאן האט מיר דעם דאזיגען געדאנק אריינגעגעבען : עס דוכט זיך מיר, אז גראד פון די אידען מוז נאך אמאל אויפשטעהן א גרויסער נביא, וועלכער וועט אלץ צוריק צונויפקלעפען. עס איז זעלטען, אבער פון צייט צו צייט טרעפט מען א אידען, וועלכער איז א העררליכער מענשען־עקזעמפלאר, וואס מען קען נאך געפינען. עס שיינט, אלע ריינע גלידער פון דער ראסע, האבען זיך פאראייניגט, אום אים ארויסצוברענגען, אים אויס־צושטאטען מיט אלע טייערע אייגענשאפטען, וועלכע די נאציע האט

ווען פארמאַגט : קראַפט און טיפקייט, מאַראַלישע גרויסקייט און פרייהייט, קורץ, אַלץ און אַלץ, א חוץ דעם הומאָר. אין זיין קאָפּ זיצען א פּאָר אויגען פול מיט מילדקייט און גוטסקייט, מען וואַלט געקענט זאָגען פרומקייט אין א גייעם זין, פייערדיג און דאָך ווידער שרעקעדיג, פול מיט פאַנטאַזיע און אין קיין הינזיכט ניט באַשרענקט, — קורץ, וואונדערפול.

ניבערדיננג האָט זיך געשפּיעלט מיט אַן אַש־קעסטעל, וואָס איז גע־האַנגען אויף א טראַג־געשטעל אין דער פאָרמע פון א לעמפעל. ער האָט געדרעהט די מאָט־ברוינע כלי אַרום דער אייגענער אַקס, און דערביי האָבען די קייטעלאַך געקלאַפּערט.

— עס איז וונדערבאַר, — האָט ער געזאָגט, — ווי אַלץ, אפילו דאָס באַדייטענדע און וויכטיגע, קוקט אויס קליין, ווען מען פאַרגלייכט דאָס מיט׳ן אייגענטליכען זין פון לעבען.

— יאָ, אָבער וואָס איז דער אייגענטליכער זין ? האָפענטליך, וועט איהר ניט ענטפערען, ווי דער געלערענטער מאַן, וועלכען איך האָב איינמאָל געפרעגט, וואָס פאַר א צוועק ער האָט אין לעבען, וויבאַלד ער האָט די וועלט געפונען העכסט פאַרנינפטיג. „איך בין א קאָנ־דענסירונגס־מאַשין“, האָט ער פאַטעטיש מיר געענטפערט.

— אַך, איך מיין נאָר אַלץ צוזאַמען גענומען, באַטראַכטענדיג לגבי דאָס אומענדליכע. דאָס איז דאָך טריוויאַל. אָבער דאָס וואָס מיר זיצען דאָ און קאָכען זיך וועגען קריסטענטום און אידענטום, איז אויך טריוויאַל. סימבאָל, סימבאָל, אַלץ איז נאָר סימבאָל. ווייסט איהר פון דעם עקספּערימענט פון די פּאַקירען ? זיי צייכענען אָן א קרייז אין צימער וואָס קיינער טאָר ניט אריבערטרעטען די פעריפעריע פון דעם דאָזיגען קרייז. דאַן קוקען זיי אויף א ליכט. עס איז העלער טאָג, און פּלוצלונג, דער פּאַקיר אַליין שטעהט אין דעם אנדער עק צי־מער. פּלוצלונג, דאָס ליכט ברענט. כאָטש קיינער האָט זיך צו דעם ניט צוגעריהרט. נו, איז אָבער דאָס זעלטזאַמע, וואָס ווי איינער טרעט נאָר אריבער די פאַרגעשריבענע קרייז־ליניע, אַזוי פאַרשווינדט פאַר אים דאָס ליכט. דאָס אַנטהאַלט פאַר מיר א שטיק לייזונג פון דער גאַנצער לעבענס־רעטעניש.

— המ... — מאַכט באַיעזען, — המ... ווער זינגט דאָס דאָ ?

— מיין שוועסטער.

— זי זינגט זעהן שעהן.

— יאָ, זי וועט דערבײַ זײַ אויפגעלעבט. איהר האָט זי געדראפּט אנקוקען בעת־מעשה.

— איך מוז געהן, — האָט באַיעזען געזאָגט, — עס איז שפּעט.

— וויפיעל ?

— צוועלף.

— שוין ? זאָל איך איין־ באַגלייטען ?

באַיעזען האָט האסטיג אַ קוק געטאָן אויף איהם, האָט געגעבען פאַר־ בײַנגעהענדיג אַ איראָנישען שמייכעל, אַזוי ווי אָבער ניבערדינג איז גע־ בליבען ערנסט און רוהיג, האָט ער געזאָגט :

— געוויס, אויב דאָס וועט אייך געבען פארגעניגען.

זיי זיינען ארויס. קאַלט און קלאָר איז געוועזען די נאכט, ביז צו די ווייטסטע גרעניצען ליכטלאָז און שטיל. ניבערדינג האָט געמור־ מעלט :

שווער דער וועג איז, וואָס מען טרעט
אָהן אַ הייליגען געבעט,
אין די פינסטערניש, ער היט
יעדען שווערען, מיעדען טריט.

— פון וועמען איז דאָס ? — האָט באַיעזען געפרעגט.

— פון גודשטיקער. דאָס זיינען וואונדערשעהנע פערזען, וועל־ כע איך האָב ווען געלייענט. איך מוז איהם אויפזוכען, מוז איהם זעהן, מיט איהם רעדען.

— וואָס זעהט איהר דען דאָ ?

— אָ, אַ גרויסען טאַלאַנט.

— אָהן שום כאַראַקטער, אָבער פאַרט אַ זשעני, — האָט באַיע־ זען ביטער געזאָגט.

— וואָס מיינט איהר דערמיט ?

— נו, אָט דער גרויסער טאַלאַנט, — איך קען איהם גוט און שוין לאַנג. ער איז אַ קליינער, נידעריגער נפש, אַן אינטריגאַנטען־זעלע, אַ פאַרפלאָנטערטער קנויל פון ליגענס. וואָס קען מען נאָך זאָגען ? די קונסט פון אַזאַ מענשען איז פאַרגענגליך, אפילו ווען זי בלענדט נאָך אַזוי שטאַרק פאַר׳ן מאָמענט.

זיי זיינען פארבייגעגאַנגען באַיעזען׳ס וואוינונג און האָבען גע־

וואנדערט ווייטער אין שטאָט אריין. זייער שוויַיגען איז ניט געווען פון אינטימע מענשען נאָר א באַאומרוהיגענדיגס און מיסטעריאיש. זעלטען וואו האבען נאָך פענסטער געלויכטען, זעלטען האָט זיי א מענש באגעגענט. אין די טראַקטירען איז געווען שטיל. די פּאָליציסטען אויף די ראָגען פון די גאַסען האבען זיך ניט באוועגט. דער טורעם פון א קירכע האָט מיטאמאָל זיך אויפגעהויבען אויף א פּלאַ'ץ און דאן הייט דאָס צוגעגעבען דער גאַנצער אומגעבונג אזא אויסדרוק פון שטורמער מאַיעסטעט, אז באַיעזען האָט געגלויבט, מען קען מיט א שארפען אויער הערען דעם קלאַנג פון די אָרגלען. אָבער עס איז צייטענווייז ניט אונזער קערפּערליך אויער, וואס הערט, נאָר אז אינערליך, וואס הערט זיך צו צו דער פאַרגאַנגענהייט. צווישען צוויי הייזער פון דער ברייטער קעניג־גאס קען מען באַרג־אַראָפּ זעהן דעם וועג און די לאַנקעס, און דערביי שטעהט א האָטעל. דער נאָמען איז אפשר: „צו דער קרוין“. כאָטש עס איז שוין געווען שפּעט, האָט זיך דורך די גרין־פאַרהאַנגענע פענסטער געהערט די פיסטעל־שטימע פון א סובּרעטין, וועלכע האָט געזונגען אז אויסגעלאסען ליעד מיט שטאַרקען באַטאָנונג פון די איינצעלנע וויכטיגקייטען. די שטימע איז געווען אזוי, אז מען האָט נאָך איהר געקענט טרעפען די האַלטונג פון'ם קערפּער; יאָ, עס האָט זיך אויסגעדוכט, אז מען זעהט די סטערעאָטיפּ־שמייכלענדיגע ליפּען און די געמאַכטע זשעסטען. ווילדע אפּלאָדיסמענטען האבען באַלוינט די לייסטונג איהרע, און דער פּיאַניסט האָט צוגעשפּיעלט. דאָ האָט באַיעזען דערזעהן, ווי ניבערדיג האָט זיך א קלאָפּ געטאָן איבער'ן קאָפּ, נענעבען איין מאָל א לאַך און ווידער א מאָל א לאַך, און איז אנטלאָפען. באַיעזען האָט אים נאָכגעקוקט שאָקלענדיג מיט'ן קאָפּ און איז ווייטער אליין געגאַנגען.

באַלד האָט זיך באַוויזען דער פּיער־עקיגער און אזוי כאַראַקטעריסטישער טורעם פון'ם ראַטהויז. א סימבּאָל פון'ם קליין־בירגערטום, האָט באַיעזען געטראַכט. ער איז אריין אין דער רויזען־גאַס, און האָט פאַר זיך דערזעהן שטעהענדיג דאָס אידישע יתומים־הויז. מיט א מאָל האָט ער דערזעהן א מחנה אינגלעך שטעהענדיג אויפ'ן גאַס, פון צוואַנציג ביז פינף־און־צוואַנציג אינגלעך, קלאַנגלאָז שאַרענדיג זיך ארום א מיטעל־פּונקט, קלאַנגלאָז אויסשטעלענדיג זיך אין א סדר, און דאן פּונקט אזוי געהיימניספול מאַרשירענדיג ארויף גאַס. זיי האָבען געטראָגען די שוואַרצע היטלען מיט די לעדערנע ברילקעס, א חוץ די צוויי,

וואס זיינען געגאנגען פאראוים. איינעם האט באיעזען גלייך דער־קענט: דאס איז געווען אגאטאן גייער. פון הינטען איז נאכגעגאנגען אונטערהאפקענדיג זיך א קליין יאטעל, וואס האט פון צייט צו צייט וויינעריש געזיפצט, ווען עס פלעגט אים זיין צו שנעל צו געהן.

צו ערשטוינט, נאכצופרעגען וואס דא איז, האט באיעזען באשלא־סען נאכצוגעהן דער מחנה. ער האט דערפיהלט אן אומדערקלערליכע מורא, וועלכע האט אים אפגעהאלטען גלייך צוצוגעהן צו אגאטאן'ען און רעדען. די פראצעסיע איז געגאנגען דורך די שלעכטע און נעדרעה־טע גאסען פון דעם אלט־שטאט־קווארטאל, דורך דעם שים־פלאץ, און באיעזען איז געווארען אזוי נייגעריג צו דערגעהן וואס דאס אלץ בא־טייט, אז ער האט פארגעסען זיין פארזיכטיגקייט און איז צו נאהענט צוגעגאנגען צו די אינגלאך. אגאטאן איז צוגעגאנגען, איז איבער־ראשט געווארען, ער האט אים דערקענט, האט ארונטערלאזען דעם קאפ און געשוויגען. דרויסען איז געווארען אלץ ליכטיגער. דער הי־מעל האט אויסגעזעהן, ווי אינערליך באלויכטען פון א גוט־פארבאר־גענעם און ווייט־ווייטען ליכט, און באיעזען האט געקאנט יעדען שטריך דערקענען אין אגאטאן'ס געזיכט.

— טוט דאס ניט! געהט אונז ניט נאך! — האט אגאטאן ענד־ליך געזאגט מיט א בעטענדיגער שטימע.

— וואס איז דא, אגאטאן? — האט באיעזען געפרעגט, און ער איז געווען מאדנע גערירט אוים א גרונד, וואס האט אים נאך פיעל גע־מאכט צו דענקען. ער האט זיך דערפיהלט מאט און פייג לגבי אט דעם יונגען מענשען.

— קיין שום שלעכטס, הער באיעזען! — האט אגאטאן געענט־פערט און האט געקוקט דעם לערער גלייך אין די אויגען. — אט די אלע זיינען זעהר אומגליקליכע, פארלאזענע אינגלאך. זיי געהען מיט מיר, און ביז טאג וועלען מיר זיך צוריקקערען.

— און ווען מען וועט אויסגעפינען?...

אגאטאן האט אזוי א שמייכעל געטאן, אז באיעזען האט אים אויסגעשטרעקט די האנט. ער האט אגב אים צוגעשאקעלט מיט'ן קאפ און גענומען געהן צוריק, ניט אומדרעהענדיג זיך אפילו קיין איין־איינ־ציג מאל. „ווי ראמאנטיש!” האט ער געמורמעלט און געזוכט זיך צו שטעלען איבער דאס אלעס, אבער זיין הארץ איז געווען פאר־

קלעמט, און אין א פייערליכער שטימונג, וועלכע איז אזוי פרעמד גע־וועזן זיין נאטור, איז ער געקומען א היים.

אויפ׳ן צווייטען טאג, ווען ער איז געגאנגען שפאצירען איבער די לאנקעס, האט ער פון ווייטען דערזעהן אגאטאנ׳ען. ער האט ניט גע־האט דעם פארלאנג צו רעדען צו איהם; ער האט געפיהלט א פאר־טרויען צו איהם, און יעדע נייגעריגקייט האט איהם אויסגעזעהן אלס עטוואס פארעכטליכעס. אגאטאן איז געגאנגען לאנגזאם, מיט א פארטראכטען בליק; זיינע קליידער זיינען געווען אביסעל איינגע־ריכט. נאך קיינמאל האט באיעזען ניט געזעהן אין א געזיכט אן אויס־דרוק פון אזא געשפאנטער ערוואַרטונג, א כמעט אטעמלאזע אויפ־מערקזאמקייט. ביים אריינגאנג פון סכך־וועלדעל איז ער נעלם גע־ווארען פון זיינע אויגען.

א זייגער דריי איז אגאטאן געקומען צוריק אין דארף. ער האט באגעגענט פרוי אליפאט, וועלכע איז ארויסגעגאנגען פון איהר הויז. זי האט זיין באגריסונג ניט באמערקט. אויף איהר פנים איז געלעגען עפעס אזוי פינסטער־דראהענדעס צוזאמען מיט א שרעקעדיגער הילפ־לאזיגקייט פארצווייפלונג זאגאר. אז אגאטאן האט דערשראקען איהר נאכגעקוקט, דאן איילענדיג איז ער אריין אין הויז און האט אנגעקלאפט אין שטוב. דאס קליינע מיידעלע האט געעפענט, האט ארויפגעלעגט דעם פינגער אויף די ליפען און דאן אהן ווערטער אנגעוויזען אויפ׳ן דיוואן, וואו מאניקא איז געלעגען. אגאטאן איז צוגעגאנגען אויף די שפיץ פינגער און האט א קוק געטאן אויף איהר. עס האט אויסגע־זעהן, זי שלאפט. איהרע באקען האבען געברענט. דורך די צוגעמאכ־טע אויגען און די לאנגע וויהעס האט געשימערט ווי פון אנגעזאמעלטע טרערען. דער קערפער איז געווען אין א געמאטערטער פאזע, דער קאפ ווייט פארווארפען אהינטער און די פיס אונטערגעבויגען. די פינגער זיינען געווען איינגעשטשעמעט אין דער מאטעריע, מיט וועל־כער דער דיוואן איז געווען באצויגען, די ליפען האבען זיך שטיל בא־וועגט. אגאטאנ׳ען איז דורכגעגאנגען ווי א שטאך פון שטערען ביז די קני. ניט נאר אנגסט און שרעק איז דאס געווען, נאר ער האט פלוצלונג געקראגען דעם אומווידערשטעהליכען באגעהר. די ראזיגע אזוי קאנטיג זעהר הייסע ליפען צו קושען. און דאן אין איין ווייל האט זיין פאנטאזיע מעהר פארלאנגט עטוואס, וואס איז ווי א שטיקענדיגע רעטעניש פאר איהם אויפגעשטיגען. די זיך־הויבענדיגע ברוסט פון

דער יונגער מיידעל, די ברענענדיגע און ליידענשאַפטליכע פּאָזע, אין וועלכער זי איז געלעגען, הילפלאָז איבערגעגעבען צו אַ לאַסט פון טרו מען, דאָס שוואַך געעפענטע מויל מיט די באַגעהרליך־בליצענדיגע ציי־נער, — דאָס אַלץ האָט אַגאַטאַנ'ען געמאַכט צו שוידערען, און ער האָט פאַרדעקט די אויגען מיט דער האַנט. אָבער ער האָט דאָס בילד נאָך דייטליכער געזעהן, און ער האָט שווער געזיפצט, און פאַרבייגעהענדיג, ווי איילענדיג זיך, אַ גלעט געטאָן די גלאַטע האָר פון דער קליינער אסתר און איז אַוועקגעגאַנגען. אַלדאָס קלאָרע, גוטע, דערקוויקענדיגע וואָס איז אין אים געלעגען, איז ווי אַוועקגעבלאָזען געוואָרען. ער איז אַהיימגעגאַנגען, און דאָ האָט שוין געטונקעלט, און ער איז געווען אַזוי אויפגערעגט, אַז ער האָט אַזוי ווי אַ בלינדער אַרום זיך געטאַפּט. דאָס הויז איז געווען ווי אויסגעשטאָרבען, דאָך ווען ער איז אַריינגעקומען אין קאָרידאָר, אום צו געהן צו זיך אין קאַמער, איז ווידער ווי דענסט־מאָל די דינסטמויד געשטאַנען הינטער איהר טיר. ווידער ווי דענסט־מאָל איז זי ברייטליך געשטאַנען, און ווי זי וואָלט געוואַרט, ביים טונ־קעלען שיין פונ'ם ליכט. אַ טראַציגער און תאוה'דיגער שמייכעל האָט זיך געשפּיעלט אַרום איהרע דיקע און פייכטע ליפּען, און אַגאַטאָן האָט זי אָנגעקוקט מיט מורא, ווי אַ שיקזאַל, פון וועלכען ער וועט קיינמאָל ניט קאָנען אַנטרינען. זי האָט גערעדט צו אים, אָבער ער האָט ניט געהערט; זי האָט געגלעט זיין האַנט, אָבער ער האָט ניט געפיהלט. מיט גראָבער צערטליכקייט האָט זי אַריינגענומען זיין געזיכט צווישען דעם גראָבען פינגער און דעם צייג־פינגער פון איהר לינקער האַנט און זי האָט געלאַכט; ער איז אָבער געווען ווי פאַרשטיינערט. תאוה, טראַציגקייט און שאַנדע האָבען שיער ניט צעריסען זיין ברוסט. ענד־ליך האָט ער סאָפּענדיג זיך אַרויסגעמאַכט פון איהר און איז מיט דריי שפּרונג אַרונטער די חורבה'דיגע טרעפּ.

עס האָט אים אַרומגענומען די פינסטערניש פון הויף, עס איז אים צו איינג געווען דאָ. ער איז אַרויסגעגאַנגען, ביז צו די פעלדער גע־גאַנגען און דאַן צוריק אַהיים איבער'ן קירך־הויף, און ער האָט ניט גע־וואוסט, וויפיעל צייט עס איז אַוועק, ערשט ער איז ווידער געשטאַ־נען פאַר אַליפאַט'ס הויז און ער האָט אַרויפגעקוקט. עס האָט זיך אַ עפּעס געטאָן די גאָרטען־טיר, און מאָניקאַ'ס געזיכט האָט אַרויסגעקוקט. זי האָט אַ קוק געטאָן אַהין און אַהער, און ווען זי האָט געזעהן, אַז עס איז קיין נפש פון אַ מענשען ניטאָ, איז זי צוגעגאַנגען צו אַגאַטאָנ'ען,

געבליבען שטעהן, האט ווידער געמאכט א פאר טריט און ווידער זיך אפגעשטעלט און איז ענדליך אנידערגעפאלען, האט ארומגעכאפט פעסט אגאטאנ'ס קני און גענומען כליפען אויף א קלאגענדיגען און קומערפולען טאן.

אגאטאן איז ביז צו די ליפען בלייך געווארען.

— וואס איז מיט דיר ? — האט ער געשטאמעלט.

קיין ענטפער האט ער אבער ניט געקראגען, און ער האט געזעהן מאניקא'ס אקסלען נאכאנאנד ציטערענדיג, און איהר ווײנען איז געווארען וואס אמאל ווילדער און פארצווייפעלטער. עס האט אויסגעזעהן, אז דאס קומט פון א טיפעניש, וואוהין עס קען געוועהנליך ניט גרינג דערגרייכען א מענשליכער שמערץ. עס האט געקלונגען טומפ און פארשטיקט. אגאטאן האט זי געוואלט אויפהויבען, אבער זי האט זיך העפטיג געוועהרט, כמעט צארענדיג. ענדליך און גאנץ אומערווארטעט איז זי שטיל געווארען, האט צוגעהאלטען די שלייפען מיט ביידע הענט און האט געקוקט אויף אים מיט א טרויעריגען בליק, אין וועלכען עס איז געלעגען עטוואס בייזקייט און שולדיגקייט און וועלכער האט אויסגעזעהן צו קומען פון אן אנדערער, ניט פון יענער מאניקא, וועלכע אגאטאן האט ביז אהער געקענט. ער האט ניט געוואגט צו זאגען עפעס.

— אך, אגאטאן, — האט מאניקא ענדליך ארויסגעשעפטשעט מיט אזוי ווי א דערוויטערטע שטימע, — דיך האב איך ערווארט, אזוי לאנג, אזוי לאנג ! טראכט ניט קיין שלעכטס פון מיר, איך בעט דיך, טו דאס ניט ! הער מיך אימער אויס, ווען דו קאנסט, און פארשטויס מיך ניט ! דאס האט גאט געוואלט, אז איך זאל דא אזוי ווערען ווי איך בין. א, אגאטאן ! אגאטאן !

און זי האט געקוקט אין זיין פנים מיט דעם אויסדרוק פון א פאלקאמען טיערישער פארצווייפלונג. דא האט איז אגאטאנ'ען אויפגעשטיגט א פחד פאר איהר, ווי דאס קומט אפט אין א פינסטערער לאנדשאפט, ווען עס גרוילט אונז פאר אן אומזיכטבארען באגלייטער. ער האט זיך ארויסגעמאכט פון איהר. זי האט עפעס אויסגעזעהן אים נידעריג, און ווען ער האט שפעטער נאכגעדענקט איבער דער דאזיגער שטונדע, האט ער זיך פארלארען אין שטוינען איבער יענעם צווייטען „איך", וואס שיינט ארומצוגעהן מיט אונז און שיינט צו האבען א פראפעטישען גייסט און פיעל טיפערע, ווען אויך פארבייגעהענדיגע השגה אין זאכען, איידער אונזער ערשטער „איך".

ער האט אומאנטשלאסען געדריקט איהר די האנט און א פאר־קלעמטער געזאגט איהר א גוטע נאכט. ווי נאר ער איז אוועק, אזוי האט ער טיף באדויערט וואס ער האט געטאן, אבער די שטימע פון לע־מעלע ערדמאן האט אים פון זיינע רעיונות ארויסגעשלאגען. לעמעלע ערדמאן איז געשטאנען ביים שענק, האט הילפלאז געפאכט מיט די ארימס אין דער לופטען און געשריען צו אגאטאנ'ען, וועלכען ער האט דערקענט אינ'ם שיין פון דער לאנטערנע :

— העי ! אגאטאן ! שנעל ! דיין פאטער ! דיין פאטער ! שלימזל, שלימזל !

## צוועלפטער קאפיטעל.

לינקס אין דעם טונקעל־באלויכטענעם פירהויז פון שענק, וואוהין אגאטאן איז אריין, זיינען געשטאנען דריי שטולען. און אויף יעדען איז געזעסען מיט אויפגעריסענע אויגען איינער פון די אידישע הענדלער, וועלכע פלעגען קומען אין דער צייט טרינקען א גלאז ביער. זיי האבען די אויגען ניט אראפגענומען פון דער טיר פונ'ם צימער, אויף וועלכער עס איז געווען אויסגעמאלט מיט אומגעלומפערטע, שווארצע בוכשטאבען : „גאסט־לאקאל". אבער אינוועניג איז געווען רוהיג. אין פירהויז זיינען אויסערדעם נאך געשטאנען א דיקע, אלטע דינסט מיט שווימענדיגע, קליינע אויגען, א פויער יאכען גענספלייש, נאך א פויער יאכען וועסערליין, לעמעלע ערדמאן, פאוולאווסקי. ווי אימער ציהענדיג מיט דער נאז און ווילד קוקענדיג ארום זיך. ווי ער וואלט געזוכט א ווידערשפעניגען גלייך צו צעמאלען אים. דער שענקער אליין מיט א פנים פון אן אלטען קאמעדיאנט, און אויסערדעם, דאקטאר שרייגעמוט, פריינדליך און אין דער זעלבער צייט באזארגט שמייכלענדיג.

געשעהן איז אט וואס :

ווען יאכען גענספלייש איז אריינגעקומען, האט ער זיך אוועקגעזעצט ביי'ם אויווען לעבען דער בורטשענדיגער קאץ, האט אנגעשטאפט זיין ליולקע און אנגעהויבען א געשפרעך מיט'ן שענקער :

— שווערע צייטען, מארטין, שווערע צייטען !

— יא — א.

— געלט איז ווייניג פאראן, און וואס דער איד איז, הייסט דאס : מיר נעמען ביי די פויערים צו די שיך, זיי קענען ארומלויפען בארוועס.

— נו, נו, יאכען ! הויבסט שוין איצטער ווידער אן צו שימפען. הער אויף, האלט דיין מויל !

— ניין, מארטין, מיין מויל האלט איך ניט, מיין מויל האט ניט קיין קלאץ. איך האב פופצעהן הונדערט מארק פארלארען ביי די שמוציגע אידען. דא מוז מען זיך לאזען באשווינדלען און מיט בלוט שווי־

צען פאר די שמוציגע אידען. ניין, מארטין, איך בין גראד געגעכט. מיין מויל האלט איך נים. ניין, מארטין, ניין!

— נו יא, איצט זיי נאר שטיל, מיר דארפען זיך גאר שעמען.

דערוויל איז אריין יאכעו וועסערליין און זיין עלסטער, דערנאך דער שמיד, און פון הינטען האט זיך אריינגעשלעפט לעמעלע ערדמאן. די דריי הענדלער דוד קראילסהיימער, בערמאן שראט און מאקס ליפמאן זיינען געזעסען, אין דעם אנדער ווינקעל היציג פלוידערענדיג.

— לעמעלע! — האט דער שמיד א געשריי געטאן, — קום נאר אהער!

— גי'מיר אן איי, מארטין, ער זאל ניט בארוישט ווערען, — האט דער עלסטער געשפאסט.

— דו קריך ארויף אויפ'ן בענקעל, ערדמאנעלע, אניט וועל איך דיך ארויפשלעפען פאר דיין קאלנער.

לעמעלע האט מיט מורא אנגעקוקט אלעמען איינעם נאכ'ן צווייטען, האט אידיאטיש א שמייכעל געטאן און געפרואווט ארויפצוגעהן אויפ'ן שטול. יאכען גענספלייש האט אים געגעבען א שטויס אין רוקען, און דעם קליינעם מענשעלע האט זיך מיט א פארצווייפעלטער אנשטרענגונג איינגעגעבען ארויפצוקריכען אויפ'ן שטול.

— איצט גיב א כאפ דער קאץ פאר'ן עק! — האט דער שמיד באפוילען.

— אבער גלייך, אניט וועט זי חרטה האבען, — האט יאכען גענספלייש צוגעלעגט און געפרעגעלט זיך פאר נחת.

לעמעלע האט מיט שווידער געקוקט אויף דעם בורטשענדיגען קאטער און די פינגער געריבען.

— אויב דו פאקסט גלייך די קאץ...

— א קרום־אויגיגער וועט דיך אלעמאל אפכיטרעווען. איך גלויב די גאנצע צייט, אז דא איז ניט אינגאנצען זויבער די געשיכטע מיט זיריך שפערלינג.

— ערדמאנעלע, האסטו ניט דערשטאכען זיריך שפערלינג? ווען דו האסט דאס ניט געטאן, נו, קענסטו אויך דער קאץ פאקען פאר'ן עק.

לעמעלע האט זיך ארומגעקוקט, ציטערענדיג מיט'ן גאנצען קערפער. אלע האבען געוואוסט, אז ער פיהלט א שרעקליכען עקעל פאר קעץ ער פלעגט אויסמיידען פארבייצוגעהן א קאץ, יא, ער פלעגט נאך צומאכען די אויגען, און ווען די קעץ פלעגען ביינאכט שרייען ארום

זיין הויז, פלעגט ער די אויערען פארשטאָפען און איז געלעגען אין בעט אין אומבאַשרייבליכען שרעק.

די דריי אידען אינ'ם אנדער ווינקעל האָבען גערעדט פון דעם, וואָס עס וואָלט גוט געווען צו פאַר'שדכנ'ען איזידאָר ראָזענוי, וועלכער האָט אַ פאַרמעגען און אַ גוטען איינקונפט. דוד קראַילסהיימער, דער בארימטסטער און פלינקסטער שדכן אין דער געגענד, האָט געמאַכט אַנטשפּרעכענדע פאַרשלאַגען.

— עס קיינע איז ניט גוט פאַר אים, — האָט ער זיך געזידעלט, — ער וויל געלט און געלט. ער נעמט פון מזבח. פּיער מאָל בין איך ארומגעלאָפען וועגען דער רחל ראָזענשטיין... נו, איזידאָר, גאָרנישט מיט'ן שידוך? וויפיעל האָט זי? זאָגט ער. דרייסיג מיל, זאָג איך. איך קאָן פאַרלאַנגען פערציג. איך מיין, פערציג איז ניט צופיעל, זאָגט ער. ווי הייסט פערציג, זאָג איך, זי איז אַ שעהן מיידעלע. וואָס טויג מיר די שעהנקייט, זאָגט ער, וואָס קאָן איך קויפען פאַר די שעהנקייט? עסט וויסט עס. נו, זי איז בראַוו, זאָג איך. איך פייף דיר אויף די בראַווקייט, זאָגט ער, ווען זי האָט פערציג מיל, ברויכט זי ניט צו זיין בראַוו. נו, וואָס זאָגסטו דערצו? איז דאָס ניט הימעלשרייענד? געה איך נאָך אַמאָל צום אַלטען ראָזענשטיין. נו, זאָגט ער, וועל איך געבען פינף־און־דרייסיג, קיין העלער מעהר. פי, ווי הייסט, זאָגט אי־זידאָר, ווען ביי אים איז ניט ווערט דער נאָמען ראָזענוי פינף מיל, זאָל ער אַפילו באַהאַלטען זיין טאָכטער. זאָל ער זי איינמאַכען, זיס אָדער זויער. נו, וואָס זאָגסטו דערצו? אַ חוצפּה פון אַ יונג!

— אַ בהמה! — האָט ליפּמאַן צוגעשטימט.

— הלל'ס געדולד דאַרף מען האָבען דערצו, וואָרהאַפטיג, — האָט בערמאַן שראָט קאָנסטאַטירט.

— און וואָס אי דער מער מיט איהם? — האָט דוד קראַילסהיי־מער ווידער אָנגעהויבען מיט זיין פיסטעל־שטים און האָט אויסגע־שטשירעט די ציינער (אַט דאָס שטשירען האָט אָפט דאָס אויסזעהן פון אַ לאַכען). — וואָס איז דער מער? ווען ער זאָל אַפילו אַלט ווערען ווי מתושלח, לויף איך מעהר ניט נאָך אַ ווייב פאַר אים. להכעיס־פּנים!

— זעהט נאָר! ערדמאַנעלע! — הכלל, ווי געזאָגט, איך בין יוצא. דער זילבערמאַן איז פּערט איז אויך אַ גאַנץ גוטער שידוך פאַר די ראָזענשטיינס.

— ווייס איך וואָס! חלומות מיט באַקפּיש! דער זילבערמאַן

איז אַ פאַנטאַזיאַר. רעדט רק פון נייגונג. ווען קיין נייגונג איז ניטאַ, איז קיין מזל ניטאַ, זאָגט ער. אַ נאַר!

— ווי זאָגט מען: פיעל שמייכעל, וועניג שכל... ווען מיר זעהען אים, לאַכט ער! — האָט מאַקס ליפּמאַן באַמערקט. אום גלייך דאַרויף די אַנדערע אַנצושטויסען און זיי אויפמערקזאַם צו מאַכען אויף לעמעלע ערדמאַן.

זיי האָבען זיך אומגעדרעהט. האָבען דערהערט דעם שמיד'ס לעצטע ווערטער. זיי זיינען געוואָרען בלאַס, און האַלב דערשראָקען, האַלב אַנטריסטעט האָבען זיי געקוקט אין יענער זייט. מאַרטין אַמברון איז געווען צעטומעלט. האָט געזוכט אַריינצומישען זיך, אָבער דער שמיד האָט צו איהם באַדייטונגספּול אַ ווינק געטאָן. און די סצענע איז ווייטער אָנגעגאַנגען. דאָקטאָר שרייגעמוט און דער אַפּטייקער זיינען אַריין אין שענק און האָבען געלאַכט. זעהענדיג, ווי יאָכען ווערסערליין האָט גע־נומען די קאַץ און ווי אַ פּעלץ זי אַרויפגעלעגט לעמעלע ערדמאַנ'ען אויפ'ן נאַקען. און ווי דער אומגליקליכער איז דאָן געשטאַנען מיט אַ פּנים, וואָס האָט שוין מעהר ניט אויסגעדריקט אַנגסט אָדער שרעק, נאָר עטוואָס, וואָס ליגט אויסער אַלע מענשליכע עמפּינדונגען. דאָס באַשע־פעניש, וואָס איז ניט געווען קיין שרעקעדיגס, איז געבליבען פויל זי־צען. האָט געזשמורעט מיט די אויגען, דאָן זיי צוגעמאַכט און האָט זיך גאַנץ רוהיג ווייטער געבורטשטעט.

איצט האָבען זיך אויפגעהויבען די דריי אין ווינקעל. די ביר־קרינ־לאַך אין די פויסטען אַלס וואָפען, האָבען גענומען שרייען, גלייך ווי זיי וואָלטען לעמעלע'ן עפּעס געהאָלפען מיט'ן שרייען. זיי זיינען אָבער ניט צוגעקומען נעהענטער ווי פיער טריט צום טישעל, וואו די פויערים זיי־נען געווען, ערשט דער שמיד האָט אַ כאַפּ געטאָן אַ צינענעם טעלער, אויף וועלכען עס זיינען געלעגען צוויי בולקעס. און דערמיט אַזוי שטאַרק אַ שליידער געטאָן בערמאַן שראָט'ען אין נאָז, אַז דער דאָזי־גער קערפּער־טייל האָט גלייך גענומען בלוטען און זיין באַזיצער האָט גענומען שרייען נאָך הילף. די אַנדערע צוויי, איבערהויפּט דער רויט־בערדיגער קראַילסהיימער, וועלכע האָבען זיך רק געזוכט צו באַהאַלטען הינטער שראָט'ס ברייטען רוקען. האָבען זיך איצט געפונען אין אַ שוץ־לאָזער לאַגע. די פויערים האָבען גערעוועט, דער שמיד האָט גערע־וועט. דער שענקער האָט געשריען. וועלענדיג זיך, הייסט דאָס, אַריינ־מישען, די דינסט האָט געיאָמערט, דער דאָקטאָר האָט באַזאָרגט זיך

ארומגעקוקט, דער אפטייקער האָט געהאַלטען אַ בלויע פּאַטשיילקע שראַט'ען ביי דער נאָז. די צוויי הענדלער האָבען געטאָן וואָס זיי האָבען געקאָנט, אום דעם ליאָרעם צו פאַרגרעסערען. די קאַץ איז מיט איין שפּרונג שוין געוועזען אויף'ן אויוועז. אַ קליינער יונג איז אַרוים־געלאָפען ברענגען דעם זשאַנדאַר, און אינמיטען דעם אומזיניגען ליאַרעם און טומעל האָט זיך די טיר פאַנאַנדערגעמאַכט און עלקאַן גייער איז אריין.

זיין ערשיינען האָט אַרויסגערופען אַ מאָמענטאַלע, טויטענהאַפּטע שטילקייט. וואָרים אַלע מיט אַמאָל האָבען אויף אים די אויגען אַ קער געטאָן, בעת די טיר האָט זיך אויפגעעפענט. ער איז געוועזען פון אונטען ביז אויבען אינגאַנצען אין בלאָטע, דער קאָפּ, דער פּנים, די הענט און די קליידער, וואָס דאָס איז געוועזען נאָך מערקווירדיגער דערמיט, וואָס די געגענד איז געוועזען פול מיט שניי און אַלעס אַרום איז געוועזען פאַרפראָרען. זיינע האָר זיינען אַרונטערגעהאַנגען שטייף איבער די ברעמען, אין דריי אָדער פיער פּאַסמעס, און דעם קאַפּעליוש האָט ער קענטיג ערגיץ־וואו פאַרלאָרען. זיין געזיכט איז געוועזען ווייס ווי קאַלך, איינגעפאַלען און צעקרימט, אין זיינע אויגען האָט געפלאַקערט אַן אומרוהיג און שרעק־אָנוואַרפענד פייער. זיין מויל איז ניט געוועזען פאַרמאַכט. גלייך ווי ער איז אריין, האָט ער בריינ אַ פיהר געטאָן מיט די הענט, אַזוי ווי אַ שיכור, דערנאָך אָנגעשפּאַרט זיך מיטביידע הענט אַן ווענטעל פון אַ שטול און זיין קאָפּ איז טיף איינגעגראָבען געוואָרען צווישען די אַקסלען.

— אַלמעכטיגער גאָט! וואָס איז מיט דיר, עלקאַן? — איז צו אים קראַילסהיימער צוגעלאָפען, — ביסטו שיכור?

עלקאַן האָט אַ טרייסעל געטאָן מיט'ן קאָפּ.

— לעמעלע, קום נאָר אהער צו מיר! — האָט ער קוים גערערט.

— ביסטו ניט יעדען טאָג אין וואָך געוועזען ביי זיריך שפּערלינג?

— ניין, ניין, — האָט לעמעלע ערדמאַן געקוויטשעט אויף'ן קול.

— ווייסט דען ניט, עלקאַן־לעבען, שוטה וואָס דו ביסט, ווייסט דען ניט, אַז מיין שוועסטער וואוינט אויבען אין דאַכשטיבעל?

— איך ווייס גאָרניט. וואָס מיט מיר איז, — האָט עלקאַן לאַנגזאַם געזאָגט, האָט אָוועקגעלעגט די האַנט איבער די אויגען. דאַן האָט ער תמ'עוואַטע אַ קוק געטאָן אויף אַלעמען, וועלכע האָבען זיך אַרום אים אַרומגעשטעלט. — איך בין ביי אים געוועזען ביינאַכט. — האָט

ער געמורמעלט, האַרט צורוקענדיג זיך צום אַפּטייקער, — און ווי תמיד איז שטיל געווען, און ער האָט מיך מעהר ניט גערופען, אז איך זאָל צו־געהן צו זיין בעט, נאָר ער האָט גענומען רעדען, אז ער זעהט אין צימער פּנים׳ער, וועלכע קומען פון הויז. ער האָט געזאָגט, אז זיי שמייכלען.

— גיב אַ רוף מיין זוהן, קראַילסהיימר! — האָט ער פּלוצלונג אַ געשריי געטאָן, אויסגעשטרעקט ביידע הענט אנטקעגען זיך און גענומען זיך דרעהען ארום זיך אליין.

ער איז געפאַלען ווי אַ שטעקען, זיין פּאַטילניצע האָט זיך אָפּגע־שלאָגען מיט אַ טומפּען קראַך אָן עק טיש, און אַלע האָבען מיט שוידער זיך אָפּגעקערט. דער שענקער האָט געשריען וואַסער, פּאַוולאָווסקי איז אריין באַגלייט פון דעם מילנער־יונג, לעמעלע איז ארויסגעלאָפען ברענ־גען אגאַטאָנ׳ען, דער דאָקטאָר האָט ארויסגעשטויסען אין פירהויז די אַלע לעדיג־געהער־צוקוקער און איז דערנאָך אליין הילפלאָז ארום, וואָ־רים דער אומגליקליכער האָט קיינעם ניט געלאָזט צושטעקען זיך צו זיך.

ווען אגאַטאָן איז צוגעגאנגען צו זיין פאָטער, האָט ער אים מיט ביידע הענט אנגענומען ביים קאָפּ, אַ ציה געטאָן צו זיך און ארויסגע־שעפּטשעט:

— אגאַ, איך וויל דיר וואָס זאָגען, אָבער זאָלסט אייביג שווייגען וועגען דעם! איך האָב אומגעבראַכט זיריך שפּערלינג. בין איך ארומ־געגאַנגען ווי אַ געשלאָגענער פאַר׳ן האַר און האָב אויף מיין הארצען לאַסטען געפיהלט, אז איך מוז שטאַרבען, ווייל מיין שולדיגע האַנט איז באַפלעקט. זאָג גאַרנישט ניט. בין איך טויט, האָב איך מיין זינד אויסגעקויפט, און דער אידישער נאָמען וועט ניט דאַרפען פאַראומריי־ניגט ווערען. איך האָב מיר געוואָלט נעמען דאָס לעבען, און האָב זיך ארונטערגעוואָרפען אין דער שטיינגרוב, כדי עס זאָל אויסזעהן, ווי אַן אומגליק האָט געטראָפען. אָבער די דעק פון׳ם געפּראָרענעם וואַסער איז דורכגעבראָכען, און איך בין צוריקגעקומען צוריק צו שלעפען זיך אין דאָרף. וואָס קוקסטו אזוי? איך אָטעם שווער און רעד שווער. גיב אַ רוף אידען, זיי זאָלען מיך אַוועקטראָגען אהיים.

געהעריג נאָכ׳ן האַנט־וועגעל, אין וועלכען מען האָט זיין פאָטער געפיהרט אהיים, האָט אגאַטאָן אנגסטפול געזוכט זיך אויפצוקלערען וואָס דאָ איז געשעהן, אָבער זיין מוח האָט אים ניט געדינט, און זיין אינערליכע אויפרעגונג איז אַלץ מעהר און מעהר געוואַקסען. ער האָט זיך געפיהלט ווי צעריסען. און אין די נעקסטע שטונדען איז אַן אינ־

ספיראַציע אַרונטער אויף אים, ווי עס פּאַסירט זעלטען מיט אַ מענשען, צו קענען זעהן אין זיך די זאַכען פון דער וועלט. ער איז שוין מעהר ניט יונג געווען; אַן איינדרינגונגס־קראַפט, אַן אינספּיראַציע האָט ווייט אַריבערגעיאָגט זיינע יאָהרען. ער האָט באַגאַנגען אַ טאַט, פאַר וועלכע אַנדערע מוזען אָפּקומען און ליידען. ער אָבער האָט זיך דורך דעם געפיהלט גערייניגט און דערהויבען; עס האָט מיט אים אַזוי ווי פּאַסירט, ווי מען וואָלט פון זיינע הענט די קייטען אַראָפּגענומען און ער קאָן זיי פריי געברויכען. ער איז זעהענדיג געוואָרען דורך דער דאָזיגער טאַט, און אַלצדינג וואָס אַרום אים, מענשען און זאַכען און אומשטענדען, האָבען אַזוי ווי אַ בונד געשלאָסען, אים צו שיצען. ער האָט זיך ניט געפיהלט אונטערוואָרפען צו קיין ערדישער מאַכט, אפילו אויך ניט צו קיינער פון יענע געטליכע מעכטען, וועלכע ער האָט ביז אַהער פאַרעהרט. אַ שטימע אין אים, וועלכע איז אים אָבער פרעמד געווען און האָט געמאַכט אים צו שוידערען יעדעס מאָל ווען ער פלעגט זי פאַרנעמען, האָט איהם צו עטוואָס נייעס גערופען. און ער האָט איצטער געוואוסט, אין וואָס דאָס דאָזיגע נייע באַשטעהט!

אינדערהיים זיינען אומעטום געווען דערשטוינטע און דערשראָקענע געזיכטער. די קינדער האָבען ניט געשלאָפען. די קאַרטאָפּעל זיינען געשטאַנען ניט גערירט און אָפּגעקיהלטע אויפ'ן טיש. דער קעראָסין־לאָמפּ איז געווען אויסגעלאָשען, און אַ חלב'נע ליכט האָט געברענט אויפ'ן עק קאָמאָד אין אַ מעשענעם לייכטער, וועלכער איז געווען געדיכט באַדעקט מיט גרינעם שימעל. מרים איז געזעסען אויפ'ן באַנק און האָט געהאַלטען דעם קאָפּ אין די הענט. די שווערע דאגות־פּרנסה האָט מען געקאָנט לייענען ניט נאָר אויף די שטערענס, נאָר אויך אין די טעלער און אין די שאַפעס. יואַלזאָן איז ווידער געווען דאָ. אַגאַטאָן האָט אויסגעמיטען דעם פינסטערען קנור, וועלכער רעדט רק מיט גאָט.

שטעהענדיג אין קאַמער פאַר זיין פאָטער'ס בעט האָט ער גערופען צו דעם בלייכען מיט די צוגעמאַכטע אויגען, וועלכער איז דאָרט געלעגען. עלקאַן האָט געעפענט די אויגען מיט אַ דערשראָקענעם, פאַרגליווערטען בליק. טיפע קנייטשען זיינען געלאָפען איבערביידע זייטען פון זיין פנים און זיי האָבען דערמאָנט אָן די איבערטריבענע פאַלבען פון אַ גראָטעסקען שניצווערק.

מיט אַן אומגעלומפּערטער באַוועגונג האָט אַגאַטאָן אַ שטויס געטאָן דאָס שאָקעלדיגע טישעל, וואָס איז געשטאַנען ביים בעט, דער לייכ־

טער איז אומגעפאַלען און ס'איז געוואָרען גאַנץ פינסטער. ער האָט ניט ווילענדיג זיך אָפּגעאָטעמט, ווי ער וואָלט געוואונשען, עס זאָל זיין פינסטער. פונדעסטוועגען האָט ער אויף דער וואַנט, וועלכע איז געווען נאָר צונויפגעשלאָגען פון ברעטער און האָט געטיילט אַ לכתחילה גרע־סערען חדר אויף צוויי קלאָגעדיגע לעכער, דערזעהן אַ גליהענדיגען שי־מער, און ווען ער איז נעהענטער צוגעגאַנגען, האָט ער אין דעם אַנדער צימער דערזעהן זיין מוטער זיצענדיג אָנגעבויגען איבער'ן טיש. דאָס געזיכט איז געווען פאַרשטעלט מיט די צונויפגעלעגטע הענט. אַנטקעגען איהר איז געזעסען יואָלזאָן מיט זיין אַסקעטישען פנים, מיט די דינע ליפּען, מיט די קאַלט־פינקלענדיגע אויגען, מיט די געבויגענע, מאָגערע פינגער ווי ביי אַ מאַנאַך. ער האָט געקוקט מיט פינסטערע בליקען, גלייך ווי ער וואָלט אין אַ קבר געקוקט. און ער האָט טאַקע געקוקט אין אַ קבר. ער אַליין האָט דאָס אויסגעגראָבען, אינאיינעם מיט אַזעל־כע ווי ער, אום צו באַגראָבען דאָרטען, זינט יאָהרטויזענטער, אַלעס וואָס פריי איז און וואָס שעהן איז. און דאָ איז ער געזעסען און האָט געמורמעלט דאָס געבעט פון „שמונה־עשרה“: זכרנו לחיים מלך חפץ בחיים, געדענק אונז צום לעבען, קעניג, וואָס דו האָסט ליעב דאָס לעבען!

— טאַטע! — האָט אַגאַטאָן ליידענשאַפטליך געפליסטערט, — טאַטע, הער מיך אויס!

— ליכט! ליכט! — האָט עלקאָן טומפּ געענטפערט.

— איך האָב דאָ ניט קיין שוועבעלאַך. הער נאָר אַפּריהער. עס איז ניט ריכטיג, אַז דו האָסט געטויט זיריך שפּערלינג. איך האָב דאָס געטאָן.

— ניין, אַגאַ, דו ווילסט מיר טאָן אַ געפאַלען, אָבער עס איז אומזיסט.

— ווייסטו דען נאָך גענוי, ווי דאָס איז געווען? ביסט אריין אין הויז און האָסט דאָס געטאָן בעת ער האָט געשלאָפען?

— אַזוי איז דאָס געווען. ווען ער פלעגט אריינקומען אין הויז, פלעג איך אים ווינשען דאָס ערגסטע, וואָס מען קען נאָר ווינשען אַ מענשען. איך בין אויף די קני פאַר אים געלעגען און האָב ווי אַ קינד געבעטען, אָבער ער האָט קיין רחמנות ניט געהאַט אויף מיר און אויף מיינע קינדער. זיינע אויגען האָבען מיט שנאה געברענט; עפּעס איבערערדישעס פון האַס און פאַרניכטונגס־פרייד איז דעריין געלע־גען. ווי אַ צעמישטער בין איך געלאָפען נאָך געלט און בין געגאַנגען

איבער די פעלדער און האָב מיר געטראַכט, ווי גוט עס וואָלט געווען, ווען ער שטאַרבט! און אימער איז דער געדאַנק געווען אין מיר, ביז די נאַכט איז געקומען, און איך האָב זיך געלעגט שלאָפן. איך בין אָבער ניט געשלאָפן, נאָר אַהין געגאַנגען...

— עס איז געווען אַ חלום, טאַטע! — האָט אַגאַטאַן זיך אָנגע־רופן און האָט מיט זיינע פינגער שטייף אַרומגענומען עלקאַנ׳ס אָרעם.

— אָפּריהער האָב איך דאָס אויך געטראַכט, אָבער ווען מען מאַכט דורך אַזעלכע זאַכן, טרעפן אַזעלכע חלומות. אָבער איין טאָג, דאָס איז געווען, ווען דיין מאַמע איז אַזוי וואונדערבאַר געזונט געוואָרן, אין דעם דאָזיגן טאָג איז אויף מיר אַרונטערגעפאַלן ווי אַ שווערע משא: איך האָב דאָס געטאָן. ווען אַפילו די גאַנצע זעלע זאָל זיך אין מיר אויפשטעלן אַנטקעגן, בלייבט די טאַט ווי אַ שוואַרצע זאַך, ווי די פינסטערניש אַליין.

— עס איז געווען אַ חלום, טאַטע! — האָט אַגאַטאַן געזאָגט מיט אַ מאָדנער פריידיגקייט, און יענע הינרייסענדע אינספּיראַציע איז ווי־דער געקומען איבער אים.

— איך בין דאָס געווען, איך האָב דאָס געטאָן. דאָס ווייס איך און קאָן פאַראַנטוואָרטליך זיין פאַר דעם. איך בין מעהר ניט קיין איד און אויך ניט קיין קריסט, און איך האָב ניט אין מיר אייערע שולד־געפיהלען. אַזוי איז מיין טאַט אַריבער אויף דיר, ווייל דו ביסט אַ איד, און איך בין פון דיין בלוט. ווייל דיין הויז, דיינע ווענט, דיינע בגדים, דיינע מעסערס און דיין געבעט קענען דאָס ניט פאַרטראָגן און זיי האָבען געמוזט אַלעס אויף דיר אַרויפוואַרפן, פון וואָס איך בין געווען פריי און מוז זיין פריי. וואָרים איך ווייס, טאַטע, וואָס עס שטעהט פאַר, און מיינע הענט זיינען שוין אויסגעשטרעקט פאַר די קינפטיגע אַרבייט. איך ווייס, ביי מיר קומט אויס, אַזוי ווי מיט זיריך שפּערלינג איז די גאַנצע קריסטליכע אמונה אָפּגעשטאָרבען, אָדער אפשר נאָר דער קריסטליכער גייסט אין אָט דעם פאָלק, דורך וועלכען דאָס האָט געמוזט האַסען און בלוט פאַרגיסען און ניט געוואוסט פאַר־וואָס און איז דורך דעם אויך אַליין געפייניגט געוואָרען. אפשר האָב איך אויך ניט באַגאַנגען די טאַט, נאָר דער נייער פרעמדער גייסט, וועל־כער קומט איצט... אַך, עס שווינדעלט מיר, איך קאָן גאָרניט טראַכטען ווייטער.

עלקאַן גייער האָט אַ דערשראָקענער זיך אויסגעגלייכט, און אים

האט זיך אויסגערוכט, אז ער זעהט זיין זוהן'ס געזיכט שיינענדיג אין דער פינסטער. דאן האט ער פלוצלונג שוואך א קרעכץ געגעבען און פארלארען דאס באוואוסטזיין. אגאטאן האט א רוף געטאן, מען זאל ברענגען פייער.

דער שניי איז זיך כסדר און רוהיג געפאלען, פון צייט צו צייט פינקלענדיג און גלאנצענדיג אינ'ם ליכט־שטראם פון א פענסטער. אגא־טאן האט נאך אין אוועגט זיך ארומגעשלעפט און דערזעהן גודשטי־קער'ען פון דער ווייטען. אבער ער האט אים אויסגעמיטען. ער האט מעהר קיין סימפאטיע ניט געהאט פאר סטעפאן גודשטיקער. וועל־כער האט געהערט צו יענע מענשען, וואס לעגען רק די האנט צו צום הארצען, ווען זיי דארפען אייך ווענען עפעס פארזיכערן. אויך האט ער געהאט די געוועהנהייט, אז צעקריגענדיג זיך מיט א מענשען, פלעגט ער אוועקגעהן א היים און אים אנשרייבען א בריעף פול מיט אדוואַ־קאטסקע ווענדונגען און רעטזעלהאפטע אנדייטונגען וועגען אייביגעס, צוקינפטיגעס און אומפארענדערליכעס — גרויסע ווערטער, פארלע־גענהייטס־ווערטער. ער האט ליעב געהאט די מעלאנכאלישע, רעזיג־נירטע טענער, האט זיך געדען געפיינט פאר אומוויסענדע, האט פאר יעדערען פאראויס דערצעהלט אין באמבאסטישע פראזען די פלענער פון זיינע ארבייטען, און בעת מעשה פלעגט ער אים אריינשלעפען אין א פארוואָרפענעם שענקעל און זידלען פאר אים אלדאס גרויסע און אנ־ערקענטע, ער האט אבע־ דערביי א פריהער תמיד אויסגעהערט דעם צוהערער'ס מיינונג, צו וועלכער ער פלעגט צושטימען, אויב עס פלעגט זיך אים לוינען, אדער ער פלעגט זי איבערשפארען מיט הינטערדרייד־לעך. דאס אלץ האט אגאטאן געוואוסט, אבער צוגלייך מיט דער קנאה, פארביטערונג און גרויסקייט־מאניע האט ער באמערקט א הויכען שטריך אין גודשטיקער'ן דורך וועלכען ער איז פעהיג געווען צו פארשטעהן דאס ווירקליך גרויסע און זיך אפגעבען דערצו.

ווען אגאטאן איז פארבייגעגאנגען עסטריכ'ס הויז, האט ער דער־זעהן, אז אין די פענסטער איז ליכטיגער ווי אלעמאל. ער האט זיך איינגעקוקט אין פענסטער און ער האט דערזעהן א בילד פול מיט פרידען. דער ווייהנאכטס־בוים איז געשטאנען אין א ווינקעל און זיין שפיץ האט זיך געבויגען אונטער'ן סטעליע. קעטע איז געזעסען ביים פיאנא אין אן אלטען בלויען קלייד, וואס האט די ארימס איבער־געלאזען אנטבלויזט, און זי האט געשפיעלט שווער, לאנגזאם, פויל,

דאס געזיכט ארויפצוצו געווענדט, ווי זי וואלט זיך דערמאנען אן אפט געהערטע און איצט פארגעסענע מעלאדיע. איהר מוטער, וועלכע האלט אימער אין איין פלווידערען, האט איצטער געשוויגען, און דער אלטער האט אויסגעזעהן, ווי ער וואלט היינט זיין גאנץ לעבען געלאזט דורכגעהן פארביי זיך. אגאטאן האט זיך אפגעקערט און גענומען קוקען אין דער פינסטערער לאנדשאפט. ער איז געווען צערודערט. ער איז געגאנגען ווייטער, אהן א ציל, — ארויף בארג. די לופט איז פול געווען מיט דינעם שניי־שטויב. באלד זיינען געקומען די טענענבוימער, און א פורכטבארע פינסטערניש האט געהערשט צווישען זיי. ווייט אין צפון האט ער געזעהן דעם ליכט־שיין איבער נירענבערג. ער האט זיך דאן ווידער אומגעקערט, און ער האט געזעהן דעם קירך־טורעם פון דארף ווי א דראהענדע נאכט־געשטאלט. אזוי ווי דאס דארף איז געלעגען אין טאל, האט ער געזעהן נאר דעם טורעם; ער האט אויסגעזעהן צו שטעהן נאהענט אויף די פעלדער און האט זיך קלאר אפגעצייכענט, משופע'דיג און רעטזעלהאפט, אנטקעגען הימעל.

דא האט ער ווידער מיטאמאל אנגעטראפען סטעפאן גודשטיקער, וועלכער איז ווי פון דער ערד אויסגעוואקסען.

— פון וואנען קומט איהר דאס ? — האט אגאטאן געפרעגט.

— פון נירענבערג, — האט גודשטיקער געענטפערט אן אנגעבלאזענער.

אגאטאן האט געוואוסט, אז ער ליגט, און ער האט אומזיסט געפרעגט נאך דער אורזאך פון זיין ליגען.

— מען לאזט מיר צו־רוה ניט, — האט גודשטיקער געטומעלט, — געזעלשאפטען, פארערונגען, דאמען, שטאמבוך־פערזען, צום טייוועל זאל דאס אלץ געהן !

— און וואס מאכט איהר אזוי ? — האט אגאטאן אומעטיג געפרעגט.

— איך ? איך ווער פארזומפט. איך ווער דערשטיקט אין קאפעשאנטאן־לופט מיט אנפאנגענדיגע זשעניען, אזעלכע ווי איהר. יא, איהר זיינט אויך אזא, אזא וועלט־פארבעסערער. הימעלשער הימעל, וואס פאר א פאסקודסטווע ! דאס לעבען איז געווארען גראב און ניכטער, און די פאולם ווערען אויסגעלאכט. א פראפעט זיין, יא, גוט, איך האב גארנישט קעגען דעם, ווען איהר זאלט זיך באשרענקען

אויף באַטרונקענע הויזירער און רייכע מאָרפיניסטקעס. איבריגענס: לעבען זאָל דער שטאַרך און די געמיטליכקייט!

— איהר זיינט זונדערבאַר! — האָט אַגאַטאַן צעטראָגען געזאָגט.

—איך וויל אייך עפּעס זאָגען, איהר זאָלט זיך דאָס מערקען, — האָט גודשטיקער ווייטער גערעדט, — אונזער לעבען פעהלט ערד־גע־רוך. דאָס איז וואָס מיר דאַרפען האָבען. און איצט — זייט מיר גע־זונט! איך מוז דאָ די נאָהענטע מיינע ברענגען די געוועהנליכע מתנות.

גודשטיקער'ס איידעל גייסטיג לעבען פלעגט זיך אָפט מאַניפעס־טירען אין געשמאַקלאָזיגקייטען.

אַגאַטאַן האָט אים צוריקגעהאַלטען ביים אַרבעל און ערנסט גע־פרעגט אים, אויב ער ווייסט ניט, וואָס איז געשעהן מיט מאַניקאַ אַליפאַט.

— איך? — מאַכט גודשטיקער. — געשעהן? ניין, איך ווייס גאָרנישט, אויף נאמנות ניט!

און ער האָט אַוועקגעלעגט די האַנט אויף דער ברוסט. דאַן האָט ער זיך פאַרנייגט, באַרירט דעם הוט־ראַנד, און איז אַוועקגעגאַנגען.

אַגאַטאַן איז אַריין אין אַליפאַט'ס גאָרטען און האָט שטאַר גע־קוקט אַרויפצו צו די פענסטער. די גאַרדינען זיינען געהאַנגען אומ־באַוועגליך הינטער די שויבען, און קיין שאָטען האָט זיך ניט פאַרביי־געגליטשט איבער זיי. אַגאַטאַן איז אַרויפגעגאַנגען. פרוי אַליפאַט איז געלעגען אויפ'ן דיוואַן און האָט געלייענט אַ בוך. זי איז ניט געווען קיין אָנזעהעוודיגע דאַמע, האָט כסדר עטוואָס פראָסטליך גע־שמייכעלט און האָלט געהאַט צו דערצעהלען וועגען איהר גרויסער פאַר־גאַנגענהייט. זי איז געווען שוואַך און דורכגעדרונגען ביז צו לעכער־ליכקייט מיט אַ פאַלשען געפיהל פון אַדעלקייט. ווען אַגאַטאַן איז אַריינגעקומען, האָט מאַניקאַ געשפּיעלט אין פּילקעס מיט איהר קליי־נער שוועסטער. דאָס קינד איז דערביי געווען פול מיט באַגייסטערונג. איהרע גאָלד־בלאָנדע האָר זיינען אַרונטערגעפאַלען ביי ביידע זייטען האַלז ביז צו דער ברוסט, און ביי יעטווידער באַוועגונג זיינען די האָר געפלויגען איבער'ן שטערען און איבער די באַקען. מאַניקאַ איז געזעסען אויף אַ נידעריגען בענקעל און האָט געכאַפּט די פּילקע אָדער געוואָרפען זי, ניט ענדערענדיג בעת מעשה די ריכטונג פון איהר בליק. און אויב זי האָט פאַרפעלט צו כאַפּען די פּילקע, האָט זי אַסתר'ן געלאָזען אויפזוכען זי.

אנאטאָן האָט זיך אוועקגעזעצט לעבן איהר אויף א צווייטען בענ־קעל, האָט אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אָן דער האַנט און דעם אָרים אויפ׳ן קני און גענומען באטראכטען מאָניקאַ׳ס הענט, וועלכע זיינען געווען ווייס און צארט, מיט די שלאַנקע פינגער און די בלאַסע נעגעל. אויף דער לינקער האַנט האָט זי געטראָגען א רינג, וואָס האָט זיך געדרעהט אזוי ווי א ספּיראַל. דער רינג איז געזעסען געראַם אויפ׳ן פינגער, און ביי יעטווידער באוועגונג האָט זי כמעט ווי מעכאניש דאָס אראָפּ־גערוקט. יעטווידע באַוועגונג גופא האָט אויסגעזעהן צו זיין נאָר מעכאניש. אָפּט זיינען די הענט מאָט אַרונטערגעפאלען אין שויס און געבליבען ליגען אָהן ארבייט, אַפילו ווען די פּילקע פלעגט שוין דורכ־פליהען די לופט ; זי האָט דאָן אַפּגעבויגען דעם קאָפּ אָן א זייט און געלאָזען די פּילקע פאַרבייפליהען. אסתר האָט גאָרניט געקענט באַ־גרייפען, ווי אזוי איז מען דאָס אזוי נאריש. דערנאך איז געקומען אן אנדער שפּיעל, וואָס אנאטאָן האָט נאָך קיינמאָל ניט געזעהן. מאָניקאַ האָט צוליעב דעם אינגאַנצען זיך אוועקגעזעצט אויף דר׳ערד און אויס־געלעגט צוואַנציג שפּיעל־קאָרטען ארום זיך. איצט האָט אסתר גע־דאַרפט מיט פאַרבונדענע אויגען זוכען די אויבער־רויטס. א מאָדנע שפּיעל, בפרט נאָך אַז מאָניקאַ האָט דערביי ניט אויפגעהערט צו שמייכ־לען און געשפּאַנט געקוקט אויף די קאָרטען ; און איהר שמייכלען האָט געהאַט אין זיך עטוואָס פון דעם שמייכעל פון א משוגענער.

— פאַרוואָס שפּיעלכטו עפּעס מיט אזא מין היץ, מאָניקאַ ? — האָט אנאטאָן געפרעגט מאָדנע אויפגערעגט.

זי האָט אויף אים א קוק געטאָן טראַציג און פאַרוואונדערט. דאָן האָט זי געזאָגט :

— אלזא, איצט, אסתר, ווען דו פאַקסט דעם אונטער, דאַרפסטו מיך שלאָגען.

— שטאַרק ?

— שטאַרק שלאָגען, געוויס. אזוי שטאַרק, ווי דו ווילסט.

— דעם אונטער־רויטס ?

— יאָ.

מאָניקאַ האָט זיך דערנאָך אוועקגעלעגט מיט׳ן גאַנצען קערפּער אויפ׳ן דיל, האָט אויסגעשטרעקט די אָרימס איבער זיך און צוגעמאַכט די אויגען.

— דו ביסט אומאָנשטענדיג. Ma fille — האָט איהר מי־

— Il faut avoir plus de dignite chez ce jeune homme. טער געזאָגט פייפענדיג.

עס איז ניט געווען קיין קאָמישערעס, ווי די וואזשנעקייט, מיט וועלכער זי האָט גערעדט איהר מערקווירדיגען פראנצויזיש.

ווען אגאטאָן האָט גענומען אוועקגעהן, איז מאָניקא נאָך איט ארויס אין פירהויז מיט א קליין לעמפעל. אָבער א שטארקער צוג־ווינט האָט זיי א האַק געטאָן אנטקעגען און אויסגעלאָשען דאָס פייער. א קורצע צייט זיינען זיי געשטאַנען אומאַנטשלאָסען אין דער פינסטער, נאָך געבלענדט פונ׳ם ליכט פון צימער, דאן האָבען זיי זיך דערזעהן איינע די אנדערע און האָבען אויסגעפונען, אז עס איז גאָרניט פינס־טער. ווען אגאטאָן האָט ביי די טרעפ געוואָלט זאָגען א גוטע נאכט, האָט מאָניקא זיך ווייט אריבערגעבויגען אריבער׳ן פאָרענטש, און ער האָט דערזעהן איהרע ווילדע אויגען לייכטענדיג. ער האָט אויסגע־שטרעקט ביידע הענט צו איהר, און ער האָט ניט געוואוסט ווי אזוי ער האָט זי פלוצלונג געהאַלטען איינגאַנצען אין זיינע אָרימס און זיינע ליפען האָבען באַהוטזאַם און פול מיט הארציגקייט זיך גערדריקט צו איהרע אויגען. זי איז געלעגען ווי א לעבלאָזע מאַסע אויף זיין ברוסט, און כאָטש זי האָט ניט געוויינט און ניט גערעדט, האָבען אָבער איהרע ליפען אהן אויפהער געציטערט.

אגאטאָן איז דערנאָך געשטאַנען פאר׳ן טויער פון גאָרטען און האָט געטרוימט, געקוקט אויפ׳ן ברייטען, נאכט־טונקעלען, שניי־בלויען לאנד, און ער האָט דערפיהלט, ווי שטארק ליעב ער האָט אָט דאָס לאנד, וואָס איז זיין היימאַט געווען און וואָס רעדט צו אים אזוי הארציג פון יעטווידען טאַנען־וואלד, פון יעטווידען קוסט.

אויף מאָרגען איז געווען יום־טוב, פיליכט דער פרידליכסטער טאָג אין יאָהר, ווייל דער שניי זעלבסט האָט שטילער געמאַכט די טריט פון די קירכען־געהער, ווייל ער האָט א רינג פון גלאָקען־מעלאָדיען אויס־געפלאָכטען ארום דער גאַנצער ערד. אגאטאָן איז פאַרביינעגאַנגען עסטריכ׳ס פאַרקאַן, און ער האָט דערהערט א הויכע בייזע שילטעריי איז הויז. ער האָט זיך צוגעהערט. עס איז געווען דעם אלטענ׳ס שטור־רעמדינגע, בייזע שטימע. ער האָט דאַן געטראָפען גודשטיקער׳ן, וועל־כער האָט איהם מיט אַן אמת קינדערשער פרייד אלץ דערצעהלט. דער אלטער האָט א ברודער, וועלכער איז אינגאַנצען ארונטער פון מעמד, ער פאַרמאָגט גאָרנישט, א חוץ אַן אלט געירש׳ענט פאַטריציער־הויז אין

נירענבערג, וואָס ער טאָר דאָס ניט פאַרקויפֿן. ער איז אַ פּאַרקאָכטער אַלכימיקער, און שוין צוואַנציק יאָהר, ווי ער זוכט דעם פילאָזאָפישען שטיין און האָט אויף דעם אַ גרויס פאַרמעגען געפּטר'ט. נו, איז ער געקומען צום ברודער בעטלען. גודשטיקער האָט זיך נאָך לוסטיג געמאַכט איבער דער „עכט־דייטשער“ סענטימענטאַליטעט, וואָס דאָס האָט גראָד געראַפט זיין אין וויינאַכטס־טאָג, און דאַן האָט ער אויף זיין איבערטריבענעם אופן זיך געאיילט אוועקצוגעהן, ווייל ער דאַרף זעהן דעם קעניג, וועלכער דאַרף היינט אַנקומען קיין נירענבערג פון זיין רעזירענץ. ער האָט נאָך אָבער עפּעס געהאַט אויף'ן האַרצען, האָט ער זיך אומגעקערט און געפרעגט אַגאַטאַנ'ען, צי עס איז ניט מערקווירדיג, וואָס זיין כלה קעטע פאַרהאַלט זיך מיט גוואַלדיגער צערטליכקייט צו אַט דעם פאַררוקטען פעטער דעם גאָלדמאַכער. דער פעטער באַלדעווין קומט ביי איהר גלייך נאָך דער ביבעל.

— ווי גליקליך מאַנכעס טרעפט זיך אין דער וועלט, — האָט ער געשלאָסען זיינע אויספירונגען אויף אַ פילאָזאָפישען אופן. — אַז אַזאַ נאַרישער גולם מוז נאָך הייסען באַלדעווין ! אויסגערעכענט : באַלדעווין ! צו דום !

ער האָט זיך געטרייסעלט פאַר געלעכטער, האָט אַ קוק געטאָן אויף זיין זייגער, וועלכען ער האָט צוגעלעגט צום אויער און איז איילענדיג זיך אוועק.

קומענדיג אהיים, האָט אַגאַטאָן געטראָפען אַ פּאָסטיליאָן, וועלכער האָט געבעטען ביי פרוי יעטע טרינק־געלט לכבוד יום־טוב. ער האָט געבראַכט אַן איינלאַדונג אין געריכט צו קומען עדות זאָגען אין דער פאַרהאַנדלונג קעגען הענאַך קאַרקוי. פרוי יעטע איז קוים אימשטאַנד געווען אונטערצושרייבען איהר נאָמען אויף'ן קבלה־צעטעל. עלקאַן גייער וועט שוין עדות זאָגען — אויף'ן הימעל. ער איז געלעגען אין קאָנוואולסיעס און האָט גערעדט פון היץ, און פרוי יעטע האָט ניט געהאַט, ווער עס זאָל איהר העלפען. די דינסט האָט זי שוין נעכטען אוועקגעשיקט, זי קען ניט האַלטען קיין דינסט, זי מוז ציטערען איבער יעדען פעניג. היינט מוז מען קלאָר מאַכען פאַר פרוי העלמוט, אַז זי מוז אוועקגעהן ; און שוין נאָכמיטאָג איז סעמאַ צוגעגאַנגען צו אַגאַטאָנ'ען, צוגרייטען אים פאַר'ן שיידען זיך.

— היינט שוין ? — האָט אַגאַטאָן געפרעגט.

— יאָ, היינט.

— איך וועל מיט דיר גײן, סעמאַ קלײנער!

אַ פּאַראַליזיר־ענדע פרייד איז געװען צו באַמערקען אויפ׳ן אײנ־געל׳ס פּנים.

— אָבער איך וועל גײן ווייטער ווי דו, — האָט אַגאַטאַן פאַרט־געזעצט, — ווייטער ווי דו ביסט אימשטאַנד.

— ווייטער ווי איך בין אימשטאַנד, געוויס ניט! וואוהין איז דאָס?

— וואוהין? ווען איך אַליין ווייס דאָס! אין דאָס ציל־לאָזע! אַך, סעמאַ, ווי שײן עס איז געװען אין יענער נאַכט... די יתומים זײנען געוויין מעהר ווי צופרידען, מעהר ווי גליקליך. זיי האָבען גאָר זייער אומגליק פאַרגעסען אין דער נאַכט. עס איז געװען געטליך פון דיר, סעמאַ!

— אָבער דו האָסט דאָך דאָס אויפגעטאָן, אַגאַטאָן! איך האָב דיך אַזוי ליעב, אַגאַטאָן!

— יאָ, דו קלײנער סעמאַ! ווען איך דערמאָן זיך, ווי דו ביסט דאָרטען געזעסען אויף דער צעבראָכענער באַנק, אָדער וואָס דאָס איז געװען. ניין, עס איז געװען וואונדערפול! אַלעס אין מיר האָט געציטערט. עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז די נאַכט אַליין מוז זיך אַ ריר טאָן און ארונטערפאַלען ווי אַן אַלטער בגד, און עס מוז ווערען ליכטיג. דערמאָנסטו זיך אָן דעם אײנגעל, וועלכער איז גלייך לעבען דיר געזע־סען? אָהן אַן אויפהער האָבען זיך ביי איהם געגאָסען די טרערען, און דאָך האָבען זיינע אויגען געלאַכט. פון וואַנען נעמט זיך צו דיר אָט די גאַנצע קונסט, קאַרליק אײנער, זאָג?

סעמאַ האָט צוגעלעגט זיין מויל צו אַגאַטאַנ׳ס אויער און געהיימ־ניספול אַ פליסטער געטאָן:

— די מאַמע זאָגט, איך בין אַ פירסט׳ס אַ קינד.

— ווי?

— דעם קעניג׳ס קינד, זאָגט זי.

— דעם... וועלכען קעניג׳ס?... אונזער קעניג׳ס, סעמאַ?

סעמאַ האָט שטום אַ שאָקעל געטאָן מיט׳ן קאָפּ.

אַ שטונדע שפּעטער האָט אַגאַטאָן געהאַט אַ פיעל וואונדערליכע־רען שמועס מיט פּרוי העלמוט. ער האָט איהר דערצעלט, וואָס סעמאַ האָט אים געזאָגט, און זי איז דערשראָקען געוואָרען. אין אַ ווײלע אַרום האָט זי זיך אָנגערופען:

— אָבער איהר זאָלט דאָס באַהאַלטען אַלס אַ טיפען סוד, אַגאַ־טאַן! איצט רעדען זיי אין דאָרף דערפון און אויך אין די צייטונגען שטעהט דאָס, אַז דער קעניג קומט אין שטאָט. אָבער דאָס איז ניט אמת. וואָס וועט דער קעניג טאָן אין שטאָט? מען זאָל אים אָנ־שרייען פול די אויערען וויוואַט און הורא? אויף דעם איז ער צופיעל שטאָלץ און צו הערליך, אַגאַטאַן! פריער האָט ער דאָס געטאָן, אום די מיניסטאָרען צופרידען צושטעלען. איצט פאַראַכטעט ער די וויוואַטס און די הוראַס.

— און איהר ווייסט דאָס אַלץ אַזוי גוט? און איהר זיצט דאָ ביי אונז אין אַ שייער־קלייד? — האָט אַגאַטאַן געפרעגט אַן ער־שטוינטער איבער דעם אופן ווי די פרוי האָט זיך אויסגעדריקט.

— אויב איך וויים? קיינער ווייסט דאָס ניט אַזוי גוט, ווי איך. זיין יונגער קאָפּ איז אין מיין שויס געלעגען. דאָס קלינגט אייך ווי אַ ראָמאַן, אָבער עס איז אמת, אמת. זיין גייסט האָט געטרוימט אין מיין שויס, אַגאַטאַן, און זיין קעניגליכער לייב האָט פרוכט געטראָגען ביי אַזאַ דינסט ווי איך בין.

— אָבער ווי איז ער אַזוי, אַלס מענש?

— קיינער קאָן ניט זיין מעהר קעניג ווי ער. קיינער קאָן ניט זיין מעהר מענש, ווי ער, אַגאַטאַן, און דאָךביידע זאַכען ווי דורך כישוף צו פאַרשמעלצען... אַזוי איז ער באַשאַפען געוואָרען. פול מיט מאַ־יעסטעט, פול מיט גוטסקייט, אָבער איינזאַם ווי דער טויט אַליין.

— און ער איז אין דער אמת אַזאַ וואונדערבאַרער מענש?

— ער איז דאָס. ער שטעהט איבער אַלע מענשען, ווייט, הויך! עס איז נאָך קיין פופצעהן יאָהר ניט אוועק, אַגאַטאַן, ווי איך בין גע־ווען אַ שעהנע פרוי, איך האָב געהאַט היבש טריאומף אויפ׳דער ביהנע. און מיין גאַנץ וועזען איז געווען אין אים אויפגעלייזט. איצט בין איך אַלט, לעכערליך, טיף געזונקען, אָבער דאָס האָב איך געוואָלט. איך האָב געוואָלט טיף זינקען, כדי אים תמיד העכער און ווייטער צו זעהן. ער איז אַ גאָט. פאַר זיין בליק בויגט זיך אַלעס מיט פרייד. אָבער ער איז צו גרוים פאַר דער צייט. ער איז ניט אַזאַ מענש, ווי מיר דאָ. ער איז געבאָרען געוואָרען צו זיין אַ קעניג, און דאָס זיינען ווענינע. אָבער ער קען ניט זיין קיין קעניג ווי ער וויל. זיי דערלאָזען דאָס ניט.

פרוי העלמוט האָט גערעדט איהרע קורצע זאַצעז שטורעמדיג, מיט לאַנגע פויזען. ווען זי האָט געענדיגט, האָט זי זיך האַסטיג אויפגע־

הויבן, ווי פארשעמט, און זיך אוועקגעשלעפט, איבערלאזענדיג אגא־טאנ׳ען אין א צושטאנד פון אויפגערעגטע רעיונות. ווילדע געשרייען און קולות אהן א טאלק ביי די פענסטער האבען איהם ערשט אויפגע־וועקט פון זיינע נעראנקען. ער האט ארויסגעקוקט. די ביידע ראזענוי מיידלאך האבען לעבהאפט, מיט רויטע פנימ׳ער, דערצעהלט וועגען אן אויפרעגענדע פאסירונג, און זיי האבען אנגעוויזען מיט די פינגער אויפ׳ן עק דארף. אגאטאן האט כמעט ווי קיין אויפמערקזאמקייט ניט געשענקט, וורייל די ביידע מיידלאך פלעגען פאר א צייט־פארטרייב יעטווידע אומבאדייטענדע זאך פאנאנדערבלאזען אין א קאטאסטרא־פע, אבער ווען סעמא האט אים א ווינק געטאן, ער זאל ארויסגעהן, האט ער געפאלגט און ער האט זיך דערקונדיגט, אז איינע פון די פאר־טריבענע אידישע פאמיליעס פון רוסלאנד געפינט זיך אויף דעם אל־טענבערגער טראקט און קען זיך ווייטער ניט רירען פאר עלענד און הונגער.

דער אומגליקס־פלאץ איז געווען נאר א פערטעל שטונדע ווייט פון דארף, און ווען אגאטאן איז אהין אנגעקומען, האט זיך אים אזא בילד פארגעשטעלט: א מאן, אדער נאר דער שאטען פון א מאן, איז געלעגען אויף דר׳ערד, און זיינע אויסגעלאשענע אויגען האבען פאר־גליווערט געקוקט צום הימעל. די ווייב, א פרוי פון קוים דרייסיג יאהר, וועלכע איז פילייכט מיט עטליכע וואכען צוריק נאך שעהן גע־ווען, האט איצט אבער געהאט דאס אויסזעהן פון א זקנה, האט זיך געקניט פאר אים און געסקאוואויעט אזוי ווי א געשלאגענער הונט. איהרע פינגער האבען אויסגעזעהן צו זיין אפגעפרארען. זי האט אין טיכער געטראגען א קינד אויפ׳ן רוקען, א זוויג־קינד איז געלעגען לעבען איהר אין שניי, א אינגעל פון ניט מעהר ווי זעקס יאהר איז געשטא־נען לעבען איהר א צונויפגעדרעהטער, מיט א פארוויינטען, א פארשמיר־טען פנים, האט זיך געקלאמערט אין איהר קלייד, ציטערענדיג פאר קעלט, און פון צייט צו צייט האט ער זיך געווענדט אין א פרעמדער שפראך מיט א פארצווייפעלטער פראגע צו זיין מוטער.

אגאטאן, ניט געגייגט צו חלומ׳ען, האט געמאכט א סוף צו די טשיקאווע פראגעס ־ון די ארומגעקליבענע, האט אוועקגעשיקט סע־מא׳ן נאך א וואגען, און אזוי ווי די ראזענוים האבען זיך אנגעבאטען אריינצונעמען די אומגליקליכע צו זיך אין הויז, האט ער אליין גע־פיהרט דעם טראנספארט. ערשט ביי נאכט (סעמא און זיין מוטער

זיינען שוין געווען אוועקגעגאנגען, און אגאטאן האט דעם פריינד פאר־שפראכען מארגען צו קומען) זיינען די געראנקען געקומען. ער האט דערפיהלט אן אייזערנע שייכות צווישען זיך און זיין פאלק, און דאך האט ער געהאסט אט דאס פאלק — איצטער נאך מעהר ווי אלעמאל. און ער האט געהאסט אט די אלע, וועלכע האבען פון זיך אויסגעטאן דאס רעליגיעזע קלייד און זיינען ווי חורבות פון א גרויסען בנין פאר־לארען ארומגעשוואומען איבער'ן אקעאן פון לעבען, פאראכטעט אדער מעכטיג, דאך אויף יעדען פאל טעלער־לעקער ביי א פרעמדען שבט. אינמיטען פון'ם דייטשען לעבען א פרעמד פאלק, פול מיט נעצוואונגע־נער פרעהליכקייט, איז אן אומזיכטבארען געטא. דער אלטער העריליכ־קייטס־געראנק איז ווי מיט'ן ווינט אוועק, און מיט די שפורען פון צוויי־טויזענד יעריגען עלענד אויפ'ן לייב שפיעלען זיי די ראליע פון הארען. וויצלענדיגע הארען, שארפזיניגע הארען, הינטיש הכנעה'דיג, אדער פול מיט עקעלהאפטער חוצפה, דאך שטענדיג מיט אומגעצוימ־טער עהרגייציגקייט. אבער אגאטאן האט אויך געהאסט אט די פון טויזענטער קעמפען דורכגעטרייסעלטע צייט, אט די אטעמלאזע, זינ־לאזע, מיט ליגען מעוברת'ע, פון גייסטיגער פעסט דורכגעגעסענע. און פונדעסטוועגען האט אים אינגאנצען אנגעפילט דער חשק, זיך אריינוואַרפען אין דעם גרויסען ווירבעל־שטראם פון לעבען, אוועקצו־געהן, ווי אמאל דוד אין יענע אייגפאכערע צייטען, זיך א קעניגרייך צו ערווערבען. און ווען ער האט אין די מארגען־שטונדען געגומען שלומערען, איז זיין אנטשלוס שטארקער געווארען, און אין חלום האט זיך אים באוויזען יענער קעניג, וועלכער איז שוין פאר זיין פאלק גע־ווארען א מיסטעריע.

פארמיטאג האט אגאטאן איינגעפאקט א קליין פעקעל און אויס־געשטרעקט זיין מוטער די האנט צום זעגענען זיך. פרוי יעטע איז אזוי דערשראקען געווארען, אז זי האט זיך אינגאנצען פארלארען. זי האט ניט געקאנט פאראורטיילען איהר זוהן'ס אנטשלוס, זי האט נאר געפרעגט, פארוואס עפעס גראד איצט וויל ער אוועקגעהן, ווען דער טאטע איז אזוי קראנק.

אגאטאן האט א שאקעל געטאן מיט'ן קאפ. צווישען אים און זיין פאטער קען שוין מעהר קיין באנד ניט זיין. שרעקליך און אומ־ברחמנות'דיג האט אים געטריבען אוועק־צו־געהן פון הויז, און ער האט

בשום אופן ניט געקענט זאָגען, וואוהין ער געהט. ער האָט אפילו ניט גענומען די פּאָר גראָשען, וועלכע די מאַמע האָט אים אָנגעבאָטען, ער האָט שמייכלענדיג פאַרזיכערט, אַז ער דאַרף קיין געלט ניט. ער האָט אריינגעלעגט אַ טוץ עפּעל אין דעם פּעקעל, קעז און ברויט, האָט אַ קוש געטאָן דער מוטער און דער שוועסטער און דעם ברודער, און איז אַוועקגעגאַנגען אין דעם קלאָרען, האַלטען ווינטער־טאָג.

## דרייצעהנטער קאַפּיטעל.

אויף באַיעזענ׳ען האָט מען געקאַנט באַמערקען יענע שטיל פּראָ־גרעסירענדיגע ירידה, וועלכע ווייזט זיך ארויס אין די אַלץ מעהר און מעהר גלאַנציגע נעט פונ׳ם ראָק, אין דער גלייכגילטיגער פאַרנאַכלע־סיגונג פונ׳ם אויסערליכען אויסזעהן, וועלכע דערגרייכט ביז צו־להכעיס; אין געבען ווענינער טרינק־געלט קעלנער און אויבער־קעל־נער; אין דעם פלייסען זיך צו גריסען זיך מיט פאַרנעמע, ווען אַפילו אַזוי גאַנץ קליינע מענשעלעך; אין דער נעקינצעלטער רוהיגקייט, ווי ער פלעגט נאָכפרעגען אין די קראָמען אויף דעם מקח פון די סחורות, — קורץ, אין אַלע יענע זאַכען, וועלכע שטעכען דורך אַזוי טיף, ווי אומ־באַדייטענד זיי זאָלען ניט אויסזעהן, און פאַרוואונדען מעהר, ווי דאָס אָפען מודה־זיין־זיך אַז מען איז אין נויט. די רוהיגקייט פון אַ געזי־כערטען צושטאַנד איז דאָן דאָס איינציגע וואָס מען ווינשט און צו וואָס מען שטרעבט, און ווען ס׳איז אינדערהיים קאַלט, טרוימט מען לאַנג און שטאַרק דעם טרוים פון אַ אָפענעם קאַמין־פייער מיט פלאַמענדיגע קויהלען, און מען מאַכט דאַן גערן די מינע, ווי מען וואָלט געווען פאַר־זונקען אין די סאַמע טיפקייטען פון דער מעטאַפיזיק.

ער איז געווען פאַרלאָזען און ער האָט זיך איינגערערט, אַז ער איז גליקליך אין זיין איינזאַמקייט. אַ מאָדנע רוהלאָזיגקייט איז אויף אים אָנגעפאַלען, וועלכע האָט אים געטריבען פון רוה צו רוה און פון אַרבייט צו אַרבייט, אָבער די רוה איז געווען אָהן פרידען און די אַרבייט — אָהן פרוכט. די הייזער, די פאַרפראָרענע פאַרק־אַלעען פאַר זיין הויז, די פאַרבייהודזשענדיגע צוגען פון דער לודוויגס־באַהן, מענשען, הינט און קאַראַטען, אַלץ האָט זיך פאַרענדערט, אַלץ האָט אין זיינע אויגען אַזוי ווי עטוואָס עפּעמערעס געקראָגען און אויסגעזעהן פאַרעכטליך טאַקע נאָר דורך דער אומצערייסבאַרער קייט פון גלייכגילטיגקייט, וועלכע האָט זי געהאַלטען אַרומגענומען. אָפט, ווען דער שטורעם האָט ... נאַכט געבושעוועט הינטער די ווענט, אַזוי, אַז עס האָט אַ געזעהן,

ווי די גאנצע אטמאספערע וואלט געקאכט, האט זיך דאן באיעזען פאר־געשטעלט, אז ער איז איינזאם אהן א שיעור און אהן א מאס אין דעם ברייטען אוניווערזום, א׳ ער געפינט זיך אין א צושטאנד פון וואר־טען אויף עפעס א מאגישען באפעהל פון יענער פלינקער דאמע, וועל־כע פלעכט אויס אונזערע לעבענס־פעדים אזוי געוואגט און אומבא־רעכענט. ווי פוסט די וויסענשאפט האט שליסליך אויסגעזעהן פאר זיין פארשטאנד! אפילו דער לאמפ אויף זיין טיש, די שטולען, די ביכער אויף דער פאליצע — זיי האבען ביי אים אויסגעזעהן עפעס קאמיש.

כדי עפעס צו פארדינען, האט ער געזוכט צו געבען שטונדען. עס האט זיך אים איינגעגעבען צו באקומען די צוויי זיהן פון דעם אלמן סאלאמאן העכט פאר פריוואט־אונטעריכט. סאלאמאן העכט האט דער־ביי געוואלט צופרידען שטעלען זיין אייגענע עהרגייציגקייט, צו פיהרען געלערנטע געשפרעכען מיט באיעזענ׳ען. יא, ער איז אפט באפאלען דעם ארימען אין די עפענטליכע פלעצער, אין דער טראם־באהן. דערביי האט ער אזוי הויך געשריגען אויף זיין אבשייליכען זשארגאן, אז די גרעסטע צאל פאסאזשירען זאלען קענען הערען. זאלען זיי טאקע הע־רען, די פאסאזשירען, און דערצעהלען אלעמען, אז ער, סאלאמאן העכט, איז א מאטעריאליסט ביז גאר, — דאס איז די ערשטע זאך. ווייטער — אז ער איז א פריידענקער, א פרייגייסט, אן אטעאיסט, וועלכער האט בדעה איצטער צו גרינדען א „פריידענקער־פאראיין". ווארים ביי סאלאמאן העכט האט קיין זאך ניט אויסגעזעהן אזוי ערהאבען גרויס, ווי צו זיין אן אטעאיסט. ער האט דאס געפונען פאר איידעל און פאל־קאמען; יעטווידער אטעאיסט איז אזוי ווי a priori געוועזן זיין פריינד; ער האט געזוכט איינצופירען א דיסציפלין צווישען די אטע־איסטען און זיי צו ארגאניזירען.

אין די טעג האט באיעזען געהערט, אז גודשטיקער האט פאר־עפענטליכט א בוך, און דאס בוך האט א גרויסען רושם אנגעמאכט. ער האט אין דעם בוך ביטער און פארניכטענד סאטיריזירט דעם מיליטא־ריזם, און די ליידען פון זיין העלד, אן אפיציער, וועלכער האט טראגיש געענדיגט, האט ער געשילדערט „ערשיטערענד טריי" און „רעאליסטיש פיין" און „פסיכאלאגיש טיף". די צייטונגען האבען זיך אן דעם אנ־געכאפט און ה״בען אויף איין וועג אדער אן אנדערען געמאכט דאס פאר זייער זאך ד. ה. זיי האבען אזוי לאנג זיך גע׳עסק׳ט ארום דעם.

ביז זיי האבען מיט צרות געמאכט דערפון א שארפען, פאלטישען עניו. ער האט געבעטען סאלאמאן העכט, ער זאל אים לייהען דאס בוך. הער העכט האט מיט א בליישטיפט איינגאנצען פארפאטשקעט די ברעגען פונ׳ם בוך מיט קריטישע און פילאזאפישע אפאריזמען. באיעזען האט דערפאר א לאנגע צייט ניט געקענט ביי זיך פועל׳ען צו לייענען דעם ראמאן, דען ווען ער האט אזא בוך אין האנט גענומען, האט ער געהאט דאסזעלבע געפיהל, ווי ער וואלט זיך אנידערלעגען אין א בעט, וואס איז נאך געווען ווארים פונ׳ם שלאף פון אן אנדערען. שליסליך האט ער דאך געלייענט, און ער האט דעריין געפונען פיעל ווירטואזיטעט פון שילדערונג, פיעל אקראבאטען־קונסט, פיעל בלענדענדע דעטאלען, פיעל פליטערלאך אין אטריבוטען; ווארים מיט די היינטיגע פאך־ליטערא־טען איז דאס אזוי, אז א גוטער אטריבוט איז ביי זיי א סך טייערער, ווי א גוטער געדאנק. און וואס איז שייך די רעאליסטישע פיינקייטען, מוז מען זאגען, אז פיעלעס איז געווען צו פיין, אום צו זיין ממשות׳דיג, און פיעלעס איז געווען צו אמת, אום צו זיין קונסט. באַ־יעזען האט געזעהן, אז אין דעם בוך שטעקט א סך חשק, וואס האט זיך ניט אנטוויקעלט צו קראפט, און א סך אזעלכעס, וואס איז געכיטרע־וועט. ער האט דעריין באאבאכטעט יענעם וואונדערבארע שפיעלען־זיך מיט דער נאטירליכקייט, יענע לייכט איבערשפאנטע קאקעטע ראַ־מאנטיק פון געפיהלען, וועלכע איז אזוי געפערליך, ווען זי זעהט אויס רעאליסטיש. אבער א טאג שפעטער האט ער שוין מעהר ניט געטראכט וועגען דאס אלעס, ווארים ער האט געקראגען פיעל באדייטזאמערע זא־כען, פון וועלכע צו טראכטען.

איין זאך איז יערענפאלס געווען, פאר וועלכער ער האט גאר קיין אויגען ניט געהאט. ווען ער פלעגט קומען אהיים און זיך פארשליסען אין זיין צימער, פלעגט זיך אפט הערען ארום טיר א שוואך שארשקען. דאס שארשקען האט געשטאמט פון א קלייד, און די וואס האט דאס קלייד געטראגען, איז געווען פאני באיעזען. און פאני באיעזען אליין איז זיך שטיל געגאנגען איבער די זיך־בויגענדיגע דילען, האט אויפגע־ציטערט ביי יעטווידען קלאנג, און צוגעלעגט איהר אויער צו דער טיר פונ׳ם חדר, וואו איהר מאן האט זיך פארשפארט, אום צו זיין טויט פאר לעבען און ליעבע. זי איז ניט מיד געווארען לויערענדיג און האר־כענדיג, און ניט איין מאל האט א זיפצען פון אינווענינ באלוינט איהר מיה. אפט נאך אזא פרוכטלאזען שפיאנירען, פלעגט זי

אט וואס טאן: זי פלעגט זיך אוועקזעצען אין איהר צימער ביים טיש און שרייבען און שרייבען און שרייבען... די לאנגע קלאג־בריף פון אן אומגליקליכער ווייב, און די דאזיגע בריף האבען אויף מארגען תמיד איין גורל געהאט — פארברענט צו ווערען. ווען באיעזען פלעגט ארויס־געהן, פלעגט זי זיך באהאלטען; ווען ער פלעגט קומען, פלעגט זי זיך באהאלטען; אבער נאך קיינמאל איז איהר געהער ניט געווען שאר־פער און וואכזאמער פאר יעטווידען גערויש, וואס האט אנגעדייטעט אויף זיין קומען אדער אוועקגעהן. ווען זיי פלעגען זיך צופעליג בא־געגענען, פלעגט זי וויסען, ווי צו געבען איהר געזיכט אן אויסדרוק פון פולשטענדיגער גלייכגילטיגקייט, און איז זי דאן אליין געבליבען, האט זי פאר שטונדען־לאנג געוויינט. ווען מען האט שפעטער אפגעשאפט די דינסט־מיידעל, איז איהר אויסגעקומען אים צו סערווירען די ניט גאר רייכע מאלצייטען. קיין שום אויפרעגונג פון איהר זעלע איז דאן ניט געווען צו באמערקען אויף איהר פנים, קיין שום בלאס־ווערען, קיין שום ציטערען פון איהר האנט איז ניט געווען צו זעהן. פונדעסט־וועגען האט עריך באיעזען פאר דער צייט אהנונגסלאז אראפגעשלונגען מיט'ן עסען מאנכע טרערען, וועלכע האבען אהן זיין וויסען באווירצט די מאכלים.

ער האט זיך איצט אפגעגעבען צו די שטילע שטודיען, וועלכע לי־גען אויף דער גרעניץ פון וויסענשאפט און דעקען אויף פאר'ן אויג אן ענדלאז קעניגרייך פון היפאטעזעס, א גרעניצלאז פעלד פון פאנטאס־טישע פראבלעמען. עס האט זיך אים אפט אויסגערוכט, אז זיין קיהלער פארשטאנד וועט ניט אויסהאלטען, אבער אט אלדאס געפערליכע באלאנסירען אינ'ם קעניגרייך פון די זיך פעסט האלטענדע געזעצען האט איהם באפרייט פון דער וועלט און זיינע אייגענע זארגען, און ווען עס פלעגט זיך איהם שפעט אין דער נאכט אויסדרוכטען, אז ער האט אין עפעס אן אומגעהויערליכער פארמולע געפונען דעם באדען פאר נייע אנטדעקונגען, פלעגט ער ארייננפאלען אין א פלאם־פייערדי־גען עקסטאז, פונקט ווי א שענקער, בעת עס גיט זיך אים איין אליין צו מאכען ביר, ער האט דענסטמאל געקאנט פארגעסען, ווי נאהענט עס רוקט זיך אויף אים אן די פאדערונג פון פראקטישער און באלוינענ־דיגער ארבייט.

איין טאג, ווען דער שניי האט געהאלטען אין צעגעהן און ווארימע ווינטען האבען געבלאזען, האט ער זיך געפיהלט אינגאנצען אפגע־

שוואכט, אלט זיך געפיהלט. דאס איז יענער באוואוסטזיניגער צו־שטאנד, אין וועלכען מיר פאלען אריין, בעת מיר נעהמען קוקען אי־בער אונזערע בארופס־ספערען און פארלירען אין דער זעלבער צייט דאס געפיהל פון וויכטיגקייט, וואס איז דער מקור פון אונזערע מעשים. מען האט אים דאן אריינגעווארפען אין צימער א בריף וואס האט גע־טראגען דעם פאסט־שטעמפעל פון פאריז. אין דעם בריף איז אזוי גע־שטאנען.

„איין ווארט פארדיענסטו נאך פון מיר. איך ערפיל דיין ביטע: אט איז דיר א לעבענס־צייכען. איך קאן דאס מיט רעכט שיקען, ווייל איך ל ע ב דא. דא הערט מען קלאפענדיג דאס הארץ פון דער מענש־הייט. דא בין איך די, וועלכע איך בין אימער געווען, אבער אומאנט־דעקט געוועז. דא טרינקט מען ביז משוגעת דעם רק אנגעפילטען לעבענס־בעכער. טויזענטער פאלען, טויזענטער שטייגען, טויזענטער יובלען און שטארבען אין דער זעלבער צייט. אבער עס איז פיליכט גיט דאס עכטע; ניט געקטאר, נאר האשיש. גארניט פאר אזעלכע מענשען ווי דו! גארניט פאר גוטע כאראקטארען, פאר איך, פערעל אויף דעם זיך עלטערענדיגען האלז פון אייראפא. איך וועל אפשר צוריקקומען, ווייל עס רייצט מיך, דארטען אייך א ביסעל משוגע צו מא־כען. איך האב דא פון א קעניג געהערט, וואס דארף ערגעץ ביי אייך לעבען, — א העליאגאבאל, א ניט־אנערקענטער, א זונען־פירסט. ווי אזוי איז דאס? פאר דעם זיינט איהר דאך צו פארשטאפטע קעפ!“

אט דאס איז געווען דער בריף. באיעזען האט אים א ווארף גע־טאן אין א ווינקעל, האט אים אבער צוריק אויפגעהויבען, צונויפגע־לעגט אים מיט אן ערנסטען פנים און צעריסען אים דאן אין דורכאויס קוואדראטנע קליינע שטיקלאך. אין דעם אויגענבליק איז אלעס, וואס ער האט געטאן, אויסגעקומען ביי אים אזוי נעבאכדיג, און אלעס וואס ער האט געוואוסט, אזוי אויבערפלעכליך, אז ער האט אין א שמערצלי־כער אפאטיע צוגעמאכט די אויגען. דערנאך האט ער גענומען א פעדער אין האנט און האט אויפ'ן ערשטען שטיקעל פאפיר, וואס איז אים אונ־טער'ן האנט געוועז, אנגעשריבען: „וויסענשאפט“:

געוועז א מאן איז, אומבאקאנט זיין נאמען.
דאס שיקזאל אין די טיפען פון דער ערד
האט איהם געבראכט מיט צויבער מיט געהיימען
צום לעבען. פינסטערניש האט איהם גענעהרם.

באיזען האט אבער ניט געקאנט גראמען: ער האט אויך גע־פיהלט, אז ער פארלירט דערביי זיין גערצנק. ער האט דערפאר פארט־געזעצט אין פראזע: „שווייגען האט אנגעפילט זיין לעבען און קיין זאך האט ניט געשטערט די רוהע ארום אים, א חוץ א כסדר'דיגע טומפע הורזשעריי און א רעש. דער א ו נ ט ע ר ע ר ד י ש ע ר האט זיין גאנצען מוח אנגעשטרענגט אויף דעם, צו דערפארשען דעם גרונד פון דעם אייביגען, דראהענדען, געהיימניספולען רעש. ער האט ניט גע־גלויבט אין קיין וואונדער; ער האט אויך נים געטיילט דעם גלויבען אין דעם געטליכען אורשפרונג פונ'ם רעש, ווי ער האט געלייענט אין די טראדיציאנעלע דאקומענטען. נאר ער האט געפארשט. ערפונדען מעס־טונגס־אפאראטען און אנדערע אינסטרומענטען, האט אויפגעשטעלט געזעצען און רעגלען, האט אויסגערעכענט די שטארקייט פונ'ם רעש און די צייט, וואס איז אוועק ביז דער שאל איז צו זיין אויער געקומען, און נאך פיעל אנדערע זאכען, וואס האבען אים געפיהרט צו שטאלצע, גיגאנטישע היפאטעזעס. און נאך א לאנגער און א לאנגער צייט האט ער אנגעהויבען צו גראבען, אין דער הויך צו גראבען, און וואס מעהר ער האט געגראבען, אלץ פארנעמליכער איז געווארען דער רעש, ביז עס איז ענדליך פון זיך אליין ארונטערגעפאלען די לעצטע שיכט ערד, און דער זוהן פון פינסטערניש האט א פארבלענדטער א קוק געטאן אין דער הויך — צום ליכט! דאן האט ער זיך צוריקגעקערט אין זיין אונ־טערערדישען וואוינונגס־ארט, און ער איז געווען צופרידען, זעהענדיג, אז דאס ליכט איז געווען די אורזאך פונ'ם רעש. אבער וויפיעל נאך אנ־דערע זאכען וואלט ער געקענט זעהן, ווען ער גראבט נאך הונדערט מע־טער אין דער הויך! ווי דאס זשומען און ברויזען פון טויזענטער ערד־ישע דאמפמאשינען וואלטען באטויבט זיין אויער, וואס איז צו איינ־זאמקייט געוועהנט! ווי אויפגעשוידערט ער וואלט געווארען פון דעם ענדלאזען קריעג, וועלכער בושעוועט איבער אים, פון די שיקזאלען, וועל־כע זיינען איינגעפלאכטען אין דער קלאפעריי פון די מאטארען. דער־ביי וואלט ער פיליכט נארניט דאס ווירקליכע ליכט דערזעהן, נאר דאס קינסטליכע פון א מאשינען־לאגער".

„שטות'עריי!" האט באיעזען א מורמעל געטאן, און אריינגע־ווארפען דאס אנגעשריבענע אין א טיש־קעסטעל. ערשט איצטער האט ער דערפיהלט דעם נאגענדיגען שמערץ, וועלכען יענער בריף האט אים פארשאפט. זשאנעטע'ס בילד איז פאר אים אויפגעשטאנען.

איצט האָט ער געוואוסט, פון וואַנען עס נעהמט זיך זיין אומרוהיג פאַר־שען, און ער האָט זיך ארומגעקוקט איבער'ן צימער, ווי ער וואָלט זיך פאַר די מעבעל געשעמט. אז ער האָט זיי ווען געגאַרט און פארפירט מיט זיין בייגאַכטיגען וואַכען. וואוהין ער האָט נאָר זיינע אויגען געוואָרפען, האָט ער געזעהן זשאַנעטע'ן שטעהענדיג אומבאַוועגליך, אין א טונקעל־גרינעם קלייד, די רויטע האָר פאַנאַנדערגעלאָזען, און די אויגען א מע־לאַנכאָלישע פארטיפטקייט, וועלכע ער האָט ביי איהר קיינמאָל ניט באמערקט. ער איז ארומגעגאַנגען איבער'ן צימער און האָט ניט גע־טראַכט וועגען קיין שום אנדער זאַך, ווי נאָר וועגען דעם, ווי אזוי ער זאָל זי קענען ווידער קריגען. און דער נאַרישסטער אויסוועג האָט צום סוף אים אויסגעזעהן אלס דער בעסטער. ער האָט זיך אַנגעטאָן, אום צו געהן צו באַראָן לעווענגאַרד. זיין משוגענער פאַרלאַנג האָט אים איינגערעדט, אז יענער באַזיצט די מאַכט, זי צוריקצורופען, אָדער ער וועט אויף זיין ביטע אַנווענדען עפּעס א שפּיצעל, ווי צו ברענגען זי צו־ריק. ער האָט שוין מעהר ניט געוואוסט, וואָס ער טוט.

לעווענגאַרד'ס פּאַלאַץ האָט זיך א האָר ניט געענדערט. ווי אימער האָבען די קאָריאַטידען געדולדיג געטראָגען די לאַסט פון דעם באַל־קאָן, און מערקור אויפ'ן דאַך האָט זיך נאָך אַלץ מיישב געווען, צי ער זאָל פליהען אָדער ניט. אויסערדעם האָט פון די דאַך־רינעס און פאַ־רענטשען געקאַפּעט דאָס שניי־וואַסער, אזוי, אז די באַלקאָן־טרעגער האָבען אויסגעזעהן ווי זיי שוויצען, און די זון האָט באַגולדעט די גאַנצע פאַסאַד — אַן אַהנונגספולע, מילדע, באַלעבענדע זון! אויך אינווע־ניג אין הויז האָט זיך גאַרנישט ניט געענדערט. די אַלטע פּראַכט האָט נאָך געהערשט; גאַרניט ווי דער באַזיצער פון די דאָזיגע רייכטימער וואָלט דאָ ניט לאַנג אַנגעזעצט און הונדערטער אומגליקליך געמאַכט, נאָר ווי א הויכגעבאָרענער גאַסט וואָלט געווען די אורזאַך פון דעם פאַר־נעמען סטיל פון דעם וועסטיבול. עס שיינט, אז אזא אומגליק פיהרט גאָר צו דער דערהויבונג פון דעם שולדיגען, ווענינגסטענס ווערט גאַרנישט ניט געענדערט אין זיינע לעבענס־געוועהנהייטען, און ווען די קרעדיטאָ־רען איינינגען זיך נאָר וועגען די פּראָצענטען, ווערט דאָס שילד פון זיין עהרע אויף א האָר ניט פלעקענרייכער ווי געווען.

מען האָט וועגען באַיעזען'ען געמעלדעט און מען האָט אים גע־בעטען אריינקומען. מיט צוזאַמענגעדריקטע ליפּען איז ער געשטאַנען פאַר'ן סוחר, וועלכער האָט אים א קורצע צייט קאַלט באַטראַכט פון קאָפּ

ביז די פיס און ערשט דאן זיך אנטשלאָסען צו בעטען אים זיצען. ער האָט נעקלאַפּט מיט די ברעקלאָקעס פון דער שווערער קייט פון זיין זייגער, האָט זיך גנעדיג אַ בויג געטאָן און געפרעגט, מיט וואָס ער קען אים דינען.

— איך בין געקומען מכוח אייער טאָכטער, — האָט באַיעזען קאַלט געענטפערט.

דעם באַנקיר׳ס פּנים האָט זיך אין איין רגע געביטען. ער האָט זיך אויסגעגליכט, האָט אריינגערוקט די האַנט אין ראָק־ברוסט און זיין געזיכט איז אַזוי ווי פאַרשטיינערט געוואָרען.

— מיין טאָכטער האָט מיט דער פירמע לעוועננאַרד גאַרנישט ניט צו טאָן, — האָט ער געזאָגט, — ווען דאָס אַלזאָ איז דער איינ־ציגער צוועק פון אייער קומען, מוז איך דאָס באַדויערען. אויב מיין טאָכטער איז אין נויט, האָט די פירמע קיין שום גרונד ניט צו שענקען אויפמערקזאַמקייט דעם דאָזיגען אומשטאַנד.

עס איז קלאַר געווען, אַז הער לעוועננאַרד האָט נאַר גערעדט, אום אויסצודריקען די מיינונג פון דער „פירמע“. אויסער דער „פירמע“ איז גאַרניט געווען אַזאַ זאַך, וואָס זאָל ווערטה זיין איבער דעם פינף ווער־טער אָדער אפילו פינף סעקונדעס צו פאַרלירען.

— אייער טאָכטער איז ניט אין נויט, — האָט באַיעזען געענט־ערט, קנייטשענדיג דעם שטערען. — איך האָב נאָר געוואָלט פרעגען, אויב איהר ווילט ניט זי צוריקקעהרען. אין דעם פאַל בין איך...

— געעהרטער הער, איך האָב דאָך אייך שוין געזאָגט, אַז מיין טאָכטער האָט מיט די אַנגעלעגענהייטען פון דער פירמע גאַרנישט ניט צו טאָן. זי איז טויט פאַר דאָס „הויז לעוועננאַרד“. איך זעה אַ חוץ דעם קיין שום גרונד ניט דאָס געשפרעך פאָרטצוזעצען. איהר זיינט מיר אומבאַקאַנט.

דאָס איז געווען אַ דייטליכער וואונק. אָבער באַיעזען איז געבלי־בען רוהיג זיצען און האָט מיט אַ פינסטערען בליק נאָכגעפאָלגט דאָס היין־און־צוריק־געהן פונ׳ם באַנקיר, וועלכער האָט געהאַלטען די הענט אויפ׳ן רוקען און געמאַכט מיט די פינגער אַזאַ גערויש, ווי ווען מען וואָלט פּראַפּקעס געצויגען פון אַ פלעשעל.

— פון פאָטער־געפיהלען אָדער דאָס גלייכען ווייסט איהר אַפּנים ניט? — האָט באַיעזען זיך אַנגערופען, אָבער ער האָט גלייך דערפיהלט דעם עגאָאיזם פון זיין ביטערקייט און ער איז לייכט רויט געוואָרען.

— פּאַטער־געפיהלען קענען ניט זיין! אָהן טאָכטע געפיהלען, — האָט דער באַנקיר גענטפערט גדלות׳דיג און פּאַטעטיש.

— און זוהן־געפיהלען, — האָט באַיעזיי צוגעגעבען מיט פּאַר־אַכטונג, — דערמאַנענדיג זיך אָן גדליה׳ס שיקזאַל. — אין אייער הויז שיינט דאָס צו זיין אַ ירושה־זאַך. וואו איז דער באַריממטער אידישער פּאַמיליען־חוש ? ווען אייער טאָכטער וואָלט געווען אַ ווערקסעל, וואָלט די פירמע געוויס געהאַט מעהר גרונד צו קימערען זיך וועגען איהר.

— מיין הער ! — האָט דער באַנקיר אויסגערופען, דערשרעקענדיג זיך. זיינע כיטרע אויגען האָבען אומזיכער געקוקט צו דער טיר.

ווען באַיעזען איז אַרויס, האָט די זון געהאַלטען אין פאַרגעהן. זי האָט געגאָסען שטראַמען פּורפּור־רויטען ליכט אויף די צעגעהענדיגע שניי־פלאַכקייט. דער הימעל, ווי אַ טעפּיך, איז געווען פאַרזעעט מיט מערקווירדיג רעגוליאַרנע וואָלקען־מוסטערען, און אין דער טיפקייט פון׳ם מערב׳דיגען האָריזאָנט איז געשטאַנען אַ שטיק איבערגעבליבענע זון ווי אַ גליהענדיגער סעגמענט און איז באַלד פאַרשוואונדען געוואָרען, לאָזענדיג הינטער זיך אַ ברייטע, גלייכמעסיגע, ברענענדיגע רויט־קייט. באַיעזען איז פאַרביי־געגאַנגען דאָס ביוראָ פון דער „פירמע", וואו מען האָט ווידער געאַרבייט שוין פון איינינגע טעג, און ער האָט דורך די מיט גרינע גראַטעס באַזאָרגטע פענסטער געזעהן פולטען, איינעם לעבען אַנדערען, און ביי די פולטען די מענשען, בלייכע לאַנג־נעזיגע מענשען מיט מוטנע אויגען, מיט ברילען, מיט באַשעפטיגטע, זאָרגפולע מינעס, — פריידלאָזע רעכענמאַשינען. שטויב !

די געגענד אַרום הויז איז געווען פלאַך און טרייסטלאָז, איז ניט אַנציהענדער געוואָרען דורך די ברענענדע אָוונט־פלאַמען. אייזענבאַהן־שטאַלען, אַ צעבראָכענער פּאַרקאַן, איינע דורך די אַנדערע לויפענדיגע רעלסען, רויטליך שימערענדיג אין׳ם ווידערשיין פון מערב־פייער, איינצעלנע פראַכט־וואַגאָנעס, אַ לאָקאָמאָטיוו שטום און קאַלט, אַ לאַסט־וואַגען, הייזלאַך פון באַהן־וועכטער און סיגנאַל־ביידלאַך, טעלעגראַפענע סלופּעס, וואַרע־לאַגערן, און ווייט אויף יענער זייט אַ ניט־דייטליכער עטוואַס פון אַ וואַלד מיט דעם לעצטען שניי באַהאַנגען, און די ערשטע אָדער פיליכט פאַראיאָהריגע בלאַסע גרינקייט פון אַ שטיקעל לאָנקע. און אַ סך פון אָט־אָ־דעם האָט אויף אַ וואונדער־באַ־ען איפּן געוועקט אין איהם ערינערונגען פון דער קינדהייט, האָט אַרויסגערופען אין אים בילדער פון דער היים, און! אים האָט שיער אַ

היימוועה אַנגענומען. ער האָט באַגעגענט מענשען, דאָס־רוב אַרבייטער, אויך שפּאַציר־געהער, וועלכע האָבען די מיט קויהלען־דאַמף אָנגעפּילטע נעגענד באַטראַכט פאַר „פרישע לופט". און באַיעזען האָט זיך אַליין געפּרעגט ווי אַ קינד, ווען אַלץ קומט אויס ניי און זינלאָז: וואָס ווילען זיי ? פון וואַנען קומען זיי און וואוהין געהען זיי ?

אין דער זעלבער צייט האָט ער געבענקט נאָך געזעלשאַפט, און אַזוי ווי ער איז געווען ניט זעהר ווייט פון ניבערדינג'ס ווילאַ, איז ער אַהין אַוועק. ער איז געגאַנגען אויבען אויף די אָפּהאַנגען, צווישען די קוסטעס, צו דער רעכטער זייט פון דער וואַנט פון קריסטליכען בית־עולם. טיף אונטען האָט געשימערט דאָס וואַסער פונ'ם טייך און אויף יענער זייט איז געלעגען דאָס פלאַכע טאָל, ווערענדיג פאַרשלונגען פונ'ם האָריזאָנט.

ער האָט געפונען די טירען פון דער ווילאַ אָפען, און בעת ער איז אַרויפגעגאַנגען אויף די טרעפּ, האָט ער געקלערט, אַז עס איז גענוג קאָמיש צו געהן צו אַ מאַן, וועלכען ער האָט אייגענטליך ברוטאַליזירט, און זוכען זיין געזעלשאַפט.

אַזוי ווי ער האָט קיינעם ניט געזעהן, האָט ער אָנגעקלאַפּט אין דער ערשטער טיר, און ווען קיינער האָט ניט געענטפערט, איז ער אַריינ־געגאַנגען. דאָס צימער איז געווען לעדיג; ער האָט פאַנאַנדערגערוקט אַ פאָרטיער ביי אַ זייטען־וואַנט און איז געבליבען שטעהן ווי געפּלעפט.

קאָרנעלי ניבערדינג האָט געקניט ביי אַ דיוואַן, איינגאַנצען צו־זאַמענגעשרומפּט און צונויפגעקאָרטשעט. ערשט ווען באַיעזען האָט פאַרלעגען אַ הוסט געטאָן, האָט זי זיך אויפגעהויבען. מיט אַ שטאַרקען טרייסעל האָט זי אַ מאַך געטאָן די האָר צוריק אויפ'ן הינטען און זי האָט אַנגסטפול אויסגערופען:

— וואָס איז ? איז ער טויט ?

ווען באַיעזען האָט דערשראָקען זי אָנגעקוקט, איז זי צו אים צו־געגאַנגען, האָט שעמעוודיג אים דערלאַנגט די האַנט און געבעטען זיך:

— ברענגט אים צוריק! זאָגט מיר נאָר, וואו ער איז! איך וויים ניט, וואָס איך זאָל טאָן, גוטער גאָט, שוין צוויי טעג! וואו קען ער דאָס זיין ?

באַיעזען האָט געשפּאַנט געקוקט אויף איהר בלאַסען געזיכט, וואָס האָט אָהן אויפהער קאָנוואולסיוו געציטערט און איז מאָדנע אַלט געוועזן פון ניט־שלאָפען און דאגות. ווען זי האָט דערזעהן, אַז באַיעזען קוקט

אזוי אויף איהר שווייגענדיג, האט זי ארונטערגעלאזען דעם קאפ אוי איהרע אויערען זיינען געווארען פלאם־רויט, אין דער צייט וואס דער שטערען און די באקען האבען גארנישט ניט פארלארען פון זייער לעב־לאזער פארב. זי האט זיך אנידערגעזעצט אין א קליינעם לעהן־שטול, האט געלאזען שלאף הענגען די הענט און געזאגט:

— איך קען אייך אפילו גארניט, און איהר קענט מיך אויך ניט, און איהר ווייסט ניט, וואס מיט מיר איז.

באיעזען האט טאקע ניט געוואוסט. ער האט זיך אוועקגעזעצט אנטקעגען איהר, האט זיך געשפילט מיט'ן הוט אין זיין האנט און גע־זוכט ווערטער.

— ער איז דאך מיין ברודער, — האט קארנעלי ווייטער גע־רעדט מיט א קראנקהאפטער פארזונקענהייט און האט אזוי א שמייכעל געטאן, אז עס האט באיעזענ'ען ווי א שטאך געטאן.

— אבער צוויי טעג, פריילין! ווי אפט געהען דאס אוועק יונגע לייט אויף צוויי טעג פון הויז!

— האט איהר אמאל געלייענט „מאנפרעד" ? — האט קארנעלי געפרעגט, אזוי ווי זי וואלט ניט געהערט זיינע ווערטער. אבער זי אליין האט אויסגעזעהן אזוי דערשראקען צו זיין איבער דעם וואס זי האט געזאגט, אז איהר פנים האט געקראגען אז אש־גרויען קאליר.

אויך באיעזען איז געווען דערשראקען און ער האט זי אנגעקוקט מיט גרויסע אויגען. ער האט געפיהלט ווי זיין הארץ האט לאנזאמער געקלאפט, ווי עס וואלט ערשט דארפען נייע קרעפטען זאמלען. ער האט שטארק א ביס געטאן מיט די ציינער די אונטערשטע ליפ.

— עס איז מאדנע מיט אונז, יונגע מיידלאך! — האט זי ווידער געזאגט מיט איהר זינגענדיגער און אזוי ווי דערוויטערטער שטים, און האט ארויסגעקוקט צום נאקעטען הימעל, אנטקעגען וועלכען די נאקעטע צווייגען פון די נאהענטע בוימער האבען זיך אפגעצייכענט ווי פילי־גראן־ארבייט. — מאדנע! תמיד בלייבען מיר די אהנונגספולע מלאכים. און וואס מיר ליידען איבער אין דער צייט, וואס איהר רעכענט, אז מיר שלאפען! די מענער זוכען נאר דאס זיסע אין אונז. אבער דאס אלץ איז דאך זינלאז. געפינט איהר ניט, אז איך רעד ווי פון היץ?

זי האט א לאך געטאן, און באיעזען האט ווידער דערפיהלט יענעם שטאך. ער איז נאך קיינמאל אזוי צעמישט ניט געווען, זיין אונטערשטע

ליפ איז געווען איננאנצען צעביסען.

— פארוואס זשע קומט ער ניט ? — האט זי פלוצלונג אויסגע־שריען, האט די הענט געבראכען און דאן ווי פון וועהטאג, זיי צו די שלייפען צוגעלעגט. איהר גאנצער שמערץ האט געהאט אין זיך עפעס אזוי פיעל גערדריקטקייט און פארשטיקטקיים, אז באיעזען איז געווארען אומגערולדיג, וועלענדיג איהר העלפען. — אך, איך בעט אייך, הער... איך ווייס אפילו אייער נאמען ניט... געהט אריבער אין קאפעי „נא־ציאנאל" אין נירענבערג. היינט איז דאך מיטוואך ? ער דארף זיך דארטען טרעפען מיט א פריינד. עססטריך הייסט ער, גלויב איך, טעא־באלד אדער באלדואין, איך ווייס ניט. דערצעהלט אים, ווי איהר האט מיך געזעהן. זייט ניט אזוי בייז אויף מיר, וואס זאל איך אנ־דערש טאן ? א, מיר דוכט זיך, מיר דוכט זיך ווידער, אז עפעס האט געטראפען !

באיעזען איז אוועק שווידערענדיג און טרייסלענדיג זיך פאר קעלט. ווען ער איז געקומען אויף דער הויפט־גאס, איז ער ארויפגעשפרונגען אויף א פלאטפארמע פון דער פערד־באהן, און אין דעם טריבען ליכט, וואס האט געשיינט מעהר צו פארפינסטערען ווי צו פארדייטליכען, האט ער געזעהן אייניגע בעררדיגע און מאנאטאנע פנים'ער. בעת'ן פאהרען א ׳ פארלאפען א געשיכטע, וואס האט אויפגעברויזט ביז צו אומער־טרעגליכקייט די הייסע ביטערקייט אין זיין נשמה. דער וואגאן איז געפאהרען גאנץ שנעל איבער'ן וועג, וועלכער איז שוין געווען אונטער'ן שטאט. רעכטס און לינקס זיינען געשטאנען אייניגע הייזער, ארימע קאזארמעס, טרויעריגע סעדער, זאמדיגע בוי־פלעצער, קוסטעס, פוסטע גארטענס. ביי'ם „אויבערשטען קרייץ־וועג" איז ארויסגעלאפען א שליח פון א טויער און איז נאכגעלאפען דעם וואגאן, וועלכער איז געווען ווייט פון איהם ביי הונדערט מעטער. דער קאנדוקטאר איז געווען אינוועניג אין וואגאן, און די לייט ארום באיעזענ'ען האבען געלאכט און זיינען, ווי עס שיינט, געווען זעהר געשפאנט, צי דער שליח וועט אניאגען דעם וואגאן אדער ניט, אבער נאך גרעסער ווי זייער געשפאנטקייט איז געווען זייער פרייד, וואס א מענש לויפט אזוי אהן אן אטעם. באיעזענ'ען האט געשווידערט פאר שאנדע און צארען, און ער האט א ציה געטאן דאס שטריקעל, אום צו געבען דעם קוטשער דעם סיגנאל אויף אפצושטעלען זיך. אז דער מיד־אנגעלא־פענער איז ארויף, זיינען די פנים'ער פון די אזוי גוט־אויפגעלעגטע מענ־

שען פלוצלונג ערנסט און פארטראכט געווארען, און זיי האבען געהערט דעם נייעם פאסאזשיר אזוי שטארק אטעמענדיג, אז עס האט געקלונגען ווי ביי א קינד, וואס קען קוים דעם אטעם כאפען וויינענדיג. א חוץ דעם איז דער שוויים ביי אים גערונען פון אלע פארען, און ער האט נאך גענומען רעדען, ווי ער וואלט זיך וועלען פארענטפערן, וואס ער האט זיך אזוי געאיילט. באיעזענ'ען איז די גאנצע געשיכטע אויסגעקומען ווי א בייזער חלום און אנגעפילט מיט שנאה האט ער געטראכט וועגען די פוסטע באריהמערייען מיט די קריסטליכע טוגענדען.

אין קאפע איז אומזיסט געוועזן זיין נאכפרעגען זיך אויף ניבעררינג'ן. ער האט זיך נאכגעפרעגט אויך אויפ'ן אומבאשטימטען הער עסטריך; דער קעלנער, האט אויסגעזעהן, איז אליין ערשטוינט געווארען, וואס ער זעהט אים ניט. שוין פון יאהרען קומט ער אריין טאג־טעגליך זיבען א זייגער. עס האט מיט אים עפעס געמוזט טרעפען.

געהענדיג צום וואקזאל דורך די משופע'דיגע, בערגיגע גאסען, איז באיעזען עטוואס צעמישט געווארען פון דעם גייסט פון מיטעלאלטער, וואס האט אויף אים א בלאז געטאן פון די שטילע געביידעס. פאיאצען זיינען פארביינגעלאפען דאמען אין דאמינא־קאסטיומען, וועלכע האבען אונטערגעטאנצט געהענדיג, און האבען געשטיפט און געכיכעט. אומעטום האט מען זיך געגרייט צום קארניוואל. פלוצלונג איז באיעזען געבליבען שטעהן ווערענדיג טויט־בלאס. ער האט זיך אנגעשפארט אן א לאנטערנע־סלופ, האט אים ארומגעכאפט מיט די הענט און מיט ציטערענדיגע ליפען נאכגעקוקט א פרוי. פון וועמעס פנים ער האט נעכאפט נאר איין־איינציגען פארבייגעהענדיגען בליק. און אים האט זיך ווי אין א האלוצינאציע אויסגעדוכט, אז דאס איז זשאנעטע'ס פנים געוועזן.

אויף מארגען האט ער ניבעררינג'ען געפונען אין הויז. קארנעלי איז געוועזן ווי אלעמאל, שטיל און צוריקגעצויגען, מיט דעם מאדנעם שרעקעדיגען שמייכעל ארום די ליפען. איין בליק, וואס האט איהם געטראפען, האט אזוי ווי אום פארצייהונג געבעטען, און באיעזען האט זיך צו איהר קוים באמערקבאר א נייג געטאן. אויף ניבעררינגען איז געוועזן צו באמערקען א ליידענשאפטליכע אויפרעגונג; זיין געזיכט איז געוועזן פארבלאזער און זיינע אויגען מעהר געראויטעלט ווי אלעמאל.

באיעזען האט זיך ווידער אויף גאנצענע טעג פארשפארט אין זיין

שטודיר־צימער. ער האָט אָפּט נאַרנישט נים געטאָ, ווי נאַר געזעסען און געטראַכט. אויף דרויסען איז געווען אַ שטורעם. די גאַס איז געווען פאַרזעעט מיט שיפּערשטיין און מיט ציגעל. די פּאַפּעלבוימער פון דער אַלטע האָבען זיך געבויגען ווי ריטלאַך. די היט פון אָרימע אומפאַרזיכטיגע לייט זיינען געפלויגען אויף די דעכער און אין די אָפּגעלעגענע שטאַלען. עס האָט כסדר געפייפט און געיויכצט און געוואָיעט און געשפּאַרט זיך אַרום די ווענט, ווי אַרום אַ צעבראָכענע שיף, וואָס זיצט הילפלאָז אויף פעלזען. עס האָט געזונגען און געברומט און געהודזשעט אין דער לופטען, און דער גאַנצער הימעל מיט די וואָלקענס איז געווען גלייך צו אַ פלינק פאַהרענדיגע מאַשינעריע. אין דער צייט וואָס די לבנה איז שרעקהאַפט און בלאַס געשפּרונגען אין דער נאַכט פון איין וואָלקען־לאָך צו דער צווייטער.

אין אַזאַ אָוועגט איז באַיעזען אַרויסגעגאַנגען. ער האָט זיך געפיהלט אויפגעטרייסעלט פון דעם שטורעם און זיין הארץ איז ברייט געוואָרען. ער האָט געזעהן בליצענדיג אין מזרח־זייט און ער האָט געהערט דעם דערוויטערטען דונער פון אַ פעברואַר־שטורעם. צוקומענדיג צום מאַרק, האָט ער דערהערט הינטער זיך אַ שטימע, וועלכע האָט איבערגעשריגען דעם ווינט. איהם האָט זיך גערדאַכט, אַז ער קען די שטימע, האָט ער גענומען געהן לאַנגזאַמער און זיך צוגעהערט.

— נו, זאָג אַליין, האָב איך מיט אַן אויג צוגעמאַכט די גאַנצע אַכט טאָג ? האָסטו געזעהן מיך שלאָפענדיג ? בין איך געווען אין אַ שלעכטער חברותא, וואָס זיי האָבען מיר מיין געוויסען קאַליע געמאַכט ? האָסטו שוין אַמאָל געזעהן אַזאַ שטורעמווינט ? הו — אוך ! ווירבעל, ווירבעל.. בל... בללל... בלל !...

באַיעזען איז אַזוי געפּלעפט געוואָרען, אַז ער האָט מעהר קיין שריט נים געקאָנט מאַכען.

— העי ! דאָס איז אויך אַ מאַן, וועלכען איך קען ! — האָט גדליה אויסגערופען און זיך צעלאַכט אויף וואָס די וועלט שטעהט, — קום מיט מיר, מאַן, קום מיט ! איך... איך קען די וועלט, איך קען זיי, איך בין דער חכם פון מה־נשתנה. איך ביז אַ געלערענטער פון הימעל, הע !

באַיעזען האָט אינסטינקטיוו אָפּגעטראָטען אַהינטער און האָט אָנגעכאַפּט פעסט ביים אָרים דער פרוי העלמוט, וועלכע איז נאָכגעגאַנגען דעם אַלטען.

— איז ער שכור ? — האט ער צו איהר א שעפטשע געטאן.

זי האט א טרייסעל געטאן מיט'ן קאפ.

— מיין סעמא האט אים געבראכט אזוי ווי ער איז.

— און צו וואס פיהרט איהר אים ארום ?

— ער איז פון אונז אנטלאפען געווארען. העי, שטעלט זיך אפ! שטעלט זיך אפ!

און זי האט א לאף געטאן נאך אים, פאטשענדיג מיט די הענט, אין דער צייט, וואס ער האט זיך ארומגעטאנצט אינמיטען דער גאס. די לבנה האט אים באלויכטען קאלט און אומהיימליך. באיעזען האט דערפיהלט א קיהלען שוידער. עס האט זיך אים אויסגעדוכט, אז ער זעהט דא דעם צוזאמענברוך פון א פאלק.

מיט א מאל איז דער זקן שטיל געווארען און האט זיך געלאזט פיהרען ווי א קינד. באיעזען איז נעגאנגען ביי פרוי העלמוט'ס זייט. זי האט זיך געפיהלט אומבאקוועם אין זיין געזעלשאפט און האט אויף אים געווארפען צווייפלענדיגע זייטען־בליקען.

— איך קען אים, — האט באיעזען געזאגט, — דאס דערשרעקט מיך זעהר, אט דאס אלעס.

— ווער זיינט איהר דען ?

— באיעזען.

— אזוי ? דער לעהרער ?

— געוועזען, יא.

— סעמא רעדט אפט פון אייך. ער געהט שוין פון פיער וואכען אין דער שולע, דארטען, וואו איהר זייט געוועזען. פריהער איז ער געוועזען קראנק. האב איך אים געלאזען אינדערהיים. ער האט פון אייך גערערט באלד אזוי אפט, ווי פון אגאטאן גייער.

— אזוי ? וואו איז אגאטאן ?

— דאס ווייסט ניט קיין שום מענש. זיין פאטער איז געשטארבען. די מוטער באקומט שטיצע פון דער געמיינדע. דער אלטער קארקוי וועט נעקסטע וואך פראצעסירט ווערען. עס איז טרויעריג מיט דער פאמיליע.

— קאן איך אמאל מיט אייער זוהן רעדען ? ער איז אגאטאנ'ס א פריינד ?

— יא. ער איז אפילו פיעל איננער. איהר קענט שוין מיט אים רעדען. מארש, האפ, גדליה!

באיעזען האָט ניט געוואוסט, צוליב וואָס ער האָט געוואָלט רעדען מיט סעמאַ'ן און וואָס ער האָט געוואָלט זאָגען. אָבער אַלץ וואָס האָט געהאַט אַ שייכות מיט אַגאַטאַנ'ען, האָט אים אויסגעזעהן ריין און ווערט די מיה נאָכצופרעגען זיך.

די לבנה איז ווידער פאַרשוואונדען. די גאַס איז געווען פּוסט. טומפּ האָט געברויזט דער שטורעם, אַזוי ווי ער וואָלט געקומען פון די ווייטסטע ווינקלען פונ'ם אוניווערזום. און ער האָט זיך ארומגעשפּיעלט מיט'ן ערד־קוגעל אַזוי ווי מיט די הימלען פון די איינגלאַך.

זיי זיינען געקומען אויפ'ן שינדעל־הויף. אַן אייננגער, פינסטערער דורכגאַנג. ביים אָפּהאַנג, צום טייך צו, איז פרוי העלמוט'ס וואוינונג געווען, אין אַ קליינעם, איינשטאָקיגען, אַלטען, איינגעפאַלענעם הויז. גדליה האָט זיך אַנידערגעזעצט און ניט געוואָלט ארויפגעהן. ער האָט געקוקט אַנטקעגען זיך און געלאַכט בייז און טראַציג.

— ווייסט איהר, זיין אייגענער זוהן האָט אים פון הויז ארויס־געטריבען! — האָט פרוי העלמוט געזאָגט, — מיין סעמאַ האָט אים געפונען. ער איז געשטאַנען אויפ'ן בריק און האָט אַהן אויפהער גע־קוקט אין וואַסער אריין.

סעמאַ איז ארונטערגעקומען. אים האָט זיך איינגעגעבען, ארויפ־צושלעפּען דעם אַלטען. אויבען איז דער אַלטער געקראָכען אויף אַלע פיער, האָט געלאַכט, נאָכגעמאַכט דעם ווינט, האָט זיך אַנידערגעזעצט אויף אַ בענקעלע, געלאַכט.

— זשאַנעטעלע, קום אַהער! קום אַהער, זשאַנעטעלע! איך מוז דיר וואָס זאָגען! — האָט ער געשעפּטשעט אַזוי שטיל, אַז מען האָט קוים געקענט הערען. — איך האָב דאָך דיר דאָס גלייך געזאָגט. איך וויל קיין געלט ניט. איך פייף אויף דיין געלט! — ער איז פּלוצלונג אויפגעשפּרונגען ווי אַ ווילדער, און האָט סעמאַ'ן ווייט אָפּגעשטויסען פון זיך מיט אַזאַ קראַפט, אַז יענער האָט זיך שיער ניט אָפּגעשלאָגען אַן אויווען. — דיין געלט? נאַ! דיין געלט? עס איז איינגעריכט אין שוויים און אין בלוט, שמואל! עס קייקעלט זיך... טיף! קום אהער, אייזערן הערצעלע! חמץ־פּרעסערל! חוצפּה־פּנים! אך, וואָס האָסטו געמאַכט מיט אַן אַלטען מאַן?

— פאַרוואָס שיקט איהר אים ניט אוועק? — האָט באַיעזען גע־פרעגט אַן אויפגעטרייסעלטער.

— מאָרגען, הער באַיעזען!

דערהערענדיג דעם נאָמען, האָט סעמאַ האַסטיג אויפגעהויבען די אויגען און אַ קוק געטאָן אויף באָיעזען'ען. דאַן האָט ער זיך אויפגעשטעלט, איז צוגעגאַנגען צו באָיעזענ''ען און תחנונים'דיג אים געפרעגט:

— וואו איז אַגאַטאָן?

באָיעזען איז געווען ערשטוינט. ער האָט אַ שאָקעל געטאָן דעם קאָפּ, האָט אַנגענומען סעמאַ'ס האַנט און אַ גלעט געטאָן זי. ער האָט זיך דאַן דערשראָקען, ווייל ער האָט עטוואָס פון דעם אויסדרוק פון אַגאַטאָן'ס אויגען באַמערקט אין זיינע אויגען. אַ צייט־לאַנג איז געווען שטיל. באָיעזען איז געווען פאַרזונקען אין דעם אַנבליק פון דעם לאַנגזאַם איינשלאָפענדען זקן, וועמעס רוקען עס איז געווען שטייף צוגעדריקט צום וואַנט. סעמאַ איז געזעסען פאַר גדליה'ן אויף דר'ערד.

ווען באָיעזען האָט געוואָלט אַרונטערגעהן די פינסטערע טרעפּ, איז אים סעמאַ נאָכגעלאָפען.

— הער באָיעזען, — האָט ער שטיל געזאָגט, — די שילער...

אין אָפּגעריסענע ווערטער, אָהן אַן אָטעם, איינגאַנצען באַזעלט פון דעם וואונש אַן אומגליק צו פאַרהיטען, האָט ער דערצעהלט, אַז פיעלע שילער פון דעם אויבערשטען קלאַס ווילען באַפאַלען מאָרגען ביינאַכט דעם רעקטאָר, בעת ער וועט געהן פון שענק אַ היים. זיי ווילען זיך פאַרקליידען אין קלאָונסקע קאָסטיומען. זיי ווילען דאָס טאָן פון לויטער באַגייסטערונג פאַר באָיעזענ'ען, אָבער ער מיינט, סעמאַ, אַז זיי וועלען שלעכט אָפּשניידען, ווען די געשיכטע וועט זיך דערגעהן. זיי וועלען פיליכט אויף שלאָגען דעם רעקטאָר, וואָרים זיי זיינען ממש אויסער זיך פאַר כעס, און דאַרום האָט ער, סעמאַ, מורא. און דאַן אויפ'ן צווייטען טאָג ווילען זיי אַלע קומען צו באָיעזענ'ען און אים ברענגען אַ מתנה.

ער האָט פאַרטראַכט געקוקט אין דער פינסטער. ער האָט באַרוהיגענדיג אַרויפגעלעגט זיין האַנט אויף סעמאַ'ס קאָפּ, דאַן האָט ער שווייגענדיג אים געדריקט די האַנט און איז אַוועקגעגאַנגען. דער אינגעל האָט אַ לאַנגע צייט הילפלאָז און פאַרלאָזען אים נאָכגעקוקט אין דער שמאַלער, טונקעלער גאַס. דאָ דערביי האָט געוואוינט אַ שילדער־מאַלער, וועלכער פלעגט ביינאַכט אין די אַפּרוה־שטונדען חזר'ען קלאַסישע מאַנאַלאָגען, און קוקענדיג מיט מורא אין דער פינסטער, האָט סעמאַ געהערט איהם ברילענדיג.

באָיעזען איז דערווייל ניט מיד געוואָרען צו קעמפען אַנטקעגען

דעם שטורעם. ער איז נעגאנגען איבער די פעלדער. די לאנדשאפט האט געשיינט צו באוועגען זיך אזוי ווי אן אויפגעברויזטער ים, דער טייך האט זיך געטראגען מיט א גערויש און איז געווען אנגעשוואלען ביז צום ברעג. באיעזענ'ען האט געשראקען דער געדאנק צו געהן אהיים, און ער האט דעריבער געטראכט, וואו ער זאל די איבעריגע נאכט פאר־ברענגען. אים איז איינגעפאלען אויפצוזוכען דעם „זיבעטען הימעל“.

אינוועניג איז געווען פול מיט רויך. דער ערשטווינטער באיעזען האט באמערקט לעבען דעם „פלאמענדיגען“ דעם הער סאלאמאן העכט, וועלכער האט זיך גלייך פארשעמט אויפגעהויבען.

— איך קאן דאך נעכט אין אזעלכע פלעצער פארברענגען, — האט ער געזאגט, — קומט צו מיר א היים. איך האב א פראכטפול הויז דא אונטער'ן שטאט, און א גרויסע ביבליאטעק האב איך אויך. קומט אמאל אין דעם פריידענקער־פאראיין, איך בין דארטען פארזיצענדער. האט איהר אויך געמאכט אטעאיסטישע געדיכטען ? דאס מוזט איהר מאכען. נעכטען האב איך גערעדט איבער מאדערנעם מאטעריאליזם. דער דאקטאר גודשטיקער איז אויך געווען דערביי. קענט איהר דעם דאקטאר גודשטיקער ? אלזא, ווען איהר ווילט, קומט צו מיר. איך גיב אייך רעקאמענדאציעס, וויפיעל איהר וועט וועלען.

דער „פלאמענדיגער“ האט אויסגעזעהן, ווי מען וואלט אים מיט רעקאמענדאציעס גארניט געקענט דיענען. ער האט געקוקט מיט קנאה אויפ'ן פוטער פון דעם רייכען געלעהרטען, וועמעס באנעמונג עס האט זעהר אויפגעמונטערט באיעזענ'ען, באזונדערס, ווען ער האט געזעהן די תאוה'דיגע בליקען, וועלכע יענער האט געווארפען הינטער'ן פארהאנג פונ'ם פאדיום.

— אך, אט איז דאך דער הער דאקטאר באיעזען ! — האט הער העכט פלוצלונג אויסגעשריען, גלייך ווי ער וואלט אים דערזעהן צום ערשטען מאל. — שששששששש, האט איהר געהערט פון דעם גאלד־מאכער אין נירענבערג ? זיי האבען אים איצט ארעסטירט, גלויב איך. און פון דעם אגאטאן גייער, וועלכען זיי האבען פון דאנען פאריאגט, האט איהר גארנישט ניט געהערט ? היינט אווענט איז דאס געווען. עס איז עפעס געווען א מורא'דיגער שטורעם, זאגט מען, און עס האט געברענט אויך, מעהר אבער ווייס איך ניט באשטימטעס. האט איהר דאס ניט געהערט ? נו, א גוטע נאכט !

ער איז שנעל אוועקגעגאנגען. באיעזען, שטארק דערשראקען, איז

אים נאכגעלאפען, האט אים געטראפען, אבער הער העכט האט שוין מעהר גארנישט ניט געזעהן און מעהר גארנישט ניט געהערט. אויך דער „פלאמענדיגער", זיין שיצלינג, איז אים נאכגעלאפען, אום צו געבען אים זיינע שירים. אבער דער מעצענאט איז שוין פארשוואונדען געווארען. באיעזען איז געווען אומרוהיג. האט ניט געקאנט מעהר פרע־גען וועגען אגאטאנ'ס שיקזאל, ניט אויס מורא עפעס שלעכטס צו הערען, נאר פיליכט גיכער אויס א נעגענטיילינען גרונד. גראד דאס האט אים נידערגעדריקט און געמאכט אים איינגאנצען מוטלאז. ער האט פאר־פיהרט א גאנץ אידיאטישען שמועס מיט'ן „פלאמענדיגען", בעת דאס אויסזעהן פון דעם פלאץ, מיט זיין אזוי ווי אפגעשטארבענע בונטקייט, זיין פולשטענדיגע אויסגעפראגענע פרייד, די מאסע אומגעווארפענע שטולען, שאלעכץ פון קעז, וואורשט־הייטלאך, שיריים פון ביר און צע־ריסענע פארהאנגען, האט אויף אים ארויפגעווארפען א מרה־שחורה און אן אומעט. שפעטער האט די צעפוילטע פרייליכקייט ווידער אויפ־געלעבט. עס האבען זיך באוויזען יונגע דאמען פון אומבאקאנטער אפ־שטאמונג; זיי האבען געטראגען מאסקעס אויף די פנים'ער, וואס דאס האט זיי ווארשיינליך ניט העסליכער געמאכט. דאן האבען זיך באוויזען יונגע מענער מיט בארימערישער, וואויל־לוסטיגער, בארויש־טער אויסגעלאסענקייט. רויך, דער ריח פון וויין, דאס גערויש פון קושען. צום לעצטען האט זיך בארבין געוויזען מיט א מאסע פון זיינע פוסטע חכמות און מיט זיין קינדערשע עלעגאנץ. און דא האט דאס באיעזען פריהער דערזעהן א פרישע, גלאנצפולע, יובלענדיגע וועלט!

צוויי באוואוסטלאזע דאמען זיינען שוין געשלאפען אויפ'ן בי־ליארד; צוויי וועניג שעמעוודיגע פארלאך האבען זיך געהאלטען ארומ־גענומען הינטער די קוליסען. די בופעט־דאמע האט זיך אין א גרוים־מוטיגער אפאטיע געלאזען קושען פון דעם „פלאמענדיגען". עפעס א מין קעלנער איז ארויפגעקראכען אויפ'ן טיש און האט געהאלטען א רעדע פאר זיך אליין און פאר זיינע ברידער אין הימעל. א געשטור־פעלטע מיידעל האט אין אן אנפאל פון וועלט־שמערץ ארויפגעקלעטערט אויפ'ן שענק־טיש און האט זיך גערוקט צום פלעשעל ראם. א קענטיג שוואכהערציגער און גייסט־ארימער אינדיווידום האט פארגעבען דער גאנצער וועלט אלע מעגליכע מיאוס'ע מעשים און האט זיך צעכליפעט פאר זיך אין אן אנארכיסטישען געפיהל פון סאלידאריטעט. און באר־בין, וועמעס איידעלערע אפשטאמונג עס האט זיך ארויסגעוויזען דורך

יעטווידער ליניע פון זיין קערפער, האט געהאלטען פאר דעם „פלאמענ־דיגען“ א גאנצע אפהאנדלונג, ווי צו דערגרייכען די מדרגה פון א קלא־סיקער, און גלייך נאכדעם איז ער צוגעגאנגען צו דער געשטופעלטער מיידעל, האט זי ארומענומען ביי דער טאליע און צערטליך זיך נאכ־געפרעגט ביי איהר, וואס זי מאכט.

אזוי איז די נאכט אוועק, און דער שטורעם האט זיך איינגעשטילט. באיעזען האט פארלאזען דאס הויז, ערשט דאן, ווען דער מילדער פעב־רואר־טאג איז שוין געווען אנגעקומען. צי ער האט דארטען יא גע־שלאפען, צי ניט געשלאפען — דאס איז אים ניט געווען קלאר. ער האט אויך קיין חשק ניט געהאט זיך קלאר צו מאכען וועגען דעם. אדער איז דאס ניט געווען קיין חלום, אז א ווייסער, שמייכעלדיגער ארים האט זיין האלז ארומגענומען? אן ארים, וואס איז געווען קאלט ווי די הויט פון א שלאנג? אדער איז דאס געווען מיט א לאנגע צייט צוריק, אין א ווייט פריהערדיגער עפאכע? אין קאפע האבען מענשען גערעדט פון אגאטאן נייער. וואס קימערט אים, באיעזענ׳ען, אגאטאן נייער? זיי האבען גערעדט פון א סך אנדערע אויפרעגענדיגע זאכען. ווי, דער קעניג אליין האט א באפעהל ארויסגעגעבען? נו, ס׳איז אלץ איינס. באיעזען האט געפיהלט, די אויגען־דעקלאך זיינען אים שווער. איז דאס דאן ווייטער א חלום געווען, אז ער איז ווידער געווען אין שינדעל־הויף ביי פרוי העלמוט? אז זי אליין איז געווען און אז זי האט לאנג צו אים גערעדט, אז זי האט אן אלטען, פארגעלבטען בריף גע־בראכט צו טראגען און געלייענט פון דעם? „איך בין ניט אזא קעניג ווי אייערע קעניגען זיינען בכלל. אבער איך קאן ניט ארויסלאזען א קעניגליך ווארט, אזוי שטארק, אז דאס זאל מיך באפרייען פון דער קנעכטשאפט פון די פוסטע געזעצען. די פאלשע קעניגען האבען דאס געקענט, אז די פעלקער זאלען מאכען שקלאפען פון זייערע הארען. וואס אבער קען איך דיר זיין, מיין פאלק, אז דו האסט מיך ניט נאר באשטימט פאר קעניג, נאר אויך מיר געלאזט זיין קעניג“.

דאס איז קענטיג געווען א חלום. באיעזענ׳ס הענט זיינען מיד געווען.

דער שטורעם האט אפגעקערט, אפגערייניגט די גאסען. די זון איז געשטאנען א פינסטערע, א פארנעבעלטע אינ׳ם פארצווינגענעם הי־מעל. פאלגענדיג אן אנטשלוס, וואס ער האט נאך נעכטען געפאסט און בארעכענט ביז צו אלע איינצעלהייטען, און וועלכער האט אים איצט

מעכאניש געטריבען, איז באַיעזען אוועק אין שולע, אום צו ברענגען דאַרטען צום שכל דעם זעקסטען קלאַס און אָפּהאַלטען זיי פון אינגעלשע ארויסטרעטונגען, וועלכע קענען אים אליין נאָר ברענגען שאַדען. ער האָט דאָס געטאָן ווידערווילליג, ווארים ער האָט זיך געטראַכט, זאָל די יוגענד רעוואָלטירען !

אין די שטיינערנע חדרים איז נאָך אלץ געווען פינסטער און קאַלט. הער דונקעלשאָט האָט זיך געפיהלט זעהר באַרייטענד, ווען דערזעהענדיג באַיעזענ'ען האָט ער אָסטענטאַטיוו זיך אָפּגעקערט. ווען באַיעזען איז אריין אין קלאַס, האָט דער זייגער געשלאָגען אכט מיט אזא שניידענדיגען קלאַנג, גלייך ווי דער גלאָק וואָלט געגוי געוואוסט, וואָס פאַר אַ שקלאַ־פעריי ער האָט אָנגעגרייט פאַר די פיעלע יוגענדליכע נשמות. קיין פייער האָט ניט געברענט, דערפאַר האָט אלעם אויסגעזעהן גרוי, אפילו די פנימ'ער פון די אינגלאַך, אפילו די גאַס. ווי די אינגלאַך האָבען דער־זעהן באַיעזענ'ען, אזוי איז געוואָרען פייערליך שטיל, זיי האָבען זיך קיין ריהר ניט געטאָן. דאָן איז איינער ארויסגעטראָטען, פאַרשטעהט זיך, דער מוטיגסטער, אַ יונגער מענש מיט אַן אָפּענעם, ליבענסווירדיגען געזיכט, וואָס האָט געהאַט אַביסעל אַגאַטאָן גייער'ס אָנבליק. ער איז צוגעגאַנגען צו באַיעזענ'ען און האָט אים געגעבען די האַנט. באַיעזען האָט זי געדריקט. דאָן האָבען זיך אלע מיט אמאָל אויפגעהויבען אין בלינדער, זאַרגלאָזער אויפרעגונג, מיט אַ קוים איינגעהאַלטענער פרייד, מיט דערשטיקטע אויסגעשרייען, האָבען זיך אַ לאָז געטאָן צום פאַר־שטויסענעם לעהרער, געדריקט און געטרייסעלט אים די הענט, ארויפגע־קוקט צו אים מיט שיינענדיגע אויגען, און די שלעכטע, די דומע און קאַפּריזנע האָבען פאַרלאָרען אלעס, וואָס האָט זיי אָפּשטויסענד גע־מאַכט. באַיעזען איז געווען אזוי געריהרט, אז ער האָט אָנפאַנגס ניט געקאָנט גאָר רעדען. די שילער האָבען אָבער באַלד באַמערקט, אז ער וויל עפּעס זאָגען, און זיי זיינען געוואָרען אלע שטיל. ער האָט זיי געזאָגט, וואָס ער האָט געוואָלט זאָגען. ער האָט גערעדט ערנסט, פאַר־שטענדליך און פאַרשטענדיג. און אלע האָבען אויסגעזעהן ווי פאַר־שעמטע. אין זייערע בליקען האָט מען געקענט לייענען דאָס אָפענע פאַרשפּרעכען, אז זיי וועלען פאָלגען.

אין דעם אויגענבליק האָט זיך די טיר אויפגעעפענט, און דער רעקטאָר איז אריין. אַ קוק טוענדיג, וואָס דאָ טוט זיך, איז ער אמת פאַרשטיינערט געוואָרען. ער האָט עפּעס געשטאַמעלט, און זיינע שפּאַ־

קולעי זיינען אים אראפגעפאלען פון שטערען אויפ'ן נאז. ער האט א האַרף געטאן א קאַלטען בליק אויף באיעזענ'ען, און א פינסטער־דראַ־הענדיגען בליק אויף די שילער, וועלכע זיינען געבליבען שטעהן טראַ־ציג. באיעזען האט ניט געוואלט דערפיהרען די סצענע צו א טעאַט־ראַלישען אויסברוך. ער האט זיך געפיהלט פאר דעם צו פרעהליך און צו גערייהרט. ער האט זיך ארויסגערוקט מיט א סאַרקאַסטישען פאר־נייגען זיך פאר'ן רעקטאר, וועלכער האט, גאט ווייסט, וויפיעל ער דארף האבען, אום ווידער צו קריגען די נאַטירליכע הערשאַפט פון זיי־נע מוסקלען.

שטונדען זיינען אוועק פאר באיעזענ'ען אין א רייהע פון לופטיגע און באַגליקענדע וויזיאָנען: פון א נייער צייט, פון פארבאָרגענע זריעות, וועלכע וואקסען ארויס און צעבליהען זיך אין א גן־עדן פאר דער וועלט. אבער ווען דער אָווענט איז געקומען, איז אין אים ווידער גע־וואָרען טונקעל. ער איז געגאַנגען איבער'ן קויהלען־מארק צום הויז, וואו זשאַנעטע האט געוואוינט. די וואוינונג איז נאָך געשטאַנען לע־דיג. די אַלטע ראַמע, וועלכע האט דאָרטען געוואוינט, האט באיעזענ'ען געלאָזט פריי אַריינגעהן. דורך איהר שמייכלען האט אויף א מאָדנעם אופן אויפגעשיינט א מענשליך געפיהל, בעת זי האט אים אַליין געלאָזען זיין אין זשאַנעטע'ס צימער.

ער איז דאָרטען געבליבען, האט זיך אוועקגעלעגט אויף דער אַטאַמאַנקע און געלאָזען קומען פאר זיך דעם שאָטען, פאר וועלכען ער האט מורא געהאט. אים האט זיך געדאכט, אז ער קען זי קושען, דאן איז זי האסטיג דורכגעגאַנגען פארביי אים, גאָרנישט ניט זעהענדיג, גאָרנישט ניט הערענדיג. דערנאָך זיינען אַנדערע געקומען — פּלוי־דערענדיגע געשטאַלטען. אַלע האבען זיי געהאט וואָס צו דערצעהלען, א לויף־טוענדיג דערביי אויף די שפּיץ־פינגער, ארויפגעוואָרפען אויף זיך א טוך, דאן דאָס צוריק ארונטערגעוואָרפען, און זיי האָבען אויס־געזעהן, ווי זיי וואָלטען דרייסיג טעג נאָכאַנאַנד געלעגען אונטער דער ערד. עס איז געווען זעהר שפּעט, ווען ער איז אוועק. די גאַסען זיינען געווען פוסט און שטיל. אין זיין וואוינונג איז געווען דורכאויס פינס־טער. לאַנג איז ער געשטאַנען אין קאָרידאָר, געפּייניגט פון רעיונות, דאן איז ער פאַרזיכטיג און שטיל אוועק אין צימער, וואו פאני איז זינט וואָכען אַליין געשלאָפען. ער האט אָנגעצונדען א ליכט און זיך אוועקגעזעצט ביי איהר אויפ'ן ברעג בעט. ער האט זי געזעהן רוהיג

שלאפענדיג און ער האט אנגענומען איהר רונדליכע האנט. דאס ליכט האט געווארפען טיפע שאטענס אויף א זייט פון איהר געזיכט. פלוצ־לונג האט זי זיך אויפגעכאפט. זי האט זיך א הויב געטאן, אויסגעשריען, האט אויסגעשטרעקט די הענט און גלייך פארדעקט מיט זיי איהר פנים. באיעזען האט געהאלטען זיינע אויגען אויפ׳ן דיל און ער האט זיך טיף אפגעאטעמט.

אויף מארגען האט באיעזען גענומען א צייטונג אין האנט, צום ערשטען מאל פאר א לאנגער צייט, און ער האט געלייענט זונדערבארע נייס און פראזען א סך פון א רעפארטער וועגען אגאטאן גייער.

## פערצעהנטער קאפיטעל.

אינ'ם קליינעם שוסטער־געסעל אין נירענבערג, וואס לויפט פונ'ם גרויסען שוסטער־געסעל צום שלאס און צום וויין־מארק, שטעהט אן אלטע, גרויע, פינסטערע געביידע, קוקט אויס שווער אין איהרע פארמען און האט אין זיך עטוואס צוריקהאלטענדעס. זעלטען האט מען בייטאג געזעהן זיך עפענען דאס טויער, וואס איז געווען פון מאסיווען דעמב, און דער שלאס, האקען און גלאקען־הענטעל האבען אנגעוויזען אויף יענע באוואונדערונגס־ווערטע שמיד־ארבייט, דורך וועלכע אונזערע אלטע הייזער זיינען אזוי מערקווירדיג. קיינמאל האט מען ניט, אין אוונט אדער אפילו אין דער נאכט־שלאפענדער צייט, ניט געזעהן קיין ליכט אין די פענסטער, וועלכע זיינען געווען דיק בארעקט מיט שטויב און אלטקייט. קורץ, דאס הויז האט אין אלצדינג אויסגעזעהן ווי אן איבערגעבליבען שטיק פון אן אפגעשטארבענער קולטור־עפאכע, און וואלט עמיצער געדארפט ארויפגעהן אויף די טרעפ, וואלט אים אן שום ספק קיין וואונדער ניט געווען, ער זאל באגעגענען פארטריקענטע, אנגעבלאזענע ראטמענער אין פאריקען, לאנגע זאקען און פאנטאפעל, אדער א סטודענט מיט בארעט און דעגען, פונקט ווי זיי וואלטען גלייך ארויסגעקומען פון די בלאסטע בילדער פונ'ם ראטהויז־זאל, וואו זיי האבען געפיהרט אן אמת צויבער־לעבען ביי כסדר באזעצטע טישען.

דאס הויז איז געווען באוואוינט פון באלדעווין עסטריך. ניט אלע חדרים האט ער פארנומען, נאר הויפטזעכליך די גרויסע, הויכע, מיט שטיינער געפלאסטערטע קיך, וועלכע האט געהאט איין פענסטער צום איינזאמען שטילען הויף, מיט זיינע הילצערנע גאלערעען און מארנע זיילען און שניצווערק. דא האט באלדעווין עסטריך, שוין פון יאהרען און יאהרען, פארבראכט זיינע טעג און א גרויסען טייל פון דער נאכט, אום צו עקספערימענטירען, צו אנאליזירען, צו קאכען געדיכטליכע פליסיגקייטען אין רעטארטען, פאנאנדערצוגליהען, ביז עס ווערט ווייס,

אויף זעלטזאם־פארביגע פלאמען נאך זעלטזאמערע כעמישע קערפערס, און וואס ער האט אויף דעם אופן געזוכט און געוואלט ערפינדען, איז געוועזן ניט מעהר און ניט וועניגער ווי די קונסט פון „גאלד־מאכען".

אויב עמיצער וועט מיינען, אז באלדעווין עסטריך האט דאס זיך אונטערגענומען אויס איינפאכער זשעדנעקייט אדער אויס דעם דראנג רייך צו ווערען, וועט יענער א טעות האבען. ער איז אויך געוועזן ווייט דערפון, צו וועלען אויפטאן עפעס פאר דער וויסענשאפט. אדרבא, ער איז גאר געוועזן איבערצייגט, אז זיין וועג לינט ווייט, ווייט פון׳ם וועג פון דער וויסענשאפט, און אז ער וואלט געוועזן א געשפעט פאר די פאר־געלערענטע, ווי א מענש פון פארגאנגענע יאהר־הונדערטער, וואו וואונדער און שפרוכען, צויבעריי און כישוף האבען געזאלט לענען די בריק צווישען זעהנזוכט און באזיץ. ער איז אויך ניט געוועזן פארפיהרט דורך יענע אוראלטע ביכער פון דער שווארצער קונסט, יענע טונקעלע און פארשוואומענע ידיעות איבער רעטזעלהאפטע מאגיקער און איבער דעם פארלארענעם שליסעל צום גרויסען געהיימנים. ניין! ער איז געוועזן געגאנגען מיט דער וויסענשאפט פון דער צייט, מיט חשק, אונ־ערמידליך, האט ארייננעקוקט אין איהרע פארבארגענסטע ווינקלען, גע־גראבען זיך אין איהרע פארגעסענע דאקומענטען, האט זיך פון איהר מייאש געוועזן און אין דעמראזיגען יאוש צוזאמענגעבראכען ווי א קינד. ווארים דאס וואס די וויסענשאפט האט איהם געגעבען, איז ניט געוועזן דאס וואס ער האט געזוכט — א מיטעל, די מענשהייט גליק־ליכער צו מאכען, איהר משוגענעם געלאף נאך פאנטאזמען אפצוהאל־טען. ער איז געוועזן אן איבערגענוג באקאנטע ערשיינונג אין אונזער פראווינץ, און וואס ווייניגער מען האט געוואוסט וועגען זיינע מעשים, אלץ מעהר וואונדער האט מען זיך פון אים אנדערצעהלט. דאן נאך זיין גרויסער נידערלאגע פאר זיך זעלבסט און יענע זונדערבארע אידעא־לעי, האט ער גענומען פון אייגענע מיטלען צו בויען נאך און נאך אויף דאס שוין עקזיסטירענדיגע, האט געמאכט מורא׳דיגע און געפערליכע עקספערימענטען, אום אויסצוגעפינען דעם כעמישען אורשטאף, יענער אומבאשטימטער „עפעס", עטער, אדער ווי דאס זאל ניט הייסען, וואס איז איצט, לאנג נאך באלדווין עסטריך ווידער אזוי נאהענט גע־ווארען דעם גייסט פון די מאדערנע פארשער. אזוי איז ער געקומען, אמת, אויף פיעלע פארפלאנטערטע אומוועגען, צו זיין טיפסטער און וואונדערליכסטער לעבענס־אויפגאבע, — אן ערשטוינליכע געדאנקען־

קייט פאַר דעם פרעמדען אין דירעקטיגע געביטען, פאַר וועלכער אָבער דער געלעהרטער פון אונזער צייט האָט אַ חוש, ווייל דאָס עלעמענט, זאָל דאָס זיין גאָלד אָדער אייזען, שוועבעל אָדער כלאָר, באַטייט שוין ניט מעהר פאַר איהם איין אומטיילבארעם גאַנצעם. פאַרשטעהט זיך, אַז באַלדווין עסטריך האָט מיט דער פּראַקטיק ניט געוואָלט האָבען קיין געמיינשאַפטליכעס, און אַט אַזוי האָט ער ווייטער געבויט, דרייסט און מוטיג, אַזוי ווי אַ מענש, וועלכער וואוינט אין דער מדבר און גרינדט דאָרט שטעט פאַר די שפּעטערדיגע דורות, וואָס וועלען דאָרטען וואוי־נען, ווען דער גאַנצער ים מיט זאַמד וועט ווערען דאָרטען פרוכטבארע ערד. ער האָט געגלויבט, אַז מיט קיין זאַך קאָן ער ניט מעהר גליקליך מאַכען די מענשען, ווי נאָר מיט גאָלד; ער האָט געגלויבט, אַז ער וועט זיי ברענגען רוהה און פרידען, ווען ער וועט זיי קאָנען שטילען דעם הייסען באַגעהר, וועלכער פילט זיי אַן, אָדער נאָך מעהר, ווען ער וועט זיי אַזוי פיעל געבען פון דאָס באַגעהרטע, אַז דער איבערפלוס וועט זיי שוין גלייכגילטיג מאַכען. די איבערצייגונג האָט מיט פייער דורכגע־דרונגען זיין גאַנצע זעלע, האָט געגעבען זיינע אויגען אַ פּראָפעטישען גלאַנץ און אויף זיין וועזען אוועקגעלעגט דעם זיגעל פון פאַרטיפעטקייט און שטילער גרויסקייט. נאָר פאַר ווייניגע איז ער געווען באַקאַנט, אַלס דער אויסגעפינער פון אַלע לעכער פון עלענד אין דער שטאָט; ער האָט גוט געוואוסט פון יענע פאַרדעכטיגע שענקען, אין וועלכע דער ווערענדיגער פאַרברעכער, פּונקט אַזוי ווי דער געוואָרענער, גע־פינען אַ מקום־מקלט; ער האָט געוואוסט די אכסניות, וואו דער ריי־זענדער בעטלער געפינט אַ נאַכטלעגער, אַלע פינסטערע ווינקלען אונ־טער די בריקען אין די אָפּגעלעגענע גאַסען פון דער פאָרשטאָט, אין די אייזענבאַהן־שטאַלען, ביי די ווענט פון די קירכען, אין די קעלערס און אין די הויפען וואָס האָבען אַ שלעכטען נאָמען, — קורץ, ער האָט גע־וואוסט פון אַלע יענע ערטער, וואו דאָס מענשליכע עלענד געפינט אויף שטענדיג אָדער צייטווייליג אַ מקום־מקלט, און עס האָט אויס־געזעהען, ווי ער וואָלט דורכ׳ן אָנקוקען זיך אויף די שמוץ אַזן געפאַ־לענקייט מעהר כחות און חשק קריגען פאַר זיין אַרבייט.

ער האָט געלעבט גאַנץ אַליין. דאָס גרויסע, פינסטערע הויז, וואָס איז אַפילו איהם אַליין ניט געווען גוט באַקאַנט מיט אַלע ווינ־קעלער, האָט געזעהן נאָר צוויי באַזוכער פון צייט צו צייט: זיין פּלימעניצע קעטע און פרוי גורשטיקער. די לעצטע איז נאָר געקומען

א שאקעל צו טאָן מיט׳ן קאָפּ, און אַלץ וואָס עסטריך האָט געטאָן אדער געזאָגט, צו געפינען פאר אומבאגרייפליך. קעטע איז געקו־מען, אום באגייסטערט צו הערען די קארגע רייד פון איהר פעטער און געבען איהם צו פארשטעהן, אז זי גלויבט אין איהם און אין זיין ארבייט. אָבער ער האָט ניט געקענט פארטראָגען, צו זעהן מענ־שען ארום זיך, און אָפט האָט ערביידען געבעטען אוועקצוגעהן, כאָטש וואָס איז שייך קעטע׳ן. האָט ער געוואוסט, וויפיעל כיטרעקייט און הינטער־וועגען זי מוז אָנווענדען, אום צו קומען צו איהם.

אין משך פון נייז־און־צוואנציג יאָהר האָט ער זיין גאַנצען פאר־מעגען גע׳פּטר׳ט אויף זיינע פאַנטאזיעס. איצט איז ער געווען אָרים און האָט שטאַרק געליטען. ווי ער האָט געגלויבט, האָט ער ניט גע־קאָנט אַ לעצטען און אַנטשיידענדען עקספּערימענט אויספיהרען, ווייל איהם האָט געפעהלט דאָס קאַפּיטאַל פאר איינצושאַפען אַ זעלטענעם און טייערען אַפּאראַט. אַלץ, וואָס ער האָט געקענט צונויפשלאָגען מזומן־געלט, האָט באַטראָפען ניט מעהר ווי צוויי טויזענט מארק. ער האָט זיך געווענדט צו זיין ברודער אין צירענדאָרף, זייענדיג אפריהער איבערציינט אין דער פרוכטלאָזיגקייט פון אָט דעם שריט, וואָרים אָט דער מאָן, וועלכער האָט איהם פאראכט און פארשפּאָט וועט זיך ניכער אַ האַנט לאָזען אָפּשניידען, איידער צו געבען געלט פאר אַזא לעכערליכען און פרעוועלהאַפטען צוועק. אָבער דאַ האָט זיך געטראָפען, אַז באַלדעווין עסטריך האָט זיך באַקענט מיט ניבער־דינג׳ען אויף אַן איינענטימליכען אופן.

דאָס איז געווען אַ ביינאַכט גאַנץ ווייט אונטער׳ן שטאָט. אין איינעם פון די פּארקען, מיט וועלכע די ווילאָס פון מאַריען־קוואַרטאַל זיינען ארומגערינגעלט. עסטריך, געבוירענער ווי אַלעמאָל, אין שמערצ־ליכע טרוימען פארלאָרען, איז זיך געגאַנגען גלייכגילטיג זיין וועג, ניט קוקענדיג אויף מענשען און זאַכען. ערשט ביי אַ הונדערט טריט אַז אַ זייט, צום טונעל צו, האָבען זיך דערהערט דורכדרינגענדע קולות. אויפ׳ן הויכען אייזענבאַהן־אויפשיט האָט אַ קענטיג באַטרונקענער יונג געשלעפּט אַ פרויענצימער פאר די האָר. זי איז געלעגען אויף דר׳ערד, און ער האָט זי אַזוי ווייטער געשלעפּט אַזוי ווי מען שלעפּט אַ בינטעל האָלץ, און אויף איטליכען געשריי איהרען האָט ער געענטפערט מיט אַ קלאַפּ מיט אַ גראָבען שפּאַציר־שטאָק. כמעט אין דער רגע, ווי עסטריך האָט דאָס באַמערקט, איז אַ יונגער מאָן ארויסגעשפּרונגען

פון׳ם שאָטען פון אַ טויער. האָט אַן אויפגערעגטער זיך געשטעלט אַנט־קעגען דעם יונג און איהם אויפגעפאָדערט. ער זאָל אָפּלאָזען די פרויען־צימער, אויף וואָס יענער האָט איהם געענטפערט מיט אַ מבול פון זידלערייען. ניבערדינג (דאָס איז געווען דער יוננערמאַן) האָט ווי־דערהאָלט זיין עטוואָס פּאַטעטישע אויפפאָדערונג. דער יונג האָט איהם אַ זעץ געטאָן אין האַרצען מיט׳ן עק שטעקען, אַזש ער האָט זיך שיער ניט איבערגעקוליעט. אָבער ניבערדינג האָט ווידערהאָלט זיין אויפפאָדערונג מיט די זעלבינע ווערטער און נאָך צוגעגעבען:

— שלאָגט מיך נאָר! איהר דאַרפט זיך גאָר שעמען!

קיין זאַך האָט פאַר איהם ניט געקאָנט זיין כאַראַקטעריסטישער ווי אַט־אַ־דאָס פאַרהאַלטען זיך. איצט האָט זיך עסטריך אַריינגע־מישט. זיין גרויע באָרד, אַ געוויסע פייערליכקייט פון זיין אויסזעהן און אַ טיפער צאָרען, וועלכע האָט זיין שטימע געמאַכט צו ציטערען, זיינען אימשטאַנד געווען צו מאַכען אַן איינדרוק אויפ׳ן יונג. וואָרים יענער האָט געהייסען דער מיידעל אויפשטעהן, און זיי זיינען געגאַנ־גען ווייטער, ער שילטענדיג און זי כליפּענדיג.

ניבערדינג און עסטריך זיינען כמעט די גאַנצע נאַכט געווען צוזאַ־מען. ניבערדינג האָט זשערנע אין זיך אויפגענומען דעם זקן׳ס אַלע טעזען. זיין פאַנטאַזיע, וועלכע איז געווען אַזוי אָרים אין אידעאַלען און האָט נעדאַרשט נאָך זיי, איז באַרוישט געוואָרען פון אָט דער וויל־קירליכער פאַרוואַנדלונג פון דער מאַטעריע, פון אָט דעם אַלטען און ווידער ניי־געוואָרענעם גלויבען אין אורשטאָף. די גאַנצע פרעמדע מיטעלאַלטערליך־ראָמאַנטישע וועלט פון דער דאָזיגער עקספּערימענ־טען־קיך, דאָס איבערצייגטע און איבערצייגענדע מהות פונ׳ם אַלטען מאַן, וועלכער האָט זיך באַוועגט ווי אַ מאַגיקער אין זיין מלוכה, אום ביי׳ם מינדסטען וואונש אַרויסצורופען די גייסטער פון דער לופט, אַז זיי זאָלען דעם לעבלאָזען שטאָף דורכדרינגען און באַזעלען, — דאָס אַלץ האָט געמאַכט ניבערדינג׳ען פאַר אַ שפּילכעל צו אַן אויפרעגענ־דיגער וויזיאָן. און דאָן איז ער געקומען טאָג־איין טאָג־אויס, געבלי־בען אָפט איבער נאַכט, און איינמאָל זאָגאָר צוויי נעכט איינע נאָך די אַנדערע אין דער אַלטער פינסטערער געביידע, וואו ער האָט איבער־גענעכטיגט אין אַ ריזען־גרויסען, האַלב־פאַרשימעלטען פּאַטריציער־צימער. און אין צעהן טעג אַרום איז ער געקומען און האָט געבראַכט באַלדרעווין עסטריך פינף־טויזענט מאַרק, אויף צו קויפען דעם עלעקטרי־

יטעז אפאראט. ערנסט, מיט פייערליכען שווייגען האט דער אלטער גענומען דאס געלט. דאן האט ער געבעטען דעם יונגענמאן, ער זאל איהם לאזען אליין. און ניבערדינג איז אוועק, זיך באטיילינגען אין דעם שטראם פון פרייד, וואס דער קארניוואל האט צעגאסען איבער די גאסען.

באלדעווין עסטריך איז געזעסען ווי אין פיבער פאר זיין עקספע־רימענטען־טיש, מיט די פינף ברוינע אסיגנאציעס לעבען זיך. ער איז שוין איצט אימשטאנד איינצושאפען זיך דעם געווינשטען אפא־ראט, און די מישונג, וועלכע שטעהט איצט פאר איהם אין דער ליימע־נער כלי, מוז איהם צייגען, אויב זיין לעבען איז געווען א פאנטאסטי־שער ארומבלאנדזשען אדער א וועג פונ'ם שיקזאל. זיין ארים האט געציטערט, בעת ער האט די האנט אויף די אויגען ארויפגעלעגט; אזוי ווי פייער־קוגלען וואלטען ארומגעפלויגען פאר זיינע פארפינ־סטערטע בליקען. א טיפער שווייגען האט געהערשט אין דעם פוסטען הויז. די גאלערעען איז הויף זיינען אלץ מעהר און מעהר פארזונקען געווארען אין דעם בין־השמשות, און א בלישטשענדיג פענסטער האט זיך פון צייט צו צייט באוויזען פונ'ם גרונד פון קארידאר. דער קאטער מאריוס, עסטריכ'ס איינציגער קאמפאניאן אין די לאנגע שווייגענדיגע נעכט, האט בורטשענדיג געקוקט אויפ'ן פלאם־פייער פונ'ם קאמין, און א ווייטער אהנאויפהערליכע וואגען־קלאפעריי האט געמאכט די פענסטער שטיל צו ציטערען.

פלוצלונג איז דער אלטער אויפגעשפרונגען און האט אנגעצונ־דען פייער. א שווינדזיכטיגע רויטקייט איז ארויסגעטראטען אויף זיינע באקען. ער האט גענומען די ליימענע כלי, האט באטראכט די ווייסע בלישטשענדיגע מישונג, האט געמאכט א דרומאנדיש פייער, געהאלטען איבער דעם טאפ און אריינגעטאן א זויערען שטאף אין דער געדיכטליכער מאסע, וואס האט זיך געקאכט. דאס גרויסע צימער איז אנגעפילט געווארען מיט א שלעכט־שמעקענדיגען געדיכ־טען רויך און דער כעמיקער איז איינגעהילט געווארען אין א וואלקען פון רויך. דאן האט ער גענומען א פולווערייזירטע מאסע פון א זאנפ־טען פיאלעטעווען קאליר און האט פול אויפ'ן שפיץ מעסער אריינגע־שאטען אין דער כלי, וועלכער ער האט דערנאכדעם הערמעטיש צו־געמאכט. דערנאך האט ער פארלאשען דאס פייער, אריינגעשטעלט דעם טאפ אין וואסער, כדי דאס מיט אמאל אפצוקיהלען, און איז דאן

אומרוהיג אומגעגאנגען היז און צוריק מיט צונויפגעדריקטע ליפּען. ווען ער האָט דערנאָך צעבראָכען די כלי און באַטראַכט גוט די פּאָר־האַרטעוועטע מאַסע, האָט ער דאָס געפונען אומפאַרענדערט, א חוץ וואָס דער קאָליר איז אַנשטאָט ריין ווייס געוואָרען ברוינליך־געלב. מוטלאָז האָבען זיך ביי איהם די הענט אַרונטערגעלאָזען. „שליסליך, איז דאָך די גוואַלדיגע היץ, וועלכע איך האָב געוואָלט אַרויסקריגען דורכ'ן עלעקטרישען אַפּאַראַט, גאַרניט נויטיג געווען". האָט ער גע־טראַכט. אָבער שוין אפילו אזוי האָט ער אויך מעהר קיין ציל פאַר זיך ניט געזעהן. אַל'די זויער־שטאָפען און גרונד־שטאָפען, מעטאַלען און מעטאַלאָאידען האָבען אין זיינע אויגען געקראָגען די געשטאַלט פון פערזענליכע פיינד, באַגאָבט מיט אַן עקשנות'דיגער רשעות. ער האָט אָנגעצונדען דעם לאָמפּ און האָט פאַר זיין שיין דערזעהן דאָס צימער נאָך פול מיט דער אומערטרעגליכער פאַרע. ער האָט גענומען א פלעשעלע פון געזימס, וואָס האָט אַנטהאַלטען א בלוי־שוואַרצע פליסיגקיים, וועלכע האָט פאַר'ן פייער געוואָרפען הערליכע רעפלעק־סען. ער האָט געעפענט דאָס פלעשעלע, איז צוגעגאַנגען צום אָפענעם קאַמין (ער האָט נאָך אַלץ געהאַלטען, קראַמפּפּהאַפט כמעט, דאָס אָפּ־געקיהלטע מעטאַל אין זיין האַנט) און ער האָט געוואָלט אַרויפגיסען עטליכע טראָפּענס אויף די שטאַרק רויט אָנגעגליהטע קויהלען, אום צו פאַרטרייבען דעם שלעכטען גערוך. ערשט די מאַסע צוזאַמען מיט'ן פלעשעל איז אַרויסגעפאַלען פון זיין ציטערענדיגער האַנט. דאָס פלע־שעל האָט געפּלאַצט אויף די קויהלען, און עסטריך איז א דערשראָקע־נער אָפּגעשפּרונגען צוריק. ער איז צוגעגאַנגען צום פענסטער, האָט דאָס אויפגעעפענט, און די מילדע לופט פונ'ם פעברואַר־אָוונט איז אַריינ־געפלאָסען און האָט געגלעט זיין הייסען שטערען. אין טיפע מחשבות איז ער געזעסען ביי'ם פענסטער, כמעט צוויי שטונדען לאַנג. דאַן האָט ער זיך שווער אויפגעהויבען און לייכט זיפצענדיג איז ער אַוועק אָנגיסען דעם לאָמפּ, וועלכער איז שוין געווען אויסגעגאַנגען. זיינע בליקען זיינען גלייך געפאַלען אויף די האַלב־פאַרלאָשענע קויהלען אינ'ם קאַמין, און צווישען די אַלע שוואַרץ־געוואָרענע אָדער גאַנץ טונקעל־רויטע שטיקער האָט ער דערזעהן א גרויסען, שוואַך שיינענ־דיגען געגענשטאַנד. און וואָס מעהר ער האָט געקוקט אַהין, אַלץ שטאַרקער איז געוואָרען דער גלאַנץ פונ'ם געגענשטאַנד. ניט טרויענ־דיג נאָך אַלץ זיינע חושים, האָט ער ניט אויפגעהערט שטאַר צו קוקען

אינ׳ם קאמין, ביז די פלוצלונגע אומגעדולד און ערוואַרטונג האָבען איהם נעהענטער א שטופּ געטאָן צום קאמין. ער האָט אָנגעצונדען א ליכט, האָט ארויסגענומען מיט א קאַטשערע דאָס גלאַנציגע שטיק, גענומען דאָס אין האַנט און האָט אזוי הויך און דורכדרינגענד א נעשריי געטאָן, אז עס האָט אָפּגעקלונגען אין אלע טיילען פון הויז, און פון שוואַכקייט איז ער געפאַלען אויף די קני...

גאָלד!

ער האָט געהאַלטען גאָלד אין די הענט.

די פאַרמע און דער קאָליר האָבען איהם ניט געקענט נאַרען. ער האָט דאָס א וועג געטאָן אין האַנט, און עס איז געווען שווער. ציטערענדיג, מיט אָנגעלאָפענע אויגען האָט ער דאָס געהאַלטען פאַר׳ן פייער, און זיין גלאַנץ האָט געשיינט אָנצופילען דעם גאַנצען חדר.

גאָלד!

די זעהנזוכט פון מיטעלאַלטער איז געשטילט געוואָרען. דער טרוים פון דעם מאָדערנעם פאָרשער איז ערפילט געוואָרען דורך דער האַנט פון א בלינדען, וועלכער איז איצט געזעסען אויפ׳ן טראָן פון דער וועלט און די מענשהייט צו זיך פאַרקנעכטעט. ער וועט יעטווידען הונגער שטילען, יעטווידען דאָרשט באפרידיגען; פאַר איהם איז מעהר ניטאָ קיין ניט דערגרייכבאָרעס אינ׳ם קעניגרייך פון טרוימען. וועלכער צופאַל האָט דאָס איהם געשענקט, דאָס איידעלע געהיימניס? א לאַנגזאַם גליהענדיגע קופּע קויהלען, אן אומשולדיגע מישונג, — האָבען זיי באַטייט מעהר ווי יענע טייערע צייט און מיה, וואָס איז ביז אהער אויף דעם גע׳פּטר׳ט געוואָרען?

באַלדעווין עסטריך איז אַנידערגעפאַלען און האָט זיך צעוויינט. נאָכדעם האָט ער שוין מעהר ניט געקענט איינזיצען אין דעם וויסטען הויז. ער האָט גענומען הוט און מאַנטעל און איז ארויסגעלאָפען. ער איז שוין געווען דורכגעלאָפען א סך גאַסען, האָט ער זיך פּלוצלונג אָפּגעשטעלט, צוגעלעגט די האַנט צום שטערען, זיך צוריקגעקערט אהיים, אויפגעעפענט דאָס אייזערנע קעסטעל און אריינגעלעגט צו זיך אַלעס, וואָס ער האָט נאָך געהאַט אין גאָלד און אין אסיגנאַציעס. דערמיט איז ער שנעל אַוועקגעלאָפען צו די שטאָט־טיילען פון עלענד, צו די אכסניות פאַר האַנטווערק־געזעלען, צו די דאָכלאָזע נאַכט־קוואַרטירען ווייט אין צפון־זייט פון שטאָט. און עס איז קיין שטונדע ניט אריבער, ווי ער האָט זיך צוריקגעקערט, אָבער שוין ניט אליין. אן ארמיי פון

שרייענדיגע מענער און פרויען זיינען געווען ארום איהם און הינטער איהם, פארפאלענע פארשוינגען, וועלכע האבען געטראגען דעם טויט אויף די באקען אדער דאס פארברעכען אויפ'ן שטערען, חברה־לייט אין שמאטעס, בארוועס, מיט נאקעטער ברוסט, ווייבער מיט מענה־לשונ'ס, פון אלערליי יאהרען און אלערליי שטופען פון זינד, קינדער מיט די פריה־בלאסע באקען פון נויט, — און אט די גאנצע משונע'נע, אומגעצוימטע מחנה איז כסדר געוואקסען און געוואקסען, אזוי ווי די לאווא פון א וואולקאן צעשפילענדיג זיך. וואו ער האט די ערשטע אויפגעקליבען, איז באלדעווין עסטריך קוים אימשטאנד געווען זיך אפצוגעבען רעכענונג, ווארים ער האט געהאנדעלט ווי אין חלום, אין א פאר'שכור'טקייט, וואס דורשט נאך מעשים. ער האט צווישען זיי גאלד פארטיילט, גאלד, אלץ מעהר און מעהר, און די נאכריכט וועגען דעם האט ווי א לויף־פייער זיך פארשפרייט פון גאס צו גאס, אזוי, אז די מחנה איז אלץ מעהר און מעהר געוואקסען און צום סוף די גאנצע ברייטע גאס, ווי לאנג זי ציהט זיך, אנגעפילט. אין די הייזער האט מען די פענסטער פאנאנדערגעעפענט, און לאכענדיגע, ווינקענדיגע אדער דערשראקענע מענשען האבען ארונטערגעקוקט. די פאליציי האט זיך באוויזען אין די זייטיגע גאסען, און זעהענדיג, אז זי קען דא אליין גארנישט ניט טאן, האט זי ארויסגערופען מיליטער. אבער די ווילדע אויפרעגונג פון דעם המון איז הונדערטפאך געוואקסען, און מיט קיין זאך אין דער וועלט האט מען דאס אין דער דאזיגער שטונדע ניט געקענט דערשטיקען. אין די אנאלען פון אונזער שטאט שטעהט דערדאזינער פעברואר־אווענט מיט גרויסע בוכשטאבען פארשריבען.

ביים ווייסען טורעם האט אויפגעטויכט אן אפטיילונג פונ'ם רייטער־רעגימענט מיט בלאנק־געצויגענע סאבליעס, אבער זי וואלט גיכער געקענט דורכברעכען א פעלזען־וואנט, איידער אט די געדיכט געפאקטע מענשען־מאסע, וועלכע איז געשטאנען קאפ אויף קאפ, און איבער איהר האבען זיך געטראגען קולות און געשרייען און הילפסרופען און אויפהעצונגען און שכור'ע קלאנגען פון זשעדנעקייט. און דאס אלעס האט זיך געשפארט ארויף־צו, וואו באלדעווין עסטריך איז טויט־בלאס געשטאנען אין אן איינגען קרייז פון אנגעכמורעטע יונגען, וועלכע האבען זיך אלץ נעהענטער און נעהענטער געדוקט צו איהם, גלייך ווי זיי וואלטען פאר'שכור'ט געווארען פונ'ם גערוך פון גאלד. מיט די ווילד־סטע סטראשונקעס האבען זיי זיך געשפארט אויפ'ן אלטען מאן, וועל־

כער האט מיט אן אבער ניט געקאנט א ריהר טאן. עס האט אויסגע־
זעהן, ווי ער וואלט ניט געקאנט גלויבען, וואס עס קומט פאר ארום
איהם. איהם האט זיך פארגעשטעלט, אז דאס אלעס זיינען מורא׳דיגע
טרוים־בילדער, אט די פון די אבשייליכסטע אינסטינקטען באוועגטע
מאסע, וועלכע קאכט ארום איהם, וועלכע קוקט איהם אן פול מיט האס,
וועלכע מאכט אלץ שמעלער און שמעלער דעם קליינעם קרייז ארום
איהם, ווי זי וואלט איהם וועלען צודריקען און דערשטיקען, וועלכע
שרייט און רעוועט נאך געלט, נאך געלט, און קיין אנדער זאך וויל זי
ניט. א שטורעמדיגער און געהיימניספולער שמערץ האט אנגעפילט
זיין ברוסט, און איהם האט זיך אויסגעדוכט, אז ער איז פארשליידערט
געווארען אינמיטען א גרויסען ים, נאך א שיפברוך, האפנונגסלאז
אויסגעזעצט צום טויט. ער האט ארויסגענומען די אלע אסיגנאציעס
פון זיין טאש מיט א ליידענשאפטליך פארעכטליכער באוועגונג און
האט דאס א שליידער געטאן אין דעם ברויזענדיגען ים, אנטקעגען די
אויסגעשטרעקטע הענט. עס האבען זיך דערהערט הייזעריגע, משוגענע
געשרייען, ער האט געפיהלט, ווי ער ווערט אריינגעשלעפט אין א
ווירבעל־שטראם און ווערט געשליידערט אהין און אהער. ער האט גע־
פיהלט א קלאפ נאך א קלאפ אויף זיין ברוסט, ער האט געזעהן
הונדערטער אנדערע ארימס האפנונגסלאז אויסגעשטרעקט. ער האט
נעקראגען א שרעקליכען קלאפ אין שטערען, ער איז אנידערגעפאלען,
און מען האט איהם מיט די פיס געטראטען. ער האט געפיהלט, בלוט
שטראמט פון איהם, און דאך האבען זיך זיינע אויגען ניט צוגעמאכט,
אזוי ווי ער וואלט געוואלט, זיין זעלע זאל איבער גוואלד וואך בלייבען
און אלעס צוקוקענדיג אריבערטראגען.

און דער שטראם, וועלכער האט איין מאל א שפאר געטאן, האט
זיך ווייטער געקייקעלט. די וואס האבען געקראגען גאלד, זיינען גע־
ווען נאך גייציגער ווי די וואס האבען ניט געקראגען. זיי זיינען
אזוי ווי פון זינען אראפ, און זייער משוגעת האט אנדערע אנגעשטעקט.
אין א משך פון מינוטען נאר האבען ארויסגעשפארט אינדרויסען
אלע אונטערדריקטע תאוות פון דעם המון. פיעלע האבען נעבראכען
שויבען אין די באלעבאטישע הייזער, שטיינער זיינען געפלויגען
ארויפצו אין די אויבערשטע עטאזשען; פיעלע ווייבער האבען זיך גע־
ווארפען מיט זייערע שיך אדער מיט די שטיוועל. די געשרייען:
בלוט! ראכע! טויט! נידער! האבען געדונערט אדער גע־

קוויטשעט אין דער לופט. מען איז באפאלען די קראמען און מיט׳ן געשריי: „נידער מיט די אידען!" האבען אומגעצוימטע מחנות זיך אריינגעריסען אינוועניג אין די הייזער, האבען געבראכען טישען, פענסטער, א תל געמאכט פון סחורות, און אנדערע האבען געהעצט צו אונטערצינדען און צו ראבירען. אין א סך פונקטען האט זיך דעם מיליטער איינגעגעבען דורכצורייסען זיך צווישען דעם המון; מען האט געגעבען איינצעלנע שאסען, אויף וועלכע דער המון האט גע־ענטפערט מיט שפאטישע קולות. די אינפאנטעריע האט זיך א לאז געטאן מיט די באיאנעטען און האט צעטריבען א מחנה ווילד קווי־טשענדיגע ווייבער און קינדער. אלע סימנים האבען געצייגט אויף א בלוטיגען סוף.

בעת אט דאס אלעס איז פארגעקומען, האט א מאדנער הייס־שטיקענדיגער ווינט זיך דורכגעריסען דורך די גאסען. שווערע, מורא׳דיגע שווארצע וואלקענס האבען זיך גענומען ציהען און זיך אנ־געקליבען אין צפון־זייט, בעת אנטקעגען זיי איז געלעגען א שטיק ריינער הימעל, אויף וועלכען די קלארע לבנה איז געשוואומען. די שפיצען הייזער האבען אויסגעזעהן מאדנע בלאס איבער דער שרעק־אנווארפענדיגער טונקעלקייט פון דער וואלקען־וואנט, פון וועלכער עס האט באלד אנגעהויבען צו בליצען. שטילע דונערען האבען זיך געקיי־קעלט איבער די דעכער, וואס אמאל ווערענדיג אלץ שטארקער און שטארקער. די בליצען זיינען געווארען בלאסער, זיגזאגיגער, ברייטער, עפעס אזוי ווי שניידענדיגער און טיפער, דער דונער איז געווארען פלינקער אביסעל, און דער פעברואר־שטורעם האט זיך דראהענדיג אנגעקליבען, פון קיינעם ניט באמערקט אין דעם בונטען הו־הא.

די סאלדאטען, קענטיג ניט אהן פרייד, האבען גענומען טרייבען פאר זיך אויפגערעגטע מאסען מענער און פרויען, און אייניגע יונגע אפיצערען האבען געזוכט צופרידענשטעלען זייער עהרגייציגקייט, אויסצוצייכענען זיך דורך באזונדערס קריגערישע העלדישקייט. א מחנה מענער, צעקאכטע פאר שנאה און כעס, האבען זיך געשטעלט קעגען א גאנצער קאמפאניע סאלדאטען; די מענשען ביי די פענסטער האבען ארויסגעלאזען אנגסט־געשרייען; אן אומגעצוימטע ערביטע־רונג האט אנגעכאפט דעם המון־עם; שטיינער זיינען געפלויגען אויף די סאלדאטען, שיך, אויפגעשטעלטע מעסערס, שטיקלאך גלאז פון צעבראכענע שויבען, אפילו גאנצע שייטלאך האלץ, ביז דער הויפטמאן

אולריכס, אַ קליינער טיראַן פון דעם גאַרניזאָן, אַן אומבאַרימהאַרציג אַריבער צו אַן אַנטשידענעם, אַפענעם אַנגריף. די ווענינגע, וועלכע האָבען זיך געשטעלט קעגען דעם מיליטער, האָבען זיך געלאָזט לויפען, ווען זיי האָבען דערזעהן אייניגע קאַמעראַדען ליגענדיג אין טייכען בלוט. אַלע האָבען געגומען אַנטלויפען. אַ פּאַנישער שרעק האָט זיך פאַר־שפּרייט. מען האָט נאָך געקענט זעהן צעקרימטע פנים'ער. די זייער האָבען זיך אַ לאָז געטאָן און זיינען פאַר שרעק ווי פאַראַ...רט געוואָרען. די מענער האָבען געכאַפּט די קינדער אונטער די זימס און זיי זיינען געלאָפען ווי אונטערגעשאָסענע. פון די הייזער האָבען זיך געלאָזט הערען געשרייען און געוויינען. פון די ווייט ליגענדיגע גאַסען זיינען געקומען צו לויפען צושויער, מענשען אָהן אַ שיעור. מיטגעריסען פון דעם שרעקליכען ספּעקטאַקעל, האָבען זיי ענטוועדער געשריען אַזוי שטאַרק ווי זיי האָבען געקאָנט, אָדער, איינשטעלענדיג זיך פאַר דעם אָדער פאַר יענעם צד, האָבען זיי איינגאַנצען צעפלאַמטע זיך געוואָרפען אויף די סאָלדאַטען, וועלכע האָבען נאָך אַלץ געבושע־וועט, אָבער אַן עסקאַדראָן קאַוואַלעריע, וואָס איז באַלד אָנגעקומען, האָט זיי צעטריבען אין די זייטיגע גאַסען.

דער דערשראָקענער המון איז דערווייל געלאָפען און געלאָפען אין אַלץ גרעסערער און גרעסערער אַנגסט און צעטומלונג צום לאַרענצער פּלאַץ, וואו די טויערען פון דער קירכע זיינען געשטאַנען אָפען ברייט. פון דעם הינטערגרונד האָט ווי פון אַן ענדלאָזער, טונקעלער הייהל געשימערט דאָס פלאַם־רויטע פייער פון'ם נר־תמיד, און די גאַנצע פאַרפאָלגטע, פון די סאָלדאַטען ווי געגז אָדער היהנער געטריבענע מאַסע, האָט זיך געראַטעוועט אין דער קירכע. זי האָט זיך אַריינגע־שפּאַרט מיט הייזעריגע קולות, צום טייל מיט אויפגעהויבענע הענט איז דער הויך, וואָס האָט געקענט אויסזעהן, ווי זיי וואָלטען צו גאָט בעט־טען, אין דער אמת'ען אָבער, ווייל דאָס אומבאַשרייבליכע געדרענג האָט זיי געצוואונגען דערצו. צאָרענדיגע געשרייען האָבען זיך דערהערט פון'ם פּובליקום, וואָס האָט זיך גערוקט אַן דער זייט; פּאָליציסטען און זשאַנדאַרען האָבען אומזיסט געזוכט דורכצוברעכען זיך אַ וועג. די סאָלדאַטען האָבען געשיינט צו זיין פאַר'שכור'ט פון אומזיניגען באַ־געהר פאַר קאַמף און פאַרפאָלגונג און זיי האָבען גאָר מעהר ניט געהערט די באַפעהלען פון זייערע עלצטע. די ערשטע רייהען האָבען געוואָלט גראָד אַריינשפּאַרען זיך דורכ'ן טויער פון קירכע, ערשט אַ געשטאַלט

איז פאר זיי ווי פון דר'ערד אויסגעוואקסען. די זעלנער האבען זיך ניט דערוועגט צו נעהן ווייטער. האלב פול מיט טעמפער נייגעריג־קייט, האלב שטוינענדיג האבען זיי געקוקט אין פנים אריין פון דעם ראזיגען מענשען — אגאטאן גייער. די הינטערשטע האבען זיך גע־שפארט פאראויס, דער לייטענאנט האט געשריען, געפרעגט, וואס איז געשעהן, אבער עס האט אויסגעזעהן, ווי אגאטאן וואלט מיט זיך א וואנט פארגעשטעלט. ער האט געהאלטען אויסגעשפרייט די ארימס, און כאטש פוןביידע זייטען איז נאך געבליבען א סך לעדיגער פלאץ, דורך וועלכען פיעלע וואלטען געקענט באקוועם אריינקומען אין קירכע, האט דאך קיינער ניט דערוועגט זיך צו ריהרען זיך.

מיט אמאל איז ארונטערגעפאלען א שרעקליכער בליץ. דאס איז געוועזען פון יענע בליצען, וועלכע צערייסען שיער ניט דעם גאנצען הי־מעל אין שטיקער. א מורא'דיגער קלאפ איז געקומען נאכדעם, וועלכער האט קוים פינף סעקונדען געדויערט. די הייזער האבען א ציטער גע־טאן ביז צו די שפיצען. א טויטע שטילקייט איז געווארען ארום און ארום. דערווייל האט פון א שמאלער זייטיגער גאס (די ברונים־גאס) זיך דערהערט א לאנג־געצויגענער געשריי. נאכדעם זיינען געקומען נאך געשרייען. די מענשען ביי די פענסטער האבען פול מיט שרעק אנגעוויזען אין דער הויך און זיי האבען אפגעקערט זייערע אויגען פון דעם ספעקטאקעל אין גאס. צוגלייך מיט'ן בליץ זיינען אויסגעלאשען געווארען די גרויסע עלעקטרישע לאמפען אויף די גאסען־קרייצונגען, אזוי, אז אויף אן אויגענבליק איז דער פלאץ אנגעפילט געווארען כמעט מיט א דריקענדיגער דעמערונג, וועלכע האט צוליעב דעם ווינט אזוי ווי באוועגט זיך ארויף און אראפ: דאן איז פון דער הויך ארונטערגע־פאלען א לאנגער, שמאלער פייער־גארב, עהנליך צום פלעצליכען אויפ־פלאקערען פון א שטרוי־פייער, נאר טונקעלער, פורפורנער, און צוגלייך האט זיך דערהערט דער שופר פונ'ם וועכטער אויפ'ן הענקער־ט[illegible]עם. די מענשען האבען אנגעהויבען צו שרייען, צו יאמערען, האבען מיט די הענט געוויזען, געלאפען אהין און אהער, די אפיצערען האבען גע־שריען, די פערד פון עסקאדראן האבען זיך גענומען שרעקען און דער chevan-legers הויפט־מאן האט, ניט קימערענדיג זיך וועגען דער ברענענדיגער קירכע, געשריען, מען זאל דעם קערעל — ער האט גע־מיינט אגאטאן גייער — מאמענטאל דערשיסען. עס איז געווארען א גרויל־האפטע מהומה. אינוועניג אין קירכע האט א גאנצער קנויל

מיט מענשען געשטאַרט זיך אַרום דעם אַלטאַר און שטאַר געקוקט אַרויפצו. דער בליץ איז אַריין אין דער קירכע, און אַ סך לעבלאָזע קערפּערס זיינען געלעגען אויסגעצויגען אויפ'ן שטיינערנעם דיל. די מיסטישע האַלב־טונקעלקייט פון'ם פּלאַץ האָט וואָס אַמאָל, מיט אומרוהיגע, געשפּענסטיש־פּלאַקערענדיגע שאָטענס, גענומען אַפּטרעטען פאַר אַן אמת'ער העלקייט. אַבער די באַמאָלטע פענסטער־שויבען זיינען געבליבען טונקעל. הינטער זיי איז געלעגען די גרויע נאַכט, וואָרים דאָס פלאַם־פייער איז געקומען פון דער הויך. פיעלע האָבען זיך אַריינגעקוועטשט מיט געשרייען און מיט קולות, האָבען געשריען און גערופען די פייערלייט. פון דרויסען האָט זיך געהערט אַ פאַרצווייפלונגספולער רעש. דערצו האָט נאָך שרעקליך געקלונגען דער גלאָק פון דעם טורעם, וועלכער האָט געברענט. דער גלאָקען־ציהער, וועמעס וועג אַראָפּ־צו־צו איז געווען אין פלאַמען, האָט קיין שום אויסוועג ניט געזעהן, ווי צו ראַטעווען זיך, און עס איז קענטיג געווען, אַז ער האָט מיט אַנשטרענגונג פון טויט־אַנגסט געריסען דעם שטריק פון גלאָק, אין דער צייט, וואָס רויטע, מוטנע פלאַמען, רויך און פונקען האָבען זיך געריסען אַרויפצו צו איהם און אַ שיין געוואָרפען אינדרויסען אויף די פוסטע פעלדער.

אַגאַטאַן איז געשטאַנען בלייך ווי אַ טויט. ער האָט אויסגעשטרעקט אין דער הויך די דינע הענט, און דער אַרבעל האָט זיך אַרונטערגערוקט פון די מאָגערע אָרימס. די וואָס זיינען ביי'ם אַלטאַר געשטאַנען, האָבען זיך באַנג געשאַרט אַרום איהם, און איצט זיינען געקומען דראָהענדיגע אָדער וואַרנענדיגע שטימען, וועלכע האָבען גערופען אַרויסצוגעהן. מען האָט אויך געהערט דאָס קלאַפּעריי פון די אַנפאַהרענדיגע פייער־וואָגענס, און דער גלאָק פון טורעם איז געוואָרען העכסט ווילד און איז צעריסען געוואָרען קלינגענדיג, רופענדיג נאָך הילף. אַגאַטאַן האָט אַריינגעקוקט אין דעם פאַרשטיינערטען פּנים פון איינעם פון די לעבלאָזע אונטער איהם, און דער קאַמף פון די פאַרגאַנגענע וואָכען האָט פאַר איהם אויפגעשיינט אין דער רגע: ווי ער האָט פאַרבראַכט די נעכט אין ווינקלען און לעכער; ווי ער האָט איינזאַם געבלאָנדזשעט אויף די וועגען אויסער'ן שטאָט, קראַנק און אָהן עסען; ווי ער האָט אַריבערגעטראָגען די קאַלטע און שטורעמדיגע טעג, און כאָטש ער האָט אַזוי פיעל געליטען, איז זיין ליעבע צום לעבען געוואַקסען מיט אַן אומגעצוימטער קראַפט; ווי זיין פאַרגאַנגענהייט איז

קלאנגלאז און שטימלאז פארזונקען און פארוואנדעלט אין גארנישט, ווי זיין אויג איז שארפער געווארן פאר דער צייט און פאר די מענשען; ווי ער האט אומעטום געזעהן געבויגענקייט און אומפרייד, צוגעבונדענקייט און קאמף מיט א לאנגזאם אפשטארבענדיגער רעליגיע. וועמעס ריינע שטריכען זיינען שוין לאנג אפגעווישט געווארען; נישט־אפענקייט, נארעריי, געהיימע עמפּערונגס־לוסט. און פייערדיגער זיינע פאנטאזיעס געווארען פון א גוואלדזאמער איבערקערעניש, און ער האט זיך געטראכט, אז ניט נאר דארף דאס אלטע געשטירצט ווערען, אום דאס נייע זאל קומען, נאר אז עס וועט געשטירצט ווערען. ער האט זיך געטראכט, אז די שטעט וועלען מוזען צעשטערט ווערען, ארונטער־געריסען ווערען. פארלאזען ווערען, אום דער מענש זאל זיך אליין קע־נען געפינען, און וואס מעהר אגאטאן האט זיין גאנצען „איך" מבטל געווען אין די דריקענדיגע טרוימען, אלץ מעהר איז פאר איהם דער גייסט פון קריסטענטום געווארען א לעבעדיגע געשטאלט, וועלכע איז מיט פיינדליכע ארימס געשטאנען און איהם פארשפארט דעם וועג. און פון הינטען, אזוי ווי א געשפענסט, קליין און פאר׳עקשנ׳ט, צבוע׳קיש און פלינק, איז דער איד געשטאנען, איצט מעהר ווי אלעמאל מוכן ומזומן ארונטערצוואוארפען דעם אלט־טעסטאמענטארישען מאנטעל און ארייינצוקריכען אין דעם נייעם בגד פון דעם ביז־אהער פארשטויסענעם נוצרי. אבער אגאטאן האט דאס אייגענטליך ניט געטראכט, נאר ער האט געשוועבט אין גליהענדיגע טרוימען, זיין יוגענדליכע פאנטאזיע האט זיך איינגעזויגען אין די בריסט פון לעבען. און ווי נאר ער האט זיך געפיהלט האר איבער די קרעפטען פון דער נאטור, אזוי האט ער אויך דערפיהלט מאכט איבער די מענשען. ער האט זיך פארגעשטעלט, ער זעהט איצטער ארום זיך דרענגענדיג א ציטערענדיגען עם־רב, ווי קינדער געהען זיי איהם נאך, אזוי ווי זיי וואלטען דורך א צויבער־רוף צוגעצויגען געווארען, ווי די פויערים האבען איהם עסען און טרינקען געגעבען, כאטש ער האט ביי זיי ניט געבעטען. ער האט באריהרט מיט דער האנט דעם קערפער פון איינעם פון די בליץ־געטראפענע, און דארט האבען זיך אין דער רגע דערהערט די קאמאנדא־רופען פון די פייער־לעשער, דאס מיליטער האט צוריקגעהאלטען דאס אומגעצוימטע געדרענג פון די נייגעריגע, דער דאך פון א דערבייאיגען הויז האט זיך אנגעכאפט פון די פלאמען, דער גלאק פונ׳ם טורעם איז שוואכער געווארען, גלייך ווי ער וואלט אפגעשטארבען, די דעמערונג אין דער

קירכע איז אפגעטראכטן פאר א העלען פלאם, און א האלב־משוגענער יונגער גלח איז געשפרונגען אין די פלאמען, וועלכע זיינען ארונטער־געפאלען אויפ'ן אלטאר, אום צו ראטעווען דאס אלערהייליגסטע. אין דעם מאמענט, ווי נאר אגאטאן האט זיך צו איהם צוגעריהרט, האט דער לעבלאז ליעגענדיגער באוועגט מיט דער האנט. אגאטאן, אליין דערשראקען, איז אפגעשפרונגען. עס האבען זיך דערהערט קולות, מען זאל אפלעדיגען די קירכע. פאר'ן פארטאל איז געשטאנען דער דעקאן און האט געהויבען די הענט, בעטענדיג זיך רחמים. עס האט זיך דערהערט דאס גערויש און צישעריי פון די וואסער־שפריצער פון די פייער־לעשער. דא איז אגאטאן ארויף אויף א באנק און האט אויס־געשריען אויף אזא הויכען קול, גלייך ווי ער וואלט וועלען אויסשרייען איבער דער גאנצער ערד:

— זאל זי ברענען, די קירכע!

ער האט געזעהן אונטער זיך פיעלע געזיכטער קרימען זיך און קוקען ארויף צו איהם לויערענדיג, עלענדע, פארזארגטע שטערנס, מייל־ער מיט קריכענדיגען, שיער ניט תחנונים'דיגען אויסדרוק, קינדער אפילו, וועמעס קראנקע גלידער ער האט געגלויבט צו פיהלען, און איהם האט זיך אויסגעדוכט, אז ער קען דורכ'ן גאנצען עלענד די וועלט זעהן פון עק ביז עק, איבער דעם גאנצען שטארק פארקניפטען שנור פון דעם קיום, וועלכער ברענגט ארויף און ארונטער געבורט און טויט אין די אפגרונטען.

— זאל זי ברענען, די קירכע! — האט ער נאך אמאל אויסגע־שריען.

ער האט נעהאט דאס געפיהל, ווי ער וואלט געזעהן אלע מענשען הויבען צו איהם שטארבענדיג די אויגען, און ער האט זיך פארגע־שטעלט, אז ער איז דער פאטער פון א נייעם, פרייען גאטלאזען דור. דער פאנאטישער גלח האט זיך א ווארף געטאן צו איהם און געוואלט איהם ארונטערשלעפען; זיינע בלאסע, אסקעטישע באקען האבען גע־ציטערט פאר זשעדנעדייט. אבער דער המון האט געשיצט אגאטאן'ען. די געפאהר איז גרעסער געווארען. אגאטאן האט אויסגעריסען א ברע־נענדיגע לייסט פון אלטאר, האט זי הויך אויפגעהויבען אזוי ווי א פאקעל און איז אוועק צום טיר, נאכגעפאלגט און ארומגערינגעלט פון אן אויפ־גערעגטען עם־רב.

דער גלאק האט אויפגעהערט צו קלינגען.

## פופצעהנטער קאַפּיטעל.

אַגאַטאָן איז באַלד ניט געוואָרען צווישען דעם עם־רב, וועלכער איז ווי משוגע געווען פון אויפרעגונג. אַ סך האָבען זיך געלאָזט לויפען נאָך איהם, אָן אָפּיצער האָט אָנגעוויזען אויף איהם מיט דער סאַבליע און אַ רייטענדער זשאַנדאַר האָט זיך אַ לאָז געטאָן נאָך איהם מיט'ן פערד, אָבער ער איז באַלד נעלם געוואָרען אין די ווייטערדיגע גאַסען. טראַכטענדיג איז ער ווייטער געגאַנגען, דעם בליק רק געווענדט צו דאָס אומבאַשטימטע, ווי פון אַ מעכאַניזם געטריבען, דורך גאַסען, וועלכע ער האָט ניט געקענט, דורך גאַסען, וואָס זיינען פּוסט געווען, און וואו די טריט האָבען אָפּגעהילכט, פאַרביי הייזער, וועלכע האָבען אַזוי ווי געריהרט זיך פון די ערטער, ווי זיי וואָלטען זיך מיישב געווען, צי זיי זאָלען איהם פאַרשטעלען דעם וועג צי ניט. דער הימעל איז ליכטיג געוואָרען, אומגעוועהנליך ליכטיג — אַזוי האָט זיך אַגאַטאָן'ען אויסגעדוכט. גלאַנצלאָזע שטערען, וועלכע זיינען געווען אָנגעהעפט ווי פּערעל; דער מילך־וועג האָט אויסגעקוקט ווי דער רויך פון דעם קוימען פון אַ בעקער־אויווען; די בוימער פון די אַלעען זיינען ווי שפּיזען געשטאַנען אויפ'ן וועג; באַלויכטענע פענסטער פון דערווייטען האָבען אויסגעזעהן ווי בלוטסטראָפּענס. די גאַנצע נאַטור האָט אַזוי ווי איהרע גלידער אויסגעצויגען, אויסגעגלייכט זיך. די שטאָט איז הינטען געלעגען, אַ פיעלשפּיציגער סילועט, אַ קנויל מיט צרות, שוואַרץ, שרעקליך פאַרגליווערט, שטיל, גרייפבאַר דייטליך, אַ גליהענדיגער פלעק אין דער מיט, אָן אָנפאַנגענדיגער זייל: דער בראַנד האָט געהאַלטען אין אויסלעשען זיך, דאָ אָדער דאָרט אַ לאָך, דאָ אָדער דאָרט אַ פאַבריקקוימען ווי אַ ריזענהאַפטער פינגער. דאַן האָט איהם דער וואַלד אויפגענומען: גרויס, געדיכט, פריי פון אַלע גערוישען פון דער וועלט, אַ דריקענדיגע, גוואַלדיג שווערע פינסטערניש. דאָ האָט אַגאַטאָן דעם אָטעם אָפּגעכאַפּט. ער האָט זיך גלייך אָוועקגעלעגט. כאָטש עס איז געווען זעהר קיהל, מעהר ווי קיהל, איז ער אָבער גלייך פאַרזונקען גע־

ווארעז אין א שווערן שלאָף. עס איז שוין געוואָרען טאָג, און ער איז נאָך געשלאָפען; עס איז געוואָרען אווענט, און ער איז נאָך אַלץ גע־שלאָפען. עס איז ווידער געוואָרען נאַכט, און ער האָט די אויגען אויפ־געמאַכט ערשט דענסטמאָל, ווען א קלאָר, קליין שטיקעל לבנה האָט גע־האַלטען ביי'ם פאַרגעהן. ער האָט צוגעדריקט די הענט צו די שלייפען און ער האָט געמיינט, אַז ער איז פערצעהן יאָהר כסדר אָפּגעשלאָפען. ער האָט זיך געפיהלט פרייער, מוטיגער, רייכער אין הילפסקרעפטען, אין בטחון, אין איבערצייגונג. ער האָט א ווײלע שטאַר געקוקט אין וואַלד אריין, האָט דערפיהלט, אַז ער איז הונגעריג, האָט זיך אויפגעהויבען, האָט באַלד דערזעהן דאָס פרייע פעלד אין בלויליכען נאַכט־נעבעל און דעם קייזער־שלאָס דערהויבענדיג זיך איבער'ן שטאָט.

ער האָט ניט געהאַט קיין געלט, אום צו נעמען זיך עפּעס אין א שענק. ביז אַהער האָט ער אויך קיין געלט ניט געהאַט. מענשען האָ־בען איהם געגעבען מעהר וויפיעל ער האָט געדאַרפט אויף זאַט צו ווע־רען. זיי פלעגען אין א הויכען גראַד אימפּאָנירט ווערען פון זיין אויס־זעהן און פון זיין האַלטען זיך. ער האָט געהאַט אַן אויסערגעוועהנלי־כען מילדען שמייכעל. ער איז געוועזען זעהר שעהן און זעהר גרויס. אפילו דער איינפאַכסטער מענש האָט געקענט באַגרייפען זיינע טיפע ליידענשאַפטען, זיין מעכטיג האַרץ, זיין געלאַסענעם מוט, די ווילדקייט פון זיינע ווינשען. זיין זאַפט־און קראַפטפולע יונגקייט האָט באַגעהרט נאָך מעשים. זיין נשמה איז שוין מעהר ניט געווען נידערגעדריקט דורך דעם געדאַנק פון אַן איין־איינציגער פורכטבאַרער מאַכט אין הימעל. דערמיט קען מען זיך ערקלערען זיינע דרייסטע ווינשען, זיין שטאָלצע האַלטונג. זיין בליק האָט אין זיך געהאַט עטוואָס פון דעם אונבאַשטימ־טען בליק, וואָס עס באַזיצען פערד פון איידעלער ראַסע.

ער איז געקומען צוריק אין שטאָט אריין. ווידער לעדיגע גאַסען, טונקעלע פענסטער, אָט די קוים פיהלבאַרע טרויעריגקייט, גלייך ווי א דינער פראָסט־טוי וואָלט איבער דעם אַלעמען געלעגען. סלופּעס מיט פּלאַקאַטען, פּאַרשלאָפענע פּאָליציסטען, הילכיגער שלאָגען פון זייגער, הילכיגע טריט. א שטאָט אָהן א קעניג, אָהן א ווילען, אָהן קראַפט, אָהן לעבען, האָט אַגאָנאַן געטראַכט, און ער האָט זיך געפיהלט איינזאַם. ער האָט געטראַכט וועגען די מענשען הינטער אָט די אַלע פענסטער, ווי אַזוי זיי שלאָפען, וואָס זיי חלומ'ען, וועגען זייער שטאַרקער מורא פאַר'ן טויט, וועגען זייערע הוצאות'ען, וועגען זייערע דאגות. ער איז

אריין אין א ברייטער גאס אויסער'ן תחום פון שטאט. אין דעם אונ־
טערשטען עטאזש פון א הויז זיינען דריי פענסטער געווען באלויכטען.
אנטקעגען האט זיך געפונען אן אלעע, און ביי'ם וועג איז געווען א
באנק. אגאטאן האט זיך אנידער־געזעצט, מיד פון שלאף, הונגעריג,
דארשטיג און דאך פול מיט ערוואַרטונגען, גלייך ווי ער וואלט איצט
ארייגעטראטען אין א נייעם לעבען נאך דעמדאזיגען פערצעהניעהרי־
גען שלאף. אויפ'ן געלען פארהאנג פון א באלויכטעגעם פענסטער האָ־
בען זיך אפגעשפילט בילדער, שוואנקענדיג און גליטשענדיג זיך. זיי
האבען זיך אוועקגעגליטשט ווי וואלקענס איבער'ן בלויען הימעל. דא
דערביי הינטער'ן קוסט האט זיך דאס וואסער פון א ברונעם אינטים
און שטיל געמורמעלט. פלוצלונג האט צווישען די אומווירקליכע,
אויסגעטרוימטע בילדער פונ'ם פארהאנג זיך באוויזען א שאטען, דאן
איז דער פארהאנג ארויפגעצויגען געווארען, דאס פענסטער געעפענט,
און א פרויען געשטאלט האט זיך אין דער פענסטער ראם באוויזען.
דאס טויער האט דערנאך א סקריפע געטאן, די גארטען־טיר האט א
קוויטש געגעבען, און אן אפיצער, שטארק איינגעקוטעט אין דעם מאנ־
טעל, איז ארוים אין גאס. אגאטאן האט גלייך דערקענט די געשטאלט
ביי'ם פענסטער.

די לופט איז געווען ווארים, קלאר און שטיל. זי האט אנגעזאגט
דעם פריהלינג. זי האט געשיינט אויפצושטייגען פון דעם ערד־באדען
אזוי ווי א ווארימע פארע, האט ארומגעוויקעלט בוים און שטיין, איז
געקראכען איבער די ווענט פון די הייזער ביז צו דער לבנה ארויף.
אגאטאן איז אריבערגעגאנגען אנטקעגען צום פענסטער. ווי ער איז
אבער צוגעגאנגען נאהענט, אזוי איז דאס פענסטער צוגעמאכט גע־
ווארען, נאך לאנגזאמער ווי זי איז געעפענט געווארען. דאס צומאַ־
כען פונ'ם פענסטער האט איהם אויסגעזעהן, ווי א שפאטישע צוריק־
ווייזונג. ער האט א קוק געטאן אויף זיינע קליידער: זיי זיינען געווען
אין א שלעכטען צושטאנד, זיינע שטיוועל זיינען געווען צעריסען. פונ־
דעסטוועגען האט אין דער לופט געשמעקט מיט פריהלינג און אויסער־
דעם האט די וועלט געהאט דעם קארניוואל מיט זיין אמת עטוואס
הילפלאזער לוסטיגקייט.

ער איז געגאנגען ווייטער, און די נאכט האט איהם אויסגעזעהן
פארגליווערטער, אזוי, אז אפילו דאס ווייטע בילען פון די הינט האט
ניט געקענט אפהילכען. נאך א שטונדע פילייכט איז ער געקומען צוריק

צום זעלבען פארנעהמען הויז. פאר'ן זעלבען פענסטער. און ווידער איז דאס פענסטער געעפענט געווארען, און זשאנעטע האט זיך ווייט ארויס־געבויגען, דעם קאפ אויף ביידע ארימס אנגעשפארט. האט געקוקט אין דער פינסטער. איז אומבאוועגליך געווען און איהר געזיכט האט אויס־געזעהן בלייכער ווי אפילו די ווייסע וואנט פונ'ם הויז. אגאטאן האט זיך אפגעשטעלט און געגריסט ארויפצו־צו. זי האט א ציטער געטאן, איבערגעביטען איהר ספינקסהאפטע האלטונג און האט ארויסגעלאזען א טומפען אויסגעשריי. דאן האט זי א פאטש געטאן מיט די הענט און אויסגערופען אגאטאנ'ס נאמען.

מיט איינינע מינוטען שפעטער איז ער געווען אינוועניג אין צי־מער. זי אליין האט איהם געעפענט און איז איצט געזעסען פאר איהם, בעת ער איז געשטאנען, האלטענדיג די אויגען געווענדט צו א שפיגעל און איז ערשטוינט געווען איבער זיין אייגענעם פנים. זשאנעטע האט אויף איהם פארשענדיג געקוקט, איבערראשט, כמעט ווי הכנעה'דיג.

— איך ווייס אלץ, — האט זי געזאגט, — ווי אזוי האסטו זיך דאס דערוועגט צו טאן? האסטו גאר קיין מורא ניט געהאט?

— וואס ווייסטו? — האט אגאטאן פארוואונדערט געפרעגט.

— און ווי אזוי וואגסטו דאס נאך, אגאטאן, צו בלייבען אין שטאט? זיי זוכען דאך דיך! אין די צייטונגען שטעהט דאס, די גאנצע וועלט רעדט דערפון. מען זאגט, אז דו האסט כל המעגליכע פארברע־כענס אפגעטאן. א גאנץ געפעהרליכער מענש ביסטו.

— אבער ווי אזוי האבען זיי זיך מיין נאמען דערוואוסט? — האט אגאטאן נאכדענקענדיג א פרעג געטאן.

— איך ווייס ניט. עס הייסט, איינינע האבען דיך דערקענט. צווישען זיי אויך א געוויסער... גאלדשטיקער, א שריפטשטעלער, ארער... יא, דער שריפטשטעלער האט דיין נאמען אנגערופען.

— אהא, גודשטיקער! נאטירליך, דאס איז געווען אן ארבייט פאר איהם. אבער ווי געהט דאס דיר?

— ניין, דיר. וואס האסט דו געטאן? מיין גאט, ווי דו זעהסט אויס! איך מוז דיך יערענפאלס באהאלטען ביי מיר. נו, דערצעהל!

אגאטאן האט גארנישט ניט געוואוסט וואס צו דערצעהלען. ער האט אויבערפלעכליך דערצעהלט, ווי וועגען גלייכגילטיגע זאכען, און ער איז וואס אמאל געווארען אומרוהיגער.

זשאנעטע האט איהם געבראכט עסען. עס איז שוין געווען שפעט

אין דער נאכט. זי האט שווייגענדיג געקוקט אויף איהם. אגאטאן האט זי נעפרענגט נאך אמאל, ווי עס געהט איהר, אבער זי האט געטרייסעלט דעם קאפ. זי האט געטראגען א נאכט־קלייד פון בלויען זייד מיט שפיצען ארום האלז און די האנט־געלענקען. דאס האט איהר אויס־זעהן צוגעגעבען עטוואס רוהיגעס און פארנעהמעס און איהר געזיכט א פרידליכען, קינדישען אויסדרוק. זי האט די אויגען ניט אראפגענו־מען פון אגאטאנ'ען, וועלכער איז פלוצלונג בלאס געווארען אונטער'ן ברען פון איהרע אויגען, און דאס גלאז, וואס ער האט געהאלטען אין האנט, איז ביי איהם ארויסגעפאלען. דאס האט, ווי עס ווייזט אויס, זי אויסגעטשוכעט. זי האט געלאכט און דערצעהלט דאס און יענעס פון איהר לעבען אין פאריז; אז זי וועט באלד פאהרען אין דער רעזי־דענץ־שטאט, ווייל דער קעניג וויל זי זעהן; אז זי איז דערווייל זעהר באריהמט געווארען. זי האט דערצעהלט עפיזאדען, האט געשיינט צו זיין באגייסטערט פון דעם פרעהליכען, בונטען לעבען, וואס זי פיהרט און וואס גיט איהר יעדען טאג א נייעם געשמאקען ביסען. צום סוף איז אויסגעקומען, ווי זי וואלט פאנטאזירט, אזוי שטארק איז זי דער־היצט געווארען איבער דאס פריידיג־שוימענדיגע, וואויל־שמעקעדיגע פון דעם דאזיגען ארט לעבען. זי איז דערנאך ראפטאם צוגעגאנגען צום פיאנא און האט גענומען שפיעלען, כאטש עס איז שוין געווען אזוי שפעט אין דער נאכט, אזוי ווי זי וואלט דאס וועלען טאן צו־להכעים דער גאנצער בירגערשאפט. זי האט געשפיעלט גרינג, דופטיג, אבער אויך לייכטזיניג, האט געענדיגט מיט פאלשע טענער, וועלכע האבען געקלונגען, ווי עמיצער וואלט זיך אויף די ביינדלאך א זעץ געטאן, זי האט מיט א קראך צוגעמאכט דעם דעקעל, האט זיך פאנאנדערגעלאכט מיט איהר שניידענדיגען געלעכטער קוקענדיג אין דער זייט פונ'ם פענ־סטער, נאכדעם ווי זי האט זיך אומגעדרעהט אויפ'ן שטולכעל. גאר אונמאטיווירט האט זי איצט געגעבען אנצוהערענישען וועגען איהרע פיקאנטע אוואנטיורעס, און ווען זי איז אנטשוויגען געווארען, האט זי געמאכט דעם איינדרוק, ווי זי וואלט זיך אפגעמאטערט לויפענדיג. איהר קאפ איז געווען אפגעבויגען אהינטער, איהרע ליפען עטוואס אפען, די אדערען פון האלז האבען שטורעמדיג געקלאפט, אזוי האט זי זיך אנגעלעהנט אנטקעגען דעם מאט־גלאנציגען עבענהאלץ פונ'ם פיאנא, די עלענבויגענס אנגעשפארט אויף צוריק אויפ'ן דעקעל, און האט אזוי געקוקט אין דער הויך.

— ביסטו מיד? — האט זי זיך א קער געטאן צו אגאטאנ'ען. — אויב דו ביסט מיד, קאנסטו אריין צו דיר אין צימער.

זי האט פארוואונדערט און איבערראשט איהם אריינגעקוקט אין פנים. אגאטאן האט געמוזט אויפשטעהן. זיין הארץ איז געווארען אלץ ברייטער און ברייטער, האט שוין מעהר קיין פלאץ ניט געהאט, וואו צו האלטען זיך.

— איך האב געמליך ליעב די נאכט, — האט זשאנעטע שטיל געזאגט, — אט אזוי זיצט מען זיך און מען טראכט זיך וועגען אלע זינד וואס מען האט אפגעטאן. האסטו ניט ליעב דיינע זינד, אגאטאן?

ווידער האט איהם געטראפען אט דער בליק, וועלכער האט גע־שיינט צו קומען פון איהר געעפענטער און פלאמענדיגער זעלע.

— ווייסטו, איך קען אזוי דום זיין, — האט זי ווייטער גערעדט,— אזוי דום, אז איך וויים ניט ווי מען לאיגט; אזוי דום, אז איך קען רעספעקט האבען פאר די מענער; אזוי דום, אז איך זאל פרום ווע־רען. דאן וואלט איך געבעטען צו גאט. איך וואלט געבעטען... נו, מילא, עס איז אלץ איינס. איצטער וועל איך טאנצען. זעץ זיך דאר־טען אין ווינקעל. דאס פייער מוזען מיר ארונטערלאזען. אט אזוי.

זי האט געטאנצט, און בעת מעשה האט זי שטיל אונטערגעזונגען, אדער ריכטיגער געזאגט, געזשומעט. זי האט געטאנצט מיט שווער־מוטיגע באוועגונגען, וועלכע האבען ניט ווילענדיג דערמאנט אן דעם שווימען פון א קערפער איבער א רוהיגען וואסער־שפיגעל. אלדאס איראנישע איז פון איהר פנים פארשוואונדען, די אויגען זיינען געווען האלב־געשלאסען, באשאטענט מיט די לאנגע רויטע וויהעס. די הענט האבען דאס קלייד געהאלטען. אגאטאן האט לאנג געקוקט אויף איהר, און עס האט אויסגעזעהן, ווי ער מיינט, אז דאס בלוט דארף זיך גיסען פון איהר ברוסט ביי אט דעם שמערצליכען און שרעקליכען ברעכען זיך פון איהר קערפער. פלוצלונג — דער איבערגאנג איז געווען אזוי שארף ווי דער איבערגאנג פון טונקעלקייט צו פייער־העלקייט — פלוצ־לונג האט זי זיך אויסגעגלייכט. איהר געזיכט האט געקראגען א פריי־וואלען אויסדרוק, און דאן האט זי געטאנצט דעם Goignadé אן אלט־פראנצויזישען טאנץ, פול מיט וואויל־לוסטיגען עקסטאז. אגא־טאן האט די ליפען געביסען, איהם האט געשווינדעלט. זי איז לגמרי אומגעצוימט געווען, זי האט דערביי געיויכצט און געהויבען דאס קליידעל. ווען זי איז פארטיג געווארען, האט זי פארבייגעהענדיג א

שמייכעל געטאן, האט זיך פארנייגט און קאלט געזאגט. אגאטאן זאל ארייננעהן אין דעם צימער דערביי, וואס איז פאר איהם באשטימט געווארען. דערמיט איז זי אוועק. אגאטאן האט געווארט א לאנגע צייט, אבער זי איז ניט געקומען צוריק. ער איז אריין אין דעם דער־בייאיגען צימער, האט אבער געלאזען אפען די טיר, כדי ער זאל קענען קוקען אויפ'ן פייער. ער האט זיך אין די זאכען אריינגעלעגט אין בעט, האט צונויפגעלעגט די הענט הינטער'ן פאטילניצע און איז אזוי געבלי־בען ליגען מיט אפענע אויגען, ביז עס איז טאג געווארען.

דאן האט ער זיך אויפגעהויבען און איז צוגעגאנגען צום פענסטער. ער איז געווען באאומרוהיגט, אויפגערעגט, און מיט'ן וואקסען פון טאג איז זיין אויפגערעגטקייט געוואקסען. ער האט ניט געפונען קיין רוה אין אט די קאסטבארע אויסגעשטאטעטע חדרים. עס האט זיך איהם גערוכט, אז זיין נשמה איז ווי צונויפגעשרומפען געווארען. ווען זשאנעטע האט זיך באוויזען שפעט פארמיטאג, איז ער ערשטוינט געווען איבער דער ענדערונג, וואס איז אין איהר פארגעקומען. זי איז געווען מיד; די הויט פון איהרע באקען איז געווען עטוואס אפגעלאזען, דער קוק הארט, איהרע באוועגונגען געמאטערט, איהרע ווערטער קאלט. צייטענווייז האט די פארגליווערטקייט אויסגעבראכען אין א קרעפטיגען זשעסט, אין א צירצענהאפטען בליק.

— דו האסט געשלאפען? — האט זי איהם געפרעגט.

— ווען עס בלוט אייגענטליך שטעקט אין דיר? — האט זי ווייטער זיך געווענדעט צו איהם. — איך קען קיין איינעם ניט פון דיין משפחה, ביי וועמען דו ביסט אויסגעוואקסען, צו וועמען מען זאל דיך קענען פאר־גלייכען. און א הוץ דעם...

זי האט זיך א הויב געטאן, האט זיך געשטעלט הינטער זיין שטול און אוועקגעלעגט ביידע הענט אויף זיינע אקסלען, און ער האט דעם קאפ צוריקגעבויגען, אום צו זעהן זי.

— האסט דו אונטערגעצונדען די קירכע, אגאטאן? — האט זי איהם געפרעגט, ארייגבויגענדיג איהרע אויגען טיף אין זיינע.

אגאטאן האט זיך לויז געמאכט פון איהר און לאנגזאם ארויס־גערעדט:

— וואלסטו געוואלט, אז איך זאל דאס האבען געטאן? ז
איהר פנים איז פינסטער געווארען און זי האט געשוויגען.

— עס איז וואהרשיינליך, אז דער בליץ האט דאס געטאן, — האט

זי אין א ווײַלע ארום געזאָגט מיט א מאָדנעם בײזהאַפטען אויסדרוק.
זיי זײַנען א ווײַלע געשטאַנען שטום אײנער אנטקעגען דעם אנ־דערען, ענדליך האָט זי זיך אנגערופען מיט א שפּאָטישען שמייכעל:
— אבער א חוץ אַלע זאַכען, דאַרפסטו אַנדערע קליידער קריגען. ביסט אין כעס? — האָט זי דערשראָקען און הכנעה'דיג צוגעלעגט, באַ־מערקענדיג די רויטקייט אויף זײַן שטערען — איך וויל דיר עפּעס זאָגען. איך וועל צושפּאָרען אַלע טירען, מײַנע מענשען ארויסשיקען. די ראָל־לאַדען צומאַכען און זאָל ווערען נאַכט אין הויז.
זי האָט דאָס אַלץ געזאָגט כמעט ווי קאַלט, פאַרבײַגעהענדיג. אנאַ־טאָן איז קוים אימשטאַנד געווען קלאָר צו ווערען, וואָס דאָ טוט זיך.
— אז מיר בײדע זאָלען דאַרפען זײַן אידען! — האָט זי אויסגערו־פען, אוועקזעצענדיג זיך אין א ווינקעל. — איך פיהל די גאַנצע אַלטקייט פון'ם אידענטום אויף מײַנע פּלייצעס, און אַלע זײַנע פאַרברעכענס, אַלע זײַנע יסורים. איך האָב אַלע זײַנע חסרונות אין מיר: איך בין דער פאַרשטאַנד אַליין און די שוואַכקייט אַליין. איך בין גריבלעריש און שרעקעדיג, פײג און פרעך. איך האָב ליעב די נאַכט און דאָס אָרגעל־שפּיעל. איך האָב ליעב צו חכמ'ענען זיך, ווי דו זעהסט. און דו, וואָס ביסט דו אייגענטליך? ווי קומסטו צו אונז מיט דײַן ריינעם שטערען? דו ביסט אוודאי גאָר א בעל־מופת. יאָ, איך שפּיר דאָס. אויב דו ווילסט, וועל איך דײַן דיענסט זײַן. איך האָב דאָס דיר שוין אמאָל צוגעזאָגט. אזוי ווערען אַלע ווערטער מקוים. גאָט מײַנער, גאָט מײַנער, ווי קאָן מען אזוי פיעל ריידען? דער אמת'ער ברונים, וואָס טריקענט קײנמאָל ניט אויס!
אנאַטאָן האָט א שמייכעל געטאָן:
— דער ברונים, וואָס טריקענט קײנמאָל ניט אויס. באַיעזוען'ס א ליבלינגס־אויסדרוק.
— באַיעזוען... ליעבער גאָט! יאָ.
— דו קענסט איהם?
— נו, געוויס. פאַרוואָס זאָל איך ניט קענען באַיעזוען'ען?
— ער איז זעהר אינטערעסאַנט.
געוויס, זעהר. אַלע מענער זײַנען אינטערעסאַנט. פאַר דער טאָט.
זי האָט א לאַך געטאָן. פּלוצלונג איז זי צוגעגאַנגען, האָט ארײַנ־גענומען אנאַטאָן'ס קאָפּ צווישען בײדע הענט, האָט איהם איבער געוואַלד

ארונטערגעשלעפּט און אַ קוש געטאָן אין די ליפּען. באַלד אָבער האָט זי איהם צוריק אָפּגעלאָזען און האָט אויף איהם שטאַר געקוקט, אַ בליי־כע, מיט גרויסע אויגען.

—אַ ט־ר י ליפּען ! — האָט זי אויפגערעגט געפליסטערט, — דו האָסט נאָך קיינמאָל קיין פרוי ניט געקושט.

לאַנגזאַם האָט זי גענומען זיין האַנט, האָט זיך איינגעבויגען און אַ קוש געטאָן זי. אַגאַטאַן האָט זיך דערמאַנט אָן מאַניקאַ׳ן, וועלכע האָט אויך איינמאָל געטאָן דאָס אייגענע. פאַרוואָס ?

— וואָס ביסטו ? וואָס ווילסטו ? — האָט זי איהם געפרעגט נאָך אַ לאַנגען שווייגען.

— וואָס איך וויל, דאָס איז צו שווער צו זאָגען מיט ווערטער. וואָס איך וויל... אַוועקנעמען ביי׳ם מענשען דעם הימעל און געבען איהם די ערד, דאָס איז אַלץ וואָס איך וויל, זשאַנעטע ! געוויס, פיעלע האָבען שוין די ערד, אָבער נאָר די ערד אָהן דעם הימעל, זיי ווייסען, אַז דער הימעל פעהלט זיי. פאַרשטעהסטו ? זיי מוזען האָבען די ריינע ערד, אָהן אַ קרייץ, אָהן אַפּפּאַל, אָהן אָפּזאָגען זיך פון עפּעס, אָהן חשבונות מיט אָן אוי בערשטען. יאָ, דאָס איז מיר איצטער קלאָר. זיי האָבען בלויז פאַרגעניגען און שמערצען. אָבער עס איז אַזוי ווי מיט׳ן פויגעל אין שטייג. ער האָט ניט קיין פרייד, אַפילו מיט די שענסטע מאכלים נים, און אַפילו אַז דאָס זאָל זיין דער באַקוועמסטער, גאָלדענ־סטער, מילדסטער שטייג אין דער וועלט. אַזוי איז אויך דער הימעל געוואָרען אַ שטייג פאַר דער מענשהייט. און דאָס איז שוין אַזוי לאַנג, אַז זיי באַמערקען שוין גאָרניט די גראַטעס און זיי מיינען נאָך, אַז זיי קענען פליהען. אָבער כל־זמן אויף דער וועלט איז דאָ נאָך איין־איינ־ציגע תפילה, וועלען זיי ניט קענען פליהען. איך וויל די שטאַנגען צע־ברעכען, זשאַנעטע, אָדער נאָר איין שטאַנג, אַז אַנדערער נאָך מיר וועט פילייכט מעהר צעברעכען. און ווען אַפילו דער דאָך וועט דערנאָך ארונטערפאַלען און פיעלע צערייבען אויף מאָהן, מאַכט אויך ניט אויס. נאָר די גרויסע, די אונטערדריקער וועלען צעריבען ווערען. שמשון דער שולדיגער און די פלישתים ווערען צעמאַלען, אָבער די געפאַנגענע ווע־רען פריי און זיי וועלען גרינדען אַ נייעם דור.

זיין בלאַסער פּנים האָט זיך שטראַלענדיג אָפּגעשפּיגעלט אין די באַוועגונגען פון דער נשמה. זשאַנעטע האָט אויף איהם געקוקט און אַזוי ווי אַלע וואָס ריידען מיט איהם, אַזוי האָט זי אויך פאַרגעסען,

וואס ער איז נאך אזוי יונג. א ריינער שטראם האט זי באגאסען, דער שטראם פון ריינע געפיהלען.

— און וואס ווייסטו טאן פאר אט דער אידעע? — האט זי גע־פרעגט, מיט מאטערניש שמייכלענדיג, — שטארבען, נאטירליך, ווי די אלע טרוימער.

— שטארבען? ניין, לעבען!

זייערע אויגען האבען זיך באגעגענט. אגאטאן האט זיך אפגעקערט פון איהר בליק.

— טרוימער! טרוימער! גנעדיגער הימעל, וואוהין טרוימסט דו? אבער איך האב דיך ליעב, אגאטאן! איך האב דיך מארנע ליעב! און וואס מיינסטו דא מיט'ן ווארט „פרייד"? אויך אזא ווארט ווי פיעלע ווערטער. ניין?

— עס מוז זיין אזא גריכישער גלאנץ, וואס שטראלט פון איינעם צום צווייטען. מען דארף מעהר גארניששט ניט פארעהרען, מעהר ניט פארעהרען די נאטור, ווייל מען איז אליין די נאטור, מען איז אליין א שטיק וואלד, א שטיק ים, דער לעהרער דארף זיין א פריינד און פיעל אנדערע זאכען. אלצדינג אהן שכרות, פארשטעהסטו, זשאנעטע? אהן געלעהרזאמקייט, יעדע זאך א וועלט און די וועלט א זאך. אלע אידעען דארפען אויסגעראט ווערען, ניט דער קערפער, נאר דער גייסט, ווארים יעטווידער גלויבען איז אידענטום. אלעמאל וועלען די אידען (אויך די קריסטען זיינען אידען), אלעמאל וועלען זיי נייע געטער בריינגען. וואס שמייכעלסטו? יא, דאס איז אמת. זעהסטו, איצטער קאן שוין די מענשהייט אוועקווארפען איהרע קינדער־שיכלאך, און דער ליעבער גאט קאן זיך געהן זוכען אן אנדער ערד, אויף אויסצוזויגען פון איהר דעם זאפט. דענסטמאל וועט שוין דאס לעבען מעהר ניט זיין ווי אן אומ־פארדינטע מתנה, אדער ווי אן אומפארדינטע שטראף. דענסטמאל וועט שוין מעהר ניט זיין קיין מורא פאר'ן טויט, מעהר קיין פארברע־כענס, דענסטמאל וועט אלץ ווערען גרעסער, אהן א שיעור גרעסער. אבער איך קאן ניט זאגען דאס אייגענטליכע, איך קאן דיר ניט געבען דאס בילד, זשאנעטע!

א לאנגע פויזע איז געקומען.

— דו מיינסט אפשר, אז דאס איז דער אטעאיזם, — האט אגאטאן ווידער אנגעהויבען, — ניין, דאס וואלט דאך געווען דום. די אטע־איסטען זיינען בלויז אומדערצויגענע קינדער און זיי ווילען אליין שפיע־

לען די ראַליע פון אַ טאַטען, ווען דער טאַטע גייט אַוועק. דו ווייסט דאָך, וואָס איך מיין, דאַרום לאָכסטו דאָך אַזוי גנב'יש. אָבער זעהסטו, זשאַנעטע, — האָט אַגאַטאַן צוגעלעגט עטוואָס שעמעוודיגער און שטילער ווי ביז אַהער, — איינס פעהלט מיר נאָך, און איך ווייס ניט, וואָס דאָס איז. עס מאַכט מיך אומרוהיג ביי דער נאַכט און מוטשעט מיך ביי־טאָג, און עס דוכט זיך מיר, ווי איך שטעה פאַר אַ דיקער וואַנט. ווי אַ קינד בין איך דעמאָלט.

זשאַנעטע איז געלעגען מיט אָנגעשפּאַרטע עלענבויגענס אויפ'ן דיוואַן, און איהרע פיס האָבען באַריהרט דעם דיל. די ליניען פון די פיס האָבען זיך דורכגעזעהן דורכ'ן שטאָף פון'ם קלייד, און אַגאַטאַן האָט ווי פאַר'כשוף'ט געקוקט אויף דער דאָזיגער עטוואָס מיט אַ כיון געמאַכטער געבויגענער ליניע, אין דער צייט וואָס זשאַנעטע האָט איהם אַזוי ווי געזוכט מיט אַ הייסען, טרוימערישען בליק.

נאָכמיטאָג האָט מען געבראַכט זאַכען פאַר אַגאַטאַנ'ען, אויך אַ מאַסקען־קאָסטיום, וואָרים זשאַנעטע האָט געוואָלט, ער זאָל אין אָוונט מיטנעהמען צום פעסט. ער האָט זיך געוואונדערט איבער איהר האַלטען זיך, אין וואָס עס האָט געפעהלט די שאַרפקייט; איבער איהר גאַנג, וואָס האָט געהאַט אין זיך עטוואָס וויגענדיגעס, קווייענקלענדיגעס, ערוואַר־טענדיגעס; איבער איהר ריידען, וואָס אַט איז עס געווען דרייסט און אַט ציטערדיג, אַט איז עס געווען העפטיג און אַט געדריקט.

דער פעסט־זאַל איז געווען גרויס און רייך. דער מיטען פון'ם צי־מער, וואָס איז געווען אַזוי הויך ווי אַ קירכע, איז געווען באַגאָסען מיט בלוילוך־גרינעם ליכט. די גאַלערעען און די דורכגאַנגען זיינען געווען באַלויכטען מיט גליה־לאַמפּען און דאָס האָט אויסגעזעהן, ווי אַ בריי־טער, טונקעלער פייערבאַנד וואָלט געווען אַרומגעוויקעלט אַרום דער דאָזיגער מילדער דעמערונג, אין וועלכער די זיילען האָבען טרוימהאַפט געגלאַנצט, די נירלאַנדען האָבען אויסגעזעהן ווי אַרויסגעוואַקסען פון דעם הייסען דופט, די קינסטליכע רויזען האָבען ווי בלוט שעמערירט און דער גאָלד־באַזוימטער פּלאַפּאָנד איז געווען גלייך צו אַ גליהענדיגען אָוונט־הימעל. דאָס בונטע לעבען האָט אויף אַגאַטאַנ'ען געמאַכט דעם איינדרוק פון געראוישלאָזעס, צויבערשפּילהאַפטעס; אַלע פאַרבען האָ־בען זיך געגאָסען אין איין בילד, אַלע טענער אין איין טאָן, אַלע פריידען האָבען געהאַט איין ציל, און אַט דאָס קאָכיגע מורמלען איז אויסגעקומען

ווי דאס ווייטע כוואליעז זיך פון א ים. איבער וועלכעז דער טאג וויל אויפגעהן.

אבער פלוצלונג. טאקע מיט איין מאל, מיט איין קלאפ איז אגאטאז זעהענדיג געווארען. און טאקע איז אזא מאס, אז ער האט זיך דערפיהלט ווי פארוואונדעט פאר גרויל, שאנדע און באליידיגונג. ער איז אוועק איז אז עטוואס אז דער זייט ליגענדיגעז דורכגאנג, ערשט ער האט דערזעהן אז אלטעז און גאנץ אפגעריסענעם מאן שטעהענדיג ביי'ם זייטיגעז ארויסגאנג. דער אלטער האט לויערענדיג און אומרוהיג געקוקט איז זאל אריין, האט די האנט געהאלטעז ווי א שירעם איבער די אויגעז און געמורמעלט. באלד נאכדעם איז א יונגע מיידעל, מיט גראציעזע און כמעט קינדישע באוועגונגעז, צוגעגאנגעז צום אלטעז, און איהר מויל. אונטער דער מאסקע, האט פארלארעז דעם שמייכעל. זי האט געגעבעז דעם אלטעז געלט. מיט אז אומבאשרייבליכער זשעדנעקייט האט ער ביי איהר פון האנט ארויסגעריסעז די מטבעות און ער האט איהר עפעס א שעפטשע געטאז. און זיינע אויגעז זיינעז דערביי שיער פון די לעכער ניט ארויסגעשפרונגעז. די מיידעל האט א שאקעל געטאז מיט'ן קאפ אויף יא, און דער אלטער איז אוועק אונטערהינקענדיג. די מיידעל האט זיך אנידערגעזעצט אויף א באנק, צוגעדריקט ביידע הענט צום הארצעז און האט אפגעאטעמט, דאן האט זי א מאך געטאן מיט ביידע הענט איז דער לופטעז. אזוי ווי זי וואלט וועלעז איינשטילעז דעם ווירבעל־ווינט פון איהרע געדאנקעז. און איז צוריק אוועקגעשפרונגעז מיט א קינדערשעז, אבער געצוואונגענעם גאנג.

אגאטאז האט געזוכט איהר נאכצופאלגעז, ער האט זי אבער פארלארעז פון די אויגעז. אנשטאט איהר האט ער געזעהן א באפראקטעז הערר, וועלכער האט זיך ווי א פראגעצייכעז אויסגעבויגעז, געבענדיג קאמפלימענטעז: א צווייטעז האט ער געזעהן. א פארוועלקטעז, פון געכט אויפזיין, וועלכער איז געקראכעז פון זייל צו זייל אזוי ווי א ווארים. מורא האבענדיג פאר'ן ליכט, אפגעלאזעז, פול פאראכטונג, אויסגעמאטערטקייט, אפגעלעבטקייט: א דריטעז .וואס זיין געלעכטער איז געוועז אזוי ווי א שאס, וואס יעדע ווערט אפגעפייערט, אום אפצושרעקעז אז אנקומענדיגע. נאגענדיגע אנגסט. דאס ציינער־שטשירענדיגע געשפענסט פון זיינע זארגעז: א פערטעז, וועלכער איז קינסטליך און אויפגערעגט, פארהאוועט ארומגעלאפעז און זיין פנים איז געוועז שרעקליך צוקנייטשט, מאכענדיג דעם אנשטעל, ווי ער וואלט עפעס

וואס וויכטיגעס האבען דורכצופיהרען: א פינפטען. וועלכער האט זיך ארומגעבלוזקאיעט צווישען דעם עולם. שטשירענדיג די ציינער און נייגענדיג זיך. דער ציניזם אליין. מיט א פנים. צעאקערט פון זינד און צעקארבט פון אומגליק: א זעקסטען, פול מיט אנשטענדיגקייט. שעמעוודיגקייט און פריינדליכקייט. וועלכער האט אזוי ווי געפיהלט זיך אומעטום פאר אן איבעריגען. און ארום זיין מויל איז געלעגען א וואקסענדיגע ביטערקייט און איז זיינע אויגען האט מען כמעט ווי דייטליך געקענט לייענען זיין גרייטקייט פאר א פארברעכען.

ער האט געזעהן די פרויען: איינע. וואס האט געכיכעט און געדרעהט זיך. מיט א פאלשען שמייכעל און מיט א גע'גנב'עטער חנ'עוודיגקייט. און א כאר באפראקטע בעטלער האבען זי ערקלערט פאר א באצויבערענדיגע פרוי: א צווייטע. וועלכע האט מיט אלע קרעפטען געזוכט צו מאכען זיך היימיש אין דעם דאזיגען הויז פון צוזאמענגעטראגענע לוסטבארקייטען: א דריטע. וועלכע האט מיט באהאלטענער אנגסט אפט באטראכט איהר מאסקעראדען־קאסטיום. וועלכען זי האט גענומען אויף פראקאט. און זי האט געזוכט צו פארמיידען העפטיגע באוועגונגען: א פערטע. וועלכע איז דא געזעסען מיט צעהיצטע בליקען און מיט אן אייזיגער זעלע. אינוועניג שטארק פארנומען מיט דער זארג, צי די פארב אויף איהר פנים האלט זיך גוט. און הינטער דער בונטקייט פון די קליידער, הינטער דער העפליכקייט פון די ווערטער. הינטער די צוציהענדיגע בליקען, הינטער די פון וויין גערויטעלטע שטערענס און באנעצטע ליפען, וואס איז געלעגען הינטער דעם אלעמען? אגאטאן האט דאס געזעהן. הונדערטער שיקזאלען האבען זיך פאר איהם געעפענט ווי מיט איין מאל; מיט איין קלאפ איז דער פארהאנג ארונטערגעריסען געווארען פון הונדערטער ביהנעס. פון הונדערטער פאר אויגען. און פאר זיינע בליקען איז אזוי ווי געלעגען אן אייטערדיגער קנויל פון אומגליק, א ניט פארזעעטע צונויפגעווארפענע קופע פון שמערצען. א מיש־מאש פון באטריבענישען, פארברעכען, באטרוג און ליגען. יענער דיקער הער מיט'ן פריינדליכען ערענהאפטען פנים האלט ווי אויף א שנירעל דאס גליק פון הונדערטער מענשען. און ער וועט זיך מארגען גאנץ רוהיג פארשפילען אויף דער בערזע גאר דאס גליק. וואס איז איהם אנפארטרויט געווארען; על כל צרה שלא תבוא האט ער זיך אנגעגרייט א שיפסקארטע. אט דער אומווידערשטעהליכער פראנט, וועלכער שמייכעלט אזוי באשיידען, איז א דאקטאר, וואס

איז דורך שמוציגע מאניפולאציעס אפילו איז זיינע אייגענע אויגען שוין לאנג געווארען א שאטען פון אן אנשטענדיגען מענשען. יענע בלייכע דאמע מיט'ן שווערמוטיגען בליק, לעבט נאר, אום זיך צו אמוזירען און עס אמוזירט זי צו שפיעלען די ראליע פון א שווערמוטיגע: איהר הויז איז א פינסטער בילד פון אפגעלאזענקייט, פארנאכלעסיגונג, זי־טענלאזיגקייט, א בילד פון געוויבטען, געבארגטען פוץ, פון באהאל־טענעם הונגער. יענער גוטינקער אלטער מאן מיט דער גרויער בארד איז א ניט אנטדעקטער באנק־גנב; יענער מאן, וועלכער קוקט אויס ווי א גלח, האנדעלט מיט יונגע מיידלאך; יענער אימפאזאנטער מאן מיט דער שווארצער בארד איז א פאסקודנער פראצענטניק; יענער אנגע־נעמער און פרעהליכער אלטינקער איז א רכילות'ניק. פאר וועלכען אלע האבען מורא . . . און הינטער זיי, וואס פאר א כאאס עס טוט זיך: פארוויסטע הייזער, בעטען נאסע פון טרערען, הענט באפלעקטע פון זינד. דאס וואהנזיניגע יאמערן פון באזיגטע, אין קייטען גע־שמידטע. דער באהאלטענער שמייכעל פון דעם זיגער, דער כלומר'שט־דיגער טרויער, די פארשטעלטע גדלות, הונגער, שאנדע. די משוגעת פון דער ליעבע, קראנקהייט און טויט. אז ארמיי פון משוגע צעדרעהטע פנים'ער וועלכע מארשירען שנעל צום אפגרונט. א גאנצע פאלענדיגע, שטירצענדיגע, פארפוילטע געזעלשאפט, און איבער דעם און אונטער דעם — איז גארנישט.

אגאטאנ'ען האט זיך אויסגעדוכט, אז זיין קערפער ווערט צע־קוועטשט אונטער דער שווערער משא פון וויזיאנען. עס האט זיך איהם אויסגעדוכט, אז עס שפארט זיך צו איהם די קאכעדיגע מאסע פון צרות, א שרייענדיגער המון פון פארפאלגטע, און זיי בעטען הילף, רע־טונג, און ער האט זיך געלאזט לויפען א געפייניגטער. ער איז ארויס־געלאפען אין גאס. איז געלאפען ווייטער און ווייטער, ניט אומקוקענ־דיג זיך. און האט קוים געוואוסט, ווי אזוי ער איז אריינגעפאלען אין זשאנעטע'ס וואוינונג. ער האט זי מעהר ניט געזעהן. זינט זיי זיינען ביידע אריין אין זאל. די דיענסטמיידעל האט איהם געעפענט, האט געוואלט אנצינדען פייער, אבער ער האט זי געבעטען צו לאזען איהם אין דער פינסטער. ווי פארניכטעט איז ער געפאלען אויף דער סאפע און ער האט זיך צוגעהערט ווי איינער וואס האלט ביים שטארבען.

ער האט לאנג אזוי געקענט ליגען. ערשט ער האט דערפיהלט עמי־צענס אטעם אויף זיין שטערן. ער האט אויפגעעפענט די אויגען:

די נאכט האט זיך איהם פארגעשטעלט צוויי מאל אזוי פינסטער ווי זי איז. דערנאך האט ער באמערקט א שווארצען שאטען. ווערכער האט נאהענט ביי זיין קערפער זיך אפגעשפיגעלט אנטקעגען דעם ניט־זיכער פליסענדען שיין פון פענסטער. א דערשראקענער האט ער גענומען טאפען מיט די הענט ארום זיך און האט אנגעטאפט שארשקענדיגע האר.

— זשאנעטע! — האט ער טומפ ארויסגעפליסטערט.

זי איז געשטאנען אויף די קני לעבען איהם. ער האט געגלויבט, אז ער זעהט איהרע אויגען פלאמענדיג; עס איז ארום איהם געווארען א היץ. וועלכע האט געשיינט צו קומען פון אט די אויגען. זיין קער־פער איז פארגליווערט געווארען און זיינע חושים האבען זיך געבאדען אין אן אויפרעגונג, וועלכע האט צונױפגעשנורעוועט זיין ברוסט ווי מיט א שטריק.

— זשאנעטע! — האט ער ווידער געפליסטערט.

זשאנעטע האט אנגעצונדען א ליכט און אוועקגעלייגט א גרויסען בליט־רויטען אראנזש לעבען דעם לייכטער. איהר פנים איז געווען בלייכער ווי אלעמאל. אבער אנגעפילט מיט א ציטערדיגען לעבען. זי איז געשטאנען ביי דער וואנט, וועלכע איז געווען מיט פורפור־קאלירטען טוך פארהאנגען, און דאס ים־גרינע קלייד, וואס זי האט געטראגען האט ווי שטראלען געווארפען קעגען דער דאזיגער טונקעלער פארב. איהר האלז, אנטבלויזט, א שטיקעלע. האט געלויכטען אין די ראמען פון די האר, און איהר ברוסט האט זיך געהויבען שווער. אזוי ווי א ווארימע כוואליע האט א שלאג געטאן פון איהר צו אגאטאנ׳ען. ער איז געזעסען און האט פון איהר די אויגען ניט אראפגענומען, און ער האט געגלויבט, אז ער הערט א שטימע, וועלכע רופט צו איהם: וואו ביסטו, אגאטאן?

זשאנעטע האט א שמייכעל געטאן און איז צוגעגאנגען צום טיש. ער האט זיך אוועקגעזעצט לעבען איהר. אזוי נאהענט, אז זייערע ביי־דענס קערפערס האבען זיך אנגערירט, און אגאטאן איז אינגאנצען אנ־געפילט געווארען מיט׳ן באוואוסטזיין פון דער דאזיגער וואונדערבארער און, ווי איהם האט זיך אויסגעדוכט, אומפארדינטער נאהענטקייט; די וועלט האט זיך פון איהם פלוצלונג אפגערוקט אהן א שיעור ווייט, איז אין אן אפגרונט פארזונקען געווארען. זשאנעטע האט אפגעשיילט און צעשניטען דעם אראנזש, און אגאטאן האט איבערגעלעבט יעטווידע בא־

ווענונג איהרע, יא, עס האט זיך איהם אויסגעדרוכט, ווי ער אליין וואלט די פרוכט געשניטען. דאן האט זי איהם געגעבען א שטיקעל, און ער האט געגעסען. ער האט ניט געפיהלט די זיסקייט פון דער פרוכט, ער האט קוים געפיהלט, וואס ער עסט. זיי האבען זיך באשעפטיגט מיט שפריצען דאס עטערישע עהל פון דער זאפטיגער שאלאכץ אויפ'ן פלאם; עס האט געקנאלט און געצישעט, אוןביידע האבען געשמיי־כעלט. אגאטאן אבער האט געשמייכעלט ווי פון עפעס ווייטעס, אין אן אנדער לעבען איבערגעלעבטעס; זשאנעטע האט געשמייכעלט, און ער האט מיטגעשמייכעלט, פיליכט פאר מורא, טאמער הערט זי אויף צו שמייכלען. פלוצלונג האט זשאנעטע זיך האלב א דרעה געטאן צו איהם; איהר געזיכט איז כמעט ווי פארשטיינערט געווארען, איהר בליק אומבארימהערציג ווילד, וועלענדיג אלעס איינשלינגען, און ער האט געזעהן, ווי איהרע ציינער שעמערירען. זי איז אויפגעשטאנען.

דאס ליכט האט זיך אויסגעלאשען. אגאטאן האט דערפיהלט, צוויי ארימס האבען איהם ארומגעכאפט און אויף זיין האלז די קאל־טע, פייכטע בעריהרונג פון א מויל. אלע זיינע חושים האבען איהם וועה געטאן, גלויבענדיג, אז דאס איז שוין זיין סוף, און ער האט שיעור די נאכט ניט פארשאלטען. וואס ער האט דערנאך געפיהלט, איז דאס געווען א זיך־אויסברייטענדיגע אנגסט, דאס געפיהל, ווי דאס צימער וואלט ליידיג געווארען פון לופט, און ענדליך א פארצווייפעל־טער, ברענענדיגער באגעהר.

— וואס ציטערסטו אזוי? — האט זשאנעטע שטיל געפרעגט.

איהרע קליידער האבען דאן ווידער א שארך געטאן; איהרע האר זיינען ארונטערגעפאלען און האבען איינגעוויקעלט זיינע הענט. ער איז געלעגען מיט אפענע אויגען, וועלכע זיינען אזוי ווי בלינד גע־ווארען, און ער האט געפיהלט די ווארימע הויט פון איהר קערפער, און איהם האט אויפגעשוידערט ביז צום אינוועניגסטען מארך פון זיינע ביינער. זי האט איהם געקושט; ער האט געטראכט, אז בעסער וואלט געווען, זי זאל איהם ניט קושען, ווארים ער האט געגלויבט, אז ער ווערט דערטרונקען אין א קאכיגען שוים. זיין גאנצער לייב איז געווען איין צוקענדיגער שמערץ, וואס בארוישט אלעס אהן א שיעור. דאן איז ער פארזונקען געווארען אין א באוואוסטלאזיגקייט — פון א מורא'דיגער הויכקייט אלץ טיפער און טיפער.

דאס פון אנפאנג בלענדענדיגע ליכט איז פארשוואונדען געווארען,

און פלוצלונג איז ער ווי א צעשמעטערטער אנידערגעפאלען אויף שטיי־נער און איז געבליבען ליגען, פול מיט א גרענעצלאזען, ביז אהער נאך ניט באגריפענעם, קיינמאל זיך ניט פארגעשטעלטען צער.

ער האט ניט געפיהלט, ווי ער האט זיך אויפגעהויבען, ווי ער האט זיך אנגעטאן, ווי ער האט דאס צימער פארלאזען, ווי ער איז שוין געשטאנען אין גאס, וועלכע האט זיך ברייט צעלייגט אין א לאנג־זאם אויפוועקענדיגען מארגען־נעבעל. ער האט דערזעהן פאר זיך א גארטען און ער האט געזעהן דער טויער איז אפען. ער האט זיך אויסגעצויגען אויפ'ן סאקעל פון א ברונים, וועלכער איז נאך געוועזן אויס־געבעט מיט שטרוי; ער האט זיך אויסגעצויגען און האט אוועק־געלעגט דעם קאפ אויף די הענט און געוויינט ביטער וויינען. די טרערען האבען זיך ניט געגאסען שווער, לייכט האבען זיי זיך געגאסען.

ווען ער האט אויפגעהויבען די אויגען, האט זיך שוין די זון בא־פרייט פון די גליהענדיגע נעבלען, פון די ארימס פון די ריזענהאפטע וואלקענס. א האהן האט א קרעה געטאן. אין דער לופט איז געוועזן א קרעפטיגע פרישקייט. די נעבלען פון דער פארגאנגענער נאכט האבען דעם קארניוואל מיטגענומען. עס איז געוועזן דער מיטוואך פון דער ערשטער גרויסער פאסט־וואך ביי קאטוילען, און די זון האט בא־גולדט מאנכע גארדעראב־שמאטעס אין די מיסט.

זשאנעטע איז נאך געלעגען. ווי ער האט זי געלאזען. זי איז גע־שלאפען. איהר געזיכט האט געהאט אין זיך עטוואס אייזיגעס און טויטעס, פונקט ווי דאס לעבען וואלט זיך שוין מעהר ניט קענען צוריק־קערען אין די געזיכטסציגען. אויף די געשלאסענע אויגען־דעקלאך איז געוועזן אויסגעגאסען א מידיגקייט, וועלכע איז געבארען געווארען און אוסגעהארעוועט געווארען ביי די פולע טישען פון לעבען. די זעהר און זעהר צופודעלטע און געקרויזטע האר האבען געוויזען אויף א ליי־דענשאפטליכער גוטמוטיגקייט. דורך די שפאלטען פון די גארדינען איז געפאלען א שמאלער זונען־שטרייף אויף איהר שניי־ווייסער ברוסט.

ווען זיי האבעןביידע צוזאמען געפריהשטיקט, האט זשאנעטע אויף איהם שארף א קוק געטאן און געזאגט:

— איצטער זעהסטו שוין, אז די וועלט באשטעהט פון שמוץ.

אגאטאן האט געשוויגען.

— דו זעהסט, וואס איך בין, — האט זי ווייטער גערעדט. — און

דו קומסט נאך און פארלאנגסט נאך, אז מיר זאלען מעהר קיין אמונה ניט האבען. דאס איז א הוין אלע זאכען אונזער קראנקהייט. יא, יא, רעד ניט! איך ווייס שוין, וואס דו ווערסט זאגען, ווייל מיר זיינען שוואך, מוזען מיר שטארקער ווערען א. אז. וו. אבער איצט איז דאך שוין דיין וואנט געפאלען, אגאטאן, און דו האסט זיך גארניט פארגע־שטעלט, וואס פאר א שמוציגע זאך זי פארשטעלט.

— איז דאס אפשר ניט דערפאר שמוציג, ווייל מיר ווילען דאס זאל זיין אזוי? ווייל דו ווילסט דאס? — האט אגאטאן געפרעגט. — אדער דערפאר, ווייל קריסטוס האט דאס געוואלט? ווייל מיר שעמען זיך מיט דער הנאה וואס מיר האבען? איז דאס ניט אזוי, זשאנעטע? ליעגט דען ניט אין דער פאראייניגונג פון מאן און ווייב אומשטערב־ליכקייט און אומפארגענגליכקייט? און נאר דעריין? צו וואס גע־טער? איין גאט איז שוין אויך געצענדינסט. פארוואס זאל דאס זיין שמוץ, וואס עס קאן אזוי ערהאבען זיין? דו דארפסט ניט לאכען!

— ווירקליך? איז דאס מעגליך? ניין, עס קאן ניט זיין! קאן דאס אזוי ערהאבען זיין? אויסגעצייכענט! איהר, מענער, זייט אומפארבעסערליכע שכורים.

— וואס רעדסטו דאס, זשאנעטע?

זי האט גערעדט וויטער, שטאר קוקענדיג פאר זיך:

— אויך דו, אויך דו, אגאטאן, האסט געמוזט פאלען. איך וואלט דאס קיינמאל ניט געגלויבט. עס איז מיר גאנץ קלאר, צו וואס עס טרייבט דיך, קלארער ווי דיר אליין. דו ווילסט די סענסואליטעט צוריק ארויפזעצען אויפ'ן טראן, וועלכען זי האט שוין פון צוויי טויזענט יאהר פארלאזען. דאס ליעגט אין דיר, רעדט פון דיינע ווערטער ארויס, שטראלט פון דיינע אויגען ארויס. יא, דו ווערסט זיך זיכער פון זינען ריהרען, אדער דו מוזט נייע מענשען באשאפען. דאס איז אלץ אומ־אנשטענדיג, וואס דו ווילסט. פארשטעהסטו? אומאנשטענדיג! דאס איז דאס ווארט, וואס וועט דיך דערשטיקען. ווען דו שאפסט דאס אפ פון דער וועלט, דעמאלט גלויב איך אין דיר. איז דאס ניט אומאנ־שטענדיג, ווען מיר טוען פון זיך אויס די קליידער און מיר זעהען איינע די אנדערע? איז דאס ניט אומאנשטענדיג, אגאטאן, צו געהן געקליידט און צו טראכטען פון ליעבע? אך, נאר די קליידער זיינען שולדיג אין דעם, וואס מיר ליעבען אזוי קראנק. און דאן גיב נאר א טראכט: א רעליגיע, וועלכע דערשטיקט ניט די סענסואליטעט, שליידערט די קעניגען פון

טראַן. גאָט, איך בין אַזוי קלוג! איך פרעה זיך אַזוי, וואָס איך בין קלוג! טפו, איך קען ניט מעהר לעבען!

אַ צייט לאַנג האָט זי געשוויגען, דערנאָך האָט זי זיך אַזוי האַסטיג אויפגעשטעלט, אַז דער שטול איז הינטער איהר צוריקגעפאַלען אויפ'ן טעפּיך.

— איצט זאָלסטו אַלעס וויסען. זאָל כאָטש אַ י י ן מענש, ווע־ניגסטענס, וויסען, וואָס איך לייד. דער קעניג רופט מיך ניט, נאָר איך האָב אַלעס געמאַכט אַזוי, אַז איך זאָל קענען קומען פאַר איהם. איך האָב זיך ניט אָפּגעשראָקען פאַר קיין הינטער־וועגען, פאַר ביטערע שטיק. ער מוז זיין מיין לעצטע רפואה. פילייכט וועל איך דאָרטען געפינען אַ היילונג. פון איהם געהט אַרוים, אַזוי ווי אַ שטורעם, אַ שטאָלצקייט און אַ גרויסקייט איבער'ן גאַנצען לאַנד. דען זעהסטו, איך לאַנגווייליג זיך. איך לאַנגווייליג זיך זינט איך בין אויף דער וועלט געקומען. איך לאַנגווייליג זיך ביי פּוץ און שמוק און ביים שעהנסטען זונען־אויפגאַנג און ביים שעהנסטען בילד. פאַרשטעה מיך גוט, עס איז מעהר ווי די לאַנגווייליגקייט, פון וועלכער די פּוסט־און־פּאַסנע פרויען ווערען אומ־טריי צו זייערע מענער, דומקעפּ ווערען פאַרברעכער — די לאַנגווייליג־קייט, פון וועלכער אַ העלפט פון אַלע איבלען קומט אויף דער וועלט. ניין, איך האָב נאָך קיין איינציגען מ ע נ ש ע ן ניט געטראָפען. איך בין געוועזען אין פּאַריז, ביים האַרץ פון דער ערד געלעגען און האָב געציטערט צוזאַמען מיט'ן פּולס־קלאַפּען פון דער נאַכט, איך האָב דעם פאַרנעמסטען המון משוגע געמאַכט מיט מיין טאַנצען, איך האָב יובלענדיג געשיקט צום שוואַרץ־יאָהר די גאַנצע יוגענד, — ניין, איך אַליין האָב זיך נעלאַנגווייליגט. איך האָב זיך געקייקעלט אין די בע־טען, די קישענס צעגאָגט און איטליכען טאָג פאַרשאָלטען. איך האָב געבעטען אויף מלחמה, און אַ גרוילהאַפטען קאַנאָנען־מאָרדעל קאָנ־סטרואירט. איך בין אין די בערג געגאַנגען, און איינזאַם געבליבען. איך האָב די באַריהמטע מענער אויפגעזוכט, און געפונען זיי אַזוי פּוסט, אַז מיר האָט זיך געוואָלט אין אָרים זיי אַ שמשיפּעל טאָן, זיי זאָלען ווענינסטענס קענען כאָטש איינמאָל אַ געשריי טאָן. אַלץ איז געוועזען אומזיסט. און וואָס ווילסט ד ו דאָ, אָרימער אַגאַטאָן? געה אַוועק פון דאַנען. איך פּאַק אויף היינט איין מיין פּעקעל און איך פאָהר אַוועק. געה, אָבער זיי פאָרזיכטיג, וואָרים דו ביסט דאָך אַ גע־פעהרליכער מענש!

זי איז צוגעגאַנגען צום פענצטער, האָט עס האַסטיג אויפגעעפענט און האָט געזויגען די לופט אין זיך מיט אויפגעבלאָזענע נאָזפליגלען. ווען אַגאַטאָן איז ניט אַוועק, האָט זי אַ קלאַפּ געטאָן מיט׳ן פוס און אַ קריץ געטאָן מיט די ציין, ווי אַ בייזער הונט.

עס האָט זיך דערהערט אַ שטילער געמורמעל, וועלכער איז אָבער געוואָרען באַלד העכער און שאַרפער. אַ לאַנגע פּראָצעסיע פון קינדער האָט זיך געצויגען איבער דער גאַס. די וואָס זיינען צום ערשטען געגאַנגען האָבען תּפילות געזאָגט, און פון דעם איז דאָס אַרויסגעקומען דאָס זילבערהאַפטע, מאָנאָטאָנע מורמלען. די לעצטע מחנה האָט געזונגען. אַלע פּנים׳ער האָבען געהאַט אַזאַ מאָדנע גלייכגילטיגקייט. אַזאַ דומע און געמוטשעטע פייערליכקייט, אַז עס איז אויסגעקומען אי לעבערליך אי שרעקליך. גאָר פון הינטען זיינען געגאַנגען זעקס מיניסטראַנטען אין ווייסע קליידער; צוויי האָבען געטראָגען אַ גרויסען, שוואַרצען צלם. זשאַנעטע האָט געקוקט אויף איהם און איהר בליק איז געווען אינגאַנצען באַצויבערט. זי האָט אַ שוידער געטאָן.

אַגאַטאָן האָט זיך אָפּגערוקט פון איהר און איז אַוועק. ביי איהם איז אויסגעקומען, ווי ער וואָלט פאַרלאָזען אַ טויטע, וועמעס נשמה מען האָט שוין דאָ אינדרויסען צום קבר באַגלייט.

אויפ׳ן גאַס איז ער נאָכגעגאַנגען די לויה, נאָהענט פון דעם וואָגען, וועלכער האָט געפיהרט די טרונע — אַ קליינע, שמאָלע, קינדערישע טרונע, וועלכע איז געווען ניט שוואַרץ און ניט קיין אַנדער קאָליר, כאָטש זי האָט אפשר יאָ געדאַרפט זיין שוואַרץ. עס איז געווען אַ בלאַס און קלאָגעדיג הייזעל, און איבער דעם איז דער טויט מיט אַ קראַנץ געזעסען און האָט געזונגען אין כאָר. אַגאַטאָן האָט אַ קלער געטאָן, אויב ער זאָל ניט פרעגען ביים טויט וועגען דער צוקונפט, וואָרים דאָס לעבען איז געווען אַזוי שווייגעדיג!

## זעכצעהנטער קאַפּיטעל.

נאָך דעם אומגעריכטען ערפאָלג פון זיין בוך האָט סטעפאַן גוד־שטיקער זיך געאיילט צו דינגען אַ דירה אין דעם פאָרנעהמען בעל־עטאַזש פון אַ פאָרנעהמען הויז. זיין שטאָלצע מוטער האָט זיך אַנט־זאָגט צו וואוינען ביי איהם, און זי האָט געלאַכט, ווען ער האָט איהר אָנגעבאָטען געלט. ער האָט ארויסגעוויזען אַ מאָדנעם סאָרט חסר צו זיינע באַקאַנטע, אַ חסר, וואָס איז באַשטאַנען דעריין, אריינצולעגען זיי רק אין די בריפקעסטלאַך וויזיט־קאַרטען, געדרוקט מיט זיין באַריהמ־טען נאָמען. ער האָט זיך געלאָזט לענגער אַ ביסעל וואַקסען די האָר, די באָרד עטוואָס אימפּאָזאַנטער ארומצושערען, האָט זיך געקויפט אַ בריליאַנטענעם רינג, וועלכער האָט בעת'ן שרייבען געוואָרפען פון זיך פייערווערק מיט שטראַלען. ער האָט זיך געלאָזט פאָטאָגראַפירען, און טאַקע אין אַ שוואַרצען סורדוט, מיט אַ קראַוואַט פון דורכזיכטיגען ריפּס, דעם צילינדער־הוט אין דער האַנט, מיט אַ פעסט פאָרווערטס געריכטעטען, כלומר'שט אומפּאַרטייאישען בליק און מיט אַן עטוואָס רחמנות'דיגען אויסדרוק אויף די ליפּען. נאָך אַזעלכע פאָרבאַרייטונ־גען האָט ער באַשלאָסען, אָפּצושטאַטען אַ וויזיט צו זיינע קאָלעגען אין דער הויפּט־שטאָט, און ער האָט פאַר זיינע פאַרטרויטע פריינד גערעדט, קניטשענדיג דעם שטערן, וועגען די הינטער־דריידלאַך, וואָס ער וועט מוזען אָנווענדען, אום אויסצומיידען געוויסע פאַראַדעס, וואָס מען וועט פאַר איהם וועלען מאַכען. איהם איז דאָס זעהר שווער צו טאָן, אָבער ער מוז דאָס טאָן, ווייל ער האָט בטבע ליעב צו זיין איינזאַם.

קאַסטענס און קופערטס זיינען געווען פאַרפּאַקט. די פענסטער זיינען געווען אָפען און אַ געווירציגער שטראָם פון ערב־פריהלינג־לופט האָט אריינגעשטראָמט. גודשטיקער איז געווען באַשעפטיגט מיט אי־בערקוקען די ביכער, וואָס ער וועט נעמען מיט זיך אויפ'ן וועג, ערשט די טיר האָט זיך געעפענט, און מאַניקאַ אליפאַט איז אריינגעקומען.

זי האָט געעפּענט די טיר נאָר אַ ביסעלע און האָט זיך שרעקעדיג אַריינ־געוקט דורכ'ן שפּאַלט. איהר קאָפּ איז געווען איינגעדעקט אין אַ גרויסען שאַל. גודשטיקער איז געווען אַזוי איבערראַשט, אַז ביי איהם איז דער ברענענדיגער ציגאַר פון האַנט אַרויסגעפאַלען. אָבער דאָס האָט מעהר ניט געדויערט ווי איין רגע; דאַן איז ער אינגאַנצען גע־קומען צו זיך, יאָ, ער האָט זיך אפילו אַזוי ווי דערפרייט מיט איהר קומען. ער איז צוגעגאַנגען און האָט איהר דערלאַנגט די האַנט.

מאַניקאַ האָט גאָרניט געזעהן, אַז ער האָט איהר געגעבען די האַנט. זי האָט זיך אַנידערגעזעצט, אָדער גיכער, זי איז אַנידערגע־פאַלען אויף איינעם פון די אַרומשטעהענדיגע קופערטס, האָט אומזי־כער אַ ווארף געטאָן איהר בליק אַרום און אַרום און אַרויסגעמור־מעלט:

— דו פאַהרסט אַוועק, סטעפּאַן?

— נאַטירליך, נאַרעלע, איך מוז דאָך! — האָט גודשטיקער גע־ענטפערט. — באַגרייפסטו דען ניט, אַז איך מוז? דעם פינפטען פיהרט מען אויף מיין שטיק, און היינט... נו, געווים, נאָך דריי טעג.

— אַלזאָ, דו פאָרסט אַוועק, — האָט מאַניקאַ מעכאַניש ווידער־האָלט, — דו פאַהרסט אַוועק...

זי האָט געוואָלט די האַנט אויפהויבען צום שטערן, האָט אָבער זי אַרונטערגעלאָזען צוריק אין שוים. ביידע הענט זיינען אַזוי געלע־גען, שווער, צוגעדריקט איינע צו דער אַנדערער.

גודשטיקער האָט אַ שנעלען שמייכעל געגעבען אונטער זיינע שוואַרצע, קאַקעטישע וואָנצען. דאַן האָט ער איהר האַנט גענומען און געזאָגט:

— ליעבעס קינד! די פליכט רופט. מען קען דאָ גאָרנישט ניט טאָן. אָבער ווער זאָגט דען, אַז איך וועל ניט קומען צוריק, צוריק צו דיר קומען? ווער דערוועגט זיך דאָס צו זאָגען אַזוי? זעה נאָר אַליין: אָנגענומען, אַז מיר וועלען זיך מעהר ניט קענען ווידער טרע־פען, אפילו, זאָג איך, מיר זאָלען אָננעמען דעם דאָזיגען פאַל, בלייבט אונז דען ניט איבער די טייערע עראינערונג, דיר און מיר? פלאַמען פון דער פאַרגאַנגענהייט וואַרימען אפילו די צוקונפט, זאָגט ערגיץ־וואו אַ גרויסער דיכטער. דו וועסט דאָס פאַרשטעהן, וואָרים דו ביסט דאָך קליגער ווי אַנדערע ווייבער. איז עס דען אַ גרוים אומגליק, צו האָבען איינמאָל געטרונקען פון דעם פולען בעכער פון לעבען? די

הויפט־זאך איז, אז מען איז זאט. פארשטעהסטו? איך באהאנדעל אזא טעמע אין מיין נייער ארבייט. עס איז אויסערגעוויינליך אינ־טערעסאנט. זיי וועלען גיפט און גאל שפריצען, די הערערן קריטיקער. אבער דאס פארשאפט פארגעניגען. איך האב דעם פלאן דערציילט מיין מוטער; זי מיינט זאגאר, אז דאס האט א גאנץ פילאזאפישע פארבונג. זי האט איהר אייגענע מיינונג אין אלערליי זאכען, ווייסטו? מיין גאט, וואס זי האט אבער דורכגעמאכט! אונטער אזעלכע אומ־שטענדען קאן מען לייכט ווערען פילאזאפיש געשטימט. נאך מיין פאטער'ס טויט איז איהר פארדאמט שלעכט געגאנגען. אזוי שלעכט, אז זי האט געמוזט איהר חופה־קלייד, אייגענטליך, דאס טייערסטע וואס זי האט פארמאגט, אוועקטראגען פאר'משכונ'ען. און עד היום האט זי דאס ניט געקענט אויסלייזען. ניט קוקענדיג אויף דאס אלעס, האט זי בשום אופן ניט געוואלט שיידען זיך מיט איהר הונט. א שטע־כיגער שטאף, איא? א באלזאק אפילו קען זיך אויף דעם די ציינער אויסעסען. אין דער לעצטער צייט האט זי גענומען אונטערקרענקען צו־ביסלאך. קענסט אמאל אריינגעהן אהין. אבער רעג זיך ניט אויף! נאר קיין סצענעס מאך ניט, מיין ליעב קינד, נאר קיין סצענעס ניט, און קודם כל קיין דומהייטען ניט. נאך עפעס: דו זאלסט מיר נעמען א רעכטע הייבאם, און ווען מעגליך, א געשיקטען דאקטאר נאך רערצו. דיין מוטער האט דאך קיין באגריף אפילו ניט אין אזעלכע זא־כען, ta chere mama העהע! איך מוז דיר זאגען, אז איך בין העכסט צופרידען. עס איז אייגענטליך א געפיהל, וואס דערהויבט דעם מענשען... ווי? וואס זאגסטו?

מאניקא האט זיך אויפגעהויבען און שטאר ארויסגעקוקט צום הימעל, אויף א לאנגער ליניע רויזען־רויטע וואלקענדלאך.

— נו, יא, — האט זי מיט א פארקלעמטע הארץ ארויסגערעדט.

דאס איז געווען אלץ, וואס זי האט געזאגט. איהרעביידע, אמאל אזעלכע פרייליכע, אמאל אזעלכע פרישע אויגען, האבען פאר־רעטעריש געגלאנצט, און ווען זי האט מיט א קורצען נייג זיך געלאזט געהן, האבען טרער נאך טרער געפערלט זיך פון איהרע אויגען, ניט קענענדיג דאס איינהאלטען. אויף די טרעפ האט זי זיך אנגעשפארט אן א פארענטש און צוגעהאלטען איהר שטערען מיט ביידע הענט.

עס ווייזט זיך ארוים, אז צוויי הונדערט יאהר פארענדערן ניט דאס געמיט פון דעם מענשען, אז דאס איז נאר אן אומאבדייטענדע פאזע

אין דעם פּראָצעס פון אומוואַנדלונגען. עס שיינט, אַזוי ווי כאַראַק־טאַרען אָדער נשמות וואָלטען צוריק ערוואַכט צום לעבען אין הונדער־טער יאָהרען אַרום אין אַ נייער קייט פון ערשיינונגען און געשעהעני־שען. עס איז דערביי קיין אונטערשייד ניט, צי דער ראַזינגער תחית המתים אויפגעשטאַנענער הייסט טאָמאַס פּעטער הומעל אָדער סטע־פאַן גודשטיקער.

גודשטיקער איז געשטאַנען ביים פענסטער, האָט אויסגעפּייפט אַן אַריע און אין דער זעלבער צייט באַטראַכט די ראַזינגע וואָלקען־קייט. אין די פּויזען פון זיין קונסט־אויסאיבונג האָט ער אַרויסגעמורמעלט:

— יאָ־יאָ, די ווייבער, די ווייבער . . .

ער האָט נאָכדעם אַ טראַכט געטאָן, אַז ער דאַרף זיך געהן זעגע־נען מיט זיין מוטער און ער איז אַרויס פון הויז.

זיין וואוינונג איז געווען ביים ענגעלהאַרדטס־פּאַרק, נאָהענט פון ניבערדינג׳ס וואוינונג, און ווען ער איז געקומען אין שטאָט, איז שוין געווען טונקעל. ער איז פאַרביי־געגאַנגען דער רעדאַקציע פון „טאָג־בלאַט“. ערשט ער האָט געהערט אַ שטאַרקען ליאַרם. זיין צו יעט־ווידער צייט וואַכעדיגע און פלייסיגע נייגעריגקייט האָט איהם געהייסען זיך אָפּשטעלען און צוהערען זיך. ער האָט געהערט אַ קריגעריי, וואָס איז וואָס אַמאָל אַלץ שטאַרקער געוואָרען, אַ רעווען, אַ שימפּען און פלוכען. אינצווישען האָט זיך דערהערט אַ קלאָגעדיגע אָדער מאָה־נענדיגע שטימע, און ענדליך האָט זיך דערהערט, ווי עמיצער האָט אַ האַק געטאָן מיט אַ טיר מיט דער גאַנצער קראַפט; דאַן איז געוואָ־רען שטיל. גודשטיקער האָט געוואָלט געהן ווייטער זיין וועג, ערשט אונטערן טויער פונ׳ם הויז האָט זיך באַוויזען די געשטאַלט פון אַן אַלטען מאַן. גודשטיקער האָט דערקענט באַלדעווין עסטריך, און ער האָט אַ לאַך געטאָן. אייגענטליך איז איהם קוים קלאָר געווען, פאַר־וואָס ער האָט געלאַכט, ווארים דער אַלטער האָט גאַנץ יאָמערליך אויס־געזעהן מיט די צאָהלרייכע, האַלב־פאַרהיילטע שניטען אויפ׳ן פּנים, האַלז און הענט; אָבער דאָס האָט איהם ניט אָפּגעהאַלטען. ער האָט זיך דערביי רעזאָנירט: גאָלד מאַכען אַליין וואָלט נאָך ניט געווען אַזוי שלעכט, דאָס טוען מיר דאָך אַלע, יעדערער אויף זיין אופן; אָבער ווען מען הייסט נאָך באַלדעווין!

עסטריך איז דערוויייל צו איהם צוגעגאַנגען און האָט איהם דער־קענט, כאָטש ער האָט איהם איינגאַנצען איינמאָל נאָר געזעהן אין צי־

רענדארף, כאטש עס איז געווען טונקעל און כאטש ער האט אויסגעזעהן אויפגערעגט פון דעם קריג, וואס ער האט געהאט.

— וואס האט איהר געטאן איינוועניג? — האט גודשטיקער לוס־טיג א פרעג געטאן, כאטש איהם האט זיך אויסגערוכט, אז דער טאן זיינער איז זעהר מענשען־פריינדליך. ער האט א טראכט געטאן, ער וועט דא מאכען א זעלען־אנאליז פון דעם דאזיגען „אריגינאל".

דער אלטער איז געבליבען שטעהן און ער האט זיך אומזיכער ארומ־געקוקט.

— וואו קען מען דא טרינקען? — האט ער געמורמעלט, — איך בין דארשטיג.

גודשטיקער האט איהם אריינגעפיהרט אין א שענק דערביי, וואו אלס איינציגער גאסט איז געזעסען א אידישער הויזירער, באשעפטיגט מיט זיין טאג־באלאנס, און א גלאז צוקער־וואסער איז פאר איהם גע־שטאנען.

באלדעווין עסטריך האט באשטעלט א שנאפס. גודשטיקער וועל־כער האט זיך נאך אלץ געפיהלט ווי א מענש איבער א קאמישער סי־טואציע, האט מיט הנאה א שמייכעל געטאן צום טיש און דאן צו זיינע שוין עטוואס בעסער ארומגעפוצטע פינגער־נעגעל.

אין שענק האט זיך געריכערט נאר איין־איינציגער לאמפ. די פענסטער זיינען געווען פארהאקט, און זיי האבען אויסגעזעהן אזוי צו זיין פאר צעהנדלינגער יאהרען; די לופט האט אויף דעם עדות געזאגט. אויף דרויסען איז נאך ניט געווען פינסטער; די טיפקייט פונ'ם הימעל איז געווען נאך געל. עסטריך האט געקוקט אין זיין גלאז און גערעדט:

— יונגערמאן, איך בין שוין פארטיג מיט מיינע חשבונות. איך בין אויסגעפאמפעט אינגאנצען, פוסט, פוסט ווי א פאס. איך האב געלעבט. נו, געווים. אבער פונוואסטוועגען? כדי צו באקומען פון יעדערען א זעץ מיט'ן פוס? נו, איצט איז געקומען מיין צייט צו געבען א שטורך מיט'ן פוס. אלזא, פאסט אויף! דא זיינען שוועבעלאך: צוואנציג טויזענט גולדען, אכציג טויזענט מארק, זעקס־און־דרייסיג טויזענט מארק, פינף טויזענט מארק, און דערביי א קליינע לאך, און דערביי א קליינער מאן און דערביי א קליין שנאפס־גלאז... היהיהיהי! איצטער קומען מיינע שטורכעס, מיין קאץ ירשנ'ט מיין הויז, פונקטום. מיין קאץ ירשנ'ט מיין גאלד, יא. און ווען איך זאל אפילו ניט האבען פאר זיך קיין נא־

טאריוכ און קיין ציימונג. פיהר איך דאס אויך דורך. קיין מענש זאל ניט אריבער מיין שוועל, כל־זמן עס איז נאך א שוועל, כל־זמן מיין הויז בלייבט א הויז. איצט קומען מיינע שטורכעס, איהר קינדער פון שטן, איהר וואנצען־שפייז, איהר קריסטען און אידען! הע, דו! הע, איך!

דער הויזירער האט אויפגעהויבען דעם קאפ. ווען ער האט באַמערקט דאס פינקעלדיגע מעטאל אין עסטריכ'ס האנט, איז ער צונעקומען נעהענטער. ער איז צוגעגאנגען צום טיש, און זיינע אויגען זיינען איהם שיער ניט ארויסגעפאלען.

— גאט דער גערעכטער! — האט ער אויסגעשריען, — וואס האט איהר דאס אין דער האנט? דאס וועט דאך אסור ניט זיין קיין גאלד? איז דאס? איז דאס ווארהאפטיג? איהר ווילט אז ארימען אידען מאכען פאר א שוטה? יא, עס איז גאלד! שמע ישראל! עס איז! גאט, וואס פאר א שעהנער גלאנץ! גאט, וואס פאר שעהן גאלד! חוצפה־פנים, וואס האסטו צו נארען אז ארימען אידען? גאט, וואס פאר שעהן, וואס פאר א פיין גאלד!

גודשטיקער האט מעהר קיין חשק ניט געהאט צו לאכען. אין גענענטייל. מורא און שאנדע האבען זיך אויסגעגאסען אויף זיין פנים. צום ערשטען מאל, פיליכט פון זיין קינדהייט אן, האט ער פארגעסען זיין ראליע אלס רעדנער. פיליכט צום ערשטען מאל איז ער אויפגעטרייסעלט געווארען דורך א בילד פון דער גרויסארטיגער און באַיאמערונגס־ווערטער לעבענס־שלאכט. דער הויזירער איז דא געשטאַנען מיט עטוואס פאראויסגעשטרעקטע הענט, און א פארשלינגענדיגע זשעדנעקייט האט געברענט אויף זיין פנים און געגראבען נייע קנייטשען: זיינע גלידער האבען געציטערט, זיין קאפ האט מיט א שטילער באוועגונג מעכאניש געשאקעלט זיך אהין און אהער, זיינע פינגער האַבען וואס אמאל זיך מעהר איינגעשטשעמעט אין די דאלאניעס און זיינע פייכטע ליפען האבען עפעס געשעפטשעט. באלדעווין עסטריך האט אויסגעזעהן, ווי ער וואלט זיך ניט קענען אנזעטיגען מיט דעם דאזיגען בילד. ער האט געגלעט דאס מעטאל, און האלב שפאסענדיג און האלב שמייכלענדיג האט ער אויסגעזונגען א קאדעניץ. דאן האט ער איינגאנצען אנגענומען א פינסטערען און פיינדליכען אויסדרוק. ער האט אויסגעשפיגען, האט א שליידער געטאן זיין גלאז אז דר'ערד, אזש עס איז צעשמעטערט געווארען, האט א ווארף געטאן געלט אויפ'ן טיש און האט פארלאזען דאס ציטער מיט קרעפטיגע טריט און אז

אויפגעהויבענעם קאפ, דערביי האבען זיינע לאנגע האר געפלאטערט.

ווען גודשטיקער איז ארונטער די טרעפ, וועלכע פיהרען פון שענק אין גאס אריין, האט ער זיך אנגעשטויסען אן א מענשען, אזוי שטארק, אז דער הוט איז איהם ארונטערגעפלויגען פון קאפ און איז אריינגע־פאלען אין רינע. ווען ער האט זיך ארומגעקוקט, צעקאכט און גרייט צו זידלען זיך, האט ער דערזעהן, אז דאס איז גאר געווען ניבערדינג, מיט וועלכען ער האט די לעצטע צייט זיך נעהענטער באקענט. ניבער־דינג האט אויסגעזעהן צו זיין ניט נאר צעטראגען און צעטומעלט, נאר אויף זיין פנים האבען זיך אויך אפגעשפיגעלט בילדער פון אויפרע־גענדינע דאגות. אויף זיין פנים איז געלעגען יענער שטילער עקעל, אין וועלכען ביי שוואכע נאטורען ווערט אזוי שנעל פארוואנדעלט יעטווידע שלעכטע שטימונג. ער האט זיך גארניט אנטשולדיגט, ווי מען האט געקענט רעכענען, ער האט אפילו דעם שטויס ניט געפיהלט, און אזוי איז ער זיך ווייטער געגאנגען זיין וועג, איילענדיג זיך אהיים.

ער איז געווען אין א פיבערהאפטער אומגעדולד צו דערצעהלען וואס ניבער זיין שוועסטער דאס וואס ער האט געהערט. ער האט אנגעקלאפט אין איהר טיר, אבער זי האט ניט געענטפערט. ער האט א דריק געטאן די קליאמקע, אבער די טיר איז געווען פארשפארט. ער האט שטארקער געקלאפט און איהר נאמען גערופען — אומזיסט! ער איז צוריק אריין אין זאל און איז אומרוהיג אומגעגאנגען הין און צוריק. זיינע מאטע אויגען זיינען געלעגען פיעל טיפער ווי אימער; ביי א לייטגערע באטראכטונג האט מען געקענט באמערקען, אז דער זובענדיגער, קראנקהאפטער גלאנץ אין זיינע אויגען האט זיך איבער־געגעבען אויפ׳ן גאנצען פנים. זיינע הענט האבען אויסגעזעהן ווי זיי פיהרען א לעבען פאר זיך; זיי האבען אויסגעזעהן, ווי זיי קעמפען צווישען זיך, רייבען זיך איינע אן דער צווייטער, און דערנאך בלייבען זיי ווידער הייגגען פאר א לאנגער צייט באוועגונגסלאז און מיד. דער־נאך האט אויסגעזעהן, ווי זיי באגעהרען זיך צונויפלייגען ווי אין גע־בעט, ווי זיי באגעהרען נאך יסורים.

ניבערדינג האט געהערט זעלטזאמע קלאנגען וועגען זשאנעטע׳ן, וועלכע האלט זיך יאקבי אויף אין איינעם פון די קעניגליכע שלעסער. אומעטום אין פאלק האט זיך אין דער שטיל געקאכט איבערן גורל פון דעם קעניג; עס האט זיך געקליבען אן אומרוהיגקייט, וועלכע איז פון טאג צו טאג אלץ גרעסער געווארען. א האס וועלכער האט געהאלטען

אין וואקסען קעגען די מיניסטארען, קעגען דעם הויף, קעגען דער פאַ־מיליע פון די פירסטען, א נייגערינקייט, וואָס איז שיער נים איבערגעגאַנגען אין טאַט. ליים, וועלכע האָבען דעם קעניג נאָר איינמאָל געזעהן, האָבען זיי איהם שוין קיינ־מאָל נים נעקענט פארגעסען. דער איינדרוק פון זיין פערזאָן איז געווען אזוי טיף, אז ווער עס האט איהם געזעהן, האט אליין מיט זיך אוועקגעטראָגען פון איהם אין דער אייגענער נשמה א שטיק חשיבות און ארעלקייט. ער איז געשטאַנען אזוי פיעל מחוץ אל'דאָס געוועהנ־ליכע, מענשליך אלטעגליכע, אז דער היילינער שיין, וועלכער האט זיינע מעשים ארומגערינגעלט, איז געוואָרען אלץ בלענדענדיגער און הינרייסענדיגער.

ווען קארנעלי איז נאָך אלץ נים ארוים, האט ניבערדינג א רוף געטאָן ביידע דינער. זיי האָבען קיין באַשטימטעס נים געוואוסט. ארומגעכאַפּט פון א שמערצליכע אהנונג, האט ניבערדינג דאן א קלאַפּ געטאָן נאָך אמאָל אין טיר, אזוי שטארק ווי ער האט געקענט. דאַן האט ער זיך צוגעהערט, און איהם האט זיך אויסגעדוכט, אז ער פאַר־נעהמט קיין זאַך נים, אויסער א זיפץ, וועלכער איז ארויסגעקומען א פארשטיקטער, ווי פון אונטער א סך טיכער. ער האט דאן מיט דער הילף פון די דינער אויפגעבראָכען די טיר.

ער האט דערזעהן פאר זיך אזא בילד: זיין שוועסטער, דער אוי־בערשטער טייל פון קערפער נאַקעט, איז געלעגען פאַר א גרויסען קרים־טום־בילד, וואָס זי האָט זיך אַפּנים איינגעשאַפּט באַהאַלטענערהייט, ווייל ניבערדינג האט גאַרנים געוואוסט פון זיין עקזיסטענץ. איהר אומגליקליכער קערפּער איז געווען באַדעקט מיט שניטען. זי האָט נים געהאַט קיין פּנים פון קיין מענשען, די ליפּען זיינען געווען צוזאַ־מענגעצויגען אין א שמאַלער ליניע, די ברעמען האָבען אַנגעשטרענגטע זיך געבויגען איבער די אויגען־דעקלאָך. ניבערדינג האט שנעל ארויסגע־שטופּט דעם דינער און זיך געשטעלט אויף די קני לעבען איהר. ער האט זיך אויפגעהויבען און זי אוועקגעלייגט אויפ'ן בעט. אַנשטאַט אבער זי אַפּצומינטערען, האט ער זי שטאַר אַנגעקוקט, און זיין הארץ האט געגומען לאַנגזאַמער קלאַפּען.

— קאַרנעלי! — האט ער איהר א שעפּטשע געטאָן אין אויער.

זי האט אז עפּען געטאָן די אויגען, דאַן האט זי ציטערענדיג ארויס־געצויגען די קאָלדרע ביז צום האַלז.

— וואס האסטו געטאן, קארנעלי? — האט ניבערדינג געפרעגט, און אויף זיין פנים האט מען געקענט באמערקן א מורא. וועלכע איז אלץ גרעסער און גרעסער געווארן.

קארנעלי האט צעמישט זיך אויפגעשטעלט און אנגעכאפט דעם ברודער'ס האנט.

— גענוג מער קיינמאל ניט אוועק! — האט זי געשטאמעלט. — איך קאן מער ניט שווייגען. איך האב דיך געליעבט, איך ליעב דיך, עדווארד, עס איז שרעקליך. קוועטש מיר ניט אזוי די האנט! איך האט דערפאר תשובה געטאן צו יעזוס קריסטוס, ווארים שוין לאנג ווי איך בין מער ניט קיין אידישע. איך דענק פונקט אזוי ווי דו.

— שוועסטער! — האט ניבערדינג אויסגעשריען און זיך אפגערוקט אהינטער.

— פארשטעה מיך גוט, — האט קארנעלי ווייטער גערעדט, וואס אמאל אלץ מער אריינפאלענדיג אין א פיבערהאפטען טאן. — ניט ווי א ברודער האב איך דיך געליעבט. ניין, איך האב דיך אזוי געליעבט, אז פון יענער שטונדע אן האב איך קיין שלאף און קיין רוה מער ניט געהאט.

די מורא אויף ניבערדינג'ס פנים איז כסדר געוואקסען. איינמאל האט ער געכאפט א קוק ארום זיך, גלייך ווי ער וואלט געהאפט דורך עפעס א צווישענפאל צו באפרייען זיך פון דער סיטואציע, וועלכע האט איהם אזוי געמאטערט. גלייך נאכדעם האט זיך ווירקליך באיעזען באוויזען פאר דער שוועל און הינטער איהם אויף א סעקונדע דער ניי־געריגער פנים פון דעם דינער.

באיעזען איז געווען ערשטוינט: דאך האט עס אויסגעזעהן, ווי ער וואלט זיך נאר מיט מיה קענען געפינען אין אט דעם ערשטוינען, פנים אל פנים. מיט א גענענשטאנט, וועלכער האט איהם ביז איצט איננאנצען געפאדערט זיין אויפמערקזאמקייט. זיין קליידונג האט אנ־געוויזען אויף אזעלכע שפורען פון געהיימער און פלייסיג פארבארגענער פארנאכלעסיגונג, אז ווער עס האט איהם פריהער געקענט, האט איצט געפיהלט מיטלייד צו איהם און נאך מעהר ווי דאס. כאטש ניבערדינג האט ערלייכטערט אפגעאטעמט, ווען ער האט באמערקט דעם איינ־דרינגלינג, דאך האט ער זיך צו איהם א קעהר געטאן אומגערולדיג און אומווילליג קנייטשענדיג דעם שטערן.

— איהר ווייסט ניט, וואו אגאטאַ איז? — האָט באַיעזען אָנגע־הויבען אַהן ווייטערדיגע הקדמות, א חוץ, וואָס ער האָט איהם פאַרביי־געהענדיג און בורטשענדיג געגריסט.

ניבערדינג האָט פאַרוואונדערט געענטפערט, אַז ער קען גאָר אפילו ניט דעם אגאַטאַן נייער. ער איז אַלץ מעהר און מעהר פאַרוואונדערט געוואָרען דורך באַיעזען'ס נערוועזע, אזוי ווי קאָנוואולסיווע מאַניערען. ער האָט אַהן א שיעור געפיהרט מיט דער פלאַכער האַנט איבערן שטע־רען און צעמישט געשמייכעלט פאַר זיך.

— איך האָב אייך גאָרניט געפרעגט, צי איהר קענט איהם, — האָט באַיעזען געזאָגט, און האָט תמ'עוואָטע זיך ארומגעקוקט אינ'ם קאָרידאָר, וואוהין ניבערדינג האָט איהם אַריינגעפיהרט.

— אָבער וואָס איז דען? וואָס דאַרפט איהר?

— אַנטשולדיגט מיר, וואָס איך בין געקומען, — האָט באַיעזען געמורמעלט, — אַנטשולדיגט מיר נאָר. נאַטירליך, קענט איהר גאָר־ניט ניט וויסען. אָבער פון היינט אין דערפריה אַן לויף איך אַרום צו כל־המעגליכע לייט דאָ און אין נירענבערג. דערפאַר קום איך אויך צו אייך. קענט איהר די האַנטשריפט?

ער האָט אַרויסגענומען פון בוזים־קעשענע א פאַרמאַכטען בריף און געוויזען ניבערדינג'ען דעם אַדרעס.

ניבערדינג איז בלאַס געוואָרען.

— עס איז זשאַנעטע'ס האַנט.

— זשאַנעטע'ס האַנט, זעהר ריכטיג. — האָט באַיעזען געענטפערט מיט א כיטרען צוק פון די מויל־ווינקלען. — זשאַנעטע'ס האַנט, וועלכע האָט איז מיין הויז־האַלט דאָס גאַנצע געשיר אויף דר'ערד צעוואָרפען, זעהר ריכטיג. איך האָב שוין געגלויבט אָפּצורוהען פון זשאַנעטע'ס האַנט. אָבער דאָס דאַרף אייך דאָך גאָרניט אינטערעסירען. עס איז נאָר א וואונק פאַר מיין ביאָגראַף. ער קען דאָן מיין לעבענסבאַשריי־בונג באַטיטלען: „זשאַנעטע'ס האַנט".

ניבערדינג, וועלכער איז ווי א פייגלינג אָפּגעטראָטען פאַר די האַרצענס־ליידען פון זיין שוועסטער, האָט איצט זיך דאָ דערזעהן שטע־הענדיג פנים אל פנים מיט א נייעם פלאַנטער פון יסורים. אויך איהם האָט אויפגערעגט דער געדאַנק איבער זשאַנעטע'ן, אָבער באַיעזען האָט אויסגעזעהן אזוי צו איבערשטייגען איהם אין ליידענשאַפט, אַז ער

האט מורא געהאט, ער זאל איהם ניט ברענגען צו א גוואלדזאמען אויס־ברוך.

— און וואס וויל זי? פון וואס וועגען שרייבט זי צו דעם ראזינגען אגאטאן? — האט ער ענדליך זיך דערוועגט צו פרעגען.

— אך, פרעגט מיך ניט אזוי קאלטבלוטיג! זי שרייבט צו איהם. פונקטום. איך האב דאס תמיד געוואוסט. זי האט אויך צו מיר געשריי־בען. פארשווערט מיך מיט אלעס וואס הייליג איז, אויב עס קען נאך געבען אזא זאך: יא, אלזא, איך זאל אגאטאנ'ען אויפזוכען און איהם דעם בריף געבען. זי ווייסט קיינעם ניט, צו וועמען אנדערש זי זאל קענען שרייבען. זי בעט מיך, איך זאל זיך ניט אפהאלטען פון קיין שריט, אום איהם צו געפינען. נו, אזוי ווי אבער אגאטאן ווערט אויך געזוכט פון דער פאליציי, איז די זאך גאנץ שווער דא. איהר ווייסט דאך מסתמא, וואס מען דערצעהלט זיך אן פון אט דעם מערקווירדיגען מענשען. דער בריף, וועלכען זי שרייבט מיר, איז אנגעפאטשקעט אויף מאדנעם פאפיר. שווארץ מיט גרינער טינט. דער פאסט־שטעמפעל איז פון ערגעץ א דארף דא אין די בערג. קומט מיט מיר קיין ציי־רענדארף. דאס וויל איך אייך בעטען. איך קאן ניט געהן אליין. עס איז אזא וויסטע שטרעקע. אדער מיר זאלען אפשר א פוהר נעמען. באצאהלען מוזט איהר.

ווי פאר'כישופ'ט האט ניבערדינג שטאר געקוקט אין דעם לעה־רער'ס ליידענשאפטליך אויפגערעגטען פנים, אויף וועלכען דאס טונקעלע קארידאר־לעמפעל האט געווארפען אן אומרוהיג שאטען־שפיעל. ווי־לענלאנג כמעט האט ער אראפגענומען פון הייננגער דעם הוט און איז אוועק זעגענען זיך מיט דער שוועסטער. ער האט זי געטראפען שטע־הענדיג ביים פענסטער. א צעמישטער און שולדבאוואוסטער האט ער איהר געגעבען די האנט, זאגענדיג, אז ער קומט באלד צוריק.

זי האט צוערשט אזוי ווי ניט געקענט פארשטעהן, דערנאך האט זי א שאקעל געטאן מיט'ן קאפ. איהר בליק האט זיך מאדנע א קעהר געטאן צו דער טונקעלער לאנדשאפט. ווען ניבערדינג האט פון דרויסען צוגעשפארט די אויפגעבראכענע טיר (ער האט דאס געטאן מיט א גע־וויסען חשק, ווי ער וואלט דורך דעם געוואלט די שוועסטער נינסטיג שטימען פאר זיך), האט קארנעלי גענומען א שאל, אנגעטאן אויפ'ן קאפ, א מאך געטאן פארבייגעהענדיג די צעפאטעלטע האר אהינטער און האט קאנוואלסיוו א פאטש געטאן מיט די הענט. ראן האט זי

דעם בינטעל שליסלען מיט'ן געלט־בייטעל אנידערגעלייגט אויפ'ן בעט און א קורצע צייט נאכדעם איז זי שוין געשטאנען אונטער די נאך הוילע בוימער פון די משופע'דיגע וואסער־אלעען. זי האט זיך ניט געאיילט. זי איז געגאנגען אלץ לאנגזאמער און לאנגזאמער, אפט מיט צוגעמאכטע אויגען־דעקלאך און אויף איהר פנים איז געוועזען א אויס־דרוק, וואס איז געוועזען א געמיש פון ערווארטונג און פורכטזאמען האר־כען. זי האט אויסגעזעהן ווי א כמעט פארוועלקטע פלאנץ.

ווען זי איז ארויס פון הויז, האט זי געגלויבט, אז זי געהט זוכען דעם טויט, אבער איצט האט זי באמערקט, אז עס איז ניט דער טויט, וואס זי זוכט. דאס איז איהר אזוי שנעל קלאר געווארען אז זי האט זיך א טרייסעל געבענדיג זיך אפגעשטעלט און א טראכט געטאן. אין איין גאס האט זיך געפונען א לאסט־וואגען, און כאטש עס איז שוין געוועזען שפעט אין אוונט, זיינען מענשען געוועזען נאך באשעפטיגט אויף איהם, זיי האבען ארונטערגעקייקעלט פונ'ם וואגען דיקע מאסיווע רעל־סען. עס האט ארויסגעגעבען א הילכיגע קלאפעריי, א שארפען, שווע־רען קלאנג, וואס עס איז אויסגעקומען ווי דאס געשריי פון א ווייטען עם־רב. אין א צווייטער גאס האבען זיך קינדער געשפיעלט, אזוי ווי די נאכט וואלט זיי גארניט געקענט מפסיק זיין פון זייער שפיעלען. אין א דריטער גאס האבען צוויי דינסטמענער זיך געשלאגען און זיי האבען מיט זייער געשלעג צעפודזשעט א פערד אין א דראשקע. דאס איז געוועזען געוויינליך, אבער פאר קארנעלי'ן איז דאס געוועזען לעבען. זי האט פון אזא לעבען ניט געוואוסט. איצט אבער האט זי געזעהן דאס לעבען שוועבענדיג איבער די שירצען פון די מיידלאך, וועלכע זיינען געלאפען איבער די גאסען. זי האט דאס געזעהן טראפענדיג פון די באלקאנען, וואו מען האט די צימער־פאלמען באגאסען. דאס האט געקלעטערט אין דער געשטאלט פון א קאץ איבער'ן פארקאן. געבו־ן'ען ווי א הונט, געקלונגען ווי דער אוונט־גלאק.

מיט יעטווידען טראט האט זי זיך געקלאמערט אלץ פעסטער און פעסטער אן די דאזיגע נייע פארשטעלונגען. זי האט זיך דערמאנט אן זשאנעטע'ן, אן דעם שפיעל אין פאנדען פון אמאל, און זי האט מיט אמאל באקומען א בענקשאפט, זשאנעטע'ן האט זיך איהר געוואלט זעהן. זי האט זיך פארגעסען, אז יאהרען זיינען אוועק זינט דער שטונ־דע פון יענעם פאנדען־שפיעל, און עס איז איהר פארגעקומען, אזוי ווי זי וואלט קענען טרעפען זשאנעטע'ן פונקט ווי דאמאלס, ווען זי איז

פריין צום ערשטען מאָל אין דעם באראַנ'ס הויז. אז זי איז איצט ...בער ווידקליך געשטאַנען פאַר דעם געביידע, האָט זי זיך פארשעמט און זיפצענדיג צוריקגעקעהרט זיך.

זי האָט זיך אומגעקערט אהיים, האָט זיך אַנידערגעזעצט אויפ'ן ברעג פון איהר בעט און נאָכגעטראַכט. זי האָט זיך געגריבעלט אין זיך אליין, און געטראַכט דורך וועלכע אומשטענדען און פּאַסירונגען זי איז געוואָרען דאָס וואָס זי איז איצט. עס האָט זיך איהר אויסגעזעהן, ווי די לאַסט פון שקר רוהט אויף איהר פון הונדערטער יאָהרען און דערדריקט זי, דערשטיקט יעטווידע פרייהייט, יעטווידען ווילען צו פרייהיים. צווישען אַט די אַלע געדאַנקען איז געווען אויך איינער, וועלכער האָט זי צו ציטערען געמאַכט, צו ציטערען פאַר די עשירות, פאַר די שפע, וואָס רינגעלט זי איצט ארום. איהר פאָטער איז געווען אַ שקלאַפען־הענדלער אין אַמעריקא. דאָס איז פאַר איהר געווען גענוג, אַז זי זאָל זעהן די נשמות פון די פארפּייניגטע פארשטעקט אין די פאַלסטערס פון די מעבעל, אַז זי זאָל די לופט ארום זיך זעהן אנגעפילט מיט אויפבאַזוּנגעהרטע קולות פון יאָמער און שרעק. זי האָט זיך ניט ווילענדיג אויפגעהויבען, אַזוי ווי זי וואָלט מורא געהאַט, אַז די באַריהרונג מיט'ן האָלץ פון בעט קען זי באַשמוצען, און איהר גערדריקט־קייט האָט געשטייגט ביז צו אַ קוים דערטרעגליכען גראַד. געטריבען פון איין אַפּגרונט צום צווייטען, האַלטלאָז, פול מיט מיסטישער זעהנזוכט און קערפּערליכען באַגעהר, האָט זי געגלויבט, אַז דאָס הארץ וועט איהר צעשפּרונגען ווערען אין צווייען אונטער דעם וואַקסענדיגען דרוק. כמעט ווי מעכאַניש, ווי איינער וואָס פאַלט, כאַפּט זיך אָן עפּעס אָן, האָט זי גענומען אַ בליישטיפט און פּאַפּיר און געשריבען, ניט אַפּשטעלענדיג זיך, כמעט ניט טראַכטענדיג, מיט גליהענדיגע אויגען און אין פולשטענדיגער זעלבסטפארגעסענהייט:

זאָג, וואָס בײַ דיר, אָ, טריבער גייסט,
דאָך וויסען אָדער ליידען הייסט?

אָ, רוהיג פינסטערניש, ענטפּלעק,
פאַר וואָס וואַרפט גאָט זיין זוהן אַוועק?

פאַרוואָס, אָ, הימעל אָהן אַ שיין,
אַ פריינד זאָל אַ פאַררעטער זיין?

אָ, זאָג, דו לאַנגע איינזאַמקייט,
וואָס איז דער טויט און וואָס איז צייט?

עס ענטפערט אָפּ דער טריבער גייסט:
וואָס וויסען, ליידען ביי דיר הייסט,
איז בלויז די קראַפט נאָר פון אַ טרוים,
פון יענעם בונטען קלייד דער זוים,
פון קלייד, וואָס טראָגט די אייביגקייט,
קראַפט פון אַ פלאַם, וואָס האָט פאַרגליהט.
אָט דאָס איז וויסען, דאָס איז לייד,
מעהר קיין זאַך ניט.

עס זאָגט די פינסטערניש צו מיר:
איך וועל ענטפלעקען, זאָגען דיר:
גאָט לאָזט דערפאַר זיין זוהן אַוועק,
ווייל ער וויל פרייד, און פיין, און שרעק
זאָל אייביג ראַנגלען זיך אַרום דעם לעבענסבוים.
באַלויכטען זעהן זיין זוהן וויל ער.
זיין פּאַטערליעבע איז דאָך בלויז אַ טרוים
און קיין זאַך מעהר.

די נאַכט די פינסטערע, אָהן שיין,
זאָגט מיר: מען מעג פאַררעטער זיין.
די פריינדשאַפט איז מיט ליגענס זאַט,
זי איז אַ צערטליכער פאַרראַט.
פאַרראַט דיין פריינד, ווען ס'פאַלט אַריין
אַמאָל אין דיינע הענט אַ שווערד.
דיין פריינד, וואָס לערנט דיך באַנוגענד זיין
מיט אַלעס אויף דער ערד.

עס זאָגט די לאַנגע איינזאַמקייט:
ניט פרעג, וואָס טויט איז און וואָס צייט
דער טויט ביסטו און צייט ביסטו,
דער קאַמף, דאָס לויפען און די רוה,
און ווען צום סוף פון דיינע טעג

קומט אָן די וואונדערבאַרסטע שעה,
פאַלסטו צו מיינע פיס אַוועק
און ביסט ניטאָ.

ווען קאַרנעלי האָט דאָס אָנגעשריבן, האָט זי אַ לאַנגע צייט גע־קוקט מיט שטוינענדיגע אויגן אויפ'ן פייער פון לאָמפּ. דערנאָכדעם האָט זי זיך אויפגעהויבן, האָט אַ כאַפּ געטאָן דאָס שווערע קרייץ פון וואַנט און אַרויסגעטראָגן דאָס אויף איהרע שוואַכע הענט אין קאָ־רידאָר. זי האָט נאָכדעם געוואָלט פאַרשליסן די טיר, אַזוי ווי אָבער דער שלאָס האָט ניט געאַרבייט, האָט זי צוגעשפּאַרט די טיר מיט אַ שטול און אַ טישעל און זיך גענומען אויסטאָן מיט אַ טרוימערישער רוהיגקייט. די רוהיגקייט, וועלכע האָט זי אָנגעפילט, איז געווען אַזוי פרויענהאַפט, אַז זי האָט זיך געפיהלט איינגאַנצען ניי־באַלעבט. זי האָט אַראָפּגענומען אויך דאָס העמד פון לייב און איז צוגעגאַנגען צום שפּיגעל, אום צו באַטראַכטען זיך מיט דעם אַזוי ווי פאַר'חלום'טען, עטוואָס שטוינענדיגען און פאַרלאָרענעם בליק. אַט דאָס געפיהל פון פרייקייט און לייכטקייט האָט אין איהר אַרויסגערופען דעם וואונש נאַקעט צו זיין. דאָך האָט זי ניט געזעהן דעם אייגענעם קערפּער, נאָר פריינדליכע געשטאַלטען שוועבענדיג אַרום איהר, און זי האָט זיך גע־פיהלט גליקליך פון זייער נאָהענטקייט.

באַלד נאָכדעם איז זי געגאַנגען שלאָפען.

## זיבעצעהנטער קאפיטעל.

דער פארבייגעהענדיגער טרוים פון פריהלינג איז שוין ווידער אוועק, ווען אנאטאן איז אין א קאלטען שפעט־נאכמיטאג געקומען קיין פירט. ער האט שוין גאנץ לאנג ארומגעוואנדערט, ניט קענענדיג ביי זיך באשליסען אויפצוזוכען עמיצען פון די מענשען, ועמען ער האט געקענט. עס האט שוין גענומען טונקעל ווערען, ווען ער האט פון דעם ערשטען שטאק פון א הויז אויף דער שוואבאכער־גאס צו זיין גרויסען ערשטוינען דערזעהן דעם וואלינגען קאפ פון דער פרוי אליפאט. אין א מאמענט האט די דאזיגע לעבהאפטע פרוי אויך איהם דערזעהן און זי האט איהם דערקענט.

— Oh, monsieur Geyer! Entrez je vous prie! Consolez une miserable femme!

— האט זי א געשריי געטאן שטארק מאכענדיג מיט די הענט, — אנאטאן האט א שמייכעל געטאן און איז ארויפגעגאנגען.

מאניקא איז געזעסען אין א לעהנשטול, בעת ער איז אריין. זי האט אויף איהם א קוק געטאן מיט א בליק פול מיט האס. איהר מוטער האט מיט איהר גענומען חניפה'דיג ארייג'טענה'ן אויף פוילישׁ, אבער מאניקא האט זי אפגעשטויסען פון זיך און האט מיטביידע ארימס ארומגעכאפט דעם האלז פון דער קליינער אסתר, וועלכע איז דערביי געשטאנען אזוי ווי א דערשראקענע. פרוי אליפאט האט זיך גלייך א קעהר געטאן צו אנאטאן'ען און האלב אין דייטש און האלב אין פראנצויז האט זי מיט באטויבענדיגער בארעדזאמקייט איהם ערקלערט, אז פון פרעהליכקייט וועגען האט זי זיך אויף א פאר וואכען אריינגעצויגען אין שטאט, אז זי האט בדעה אויף זומער אוועקצופאהרען צום ים: עס איז אבער געבליבען ניט ערקלערט, וועלכען ים זי האט דערביי אין זינען. דאן האט זי אין ליידענשאפטליכע ווערטער זיך גענומען באקלאגען אויף מאניקא'ס אויפפיהרען זיך, אז זי זיצט אפ דעם גאנצען טאג, ניט א ריהר־טוענדיג זיך פון ארט, עסט ניט,

רערט ניט, לאכט ניט, tout comme un morte די נוטע מאטראנע האט זיך דערנאך אוועקגעזעצט און גענומען כליפען מיט אלע כוחות. אסתר איז צו איהר צוגעלאפען, איז ארויפגעקראכען אויף איהר שויס, האט זיך צוגעטוליעט צו איהר ברוסט און פיינדליך נעקוקט אויף איהר שוועסטער מאניקא, וועלכע איז בשעת מעשה געזעסען, ניט געבענדיג זיך א קרים אפילו. פרוי אליפאט איז באלד ווידער אויפגעשפרונגען, האט אנגעכאפט מאניקא'ס הענט און פון־דאס־ניי גענומען ריידען צו איהר און איינ'טענה'ן. אבער די מיידעל, גלייך ווי זי וואלט געווען טויב, האט מיט אן אפעקטירטער, בייזארטיגער גלייכגילטיגקייט אפגעקערט דעם פנים אין אן אנדער זייט. די נעפייניגטע מוטער איז אין כעס געווארען. אן אומערשעפליכער שטראם פון זידלערייען האט זיך א גאס געטאן פון איהרע ליפען און זי האט אפילו די האנט א הויב געטאן, ווי א קלאפ צו געבען. זי האט נאכדעם א כאפ געטאן אסתר'ן, האט געריסען און געשלעפט דאס קינד איבער'ן צימער צום טיר, און די טיר האט זיך מיט א רעש פארהאקט נאך איהר.

אנאטאן האט דערזעהן אז ער איז אליין מיט מאניקא'ן. ווידער האט ער דערפיהלט, אז דער אטעם נעמט איהם אפ, בלייבענדיג מיט איהר. ער איז אימשטאנד ניט געווען צו ריידען. ווי נאר איהר מוטער האט דאס צימער פארלאזען, אזוי האבען זיך איהרע באקען באדעקט מיט א ברענענדיגער רויטקייט און איהרע אויגען האבען פייכט געגלאנצט — פאר שאנדע און פארצווייפלונג.

— איך קאן אויך אוועקגעהן, אויב איהר ווילט ניט, אז איך זאל בלייבען, — האט זי געזאגט מיט א מאדנער געבראכענער שטימע, און ארום איהרע ליפען האט זיך אפגעשפיעלט א זינלאזער שמייכעל.

אנאטאנ'ען האט זיך זעהר געוואלט צוגעהן צו איהר און איהר אננעמען פאר'ן האנט, נאר פיליכט צו בעטען זי, אז זי זאל צו איהם ווייטער זאגען „דו". אבער ער האט ניט געקאנט. די דאזיגע שרעקעדיגקייט, וועלכע ער האט ניט געקאנט בייקומען, האט איהם ווי צוגעשמידט צום פלאץ, וואו ער איז געווען.

— וואס איז דיר אייגענטליך, מאניקא? — האט ער רוהיג געפרעגט.

זייערע אויגען האבען זיך באגעגענט צום ערשטען מאל. אנאטאן האט דערביי געהאט דאס געפיהל, ווי ער וואלט געקוקט אין א צימער מיט

פוסטע וועגט, אין דער צייט וואָס פריהער האָט דער אינטימער צויבער פון אנגענעמקייט אנגעפילט דאָס זעלבע צימער. עפּעס צעשוואומענעס, יאָ, אפילו עפּעס הינטישעס איז געווען אין מאַניקאַ׳ס אויגען.

— איך וויים דאָס, אַז דו האָסט געליעבט גודשטיקער׳ן. — האָט אגאַטאַ ווידער גענומען ריידען. — אָבער דו דאַרפסט ניט, מאַניקאַ, צוליעב דעם אַזוי מייאש זיין זיך פון לעבען. דו ביזט דאָך אַלעמאָל געווען אַזוי פריילאַך און תמיד פול מיט האָפנונג. דו פּלעגסט דאָך, מאַניקאַ, אַלעמאָל אויסלאַכען איינעם, ווען ער איז געווען אומעטיג. און איצט? וואָס איז מיט דיר? איז דען דאָס לעבען פאַר דיר געוואָרען ווייניגער גרויס און גוט? אַ סך האָבען געליעבט און געמוזט ליידען. דאָס איז אמת טאַקע, מאַניקאַ. אָבער זעה, דער פריהלינג קומט באַלד, און דו וועסט זיך פרעהען, בעת די וואַרימע זון וועט אויף דיר שיינען, און דו וועסט מיט אסתר׳ן אין וואַלד געהן און דיינע באַקען וועלען צוריק זיין רויט. און ווען דער הערבסט וועט קומען, וועסטו אַלעס פאַרגעסען, מאַניקאַ, אַט דעם גאַנצען אומגליקליכען ווינטער, וואָס דו האָסט געהאַט, וועסטו פאַרגעסען.

מאַניקאַ האָט זיך איצט אויפגעהויבען, און איבער איהרע נעזיכטס־צינען איז דורכגעגאַנגען אַ קאָנוואולסיווער ציטער.

— אָ, אגאַטאַ! — האָט זי אויסגערופען, — מיינע באַקען וועלען שוין מעהר קיינמאָל ניט רויט זיין, קיינמאָל ניט, קיינמאָל ניט! איך וועל שוין מעהר קיינמאָל ניט קענען געהן אין וואַלד און זעהן די זון! איך וועל קיינמאָל ניט קענען פאַרגעסען, אגאַטאַ, קיינמאָל ניט!

אגאַטאַ איז צו איהר נעהענטער צוגעגאַנגען און האָט זיך אַרונטערגעבויגען צו איהר. האָט אַנגענומען איהר האַנט און זי אָנגעקוקט.

— וואָס האָסטו געטאַן, מאַניקאַ? זאָג! פאַרוואָס שווייגסטו? פאַרוואָס דערצעהלסטו מיר דאָס ניט?

מאַניקאַ האָט אויפגעהויבעןביידע אָרימס און זיי צונויפגעלייגט אויף אגאַטאַנ׳ס נאַקען. אַזוי האָט זי צו איהם אַרויפגעקוקט מיט אַ פייערליכען בליק, וועלכער האָט אַזוי ווי עפּעס דראָהענדיגס דערזעהן אין דער ווייטען.

— ער האָט מיך באַטראָגען. געה אַריבער צו איהם און רעכען זיך אָפּ פאַר מיר! — האָט זי געזאָגט, באַטאָנענדיג יעטווידע זילבע.

— מאַניקאַ! — האָט אגאַטאַ אַ געשריי געטאָן און זיך באַפרייט פון איהרע אָרימס.

— עס איז אזוי פינסטער ! — האט מאניקא צעמישט געשעפטשעט און האט אויפגעשוידערט. — עס ווערט שוין נאכט. יא, איך האב זיך איהם איבערגעגעבען מיט אלעמען, ווי איך בין. אבער טראכט ניט קיין שלעכטס פון מיר, אגאטאן, איך בעט דיך, טו דאס ניט ! געה ניט איצ־טער אוועק, געה ניט אוועק ! דו האסט דאס שוין לאנג געדארפט ווי־סען, שוין לאנג. געה ניט אוועק איצטער!

ווען די טיר האט זיך צוגעמאכט פון הינטער אגאטאנ'ען, האט זי זיך א ווארף געטאן אויף דר'ערד. אבער ער האט באלד זיך אומגע־קעהרט און געפרעגט ביי איהר, וואס איז הילפלאז געלעגען פאר איהם :

— וואו וואוינט ער ?

מאניקא, מיט'ן געזיכט צו דער ערד, האט איהם אנגערופען די גאס און דאס הויז.

גודשטיקער איז געווען אינדערהיים, בעת אגאטאן האט ביי איהם אנגעקלאפט. דערזעהענדיג איהם, האט ער געוויזען אן איבער־ראשטען און דערפרעהטען פנים און ער איז געגאנגען אנטקעגען איהם מיט אויסגעשטרעקטע הענט, אבער אינמיטען וועג איז ער געבליבען שטעהן ווי א צוגעוואקסענער.

— נו, וואס פאר א פנים מאכט איהר דאס, פארעהרונגסוויר־דינער ? — האט ער זיך אנגערופען האלב אין שפאס, האלב טראציג, און איז דערביי בלאס געווארען.

אגאטאן איז געשטאנען אנטקעגען איהם, און ער האט פלוצלונג דערפיהלט, ווי גאר זיין קראפט וואלט זיך פון איהם אפגעטאן. בעת ער איז אויף די טרעפ ארויף, איז ער נאך געווען פול מיט ברענענדי־גען צארן, וועלכער האט זיין הארץ ווי צוזאמענגעצויגען, אבער באלד ווי ער האט א קוק געטאן אין אט דעם ליגנערישען פנים, איז ער ווי אנטוואפענט געווארען. עס איז געווען דער שקר אליין, וועלכער איז פאר איהם ארויסגעטראטען אין זיין גאנצער ברוטאלער אומבאקי־מערטקייט. גלאטקייט און שפיציגקייט, הארטקייט, צבוע'קישע ערענסטקייט, — אגאטאן האט פאר דעם ניט געפונען קיין אנדער ווארט, ווי דאס ווארט „אידיש", אין זייז העסליכסטען זין. גודשטי־קער האט פאר איהם געשיינט צו זיין די אידישסטע נאטור, וועלכע ער האט ווען געטראפען.

גודשטיקער האט זיך געפיהלט אומבאקוועם בעת'ן לאנגען שוויי־

גען. ער האָט באַמערקט אַ געוויסע פאַרענדערונג אין אַגאַטאַנ'ס ווע־זען, זינט יענער איז צו איהם אַריין.

— אַך, איהר קומט אודאי וועגען דער קליינער מאַניקאַ! — האָט ער נאָכלעסיג אַ זאָג געטאָן מיט דער כונה אַגאַטאַנ'ען וועה צו טאָן. — איך האָב דאָס גלייך געזעהן נאָך אייך. אַביסינקע פאַרליעבט, יאָ? אָבער דאָס וועט פאַריבערגעהן. טרייסט זיך נאָר און וואַרפט אַוועק אייער בלוטדאָרשטיגע מינע. אונזערער אַ מענש קאָן זיך צו־פיעל ניט אָפּגעבען מיט'ן שעהנעם געשלעכט. דאָס וואָס פאַר אַזאַ פרוי איז דער לעבענס־אינהאַלט, איז פאַר אונז ניט מעהר ווי אַן עפּי־זאָדעל. יאָ־יאָ. איצטער גראָד טראַכט איך וועגען ברענגען אין אָרד־נונג מיין פאַרהעלטניש מיט דער קליינער קעטע, ד. ה. אַ סוף מאַכען. העהע! איך האָב דערפאַר אָפּגעלעגט מיין פאַהרען, איך זאָל קענען האָבען דאָס פאַרגעניגען צו זעהן זי. די קליינע עסטריך מוז זיך אויך טרייסטען. זי איז דאָך פאַר מיר זעהר אַ צו קליינע בירגער־מיידעל. גאָט מיינער, מען דאַרף דאָך האָבען אַ ביסעל קולטור. און אַ חוץ דעם מוז דער שאַפענדער מענש פריי זיין. אָהן שום איינזעהעניש מוז ער אָפּרוקען אַלעס אָן אַ זייט, אַלעס וואָס שטעהט איהם אין וועג, און ווען עס איז קיין אַנדער ברירה ניטאָ, מוז ער אַפילו צעטרעטען. אַזוי איז דאָס. נו, אַט דאָ האָט איהר מיין לעבענס־אַנשויאונג.

אַגאַטאָן האָט ערשטוינט געקוקט אויף אָט די פּלוידערענדיגע לי־פּען, פון וועלכע עס האָט זיך כסדר געשאָטען פראַזע נאָך פראַזע. ער האָט געשוויגען.

— איך וויל אייך עפּעס זאָגען, — האָט גודשטיקער זיך אָנגערו־פען נאָך אַ שמערצליכער פויזע, אין עטוואָס אַ באַריהמערישען טאָן, און ער האָט געמאַכט נאָך מעהר ניט אָנגענעם צו פיהלען מיט דער כלומר'שטינער לייכטקייט און עלאַסטיגקייט פון זיין אַרט רעדען. — איך וויל אייך זאָגען, אַז איהר זיינט אַ אידעאַליסט. וואָס זאָג איך אידעאַליסט! אַ פאַרשוואומענער טרוימער, אַן אומפאַרבעסערליכער ווינט־מענש. דער מאָדערנער מענש מוז זיין אַן אכזר, אַ נוקם ונוטר, בלינד פאַר די קאַליקע, לאָהמע און בעטלער. איהר זיינט געקומען אָהער אַלס ריטער פון אַ קליין מיידעל, וואָס האָט אין אַ שטונדע פון לייכטזיניגקייט זיך אַראָפּגעגליטשט פונ'ם פּעדעסטאַל פון דער טוגענד. מה רעש? לעבען מיר דען, נאָר כדי טוגענדהאַפט צו זיין? העע? אָדער לעבען מיר, אום צו לעבען? דאָס וואָס איהר ווילט איז טאַקע

אַלץ גאַנץ שעהן און פיין, אָבער עס ווייזט ניט אַרויס קיין גרויסען גייסט, קיין שטאַרקען גייסט. („ווי קאָן ער וויסען וואָס איך וויל?“ האָט אַנאַטאָן געטראַכט). קענט איהר דאָס אמת'ע עלענד פון דער וועלט? ניין. צו קומען אַהער מיט נביאי'שע פאַרלאַנגען און ניט צו האָבען קיין אויגען פאַר דער אמת'ער נויט פון דער צייט! זאָל איך ווערען אויף איין אָווענט אייער אשמדאי? זאָל איך? איך דאַרף סאַי־ווי־סאַי געהן אַהין, וואוהין איך וויל אייך פיהרען, — נאַטירליך, מיט'ן צוועק צו שטודירען. Allous! קומט!

ווי פאַר'כשופ'ט האָט אַנאַטאָן נאָכגעפאָלגט יעטווידע באַוועגונג, יעטווידען זשעסט גודשטיקער'ס. צוגלייך האָט ער דערפיהלט כמעט ווי אַן אומהיימליכען גרויל פאַר זיין צונג, וועלכע האָט פון צייט צו צייט ווי אַ פלעמעל אַרויסגעבליצט פון אונטער די שוואַרצע וואָנצעס. ער האָט געזוכט אויסצומיידען דאָס אַלעס, אָבער אומזיסט. ער איז אַרויס אין גאַס נאָך גודשטיקער'ען, וועלכער האָט מעהרערע מאָל קורץ און אַרויספאָדערענד אַ לאַך געטאָן פאַר זיך.

דער וועג האָט זיי געפיהרט דורך טונקעלע גאַסען צו דער פאַרשטאָט, וואו די שאַנד־הייזער זיינען געשטאַנען; וואו ווענינ לאַנטערנעס האָבען אַ טונקעל ליכט געוואָרפען, און וואו די פּאָליציסטען זיינען אַרומגעגאַנגען זאָלבענאַנד און זאָלבעדריט, שטרענג, בייז, פאַרזאָרגט קוקענדיג.

זיי זיינען געקומען באַלד צו אַ קליינעם, איינגעשטאַקיגען הויז, וואו אַ גרינער לאָמפּ האָט געברענט איבער'ן פּאָרטאַל. די פענסטער זיינען געווען געדיכט פאַרהאַנגען.

גודשטיקער האָט געעפענט די טיר און האָט זיך פאַרנומען צו דער לינקער זייט אין אַ סאַלאָן, וואָס איז געווען אויסגעשטאַט מיט אָפּגעבליאַקירטער, אָפּגעקראָכענער פּראַכט, אַזוי צו זאָגען. ווי זיי זיינען אַריין, אַזוי האָבען זיך צו זיי ביידען אַ לאָז געטאָן אַ מחנה געשמינקטע מיידלאַך, וועלכע האָבען מיט גודשטיקער זיך פאַרהאַלטען זעהר אינטים, האָבען זיך אויף זיין אָרים נעהאַנגען, געלאַכט, אונטערגעזונגען, געשפּאַסט, וויין געבעטען און האָבען אויף אַלע אופנים געזוכט באַמערקבאַר צו מאַכען זיך ביז גאָר. זיי האָבען אויף זיך גאָרנישט ניט געטראָגען, אַ חוץ אַ העמד מיט לאַנגע זאָקען; זייערע אויגען האָבען געלאַנצט קראַנקהאַפט, אָדער האָבען אויסגעזעהן מיד, זייערע באַוועגונגען זיינען געווען געקינצעלט, זייער לאַכען איבער־

טריבעז, זייערע שפּאַסעז פּריוואַל. זייער גאַנג האָט געהאַט אין זיך עטוואַס שוואַנקענדעס, די באַוועגונגען פון זייערע הענט און פינגער עטוואַס באַנגעהרענדעס, זונדערבאַרעס. און עפּעס מאָדנע, זיי האָבען אויף אַנאַטאַנ'ען זיך גאָרניט אומגעקוקט; אַנדערע האָבען שרעקעדיג אַ קוק געטאָן אויף איהם, אָבער באַלד האָבען זיי זיך געמאַכט, ווי זיי זעהען איהם שוין ניט. פון צייט צו צייט האָט זיך באַוויזען אַן עלטערע דאַמע און גערעדט כיטרע רייד, וועלכע האָבען נאָך איהר מיינונג געדאַרפט האָבען אַן אויפמונטערענדע ווירקונג. פון צייט צו צייט האָט דער פּאָרטאַל־גלאָק געקלונגען, דאַן איז איינע פון די מיידלאַך פאַרשוואונדען געוואָרען, שמייכלענדיג און נייגענדיג זיך, ווי פול מיט פאַרשפּרעכונגען, און די איבעריגע האָבען גלייכגילטיג נעקוקט אין דער וועלט אריין, בלייבענדיג אימער מיט דער זעלבער אויפפאָדערענדער מינע.

גורשטיקער האָט זיך געפיהלט ווי אין דערהיים. גנערינג האָט ער ארויסגערעדט זיינע ווערטער, ברייט און באַקוועם איז ער זיך געזעסען אויף די אַפּגעקראָכענע פּאָלסטערס, אָנגעשפּאַרט אויף הינטען, האָט לייטזעליג געפּאַטשט איבער נאַקעטע אָרימס, אויפגעשפּילט אַ פּאָר טאַקטען אויף אַ שריל־קלינגענדיגען קלאַוויער, געכאַפּט אַ שמועס וועגען פרעהליכע זכרונות מיט דער „מאַדאַם פון הויז“, האָט גרויסמוטיג געשמייכעלט, ווען די מיידלאַך האָבען איהם אַ טשעפּע געטאָן און גערופען איהם „דער שוואַרצער דאָקטאָר“, און ביי דעם אַלעמען איז ניט פאַרשוואונדען פון זיין פּנים אַ געוויסער ערענסטער קנייטש און פון זיינע אויגען אַ שטעכעדיגער בליק. באַלד איז ער אוועק מיט אַנאַטאַנ'ען אין אַ הויז, וואָס האָט זיך דערביי געפונען, און אַנאַטאָן איז איהם נאָכגעגאַנגען ווי אַ געפאַנגענער, האַלב באַטויבט פון אַ דריי־קענדיגער ערוואַרטונג, וועלכע ער אַליין האָט ניט געקענט פאַרשטעהן. ער האָט ווידער געזעהן דעם אויסגעלאָסענעם פּוץ פון די מיזעראַבלע פּאַראַדנע צימערען, האַלב־פינסטערע שפּיגלען, מאַטע, פון שטויב צערפּרעסענע גאָלד־ראַמען; ער האָט ווידער געזעהן די פּאָר'ן נעברויך פון דער נאַכט אָנגעפּאַרבטע פּרויען־געזיכטער, פון וועלכע עס איז פאַרשוואונדען געוואָרען יעטווידעס ליידען, יעטווידער שמערץ, יעטווידע נאָכדענקונג, יעטווידע עראינערונג, יעטווידע איידעלקייט; ער האָט ווידער געשמעקט די טוכלע לופט פון נעכטען, האָט איינגעאָטעמט דעם רויך פון ציגאַרעטען, דעם ג׳זרוד פון ווייגען, און ער איז באַהאַנ־

דעלט געווארען ווי איינער וואס געפינט זיך דא ניט, אדער ווי אזא, וועלכען מען באמערקט ניט. ער האט ארייננעקוקט אין די טונקעלע זייטינע קאמערען, אזוי ווי איינער זוכט די שפורען פון א וואגען אויף א שווין פון לאנג פארגאנגענע טעג: דארטען האט די היימישע זינד איהרע שפורען אין דער פינסטערניש געגראבען. ער האט געזעהן אין די אנדערע חדרים יונגע לייט חלש'ען און קאכען זיך צו קריגען א קוש, וועלענדיג דערביי פארגעסען, אז דאס איז א געקויפטער קוש און אז איטליכער וואס באצאהלט קען איהם קריגען. ער האט געזעהן שפיעל-קארטען פליהענדיג און ער האט געהערט דורך די ווענט גראבע וויצען, פראפקעס פון פלעשלאך קנאלען, גאלד-שטיקער קייקלען זיך, און ער האט געגלויבט, אז ער דערקענט, ווי אין אנדערער פארשטאפט זיינע אויערען קענען שטימען, וועלכע ער וויל ניט הערען, וועלכע ער קען קיינמאל ניט הערען, ניט פארלירענדיג דערביי דעם פארשטאנד. ער האט דערזעהן די קאמערען פון אט די פרויען און מיידלאך, וועלכע זיינען פארגליווערט געווארען אונטער דער משא פון אומזיניגען פאמפ, — די קאמערען, וואו זיי גיבען זיך איבער בייטאג צו א שווערען שלאף, וואו א רויט אדער גרין ליכט ברענגט ארוים א קינסטליכע שטי־קעניש און ניט צו אפילו די אפגעקראכענע פלעצער פון די טאפעטען עטוואס אבזיכטפולעס און דעקאראטיוועס, אזוי ווי די מעשה פון דער ערשטער זינד און דער פאעטישער פארפיהרונג, וואס די באוואוינערין האט אויסגעטראכט אין דעם מאטען שיין און דאס דערצעהלט דעם סענטימענטאל געווארענעם באזוכער. ער האט געזעהן די קרומע טרעפ, אויף וועלכע די מיידלאך פלעגען לויפען ארויף און אראפ און דערביי בארעכענען, וויפיעל זיי דארפען נאך פארדיענען, אום צו קענען איינ־צאלען פאר זייער אויפהאלטען זיך דא אין די העמד און זאקען, און דערביי פארלאנגט מען פון זיי מעהר קיין שום זאך ניט, ווי נאר, אז זיי זאלען לאכען, לאכען, תמיד לאכען. מעגען זיי זיין פעט אדער מא־גער, בלאנד אדער שווארץ, אלט אדער יונג — זיי האבען קיין אנדער אויפגאבע ניט, ווי נאר צו לאכען. און יעטווידער נייער קלונג פון פארטאל-גלאק האט געבראכט א נייעם גאסט אין דעם דאזיגען גע־שעפט, וואס איז דאס באזוכטסטע אין שטאט: יונגע לייט, וועלכע זיינען דא ביי דער שוועל געשטאנען מיט ציטערענדיגע ליפען און איינגעשטודירטער קאלטבלוטיגקייט, ווארטענדיג אזוי, וואס וועט מען מיט זיי נעמען טאן; איינגעבויגענע זקנים, וועלכע האבען זיך דא

געמאַטערט אויפצובלאָזען אַ לעצטען פונק בון זייער פאַרנעהענדיגען לעבען; מענער געטריבען אהערצו־צו פון לאַנגווייליגקייט און גע־וואוינהייט; איינגלאַך, זאַגאַר אַזעלכע מיט די דערשרעקענדיגע ציי־כענס פון פריהצייטיגע זינד אין די אויגען, וועלכע טרייבען זיי באַ־וואוסטזיניג צו דעם אַלפאַרשלינגענדען אפגרונד; יונגע חתנים, וועלכע האַבען דאַ געפונען אַ מיטעל ווי איבערצוקומען די אידעאַלע שווערמעריי פון זייער חתנ׳שאַפט; חשוב׳ע באַלעבאַטים, וועלכע האַבען ליבענס־ווירדיגע גוטע פרויען, לעהרער, בעאַמטע, סטודענטען, בעלי־מלאכות... ווי רחמים בעטענדיג האַבען אַגאַטאַנ׳ס אויגען געזוכט גודשטיקער׳ס אויגען, און יענע האַבען איהם אַזוי ווי געענטפערט: „דאַ איז קיין רחמנות ניטאַ! ווער עס קומט אהער אריין, איז שוין פאַר יענעם קיין האָפנונג ניטאַ; אַזוי איז אונזער וועלט". און ער האָט זיך ווייטער געשפּיעלט מיט די מיידלאַך, אין דער צייט וואָס אַגאַטאַן האָט פאַרלאָרען רוה, קראַפט און באַזינונג, און בילד נאָך בילד, שטום, איינס נאָ׳ן אַנדערען, האַבען זיך געשפּאַרט אויף איהם. אָפט איז עס אויך געווען אַ ליידענדער פּנים, דאָס וואָס ער האָט געזעהן, און עס איז מיטגעריסען געוואָרען אין דעםווירבעל־שטראָם און איז איינגעזונקען געוואָרען. אויפגעטרייסעלט, האָט אַגאַטאַן געוואָלט פליהען, אָבער לעבען איהם איז שויז געווען גודשטיקער, וועלכער האָט איהם גע־פיהרט — דורך די מענשען־לערע גאַסען פון דער שטאָט.

„פאַרוואָס, פאַרוואָס איז דאָס אַזוי?" האָט אַגאַטאַן פליסטערענ־דיג זיך אַליין געפרעגט. אָבער קיינער האָט איהם קיין ענטפער ניט געגעבען, און דערווייל האָט גודשטיקער׳ס נאָהענטקייט אַלץ מעהר און מעהר איהם געדריקט און געפּייניגט. און ער האָט געקוקט דורך די ווענט פון די הייזער, פון די אָרימע הייזער, און פון די רייכע היי־זער, און ער האָט געהאָט אויך דייטליכע האַלוצינאַציעס, וועלכע זיינען ווי אַנגסט־רופען געווען, ווי הילפס געשרייען פון אַ נעזעלשאַפט וואָס האַלט אין זינקען, פון אַ מדינה, וועלכע ווי אַ שיף ווערט לאַנגזאַם אָנגעפילט מיט וואַסער, אום אומרעטבאַר ארונטערצולאָזען זיך אין תהום. ביז איצט איז דאָס נאָר געוועזען דאָס אָפענע שפּיעל, וואָס טראָגט נאָר לפנים דעם שטעמפּעל פון אַ סוד, און כדי איינצוהיטען יענע עפענטליכע אנשטענדיגקייט, וועלכע בילדעט נאָך דעם לעצטען קלאַמער, וואָס האַלט נאָך צוזאַמען די צעפאַלענע ווענט. ער האָט געזעהן, ווי יעטווידעס הויז האָט אַ וואונד, וואָס איז אומהיילבאַר;

ווי יעטווידע טיר פון יעטווידען צימער האָט מיט בוכשטאַבען, וואָס קענען ניט אויסגעמעקט ווערען, איינגעהיט דאָס געדעכעניש פון אַ שווערען פּלעק; ווי יעטווידע שויב פון יעטווידען פענסטער קוקט אויף זאַכען, וועלכע האָבען בעסער אין געדיכטען חושך געדאַרפט באַגאַנגען ווערען; ווי קיין שלעפער אָט פון די אַלע שלאָפט ניט אַזוי רוהיג, אַז זייזנע ריינסטע חלומות אפילו זאָלען ניט געשטערט ווערען פון דעם נאָך־טעם פון אַן אָפּגעטאָגענער עבירה; ווי די באַרייטוויליגקייט זיך צו פאַרקויפען איז אין קיין פאַרמאַכטען הויז ניט קלענער ווי אין יענע עפענטליכע הייזער; ווי דאָס גליק און די רוהיגקייט זיינען אָפּגעווישט געוואָרען פון די וועגען פון לעבען, און סאַי דער וויינענדיגער און סאַי דער לאַכענדיגער טראָגען ביידע מאַסקעס; ווי די פּראָסטיטוציע געהט בייטאָג און ביינאַכט, יאָהר־אויס, יאָהר־איין, דורך די גאַסען און זעעט גיפט הארמלאָז שפּאַסענדיג; ווי די קאַזאַרמע און דאָס שפּיטאָל, דער פּאַלאַץ און דאָס געפענגעניש, די קירכע און דער שענק, דאָס טעאַטער און די שולע, — אַלע, אַלע ווערען זיי פון א י י ן שמערץ געפּייניגט, פון א י י ן שקר אויפגעהאַלטען, פון א י י ן האָפענונג באַטראָגען. און אַגאַטאָן האָט געזעהן דאָס ציל אין דער ווייטענס ווערט צעמאָלען אויף אַש, דער פּאַקעל, וואָס האָט זיין וועג באַלויכטען, ווערט לאַנגזאַם אויסגעלאָשען, און ער האָט איינגעזעהן, אַז ער איז קענען דער גיגאַנטישער מאַסע פון עלענד און נויט געוועזען ניט מעהר ווי אַ קינד, וואָס וויל מיט זיינע הענטלאַך בערג אָוועקטראָגען. און איך אָדער קריסט, וואָס פאַר אַ באַדייטונג האָט דאָס פאַר איהם לגבי אָט דעם פאַרבאָרגענעם און שטילען קאַמף, וועלכער ווערט געפיהרט דאָ צווישען די שלאָפענדיגע ווענט? איך און קריסט, ביידע האָבען זייער גלייכען חלק בייגעטראָגען, צו ברענגען דאָס יאָהרהונדערט אַהין, וואו דאָס שטעהט איצט, און זייער גרויי געוואָרענע, בלינדע, לאַהמע און טויבע מאָראַל, האַלב־אויסגעגאַנגען פון עלטער־שוואַכקייט, האָט ניט געקענט געפינען דעם טויט, און מען האָט איהר לעבען פאַרלענגערט מיט אַנגעשטרענגטער באַמיהונג דורך קינסטליכע מיטלען.

— אַ גוטע נאַכט, טייערער! — האָט גודשטיקער לוסטיג געזאָגט, ווען זיי זיינען שוין געשטאַנען ביי זיין הויז. — איך רעכען, אַז מיינע דינסט זיינען אייך צוניץ געקומען. די וועלט איז פיעל גרעסער, ווי איהר שטעלט זי זיך פאָר. זעהט מיט איהר דורכצוקומען. אַ גוטע נאַכט!

אגאטאָן האָט זיין זעגענען זיך צוגענומען תמ׳עהטשע..., און ער איז נאָך אַ לאַנגע צייט געבליבען שטעהן איינער אליין אויפ׳ן זעלבען פּלאַץ. מיט גודשטיקער׳ס פאַרשווינדען זיינען אויך ניט געוואָרען אָט די אַלע בילדער און געזיכטער, אַזוי ווי די נאַכט וואָלט זיי שוואַרץ געמאַכט. ער האָט ניט געהאַט וואו צו שלאָפען, ער האָט ניט געהאַט וואו צו זיין, און ער האָט אויך ניט באַגעהרט קיין פּלאַץ וואו צו זיין, ער האָט ניט באַגעהרט קיין רוה. שכור׳ע האָבען זיך פאַרביינגעשלעפּט פאַרביי איהם, שכור׳ע מענער און נאָר יונגע לייט, שרייענדיג אָדער שטיל, באַגייסטערט אָדער דערשלאַגען. אַלעס וואָס איז נאָך לעבעדיג געוועזען אויף די גאַסען, איז באַוועגט געוואָרען דורך דעם דאַזיגען נייסט פון שכרות, וועלכער האָט פאַרשפּרייט אַ שלעכטען גערוך. דער דאַזיגער גערוך וועט אויך מאָרגען דורכדרינגען דאָס עפענטליכע לעבען און אומעטיג מאַכען די הערצער פון די בעסערע מענשען; ער וועט אין דער פרוי, וועלכע פאַרברענגט די נאַכט אָהן שלאָף ביי׳ם געלעגער פון איהרע קינדער, אַרויסרופען פאַראַכטונג צום מאַן און צו דער ליעבע, ער וועט אַלע געפיהלען פון ליעבליכקייט און פרישקייט צושטערען, יעטווידע פאַראייניגונג פון קרעפטען אונטערגראָבען, און דאָס בילד פון צופוילטער גלייכגילטיגקייט וועט מען שוין קענען זעהען בחוש.

אַגאַטאָן איז געווען פאַרצווייפעלט אין טיפסטען הארצען.

עס איז פּילייכט נאָך איינס געווען, וואָס האָט איהם געקענט אויפ־ריכטען. באַיעזוּנ׳ס געשטאַלט האָט זיך פּלוצלונג אויפגעהויבען פון דער פאַרגאַנגענהייט, באַלויכטען פון אַן איבערטריבענעם הייליגען שיין. אַגאַטאָן האָט אויף איהר געקוקט ווי אויף אַ טרייסטענדער געשטאַלט. איידער ער האָט זיך נאָך באַטראַכט, האָט ער זיך שוין געפונען פאַר׳ן הויז, וואו דער לעהרער האָט געוואוינט. אַזוי ווי עס איז שוין געווען שפּעט ביינאַכט און די טיר איז דערפאַר געווען פאַרשלאָסען, האָט אַגאַ־טאָן אָהן קרעפטען אַראָפּגעלאָזען זיך אויף דעם פייכטען שטיינערנעם טראָטואַר, האָט אַרומגענומען די קני מיט די הענט און געוואַרט. ער האָט געוואַרט, ניט פיהלענדיג ווי די צייט לויפט פאַרביי. אויפ׳ן דריי־טען שטאָק, וואו באַיעזען האָט געוואוינט, האָט זיך פון צייט צו צייט געעפענט אַ פענסטער. דאָס פאַרביימאַרשירען פון די באַטרונקענע איז קלענער געוואָרען. די זייגערס האָבען געשלאָגען איינס, צוויי, האָבען געשלאָגען דריי. די פינסטערניש פון גאַס האָט געשיינט צו ווערען קלעפּיגער, ממשות׳דיגער. און אַגאַטאָן איז געזעסען און האָט

געוואָרט אויף באַיעזען, ווי אויף אַ ליכט־געשטאַלט. ווען עס וועט ווערן טאָג, וועט מען דאָך עפענען די טיר, און ער וועט קענען דאַן אַריינגעהן צו איהם. אַזוי האָט זיך אַגאַטאַן געטראַכט. וואָס ער וועט דאַרטען טאָן, ווענען דעם האָט ער קוים געטראַכט.

אָבער איז דאָס דען ניט געווען באַיעזען, אָט דער וואָס איז פאַר איהם געשטאַנען? אָט די עטוואָס צונויפגעשרומפּענע פיגור, מיט'ן הויט קרום אויפ'ן קאָפּ, מיט די הענט טיף אין די קעשענעס? זיינען דען דאָס ניט געווען באַיעזעג'ס געזיכטסצינגען? אַגאַטאַן האָט ניט ווילענדיג געמוזט שמייכלען, אַז אָט דאָס מאָדנע קרומע בילד פון אַ מענשען, אָט די שוואַנקענדיגע נאַכט־געשטאַלט זאָל גאָר אָנווייזען אויף אַזאַ עהנליכקייט! אָבער פאַרוואָס האָט אָט דער כלומר'שטדיגער באַיעזען אַזוי שטאַר גענומען קוקען? זוכט ער די שליסלען אין זיינע קעשענעס? בורטשעט ער דאָס, ניט קענענדיג זיי געפינען?

עס האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז עס איז פאַראַן מעהר ווי אַ הוילע עהנליכקייט צווישען דעם פאַלשען באַיעזען און באַיעזען דער ליכט־געשטאַלט. און שליסליך האָט אַגאַטאַן אויפגעהויבען אין אַ שטעכענדיגען שרעק די הענט און אויפגעעפענט דאָס מויל אַ געשריי צו טאָן, אָבער דער האַלז האָט איהם ניט געדינט. באַיעזען האָט נאָך אַלץ ניט געקענט געפינען זיינע שליסלען, און ער איז אַפּגעשפּרונגען אַהינטער און שטאַמלענדיג זיך אָנגעשפּאַרט אָן דעם סלופּ פון דער לאַנטערנע.

— איך... זוך... אייך... ש־שוין... ל־לאַנג געזוכ...

אַג... אַגאַטאַן... — האָט ער קוים אַרויסגערעדט.

אַגאַטאַן איז אויפגעשטאַנען און האַרט צו איהם צוגעגאַנגען.

מיט אַן אמת מעכאַנישער באַוועגונג האָט באַיעזען אַרויסגענומען אַ בריף פון זיין בוזים־קעשענע.

— לייענט איהם גלייך איבער, — האָט ער געזאָגט קריגענדיג פּלוצלונג צוריק זיין לשון. — זאָגט מיר, וואָס עס שטעהט אין בריף. זאָגט דאָס מיר. אויב ניט, וועל איך אויסגעהן. יאָ, יאָ, איך האָב ליעב אָט די פרוי, איך קאָן זיך ניט באַגרייפען, דאָס האַרץ ווערט מיר פאַרברענט, איך פאַרליר מיין נשמה. מיין גייסט, אַלעס, אַלעס. איך בין אַ פאַרפאַלענער מענש, אַ נול, אַ פוסטער שטאָם, אַ פאַרטריקענט בלאַט, אויסגעבלאָזען, באַנקראָט. וואָס טרעט איהר אָפּ פון מיר? אַגאַטאַן, האָט רחמנות: אָדער זיינט איהר אפשר די טוגענד אַליין, וואָס איהר

זאָלט מיך דאַרפֿן מאַראַכטען? וואָס שפּרינגט איהר אָפּ פֿון מיר מיט אַזעלכע דערשראָקענע אויגען?

אַנאַטאַן האָט זיך אָפּגערוקט פֿון דעם שנאַפּס־גערוך, וואָס האָט געהאַקט פֿון באַיעזענען. באַיעזען האָט גערעדט ווי איינער וואָס איז אין היץ, ער האָט געכאַפּט די זאַצען, געדרעהט די ווערטער און געמאַכט מאָדנע באַוועגונגען מיט די הענט.

— ניין, ניין, איך בין ניט שכור, — האָט ער ווייטער גערעדט, ווי ער וואָלט פּלוצלונג דערפֿיהלט דעם גרונד, — נאָר איין פּאָר גלעזער גראָג, דאָס איז שוין גענוג פֿאַר אַ באַנקראָטירטען מענשען. אַנאַטאַן, לייענט איבער דעם בריף (זיין שטימע איז געוואָרען הייזעריג, זיין גאַנג אומגעלומפּערט), און זייט אויפריכטיג מיט אייער פֿריינד!

נאָכדעם ווי ער האָט צוגענומען דעם בריף, האָט אַנאַטאַן זיך אָפּ געקערט און איז אַוועקגעגאַנגען אַזוי שנעל ווי ער האָט געקענט. און הינטער זיך האָט ער געהערט אַפּקלינגענדיג אין דער נאַכט דעם פֿאַר־צווייפֿעלטען, אַזוי ווי אָפּשטאַרבענדיגען רוף: אַנאַטאַן! אַנאַטאַן! ווען ער האָט דערגרייכט די וואַסער־אַלעען און געהערט לעבען זיך דעם טיף טומפּ רוישענדיג, האָט ער נאָך אַלץ פֿאַרנומען דעם רוף: אַנאַ־טאַן! — גלייך ווי דאָס וואָלט געקומען פֿון דעם געלענער פֿון שטראָם.

פֿאַר איהם איז געווען אַלעס געענדיגט. פֿיעלע געביידעס, וועלכע האָבען דאָ ניט לאַנג נאָך פֿאַר איהם אויפגעעפֿענט זייערע פּרעכטיגע טויערען, האָבען צוריק פֿון זיך אַליין פֿאַרמאַכט זייערע טויערען. דורך דער פֿינסטערניש פֿון דער אַלעע, אַ פֿינסטערניש וואָס מען האָט כמעט מיט די הענט געקענט אָנטאַפּען, האָט ער געזעהן אַ שטאָט ברענט, אַ לאַנד ברענט. צוערשט האָט דאָס געברענט זיכבאַר, מיט אַ העלען פֿלאַם, דערנאָך אָבער איז דאָס פֿייער געוואָרען אונטערערדיש, און מען האָט קיין הילפֿסרוף ניט געהערט.

ער איז געקומען צום פּלאַץ, וואו די נייע געביידעס זיינען גע־שטאַנען. דאָס הויז, וואו עס האָט דענסטמאָל געברענט דער טריקען־אויוועז, איז שוין געווען באַוואוינט. אָבער דערביי איז געווען נאָך אַ צווייטע נייע געביידע, און היינט האָט דער טריקען־אויווען אין אָט דער געביידע געברענט און האָט פֿאַרשפּרייט זיין טונקעלע רויטקייט אין דער געביידע און אין די קוסטעס ווייט אַרום. מיט עטוואָס מיה האָט זיך אַנאַטאַנ׳ען איינגעגעבען דורכצושפּאַרען זיך דורך דער אונטערגע־שפּאַרטער טיר. ער האָט זיך געלייגט ביים אויוועז און ער האָט באַ־

מערקט, אז זיינע קני טרייסלען זיך פאר קעלט. דאך האט ער דאס קוים געפיהלט. זיין דורכאוים בלאסער פנים, האט פון צייט צו צייט אויפ־געציטערט אונטער דעם דרוק פון א גוואלדיגער אינווענינגסטער אויפ־רעגונג.

שטונדען זיינען אפשר אזוי אוועק, און די הענער האבען שוין גע־נומען קרעהען, און אגאטאן האט זיך שליסליך דערמאנט אן דעם בריף. ער האט אויף איהם א קוק געטאן און דערקענט זשאנעטע׳ס האנט. ער האט איהם אויפגעריסען, און א באנק־נאטע איז ארויסגעפאלען. אויפ׳ן פאפיר איז גארנישט ניט געשטאנען, א חוץ, מיט אזוי ווי מורא׳־דינע און באפעהלענדיגע אותיות, אן אדרעס פון דער הויפט־שטאט און די ווערטער: „קום גלייך אהער“.

# אכצעהנטער קאַפּיטעל.

איידער עס האָט נאָך גענומען טאָגען, איז שוין אַנאַטאָן געשטאַנען אויפ'ן פּוסטען וואָקזאַל און זיך נאָכגעפרעגט, ווען דער נעקסטער צוג געהט אָפּ אין דער רעזידענץ־שטאָט. אַ פערטעל נאָך אכט איז ער שוין געזעסען אין אַ וואַגאָן און ער האָט זיך געזעהן טראָגענדיג מיט האַסט דורך די פעלדער פון פראַנקענלאַנד, איבער וועלכע עס איז געלעגען אַ העלער און מילדער נעבעל. ער האָט געזעהן טייכען פארשווינדען אונטער איהם און לעבען איהם, ער האָט זיין בליק געוואָרפען אין דער לויפענדיגער נאָכט פון ראַש־פליהענדיגע וועלדער. ער האָט געזוכט פעסטצוהאַלטען דאָס בילד פון דערפער, וועלכע האָבען מיט מורא זיך געקלאַמערט אָן די זאַנפט־שטייגענדיגע הויכקייטען; דאָס בילד פון שטעט, וועלכע האָבען אַזוי ווי ערשט אויפגעכאַפּט זיך פון זייער שלאָף, און ער האָט געגלויבט, אַז דאָס אַלעס איז נאָך ביז אַהער ניט געוועזען, נאָר זיי זיינען פאַר אָט דעם טאָג מיט אַ כיוון באַשאַפען געוואָרען פאַר איהם. דערנאָך זיינען געקומען די מיטעל־בערג־לענדער מיט דער אידילישער רוהיגקייט פון געדיכט צוזאַמענליגענדע קליין־שטעטלאַך, מיט אַלטע שטיינגריבער, טיפע טאָלען, נאַקעטע היגעל־קייטען, באַגולדט פון דער מאָרגען־זון, וועלכע איז אַזוי ווי אַ פארשלאָפענע אַרויסגעקראָכען פון די וואָלקענס, וואָס האָבען זי איינגעדעקט. דאַן אַ שטראָם, ברייט און גרין; דאַן ווידער אַ ברייטער, ענדלאָזער, טרוקענער פליין, איבער וועלכען עס האָט אָנגעהויבען צו רעגענען. אַלעס איז אויסגעקומען ווי אַ רייהע פון בילדער, וואָס יאָגען זיך איינס נאָכ'ן אַנדערען אין אַ פאַנטאַסטישען שפּיעל.

קומענדיג אין דער רעזידענץ, האָט ער גלייך אויפגעזוכט די גאַכ־ וועלכע זשאַנעטע האָט איהם אָנגעגעבען. באַטויבט פון דעם ליאַרעם און געדודער, אָבער גאַנץ אָהן אויפנאַמס־פעהיגקייט פאַר די זאַכען וואָס אַרום זיך, איז ער ענדליך געקומען צום הויז. זעהר אָן אַלגיץ פרוי האָט איהם געעפענט. ווען ער האָט געפרעגט אויף זשאַנעטע'ן,

האט זי אהן שום קשיות איהם אנגעוויזען אויף א לענגליכען, עטוואס פארשטיקטען צימער. זי ווייסט שוין, האט זי איהם ערקלערט אין וועניג ווערטער און מיט א פארדעכטיגער מינע; זאל ער ווארטען.

האט ער געווארט. ער האט זיך אנידערגעזעצט אויף א נידע־ריגען שטול און געקוקט פאר זיך מיט אן אומבאוועגטען געזיכט. ער האט קוים געקענט באגרייפען, ווי אזוי ער איז אהער געקומען. זיינע באקען זיינען געווען בלייך, זיינע אויגען אויסגעלאשען, זיין האל־טונג ווי פון א מענשען א בעל־יסורים. ער האט זיך געפיהלט מעהר אדער ווייניגער אפגענארט אין אלעם ארום איהם.

פלוצלונג האט זיך די טיר אויפגעמאכט. זשאנעטע איז אריינ־געקומען. זי האט נאכלעסיג א ווארף געטאן אין א ווינקעל דעם שאל, וואס זי האט געטראגען איבער איהרע אקסלען. זי איז געווען אינ־גאנצען ווי אהן אן אטעם, איהרע אויגען, ווי אפט, זיינען געווען ווי ביי א געיאגטער חיה און מיט באטריגערישען פייער אנגעפילט. זי האט אגאטאנ'ען קוים באגריסט, און זי האט זיך ארונטערגעלאזען אויף'ן נעקסטען פלאץ, פארדעקט דעם פנים מיט די הענט און הויך זיך אפ־געזיפצט.

— פארוואס ביסטו פריהער ניט געקומען, אגאטאן? — האט זי ארויסגעמורמעלט אין א ווייל ארום. — איך האב דאך געווארט אויף דיר. נאר פיליכט איז בעסער אזוי. נעכטען וואלסטו מיך גאר ניט געטראפען דא אין דער שטאטישער וואוינונג.

אגאטאן האט זיך אויפגעשטעלט און איז צו איהר צוגעגאנגען. ווען ער האט זי אנגעריהרט מיט'ן האנט, האט זי אויף איהם אויפגע־הויבען די אויגען. זיין באריהרונג האט געשיינט צו טרייסטען זי, אויך זיין בארוהיגענדער, לייכטענדער, ווארעמענדער בליק האט זי געטרייסט. זי האט איהם געדריקט די האנט, און אגאטאנ'ען האט זיך פארגע־שטעלט אז זי האט זיך זעהר פארענדערט.

—איך האב געמיינט, אז איך האב שוין דעם פארשטאנד פאר־לארען, — האט זי געזאגט און א פיהר געטאן מיט'ן האנט איבער'ן שטערען, — זעץ זיך נעבען מיר, אגאטאן, איך וועל דיר דערצעהלען. ווי אויסגעצייכענט, ווי גוט דאס איז, וואס דו ביסט דא און איך קאן צו דירריידען.

און זי האט דערצעהלט.

ווי ס'איז פון פריהער אפגערעדט געווארען, איז זי געווען אין איי־

נעם פון די קעניגליכע שלעסער, אין וועלכע דער קעניג האט זיך גראד אויפגעהאלטען. זי איז אויפגענומען געווארען אינמיטען הויכוואלד מיט א נאך ניט געהערטען גלאנץ, אבער איהר אויפרעגונג האט איהר אינגאנצען פארשלייערט די אויגען, און זי האט גארנישט ניט געקענט זעהן. זי האט געמוזט אראפנעמען פון זיך איהרע קליידער און ער־שיינען פאר'ן קעניג אין א זעלטזאמען פאנטאסטישען קלייד. עס האט אויף איהר געמאכט דעם איינדרוק, ווי מען וואלט מיט איהר פערזאן פארפאלגט א געוויסען צוועק בנוגע דעם מאנארך, וועלכער האט שוין זייט יאהרען זיך געהאלטען פון ווייטען פון אלע פרויען. ער האט פאראכט און גרינג־געשעצט די פרויען און איז געווען הארט און ברוטאל אנטקעגען זיי. זי האט אלזא געזעהן דעם קעניג. יענע גאנצע ליידענשאפט, וואס זי האט ווען פארמאגט, האט זי גלייך אנגעפילט ביי'ם ערשטען בליק אויף'ן קעניג. ער האט געהאט א גאנץ פעטע, אבער צוגלייך אויך ריזענהאפטע פיגור. זיינע אקסלען זיינען געווען אזוי ברייט און מעכטיג, אז עס האט זיך אויסגעדוכט, זיי וואלטען געקענט איטליכען צעקוועטשען מיט זייער משא. זיין געזיכט איז גע־ווען אויסערגעוויינליך בלייך, זיינע האר גלאנצלאז, טיף־שווארץ און זיי זיינען געווען אזוי געדיכט ווי גראז פאר'ן שניידען. אבער דאס אלעס איז אין דער אמת'ען געווארען ניט וויכטיג דורך די אויגען. טיף־בלוי ווי די אזערעס אין די בערג, האבען זיי געהאט א הינרייסענדי־גען אויסדרוק און זיינען געווען אנגעפילט מיט א פלאם־פייער. עס האט אויסגעזעהן, אז קיין יסורים האבען זיי ניט געשאנעוועט, אז זיי האבען קיין שעהנהייט ניט איבערגעלאזען ניט אפגעשפיגעלט. קיינער איז אימשטאנד ניט געווען אריינצוקוקען אין זיי אהן מורא. זיין קליידונג איז געווען ווי פון אן איינפאכען בירגער. אין זיין האלטונג איז געווען ווייניג וואס מאיעסטעטישעס. רוהלאזיגקייט, די אנגסט פון פארפאלגטען, מאכטלאזער צארען, טיפע ביטערקייט — דאס אלעס האט איהם באהערשט.

— עס האט אויסגעזעהן, אז עטוואס שרעקליכעס ווערט געפלאנע־וועט, — האט זשאנעטע ווייטער דערצעהלט. — דאס גאנצע שלאס, די דינערשאפט, די אפיצערען, אלעס איז געווען אין באוועגונג, אין איילעניש, אין ערווארטונג. ביי דער נאכט איז דער קעניג אריינגע־פאהרען אין דער רעזידענץ אין א קאראט געשפאנט מיט זעקס פערד, און פאראויס האבען רייטער מיט פאקלען באלויכטען דעם וועג. ער

האָט ניט געוואָלט קומען צו פאָהרען מיט'ן באהן. אַלצדינג וואָס ער אונטערנעמט איז פון אַ באַצויבערענדיגער פּראַכט. אויף מאָרגען אין דערפּריה, איך האָב ניט געקענט שלאָפען, נאָר איך בין בײ'ם פענסטער געלעגען און אין וואַלד געקוקט, — אויף מאָרגען אין דערפּריה איז ער ווידער געקומען, און די אומרוהיגקייט, וואָס איך האָב אין איהם באַמערקט, איז געוואָרען צעהן מאָל אַזוי גרויס. איך האָב איהם באַאָבאַכטעט, ווי זיין גוואַלדיגער קערפּער האָט זיך געטרייסעלט פאַר קעלט, בעת ער איז אַרונטער פון וואָגען. איין אויגענבליק האָט זיך מיר פאָרגעשטעלט, ווי אָט־אָט ווערט ער צוזאַמענגעבראָכען אונטער עפּעס אַ לאַסט. די דינער זיינען אַרומגעגאַנגען אַהין און אַהער, איך גלויב, אַליין ניט וויסענדיג פאַרוואָס. באַלד נאָך זיין אָנקומען האָט דער אַדיוטאַנט, וועלכער איז געווען זיין פריינד און פאַרטרויטער מענש, מיך אוועקגעפיהרט צו איהם און מיך איבערגעלאָזען מיט איהם אַליין.

זשאַנעטע איז אויף לאַנג אַנטשוויגען געוואָרען. דאַן האָט זי ווידער אָנגעהויבען מיט עטוואָס אַן אויפגעהויבענע שטימע:

— איך וועל מיין לעבען לאַנג דידאָזיגע שטונדע ניט פאַרגעסען, אַגאַטאָ, און אפילו ווען איך וועל אַלט ווערען ווי די ערד אַליין. ווען איך בין אַריינגעקומען אין זאַל, וועלכער האָט געשטראַלט פון ליכט און גאָלד, האָב איך געוואוסט, אַז מיין זעלע געהערט שוין אומבאַדינגט אָט צו דעם מאַז, און איך האָב אין די געדאַנקען געקושט די געהיימניספולע האַנט פון דעם שיקזאַל, וואָס האָט מיך צו איהם געפיהרט. וואונדער זיך ניט איבער מיינע ווערטער, אַגאַטאָ, אָבער זיי זיינען מיר אין דער רגע די נאַטירליכסטע ווערטער אין דער וועלט. איך האָב געוואוסט, אַז איך קען פאַר איהם שטאַרבען און וועל פאַר איהם שטאַרבען און מוז פאַר איהם שטאַרבען, און דאָס שטאַרבען האָט קיין שום באַדייטונג ניט קעגען דעם גליק, זיין דיענסט צו זיין. „ווער האָט דיך אַריינגעלאָזען?“ — האָט ער מיך געפרעגט. איך האָב קיין ענטפער ניט געפונען. מיין צונג האָט מיר ניט געפאָלגט. איך האָב אויף איהם געקוקט, און מיין גאַנצער קערפּער האָט געשווידערט. „דו ביסט אַ טענצערין?“ — „יאָ, מאַיעסטעט!“ — „נו, טו טאַנץ!“ ער איז אויפגעשטאַנען און האָט אַ דריק געטאָן אַן עלעקטרישען קנאָפּ, און עס האָט זיך דערהערט אַ מוזיק, פּונקט אַזוי צויבערהאַפט, ווי דער אופן, אויף וועלכען זי איז אַרויסגעבראַכט געוואָרען. עס האָט אויסגעזעהן, ווי אַ גאַנצער וואַלד מיט אַלע זיינע מיסטעריען וואָלט זיך אין דער

הויך אויפגעהויבען און גענומען זינגען און שאלען. דו לאכסט פיליכט פון דעם, אבער איך האב נאך אזעלכעס ניט געהערט. איך האב אלזא געטאנצט. אנפאנגס האט זיך מיר אויסגעדוכט, אז איך האב מיין באוואוסטזיין פארלארען און איך האב לעבלאז ארומגעשוועבט, אבער דערנאך איז מיט מיר פארגעקומען אן אויסערגעוויינליכע איבערקרעניש. איך האב שוין מעהר דעם באדען ניט געפיהלט אונטער זיך און מעהר די לופט ניט געפיהלט, און כאטש עס איז געווען א מוזיק, נאך וועלכער פיליכט קיינער אין דער וועלט וואלט אימשטאנד ניט געווען צו טאנצען, דאך האב איך געפיהלט, אז אין איהר איז גראד געלעגען אלעס וואס נערוו און באוועגונג איז. דער קעניג האט געשיינט צו זיין איבערראשט. דאס שפאטישע, דאס פארעכטליכע, דאס פינסטערע, איז פארשוואונדען פון זיין געזיכט; צום סוף איז ער פארזונקען געווארען אין א טיפען טרוימען און זיינע אויגען האבען שמערצליך פארלארען געקוקט אין דער ווייטעקייט. ווען די מוזיק איז אנטשוויגען געווארען, האט ער זיך אויפגעשטעלט און דערלאנגט מיר די האנט, וועלכע איך האב א קוש געטאן. „ווער ביסטו?“ האט ער געפרעגט. — „אליז, וואס מאיעסטעט וועט פון מיר וועלען מאכען“, — האב איך געענטפערט. ער האט אויפגעציטערט ווי אין א קאנוואולסיע. „מאיעסטעט, מאיעסטעט“, האט ער געמורמעלט, „באלד וועל איך שוין מעהר ניט זיין קיין מאיעסטעט, באלד וועל איך נאר זיין א הונט ביי׳ם טויער, א הונט וואס בעטעלט. מאיעסטעט! יעטווידער אבר באזונדער געבונדען, יעטווידער פינגער פארשנורעוועט, יעטווידעס ווארט באשמוצט, יעטווידע טאט פארהאוועקעט, און דו רופסט דאס מאיעסטעט! פון אנהויב האב איך אויפ׳ן פאלק זיך פארלאזען. אבער איצט ווייס איך עפעס אנדערש; די נשמה פון פאלק איז אזוי טיף, אז מען מוז זיך שטעלען אויף די קני און זוכען דאס. איך האב מיר דעם קאפ צעבראכען אן די ווענט פון אט דעם לאנד. אט די אלע הינט, וואס דו זעהסט ארום זיך, האבען גוט באנוצט די צייט, אום מיך צו פאראומרייניגען. מען האט מיך באשווינדעלט פון מיין לאנד, פון מיין פאלק און מיינע פריינד, און איך מוז נאך שווייגען דערצו. און דערצו טאר איך אפילו קיין רוה ניט האבען אין דער איינזאמקייט. מען האט מיך באשווינדעלט פון מיין ווירדע, און דו רופסט מיך, אהנונגסלאז, מאיעסטעט! וואס איז היינט א מאיעסטעט, אז מען מוז זיך בויגען פאר א קרעמער, וועלכער איז אין א גוטער שעה מיט דער הילף

פון זיינע שוואַגערס און מומעס געוואָרען אַ מיניסטער און ער עסט צופרידען דאָס קריסטליכע הויז־ברויט? אַ שעהנע מאַיעסטעט, וועלכע מוז זיך מקריב זיין פאַר דער קירכע און טאָר מיט אַ האַנט ניט אַ ריהר טאָן אַהן די גלחים! פאַרוואָס בין איך יונגערהייט ניט געשטאָרבען, דענסטמאָל, ווען איך האָב נאָך געגלויבט צו זיין קעניג, צו האָבען אַ פאָלק? פאַרוואָס בין איך ניט געשטאָרבען? געה אוועק, דו אשה, פאַרלאָז מיך!" — דאָס זיינען זיינע ווערטער געווען, אַגאַטאַן! צום כוף איז זיין שטימע הייזעריג געוואָרען פאַר צאָרען און שאַנדע. זיינע אויגען זיינען נאָך גרעסער געוואָרען און די ברוסט האָט געאַרבייט אַזוי שטאַרק, ווי געטריבען פון שטורעמווינט. איך האָב מעהר ניט געקאָנט הערען, איך האָב מעהר ניט געקאָנט זעהן, איך האָב געפאָלגט זיין וואונק און בין שנעל ארויס.

אין דעם זאַל, וועלכער האָט געפיהרט צום לינקען פליגעל און וועלכער איז באַנוצט געוואָרען פאַר אַן אוידיענץ־צימער, האָב איך געזעהן פון זעקס ביז אַכט גרויסע לייט מיט ערנסטע פנימ'ער, אויך איינינע אָפיצערען. זיי האָבען מיך באַטראַכט פול מיט ערשטוינונג. דאָס איז געווען אַ דעפּוטאַציע פונ'ם אַדעל, שלוחים פון הויף. זיי האָבען געוואָלט דעם קעניג צום שכל ברייננען, אַגאַטאַן. באַלד נאָכ־דעם איז געשעהן עטוואָס שרעקליכעס. דער אַדיוטאַנט האָט געקראָגען אַ באַפעהל, קיינעם ניט צו־צולאָזען, און ער האָט זיך אוועקגעשטעלט מיט אַ געצויגענעם שווערד ביי דער פליגעל־טיר. ער האָט זיך אַנט־זאָגט אריינצולאָזען די דעפּוטאַציע. אינמיטען דעם העפטיגען און הויכען געשפּרעך האָט זיך דער קעניג באַוויזען אונטער'ן טיר. איין דיענער האָט מיר געזאָגט, אַז דער אויסדרוק פון זיין געזיכט איז געווען אַזוי שרעקליך, אַז קיינער האָט ניט געוואָגט אַן אָטעם צו טאָן, ניט נאָר וואָס צו ריידען. הויך און דייטליך האָט דער קעניג באַפוילען די סאָל־דאַטען צו בינדען די שלוחים און אויסצושטעכען זיי די אויגען. „איך בין נאָך דער קעניג!", האָט ער אויסגעשריען און אויפגעהויבען די האַנט. די שלוחים האָט אָנגעכאַפּט אַן אומבאַשרייבליכע מורא. די סאָלדאַטען האָבען ניט געוואָגט צו שטעלען זיך קעגען דעם באַפעהל, אָבער זיי האָבען אויך ניט געוואָגט צו פאָלגען איהם. דער קעניג האָט שוין ניט געוואוסט אויף וואָסער וועלט ער איז. ער איז אַרומגעלאָ־פען הין און צוריק ווי אַ ווילדע חיה, צעהיצט און ברענענדיג פאַר כעס, האָט געבאַלט די פויסטען, האָט געקערט מיט די אויגען, ביז עס האָט

זיך זיין אדיוטאנט איינגעגעבען. איהם אריינצופיהרען אין איינעם פון די זייטיגע חדרים. אבער דער קעניג האט געהייסען פארשפארען די דריי זאל־טירען און ער האט ביי יעדער טיר געלאזען צוויי פאסטען מיט אויפגעשטעלטע באיאנעטען צו פאטרולירען. די דעפוטירטע הא־בען געשוועבט אין טויט־שרעק.

עס איז אוועק דער גאנצער נאכמיטאג, און עס האט גארנישט ניט פאסירט. מען האט מיר דערצעהלט, אז דער קעניג ליעגט ווי געבראכען אין א רוה־בעט. דאס איז געווען עהערנעכטען. נעכטען אבער איז געקומען צו רייטען א מיליטערישע אפטיילונג מיט א קאלאנעל, וועלכער איז געווען אין פאראדנער פארמע. ער האט געהאט מיט זיך א דעקרעט, וואס האט איהם צוגעלאזען צום קעניג. מיט איהם איז געווען אויך א דאקטאר. די שלוחים זיינען באפרייט געווארען.־ א קורצע צייט נאכ דעם איז דער קעניג אריין אין וואגען, און ער איז אוועקגעפיהרט גע־ווארען אונטער וואך. זיי האבען איהם דערקלערט פאר געפאנגען. אלע דיענער האבען געוויינט. אזוי איז דאס צוגעגאנגען, אנאטאן. דאס איז די היילינגע ווארהיים. דאס פאלק איבער דער גאנצער שטאט איז אויפגערעגט, האסט דאס ניט באמערקט? נאך ערגער טוט זיך ביי די פויערים. איך בין ניט מעהר וואס געווען, איך האב מיך פארלא־רען. איך וויים ניט מעהר, וואס איך זאל טראכטען, וואס איך זאל טאן. מיין מוח איז ווי צעפרעסען. שטעל דיר פאר, אז אט דער גרויסער מאן איז אפט צו אן אז איינפאכער פויערטע געקומען און געפרעגט, וואס ער זאל טאן. איך האב שרעקליך מורא, אז אט דער מאן וועט פארבלוטעט ווערען. ער איז דאך פאר פרייד געבארען געווארען.

אנאטאן האט שטאר געקוקט אין דאס טונקעלע ווערענדע צימער. מיט איין מאל האט ער געמאכט א טראט צוריק. האט אויסגעשטרעקט די הענט און געשעפטשעט צעמישט. אזוי איז ער געבליבען שטעהן און זיין געשטאלט האט זיך געשאקעלט. ער האט געזעהן פאר זיך דעם קייניג שטעהן און ער האט איהם דערקענט, כאטש ער האט איהם נאך קיינמאל ניט געזעהן, אויסער אויף שלעכטע בילדער. אנאטאן האט געוואלט ריידען, אבער ער האט ניט געקענט. זשאנעטע איז צו איהם צוגעלאפען, האט א כאפ געטאן זיינע הענט. זי האט געפאקט דעם בליק פון זיינע אויגען און ווי דורך א וואונדערבארען צייכען האט זי אלצ־דינג פארשטאנען.

- ער איז טויט! — האט זי דערשראקען אויסגעשריען און איז

באוואוסטלאז געפאלען צו דר'ערד.

אנאטאן איז צו זיך געקומען, האט זיך טיף אפגעזיפצט און א רוף געטאן די דיענסט. ווען ער האט געזעהן, אז קיין געפאהר איז ניטא, איז ער אוועקגעגאנגען. ער האט ווירקליך איצט באמערקט די נער־ווען אומרוהיגקייט. פון וועלכער דאס פאלק איז פארכאפט געווארען. אומעטום זיינען געשטאנען גרופעס מענשען און האבען זיך געשושקעט און זיך גע'ישוב'ט. די זשאנדארמעריע איז פארשטארקט געווארען. פאר די צייטונגס־רעדאקציעס זיינען געשטאנען הונדערטער מענשען, האבען געקוקט און געווארט און עס האט זיי ניט געארט דער רעגען, וועלכער האט זיי דורכגענעצט. פיעל טויזענטער מענשען זיינען גע־שטאנען געדיכט־געפאקט פאר דער רעזידענץ, און קיינער פון זיי איז אויף א סעקונדע ניט אפגעטראטען פון זיין שווער ערארבערטען פלאץ. דערביי האבען אלע געוואוסט, אז דער קעניג איז גאר אין שטאט ניטא, נאר ער איז אין א קליינעם לוסט־שלאס ביי א נאהענט ליגענדער אזערע. די רעגירונג האט מודיע געווען, אז דער קעניג האט געמוזט זיך אפזאגען פון טראן, וייל ער האט געצייגט באדייטענדע און צוויי־פעלאזע סימפטאמען פון משוגעת. אבער דאס פאלק האט עס ניט געגלויבט. אנאטאן האט דאס באלד אלעס דערגאנגען, און א ווילדער און פאנטאסטישער אנטשלוס האט ערוואכט אין איהם. ער האט זיך נאכגעפרעגט ביי ארבייטער דעם וועג, וועלכער פיהרט צו יענער אזערע, און ער האט אומגעזאמט זיך געלאזען אין וועג אריין, כאטש ער האט יענעם טאג נאך קיין ברעקעל עסען אין זיין מויל ניט געהאט. ער האט גארניט געטראכט וועגען דעם, צו נעמען די אייזענבאהן אדער מיט אן אנדער טראנספארטאציאנס־מיטעל צו באנוצען זיך. ער האט געפיהלט אין זיך אזוי ווי זיינע פיס וואלטען קענען איהם אהין שנעלער ברענגען, איידער וואסער ניט איז דאמפ־מאשין וואלט עס געקענט. אונטער'ן שכאט האט ער זיך געפרעגט, ביי האנטווערק־יונגען אדער ביי פויערים, אויפ'ן וועג ווי צו געהן, און ער האט זיך גארניט דערשראקען, הערענדיג, אז עס איז א מהלך פון מעהר ווי פינף שטונדען, כאטש די נאכט איז שוין אנגעקומען. אין דירזיגע שטונדען האט אנאטאן געפיהלט אין זיך א געטליכע מאכט: די שווערקייט פון'ם וועג איז איהם נאר אויפ'ן זינען ניט געקומען, ער האט זיך ניט אפגעמאטערט. די קראפט און פארשטאנד פון די בעסטע פון לאנד האט זיך אין איהם צונויפגעגאסען, און עס איז קיין גלייכען ניט געווען צום ברען פון זיין זעהנזוכט אין

אט דער שעה. דערגרייכט די גרעניץ פון דענקען און איבערלעגונג, האָבען איהם שוין נאָר די געפיהלען באהערשט, טומפּע, דאָך גוואַלדינגע רעגונגען. זיין אייגענער רוף: „זאָל זי פאַרברענט ווערען, די קירכע!“ איז איהם ווי א דערלייזונגס־וואָרט געלעגען אין די אויערען און האָט אפּגעקלונגען אין זיין נשמה. ער האָט געוואָלט פיהרען כאָרגען די פויערים, דעם קעניג צו באפרייען; ער האָט פריהער קיינמאָל איז זיך ניט געפיהלט אזא קראַפט, אויפצופלאַמען די הערצער פון די אלע וואָס דערנעהענטערען זיך צו איהם.

די טונקעלע נאַכט ארום און ארום האָט גענעהרט זיינע פאַנטאַזיעס. ס'איז ערגיץ קיין ליכט ניט געווען. דער וועג איז נאָר געווען קענטליך דורך א שוואַכען שיין. דער רעגען האָט געפּאַטשט אהן אויפהער. שטיל זיינען געלעגען די פעלדער און די וועלדער. אגאַטאַן איז אַבּט צוגעקומען צו א קרייצוועג, אבער אומדערשראָקען און אומבאַזאָרגט איז ער געגאַנגען ווייטער. ער האָט געוואוסט, אז ער וועט ניט פאַר־בלאָנדזשען. שטונדען־לאַנג האָט ער געוואַנדערט דורך א ווילדען פאַרק, וואו עס האָט זיך אַפט געהערט א בורטשען און א רוישען, אבער קיין זאַך האָט איהם ניט געקענט אפּהאַלטען אָדער אפּשרעקען.

ענדליך האָט אין דער טיפקייט אויפגעטויכט, אמת, אַפּט אונטער־בראָכענער, א קראַנץ פון פייערען: דער ברעג פון אזערע. אגאַטאַנ'ס אויגען זיינען נאָס געוואָרען פאַר פרייד. אין א קורצער צייט איז ער שוין אין טאָל געווען. אלע איינוואוינער פונ'ם דאָרף, וואו ער איז אריין, זיינען געווען איז באַוועגונג. אין יעדען הויז האָט נאָך געברענט פייער. ער איז אריין אין ערשטען שענק, וועלכער האָט אויסגעזעהן כמעט ווי א הייהל און איז געווען פול אָנגעשטאָפּט מיט ליידענשאַפטליך דיספּו־טירענדע פויערים, אין דער צייט וואָס ווייבער און זאַנאָר קינדער זיי־נען אויף דער גאַס געשטאַנען. אגאַטאַן האָט דערזעהן די סך מענשען, די אזוי ווי צוועקלאָז זיך דרעהענדיגע קערפּערס, דעם רויך וואָס האָט געשפּאַרט פון די ליולקעס, די בילדער און די ווענט ווי פון צייט געלב געוואָרענע, — אגאַטאַן האָט דאָס אלעס געזעהן, און ער האָט פּלוצלונג אויף א שרעקליכען אופן דערפיהלט די איבערמידונג פון זיין קערפּער. עס האָט זיך איהם אויסגעדוכט, אז די הויט קריכט איהם אראָפּ. דער־ביי האָט זיך איהם פאַרגעשטעלט, ווי ער זינקט אלץ און פאַלט אלץ דורך צאָהללאָזע ווידערהאַלונגען פון דעם זעלבען צימער.

די פויערים זיינען אויפּמערקזאַם געוואָרען. זיין פנים, וועלכער

האט גאר געהאט א פאנטאסטישע בלאסקייט, האט זי ווי באצויבערט. זיי האבען זיך באלד ארומגעשטעלט ארום איהם, און אייניגע, וועלכע האבען פריהער אדער שפעטער געשמייכעלט, האבען דאס שוין מעהר ניט געטאן, ווי נאר אגאטאן האט גענומען ריידען. זיין ערשטע און ערשטע־ שטימע האט געקלונגען נידעריג, און פונדעסטוועגען האט זי אנגעפילט דאס צימער. זי האט געהאט אין זיך א קלינגענדיגקייט, א מעסער־ שארפקייט, עפעס אומבאשטימבאר איבערצייגענדעס. זיינע רייד זיינען אזוי ווי געקומען פון אן אומזיכטבארען וועזען, וואס האט איהם גע־ האלטען ארומגענומען, ווארים ער איז געבליבען אזוי באוועגונגסלאז, גלייך ווי זיינע גלידער וואלטען געווען געשמידט אין קייטען. עס איז געווען א שטורעם פון ווערטער, עס איז געווען דער צער און דער צארען פון דעם קעניג אליין, וועלכער איז אזוי ווי געשטאנען אין פארבינדונג מיט'ן רעדנער, — פון דעם קעניג, וועלכער איז א מארטירער פון זיין אמט און ב ייוועמען דאס הארץ, אבער ניט דער גייסט, איז משוגע גע־ ווארען.

אגאטאנ'ס רייד, וועלכע זיינען פאר איהם אליין געווען ווי א פיבער־טרוים, האבען געמאכט א גוואלדיגען רושם אויף די פויערים. זיי האבען געשריען, געליארעמט, זיינען געקראכען אויף די טישען און אויף די בענק, האבען ארומגעפאכעט מיט די הענט, גלעזער צעבראָ־ כען און שויבען פון די פענסטער, געהויבען אגאטאנ'ען אויף די אקסלען, אזוי, אז זיין קאפ האט זיך אפגעשלאגען אן סטעליע, האבען געשלאגען דעם שענקער, וועלכער האט זיי געוואלט איינשטילען, און אין א קורצער צייט האט זיך אט דער טומעל פון בארוישטע חיות פארשפרייט אי־ בער'ן גאנצען דארף. אן אלטער פויער, ביי וועמען איין אויג איז געווען פארקלעפט, האט רק געשאלטען און געיאמערט: א מין הויזי־ רער, אדער פוהרמאן האט געפאכעט מיט א קאסע, ארומגעקליבען ארום זיך די יונגע לייט און געוואלט מיט זיי פאהרען צום שלאס איבער דער אזערע. אגאטאן איז געזעסען אין א ווינקעל פון שענק און האט גע־ קוקט אין דער וועלט אריין. ער איז געווען פארוואונדערט און עס האט איהם כמעט ווי באנג געטאן פאר אט דער גרונדלאזער פארוואונ־ דערונג. ער האט גענומען קוקען ווייט אריבער, צום אנדער ברעג, וואס איז געלעגען ווייט, ווייט און פון וועלכען שיטערע פייערלאך האבען געבלישטשעט דורכ'ן ביסלאכווייז אויפדעמערענדען פריהמארגען. ער האט געזעהן אויף פייערען, וועלכע האבען זיך כסדר באוועגט פון איין

ארט צום צווייטען, אזוי ווי מען וואלט ארומגעטראגען פאקלען אהין און אהער. דא האבען זיך דערהערט אינמיטען דארף דורכדרינגענ־דינע געשרייען, וועלכע האבען זיך ווידערהוילט און פארשפרייט און וואס אמאל אלץ שטארקער געווארען. „דער קעניג איז טויט!“ — האט זיך פלוצלונג דורכגעטראגען א שטימע הארט פארביי פענסטער„ וואו אגאטאן איז געזעסען. „ער איז דערטרונקען!“ — האט געשריען א צווייטע שטימע, און „אין אזערע דערטרונקען!“ — האט א דריטע שטימע געשריען. „ער האט זיך ארייגנעווארפען!“ — „ניין, ניין, ניט אמת!“ און נאך א סך אזעלכע אויסגעשרייען. אגאטאן האט זיך אויפגעהויבען, ער איז אבער גלייך אנידערגעפלאען אויף דר׳ערד ווי א שטיק האלץ.

ווען עס איז געווארען טאג, האט דאס פויערים־פאלק אין גרויסע מחנות געצויגען זיך צום קעניגליכען פאלאצעל, און מען האט דערגאנ־גען, אז דעם קעניג׳ס טויטען קערפער האט מען געפונען ערשט מיט א שטונדע צוריק אין אזערע. אין אלע דערפער פון ארום און הנ־בען די גלעקער געקלונגען. טויזענטער פויערים זיינען געשטאנען ביי׳ם ברעג פון דער אזערע און ביי׳ם פארק פון שלאס. פיעלע האבען געשריען, מען זאל זיי אריינלאזען, און ווען קיינער איז ניט ארויס צו זיי האבען זיי אליין אויפגעבראכען דאס טויער. א ביישפיעללאזע אויפרעגונג האט ארומגעכאפט אלע געמיטער; גאנצע מחנות האבען זיך ארגאניזירט מיט קאסעס, דובינעס, לאפעטעס און העק, מיט׳ן צוועק צו מארשירען אויף דער הויפט־שטאט און צו שטורעמען די רעזידענץ. מי־טאג־צייט האבען גאנצע רעגימענטען אינפאנטעריע ארויסגעמארשירט פון שטאט, אום אויפצושטעלען צוריק די ארדנונג. א ריזענהאפט גע־בויטער יונג, וועלכער האט אויף אן אומערקלערליכען אופן געקראגען א קאפיע פון א „פראקלאמאציע צו מיין פאלק“, וואס איז געווען דעם קעניג׳ס לעצטע שריפט, איז דערמיט ארומגעלאפען פון דארף צו דארף, פון הויף צו הויף, פון איין שענק צום צווייטען, און איז ניט מיד געווא־רען כסדר פארצולעזען פון דאס ניי פון דער קאפיע אויף א גלאטען און ריהרענדיגען אופן, און איטליכער, וואס האט דאס געהערט, צי א מאן, צי א פרוי, האט דערביי טרערען געמוזט פארגיסען. ווארים אט די פראקלאמאציע איז געווען דאס גלענצענדיגסטע און ריהרענדיגסטע, וואס א פארצווייפעלטע נשמה פון א פירסט האט ווען געשאפען. זי איז געבליבען אומבאקאנט, און עס זיינען געווען טעמים, פארוואס מען

האט ניט געלאזען פארשפרייטען זי. איהר שפראך איז געווען איינפאך און קלאר. יעדעס ווארט א טיפער גלויבען, א קלאגע, אן אנקלאגע. זי איז געווען דיקטירט פון א ביטערער רוהיגקייט, און א קראפטפול געצוימט פייער איז אין איהר געווען, און דעם טראן האט מען קיינמאל ניט געטאן קיין גרעסערע טובה, ווי דורך דעם, וואס מען האט באגראבען אט דעם געפעהרליכען דאקומענט, וועלכער איז באשאפען געווארען אויפ'ן טראן.

אין שטאט איז אפגעשטארבען יעדער פארקעהר, יעדע באציהונג פון אינדוסטריע און האנדעל. געשעפטען און שולעס, קראמען און פאבריקען, אלעס, אלעס איז געווען געשלאסען. טרויער־פאהנען האבען גע־וועהט, פיער־און־צוואנציג שטונדען לאנג האבען אהן אויפהער גע־קלונגען די גלעקער אין א טומפען און אומעטיגען קאנצערט. אויפגע־רעגטע מענשען־מאסען האבען אנגעפילט די פלעצער און גאסען און קירכע: ביי די פענסטער זיינען געשטאנען ווייבער און האבען געיא־מערט, און אפילו מענער האבען זיך אויך ניט געשעמט צו וויינען. דער קעניג, וועלכער האט זיך פאר פופצעהן יאהר צייט ניט געוויזען אין דער עפענטליכקייט, וואס זיין לעבען איז פאר אלעמען געווען א סוד, וואס זיין שטאלץ האט דערגרייכט ביז צו עקשנות, וואס אין הויף האט מען מורא געהאט פאר זיין פאראכטונג צו מענשען,—אט דער קעניג האט דוקא גענאסען די ליעבע פון זיין פאלק אהן א שיעור. זעלטען ווען איז א גאנץ לאנד אויפגעטרייסעלט געווארען פון א געפיהל פון אזא טרויער, ווי אין יענע טעג.

אגאטאן איז געגאנגען דורך די גאסען פון שטאט איינזאם און פארלאזען. ער האט זיך געפיהלט קראנק און דערשלאגען. ער האט ניט געקענט געהן צו זשאנעטע'ען, ווייל ער האט מורא געהאט, מען וועט דארפען ריידען. ביי איהם איז אויסגעקומען, אז איצט האט ער ניט צוליעב וואס צו לעבען. ער האט געזעהן לויטער טרויערענדיגע מענשען ארום זיך, און זיינע פריהערדיגע וואונשען זיינען דערשטיקט געווען.

ער איז פארבייגעגאנגען א הויז, וואו א פענסטער איז געווען אפען אין אונטערשטען עטאזש. געערגערט און טראציג האט ער זיך אפגע־שטעלט, און א וויילע שפעטער האט ער זיך איינגעקוקט אין אן ארימ־ליכען צימער. דריי קינדער זיינען דארטען געזעסען און האבען זיך געשפיעלט, דריי שעהנע קינדער מיט פריש רויטע באקען. זיי האבען

זיך געשפּיעלט אין א געוועהנליך שפּיעל און זיי זיינען געווען גאנץ אליין. אבער עס איז מערקווירדיג געווען ווי זיי האבען זיך געהאלטען ביים שפּיעלען זיך. זיי האבען ניט אויסגעשריען הויך זייער פרייד, נאר זיי זיינען אין זיך געווען פרעהליך. זייערע אויגען האבען גע־גלאנצט. זיי זיינען געווען צופרידען איינע מיט די אנדערע און מיט זיך אליין, און צופרידען זיינען זיי געווען פון דעם גאנג פון זייער שפּיעל, וואס האט זיך וויייניג אונטערשיידט פון די אנדערע שפּיעלען פון אלע אנדערע קינדער. עס איז דערין געלעגען עפּעס אזא ווארימקייט, א גוטסקייט, עטוואס באפּרייענדעס, און דאס איז געווען אזא שארפער קאנטראסט צו דער שטימונג אין גאס, אז עס האט אויסגעזעהן ווי א שטיק צוקונפט אין דער געגענווארט.

אנאטאז האט דערפון טיעף און לאנג אויפגעאטעמט: זיין קערפּער האט גענומען ציטערען ווי אונטער'ן קלאפּען פון די כוואליעס פון א נייעם לעבען, און שמייכלענדיג איז ער געגאנגען ווייטער זיין וועג.

## ניינצעהנטער קאפיטעל.

זומער און זומער־ווינטען! בליהונגען אין אלע עקען וועלט! א טיעפע גרינקייט אויף די פעלדער, די לאשטשענדיגע שטילקייט אונטער די בוימער פון וואלד! פוכיגע וואלקענס, וועלכע ציהען זיך ווי שיפען איבער'ן שטראלענדיגען הימעל, און רויזען אין די גערטנער און באב־פלאנצען אין די קוסטעם!

— איך האב אבער געוואוסט, אז דער קליינער סעמא געהט אנט־קעגען דעם טויט, — האט אגאטאן געזאגט צו מאניקא'ן, בעת זיי זיי־נען ביידע געגאנגען פון פעסטונגס־וואלד אין דארף אריין. — אדער אפשר האב איך דאס נאר געפיהלט. אבער פיליכט קען מען איהם נאך ראטעווען. די מענשען זיינען דאך שרעקליך ארים.

— אבער פארוואס זשע האסטו דאס געפיהלט?—האט מאניקא געפרעגט, זייענדיג שטענדיג א ביסעל נייגעריג.

— אך, ער איז דאך אהן א היים! זיין נשמה איז דערפאר צעריסען. ער האט גארניט בווינזאמעס אין זיך. אלעס ברעכט זיך ביי דער ערש־טער באריהרונג. און ער איז אזוי אלט! ער האט שוין יאהרטויזענטער אפגעלעבט. אזעלכע קינדער טרעפען זיך א סך ביי אונז אידען.

זיי האבען דערנאך א לאנגע צייט געשוויגען. פלוצלונג אויף אן איינזאמען פלאץ ביי'ם קליינעם פולווער־מאגאזין, האט זיך מאניקא אפגעשטעלט, האט ארומגעכאפט אגאטאן מיט א ליידענשאפטליכער באוועגונג און ארויסגעשטאמעלט:

— ווי איך דאנק דיר, פארוואס דו האסט מיך ליעב. דו האסט מיר דאס לעבען צוריק געשענקט, אגאטאן. אלעס וואס איך בין, גע־הערט דאס צו דיר. דו האסט אויף דעם ניט געקוקט, וואס איך האב געזינדיגט, דו ביסט גרויס, אגאטאן, און שעהן, דאס וויים איך נאר.

— עס איז ניט קיין צופאל, מאניקא, וואס אלעס האט אזוי גע־טראפען. דו ביסט איצט א קעמפעריין געווארען. די צייט נעהט ניט מעהר איבער דיר, נאר דו געהסט פאר דער צייט.

— און וואס וועסטו איצטער טאן, אגאטאן?

—ווארטען. איך וועל מיין פאטער'ס פעלד באארבייטען. דאס

וועט געבען ברויט פאר מיר און דיר. און די מאמע האט דאך דאס פארמעגען פון דעם אלטען הענאך.

— ווארטען, אגאטאן? אויף וואס?

אגאטאן האט שמייכלענדיג געשאקעלט מיט'ן קאפ.

און ווען עס איז געווארען אווענט, זיינען זיי געשטאנען אין פרוי אליפאט'ס גארטען און האבען באוואונדערט די פארביגע פייערען פון הימעל. מאניקא איז געשטאנען אונטער אן עפעל־בוים און האט גע־ווינט איהר קינד אין די ארימס. אסתר איז געזעסען מיט מרים'ען ביי דער טיר און האט געזונגען. פרוי אליפאט און פרוי יעטע האבען פארבראכט זיצענדיג אויף א צעפוילטער גארטען־באנק לעבען דער אלטאנקע, און זיי האבען איבערהויפט גערעדט וועגען דעם, וואס די קליינע קעטע עסטריך איז אוועק אין א מאנאסטיר און איז געווארען א מאנאשקע. די ביידע פרויען האבען זיך גאר קוים געקענט בארוהי־גען איבער דעם.

די פייגעל האבען געזונגען, א שווארצפויגעל האט געטרילערט און א טשיזשיק האט געצווימיטשערט. פון דארף האט זיך געהערט דאס שרילע געשריי פון שפילענדיגע קינדער. אין דעם „גלעזערנעם פאלאץ" האבען די טרינקער ווידער געזונגען, און מרים האט ערקלערט דער חבר'טע מיט א וואזשנעם טאן, אז דאס זינגען זיי דאס ליד „שפין, שפין, טאכטערל!"

מאניקא האט א קוק געטאן ארויפצוצו, אויף די צווייגען פונ'ם בוים, וואו די עפעל זיינען געהאנגען, וואונדערבאר באגולדט פון דער רויטקייט פון דער זון. זי האט פארזשמורעט די אויגען און זיך אננגע־רופען באגעהרליך:

— אגאטאן, איך וואלט אזוי געוואלט האבען אן עפעל דא, פון אויבען!

— דו מוזט ווארטען, מאניקא!

— רק ווארטען! פארוואס־זשע?

— זיי זיינען נאך ניט צייטיג, ליעבסטע!

— אבער דאס געדויערט דאך אזוי לאנג...

— א, ניין! צוויי גוטע זומער־וואכען, און זיי וועלען צייטיג ווערען. לאז זיי ווערען פריהער צייטיג, מאניקא!

און אגאטאן האט א קוש געטאן דער יונגער מוטער אין שטערען.

ע נ ד ע.

